זיא גיזאגט זיא זאלט הין גין ער האט זיין רעכטיקייט זיא האבן אך באותו הפעם אן גישטעלט אז דיק בערמן מיט זיין ווייב דש זיא זאל איר קינד מיט נעמין און נאך בילד פעלד גין אונ׳ לפני הדוכס יר״ה איין פוס פאל מיט דעם טון אונ׳ אך איבר מיך קובל זיין כדי להבאיש ריחינו וויא זיא אך גיטאן האט אונ׳ אהין גיצאגן האט זלמן גנש איר איין כתב מיט געבין אן דאש מעליל זיין משרת ושמו ר׳ זעליק . . . דיא מרים חצופה האט זיך טועה גיוועזין גיבט דעם כתב הר״ר זעליקמן בילועלד דער זעלב . . .ט דעם בריב פינט דא אין דאש גאנש שרייבט דיא שתדלים זאלטן נון וואל צו זעהין דש דיא . . .ר מיט אירן שתדלנות ניקש פועל זייא אונ׳ זונשטן ויל רשעות וויא נון דיא גוטי לייט צו בילועלד דיא מרים אלש אויז פרעגין אונ׳ הערין דעם גרושן חלול השם געבין זיא איר איין עצה זיא זולט ניט להדוכס גין אונ׳ זיינין זיא קצת משחד דש זיא ווידר וועקציט[1]) אבר זלמן גנש זיין כתב האבן זיא אשתי שתי׳ צו גשטעלט אונ׳ מי״ר נאך האבין ויא נון אשתי וחתני שתי׳ גיזעהין כי כלתה הרעה אונ׳ דש זיא דאש זקשט[2]) ואר ריסין קוינין אך דעם דוכס יר״ה תיכף משם וועק גיצאגן זיינן זיא בפחי נפש ווידר נאך מינדן גאנגין איך האב זובליצירט אן יועצין ותשובתם זיא האלטן מיך ניט תפוס איך מוז אודר ,בפעהל פון דוכס יר״ה ברענגין האבן אן דען שר זובליצירט ותשובתו ער האט זיך דער זאכן גאנש אבגיטאן האב גיזעהין דש קיין רחמנות והצלה איז גיוועזין אונ״ מיך מכין . . . .ה גיוועזין האב עבין ברזלים אן גיהט דיא איך האב קוינן פון דיא רגלים אפשטרייכן . . . . . נקב בלילה בחצי הליל גימאכט אונ׳ בין אוועק גאנגין ובדעתי האב וואלן דעם דוכס . . . .ן נאך ציאן אונ׳ ערשטליך מייגין דרך אויף האמבורג וועלין נעמין כדי איך וואר סיוע . . . .ין ביקומין בין זא גנגין לבד פון פ״ה דש איך בין קינן

[1]) wegzieht [2]) ?

וועלכר זעלבש פוזנא גיצאגן אונ׳ באמת הרר״ש . . אב״ד מפוזין ווידר כמה כתבים אן מתנגדי גשריבן זיא זולן מיך פטרן על ד״י ולית דמשגח ביה ותיכף אחר סוכות האבין מחותניי והאלופים יושבי עמריך מוהר״ר גומפל שי׳ ובנו אלי׳ גומפל וויזל אצל אדוננו הדוכס יר״ה אונ׳ דש מתנגדי׳ זוילן שטין צו קליב ואר דען קומיסריאן דיא אדוננו הדוכס יר״ה דא צו ואר אורדנירט האט אונ׳ מיר אלי גיגזלת כתבים אונ׳ אל׳ שריפטלכי נאטריקש צו שטעלין זוילכן ביפעהל האבן זיא כתוב וחתום גשיקט מיט הר״ר מאיר מקליב נאך פ״ה ושמחתי על הבשורה טובה עד מאוד וויא נון ר׳ מאיר דען יועצים האט דעם ביפעהל אן גליברט . . . . . זיא העטין מיר מיין תפיסה ניקש צו שאפין זיא הילטן מיך ניט תפוס זיא וואלין מיך אך . . . . געבין בלתי ידיעת השר וועלכר נאך ביל ועלד[1]) וואורד קומן דא וואלין זיא עש אן ג . . . . וויא זיא אך גיטאן אונ׳ תיכף דען ביפעהל הין גשיקט מיט אירם זיקטריוס . . . . איז דער דוכס ירום הודו אך אים אויף צוג גיוועזין אונ׳ נאך בילועלד קומן וויא נון מי. . . מתנגדי דש גיוואר וואֹרדן האבן זיא ניט גרואט יום ולילה ביז זיא ווידר דען בי. . . . [337b] . . . . אונ׳ ב׳ ביפעהל אן דיא יועצין גיבראכט דער אירשטי משמעו׳ זא זיא זיך . . גיש גילאשן זוילטין זיא מיך ווידר תפסין דער אנדרי משמעות זיא מיך אזו לנג תפוס זאלין ביז אלש מחמת הקנס אונ׳ שטאקרט ביצאהלט איז אך דעם רעבינר ווידר אן ביפאהלין מיך אין חרם צו טואן אונ׳ איז דר ב״י[2]) דער מיט שייכות האבן ווארט זאל כל פעם י׳ . . . . קנס געבין וויא בנטש גיבירטקייט[3]) איז באותו פעם איז אשתי שתי׳ מיט חתני הרר״ל שי׳ נאך בילועלד גיצאגין אונ׳ ואר מיינט דעם דוכס יר״ה גירעט אונ׳ איר גיזאגט עש זאל איר גיהאלפין זיין אבר מחוץ למחנה איז מתנגדיי איר שתדלן גשטנדן אונ׳ ווידר

1) Bielefeld 2) = בר ישראל 3) Bannsgebürtigkeit.

דער עצה מינדן. וועלכי אים . . . איז דיא עצה אך זיך
מרצה גיוועזין כדי איך האב זוילן פטור ווערין קומן וויא
מען ואר האפט אונ' גימיינט עש זייא רצון האבן דיא
קומיסריאן תשובה געבין דיא זומי[1]) . . ש . ך אין אלש חייב
ווער זאלט ניט זארעטורט[2]) ווערדן זא וואר שטאקרט אונ' דש
קנס . . . . עש ווידר אן שר יר"ה גילאנגין לאשן וואש
דער דא אין טון וואורט דעם מוזטן [337a] זיא נאך לעבין.
וויא נון ווידר תשובה קומן איז מהשר יר"ה וכה . . . .
סמוך ללילה מיר דער לייטן אמט[3]) על המבצר לפני התפיסה
בשורה גיזאגט איך וואו . . . . בלד פטור ווערין מתפיסה
הקשה וויא אך בזו הרגע דער שומר התפיסה קומן אונ' מיך
האט אויש גילאשין אונ' גיבראכט אין דיא קורטי גארד וואור
דיא רקי' שמירה האלטין ווידר לברזל אן גיטאן אן ב' רגלים
בין זא אין גילעגין דען אנדרן מארגן זא בלד עש מתנגדים
האבין גיוואר גיווארדן דש מיר דיא תפיסה איז לינדר גיווארן
איז דער איש בער קומן אונ' בייא דיא קומסריא זער שטארק
אן גיהלטין זולטן מיך ווידר לתפיסה קשה ברענגן ותשובתם
וואש דער שר ביפעהלט דעם מוזן זיא פארירן בין זא אין
דער תפיסה גילעגין ר"ה וי"כ וסוכות האב ניט גיוואלט מאין
יבוא עזרי זולת האב גיוואר ווארדן דש מתנגדי האבין
ויל שקרים ועלילות אין פולן אן הגאון מוהר"ר שעפטל
מפוזנא[4]) גשריבן איין גנש רשעות ספר אויבר מיך גשריבן
אונ' אנין גשיקט וויא זיא אך בשקרים וזיופים מוהרר"ש האבן
מטעה גיוועזין דז ער איין התרה האט ג . . . . מיך אין צו
האלטין אונ' מיין דם מתיר גיוועזין וויא אלש אין מוהרר"ש
זיינין כתבים אן גיסי האציקש מוהר"ר זלמן כ"ץ ש"י בק' ליסא

---

1) Summe 2) ? 3) Volksetymologische Entstellung: Leutenamt = Lieutenant 1) Ueber R. Sabbatai Scheftel b. Jesaja Hurwitz, vgl. Perles a. a. O. 77 und Kaufmann, die letzte Vertreibung p. 66 ff.

מיר צו גילאסן דש מן מיר איין בעט גיבראכט האט דא בין
איך אזו גילעגין ביז פ׳ דברים האב וואל לפרקים אן שר
יר״ה זובליצירט אונ׳ אין גוטן מעמד גיבראכט אביר מתנגדי
אליש ווידר הינדר גאנגין ביום השבת פ׳ דברים האט אשתי
תי׳ ע״י שתדלנות משתדל גיוועזין דש זיא צו מיר האט
מיגן קומין וויא זיא בייא מיר איז קומט דש שר יר״ה זיקיטריום
האט כתבים בידו וויא גנש זובליצירט אונ׳ שטעלט בתוך
הזובליקציאן מיין אונגיראטור שטיף פֿאטר וועליך מיר עשרת
אלפים גיגנבת האט ....... ניקש נאך דויזר תפיסה
ביגערט מן זוילט מיך הרטויר אן גרייפין אונ׳ לאש מיר
דאבייא אן זאגן בתוך ח׳ ימים עש צו ריכטיגקייט ......
צו ברענגין אדר מוזט מיך ווידר בתפיסה קשה ברענגין לאשן
אונ׳ אין דער זעלבי תפיסה ליגן לאסן וויא מיר אן איין
שבת האבן גיהט דש ארקען הש״י האב ווידר זובליצירט
ומבקש גיוועזין דאש האט אזו אן גשטנין עד יום ו׳ ערב
שבת קודש סמוך ט׳ באב האט גנש אונ׳ שטאקרט ווידר
גאנצי פאקיט כתבים אונ׳ פֿר שריפֿטן אן שר גשיקט אונ׳
זו פֿיל צו וועגין גיבראכט דז מן מיך ד׳ שעות קודם שבת
האט ווידר אין איין תפיסה קשה גיבראכט מים אין בו אבל
נחשים ועקרבים יש בו אשתי ת״י זיאם גילאפֿין אונ׳ דיא
גאנצי לילה כמעט אויף גיווארט דער שר מיט דער שרתה
נאך ווימקן שטיין[1]) גיצאגן איז אשתי דער שרתה ואר דער
קוטש קומין אונ׳ מבקש גיוועזין תשובתה אייער מן קוימט
אויש דיזר תפיסה ניט אונ׳ זוילט ער דרינן פֿר פֿוילן ביז
ער ביצאלט בין אזו בע(ז)[ו]״ה ה׳ שבועות גילעגין אין דער
תפיסה בין כך לכך איז חותני . . ראל שי׳ מהילדסום צו
מינדן גיוועזין אונ׳ אשתי ובתי שתי׳ מיט אים גיהנדלט דש
וואלן ה׳ מאות ר״ט קנס דער שרתה אן ווייזין בייא ....

---

1) Wittgenstein.

בפני השררה ואר אונגרהשם[1]) אן גיקלאגט אונ׳ ביגערט מן זאל מיך אין איין אנדרי תפיסה זעטצין וויא דען אם ערב שבת קודש פרשת שמיני תיב׳ צו מארגן אום ח׳ שלעג מן מיך פום עצ. . . . .תת תפום אראב גיפירט זיין מיין מתנגדים כלם בכלל ואר דעם מבצר אויף דעם פלאץ גישטנדן אונ׳ דיא נקמה אן גיזיהן וויא מען מיך האט גיווארפין אין איין תפיסה הייסט דער טרוצן בורג וואור מן גזלנים ורצחנים אין וורפט אונ׳ מיר כבלים של ברזל א. . . . . דיא אפשר שלשים לטרות האבין גיואגין הש״י היודע כל הנסתרות וויא מיר מיין . . . ונפש גיוועזין איז אונ׳ תיכף ואר באטן דש קיין ב״י זאל צו מיר קומין אפי׳ אשר . . . . טראפין אום מיך גין אונ׳ האבן זיא אך צופה רעסטירן לאשן בייא ה׳ מאל . . . אויז (שד׳)[ש״ב] יוזל ש״י זיין בית ניט טראפין גין בין אזו גילעגין בתפיסה סמוך לי. . . . דער שוטר מיר וואש צו עסין גיבראכט אונ׳ איין בונד שטרוא אונ׳ איז איין מ. . . קומין מיר אן גיזאגט וועגין דער אונגיהארשם זולט איך קנם געבין אלף ר״ט . . . . [336b] . . . . גיזאגט על הראשונים אני מצער האבן גיבראכט איין שפניאשן קראגן[2]) . . . . לה מאיים גיוועזין האב מיך אביר ניקש מרצה גיוועזין בין אביר דיא לילה . . . . . . . ארבן אין דער תפיסה למחר ביום השבת האט מן ווידר אן גיהובן איך זאל מיך . . . . רין בדי איך אויש דער תפיסה קום האב גיזעהין דז בעו״ה (ז)[ק]יין רחמנות והצלה דא איז האב מיך ב׳ מאות ר״ט מרצה גיוועזין האט אביר ניט זיין קוינן אונ׳ גנש שבת אזו גלעגין אונ׳ יום א׳ וכמעט שלא׳ פרחה נשמתי האב איך ה׳ מאות ר״ט קנס מוזן מרצה זיין דא האב איך נון גימיינט איך ווארט פטור קומין האט (ד)[מ]ען מיך אויז דער תפיסה אויף דאש מבצר אין איין חדר גיבראכט דיא ברזלים ויידר אן גיטאן אביר

---

1) Ungehorsam 2) spanischen Kragen.

גיזאגט איך העט זובליצידט דש דר חשבון זולט ואר לנד זעסיגי לייט גישעהין אונ׳ דש זייא קיין לנד זעשיג האב בעו״ה קיינם גיהט אדר ביקומן קוינן האב זיא ואר גישלאגן ר׳ מאיר פאלק מפ״ה (ב)[ה]אב אין מושין באונס צום חשבון נעמין אונ׳ [336a] מתנגדים האבן בייא זיך גיהט ר״מ קן רט זעליק בער וכל צירופו של שטאקרט . . . גיוועזין לפני השררה ויל גימנט אז שטאקרט אלש זיינין בורר דרבייא האבן (הא[ט דיא חיה] רעה פוער פיו גיוועזין ער מוזט דאער בייא זיין) האט דיא חיה רעה פוער פיו גיוועזין [ער] (א)[ט]ויזט דאבייא זיין ווילן זיין קוד׳ אינטרעסי דאערבייא גיזוכט ווער האב ווידר גיזעהין כי כלתה הרעה. אלש זיא האבן אלי מייני חשבונות וזכיות בידם גיהט וואש ר״מ פרידבורג עט האם מזייף גיוועזין אונ׳ מיר יתר אלז ז׳ אלפים בחשבן מיקר גיזועזין אונ׳ דיא מרתה. . . מטנות גיוועזין מיך אזו ויל מיצר גיוועזין מיט איין שקרים וזיופים דש זיא לבסוף דיא זל . . ה גירעט איך זוילט זעהין דש איך מיט אינן לפשרה גינג כדי איך דיא תפיסה אמאל [פטור] ווער האב ווידר על אפי מוזין ווילען פשרה צו מאכן האב עש מוזן אויש דער הגט געבין דיא פשרנים אלש ר״מ קן ודוגמתו מיר ואר גיזאגט זיא וועלין מאכן איכש אין י׳ שנים צאהלן זאל האבין מיך ווידר ואדרן[1]) לאשן אן דיא אמטשטוב אונ׳ האב זיא פשרה כלומר ואר חתמנט ג . . גיבראכט אונ אויף גיבראכט אונ׳ מתנגדים נאך מינדן גאנגין אונ׳ תיכף אין מיין בית מיין ספרים הקדושים זיך לאשן אן שצין וויא זיא זעלבש גיוואלט האבן ובתוך . . . . . איין פרסום אין מקום געבין בין איינם בעל מלחמה חייב גיוועזין ק״ן ר״ט דער . . . . . . אין בית גנגין אונ׳ זיך פור זייני ק״נ ר״ט מטלט[ל]ין למשכוני׳ גינומין דא מתנגדי שטאקרט וצירופו דש גיזעה׳ן הבין זיינין זיא כולם בכלל נאך פ״ה קומן אונ׳ מיך

---

1) fordern.

מתבונן על הענין גיוועזין אונ' ווידר זובליצירט אן שר' ירי"ה
אונ' אלי פונטן אך ואל ואר ענטוורט ובפרט העיקר מחמת
שטאקרט וגנש האב איך וואל מ(ת)[ס]רבן גיוועזין דש איך אים
מעולם קיין שקר גיטאן אונ' ארביט[1]) מיך אים נאך כל שעה בפני
אנשי נאמנים לנר זעסיגן לייט וויל חשבון טון אונ' דעם שר
דיא זובליקציאן איבערשיקט בין כך וכך האט מיר דער שר
ווידר דוירך זיינן לאנד טראשטן גלאדבעק[2]) לאשן אן זאגין
איך זאל בתוך ח' ימים ר"ל זהו' בדה"ב[3]) קנס להדוכס ירי"ה
ערלינן אדר ער וויל מיך לאזין לתפיסה ברענגן דש איך דין
אדר מאנט[4]) זויל קוינן זעהין איז נון גנש סמוך לפסח גיוועזין
האבן מיין קינדר שי' זיך זא ויל אן גינומן אונ' ר"(א)[ל] זהו'
ב(י)[ד"]ה בער[5]) ערליגט וויא זיא ערב פסח קומן נאך פ"ה ואר מיינין
מיך פטור צו ביקומן זובליצירט שטאקרט וגנש דש מען מיך
נים זול פטור . . . וזה לשונם איך קוינט אויף דעם עצה בית
זא ואל ז' זויסי לחם עסין אלש אנטר וועגין . . . . זא מושין
זיא ר"ל זב"ה[6]) אויז געבין אונ' פֿארט פסח תפוס גבליבן ח"ה
של פסח זיין מיין מתנגדים כגון שטאקרט וצירופו ווידר אן
צו ציאן קומן וויא זיא נוא ואר נומן איך מיך . . . . גנש
חשבון צו געבן ואר אנשי נאמנים אונ' דער בפֿעליך דורך
מיין זויבליצירן . . . . גיווארן האבין זיא גימאכט דש דער
חשבון זאל גישעהין אויף דער אמט שטובן אונ' תיכף אלי מייני
חשבונות לאשן מעתיק זיין אין גלחות אונ' האבן מצי(צ)[ד]ם
גינומין אירן אן האנג ר' מאיר פרידבורג איך אלש איין תפוס
האב נימנט גיהט אויך נימנט ביקומין בעין כי נמוג כל לב איז
איינר ממדינת פולן גיוועזין ושמו . . . . . . . . האב איך
בוחר גיוועזין זאל בייא דעם חשבון זיין זא בלד מיר זיין קומן
אויף דער אמט שטוב האבן מתנגדים דיזן זעלבן גיפסלת

---

1) erbiete 2) Landdrost Gladbeck 3) = בדמים הנוהגים בינינו 4) ? 5) baar 6) = זהובים בדמי המדינה.

גשריבן וואלן געבין זולת הטמא כלי קן מיט אינן קומן כדי
דיא . . . . האט קונין לתכלית ואר ריכט וארן והעיקור של
התראה ומשמעותה איך זאל אהיא . . . . . מקיים זיין אדר
ער וויל מיך נוגש זיין בכל כפויות שבעולם הגם איך אים
תשובה נוצחת געבן . . אך גיזאגט וואש ר״י שטאקרט טוט
מוז ער בהתרת ב״ד הגדול טואן ווען ער התרה . . . . מוז
איכש גישעהן לאשן אונ׳ האב ביגערט דיא עדים זוילן מיין
תשובה באריכות . . . . זיין התראה זעצין אונ׳ איר העתק
געבין ויבא השטן ר״מ קן להתיצב בתוכם זיא זוילטן . . .
תשובה זוא ניט אן נעמין זונדרן ווען איך ר׳ שטאקרט וואש
וואלט זוילט איך אים ע . . . . האט וואל גיוואושט כי נמוג
כל לב דז איך קיין עדות האבן קוינן האב אך מוזן אונטר
דיא התראה שרייבן וויא דער טמא גיוואלט האט ובאותו פעם
ר״מ קן גירעט וויא איך גיזאגט פֿון התרת ב״ד הגדול וז״ל מיר
זיינין ב״ד הגדול. אח״כ הנוגשים אצים בכל יום ויום אונ׳ וואלין
גיזאלט זיין הגם איך מיך ארבאטן צו טון כד״י מיך דאמיט
ניט פטרן וואלן אונ׳ אלזו תפוס בכבלי ברזל זיצן לאשן ביז
י׳ ימים קודם פסח ת . . . [335b] . . צו מיר קומן בתפיסה
דער פוקד אונ׳ אמט שרייבר צו פיטרש האגן ובידם איין
ביפעהל בחותם של השר אונ׳ מיאר ואר גילייאיט דש איך
זאל מקיים הפסקים זיין אונ׳ זאל קנס להדוכס יר״ה ביצאהלן
ובאם לאו זאל מן מיך אחר כלות ח׳ ימים אן דען קאק[1] שטעלין
אונ׳ דער תליין[2] זול . . זא ויל שליק בשבט מוסר געבין
אלש איך גנש מאה טלר העט שקר גיטאן אונ׳ דיא מדינה
ואר וויזין נבהלתי ודוממתי על המראה ומבקש גיוועזין מויכטן
מיר דאך העתק דש ביפעהל געבין ותשובתם זיא האבן זוילכש
קיין כח האבין מירש אביר ב׳ ג׳ פעמים ואר גיל(א)[יי]את כדי איך
דיא ראשי פרקים האב גיוואושט. אחר יום או יומים האב איך

---

1) = Pranger? 2) Henker.

געבין זאל ער ערשט הוצאה צאהלין לכך האט ער משנה הדיבור גיוועזין ובאמת איז איידל שקר דא שטאקרט יא מיט שנוט האן גיוועזן.

דא נון דיא פסקים זא האב מפיו ר' משה קן גיהערט האב איך ביגערט זיא זוילן מיר . . . מהיכן דנתוני השיב ר"מ קן מיר האבן עש אזו גיפסקנת. האב איך אים ווידר משיב גיוועזין שאין לי לשלם גלייך זיא אך בייא מייני כתבים . . דן דען ערך בכלל וויל אביר געבין מה שיש לי כדי' העט איך כמה אלפים וואלט אלש אוועק געבין כדי אז איך פטור מן התפיסה קומט אבר וואלט אח"כ דיא כחות ואלמות וישן אין אכט צו נעמין האט מיר ר"מ קן משיב גיוועזין מען גיב מיר נישט אויף איין שבועה [335a] דאך גיזאגט ווען איך גנש קענט חשבון געבין בדארף איך ניקש צו געבין אונ' מוזט מיר אלי הוצאה ביצאהלין אביר מיר ניקש גשריבן געבין כדי איך פון אלין ענינים ניקש צו ביווייזין האב. ועוד האבן זיא בער וואָרנדארף בפסק גשריבן געבין וויא איך אין העט ור מסרת אוניא מחיי . . . אין שלש קהלות אום צו טון שולדג זאל אך מיך מחייב מלקות גיוועזין זולת זא . . . האב איך מעולם בפני ב"ד דרויף ניט טוען גיוועזין האב מיך אך ניט תובע גיוועזין דארויף רק מעצמם עשו את כל אלה ועל בקשת מתנגדי: אח"כ זיינין דש ב"ד קומן לתפיסה צו מיר אונ' בכתב מיר דיא מחילה גילייאט דאך גיזאגט בער ביגער דיא מחילה נייארט אין מינדן אונ' מיך כופה גיוועזין דאש איך האב אלש מויזן זעלבשט אונטר שרייבן צו האלטן. לאחר זאת זיינין ב' מן הב"ד ווידר מיט אירר גזילה אוועק גיצאגן והטמא קן ימ"ש נשאר מיתר הרפאים. האט מיך ר"י שטאקרט מיך בשיקט אין דיא תפיסה מיט ג' עדים זיין כלומר ג' עדים משלש ארצות גיוועזן איינר איז גיוועזין ר' איזק רינגטל והשני אברהם וואנורידן מפאזן ווערדר והחוט המשולש זקן אשמאי ר' גרשון מפוזין שהוא עובד ומשתחוה לבעל בער. האבין מיר אביר קיין התראה

בכתב געבין אפילו מה שיש לי זכות בין ואר אינן גשטנין בכבלי ברזל איין תפוס דא מן משפט איבר הלט ערשטליך הט ר״מ קן גיזאגט זיא העטין גיפסקנת דז איך זילט ביצאלן גנש ט״ז מאות ווייל איך העט לפני השר קובל גיוועזין מחמת מיינר גניבה של הכתבים זיא העטין עש [צ]וואר ואר קיין מסירה ארקענט אבר דיא הוצאה מוז איך ביצאלן ומחמת דז איך פון גנש העט תובע גיוועזין מייני כח [334b] דר זאלט מיר גנש דיא כתבים ווידר מחויב צו געבין אדר זאלט מיר ב׳ מאות ר״ט געבין אונ׳ איר זאלט זעהין דש (איך)[ר] דיא כתבים מן השר ווידר ביקומט . . . . . בין זיא גיפסקנת איך זולט גנש ה׳ מאות ר״ט צאלין מחמת החוב של עצה דען דער ראש . . . . ף האט ביקומן. עוד האבן זיא גיפסקנת זאל אים י״א מאות טלר צאלין ווער איך אים ע״י חשבון חייב נאך י׳ לוט׳ זהב מנגלט אין מיינם חשבון ע״י עטליך כסף קאן ניט אלש ווישן וואש זיא בכח גירעט האבין ומחמת דז מיך שטאקרט העט תובע גיוועזין איך העט אין ור מסרת וועגין דער כתבים העט אין לאשן מעקל זיין זוילט איך מיין נקיון בשבועה לפני השררה טון אדר וואש שטאקרט ווער בשבועה ארהלטין דאז ער הוצאה העט גיהט מוזט איך אים צאהלן ומחמת דז איך העט שטאקרט תובע גיוועזין וועגן ער האט עדות אויף מיך גיזאגט וויא איך זעלט האבן גירעט על אדוננו הדוכס יר״ה אונ׳ ביגערט אלי הוצאה והזיק ווער שטאקרט פטור דען עש ווערין ב׳ עדים גיוועזין מלבד שטאקרט ממילא העט שטאקרט מיט זיין עדות ניקש מזיק גיוועזין.

האב איך גיפרעגט ווער זיין דיא ב׳ עדים דען גיוועזין השיב משה קן ליפמן שנוט האן אונ׳ דיק בערמן ובתוך כדי דיבור האט דער משוקץ משה קן ווידר חוזר גיוועזין ומתוך דבור איז ניט דיק בערמן גיוועזין איז זונשט א׳ גיוועזין אבר מעולם ניט פור(ט)[ש] בשם גיוועזין . . . ים העט ער גבליבן בייא דיק בערמן העט איך תכף (זיג)[גיז]אגט וויל אים קיין מעות

האבן [334] מיך אך ואר קלאגט בפני השר וויא אך דער שר יר"ה צו מיר גשיקט זיין זיקיטרירס . . . צוקר בעקיר אונ' מיר לאזין אן זאגין איך זאל דש ב"ד מסלק זיין אונ' זונסטן פיל ענינים מש . . . דיא מיר דער שר האט לאשן אן זאגין האב איך תשובה געבין וויא בערינט לעווי האט . . . . . . ביקומין כדי דש זאל דש משפט ואר שיקט ווארדן אונ' וויל מיך פטרן מן התפיסה אונ' . . . . ער מיר זונשטן האט ואר שפראכן דיא זעלבי תשובה איז לפני השר יר"ה קומין איז זא איין יום ב' אן גשטנדן איז ערשטליך ר"מ קן צו מיר קומין אונ' זער מגזים גיוועזין ומאיים עלי איך זולט זעהין וואש איך טעט אונ' מיר בער ניט צו שונא מאכן אדר איך קומט גוויש אין איין תפיסה דש איך ניט ווישט פון טאג אודר נכט אונ' זוילט משנה דבורי זיין זאלט זאגין איך העט אים דיא ג' מאות וועגין הוצאה געבין אונ' זא איך דש טעט וואלט ער מיר בכל מאמצי כח העלפין האב ניט גיוואלט לבסוף דש גנצי ב"ד קומין אונ' בכלל מאיים אויף מיך גיוועזין דברים שלא ניתן ליכתוב וכופים אותי דש איך אים בכתב מויזן געבין העט אים דיא ג' מאות בשביל הוצאה געבין לאחר זאת האט אים דש ב"ד בפסק גשריבן געבין דז איך אים ד' מאות ר"ט וחצי מחוייב בין מחמת הוצאה האב כל ימי מיט אים דש וועגין ניט טוען גיוועזין אך בין אים כל ימי קיין פשוט חייב גיוועזין דז ער דין ודברים העט אן מיך האבן קוינן וויא איך נוא האב וואלן פטור זיין לבסוף האב איך אים נאך מאה ר"ט ור געבין מוזין אונ' על כל זאת ניט אות אחת פטורים ביקומין.

דאש ב"ד מיך אך נהגש גיוועזין בפקודת ובציווי השר דש איך אין מוזין קל"ד ר"ט געבין מלבד הוצאות וואש זיא פר ציהערט האבן האב איך איין חלק אך מוזן געבין. דא זיא נון דיא מעות אוועק גיהט האבן זיינין דיא חשובים אלי ג' צו מיר קומין אין דיא תפיסה והדיוט ר"מ קן קפץ בראש אונ' דיא פסקים אויז גיזאגט אלש בפה ניקש . . . מיר אך ניקש

ואר שיקט ווערין האט דער שר גירעט ווען זיכש זולט בפינדן
דש זיא ניט רעכט משפטן זוילטן זיא קנס להדוכס יר״ה ב׳
אלפים געבין השבתי דש מוזן אבר אונפרטיישי יודי׳ ארקענן
האב בעו״ה וואל זעהין קענן וויא אלש בישאפין איז בין
ווידור ע״י שומרים במקומי הראשון גיבראכט ווארדן בלתי ידיעתי
ובקשתי האט ביום שלאחריו דער שר ב׳ קומזאריאן גיזענט
אונ׳ מיך ווידר ברענגין לאשן מן התפיסה אויף דאש מבצר
ואר דיא קומזאריאן זיין מייני מתנגדים אלי קומין דש ב״ד
אונ׳ זונשטן כמה וכמה איך בין לבד גישטנדן איז דאש ערשט
גיוועזין דש דיא קומזאריאן האבן גיפראגט אויב איך נימנטש
אין מיינר זייטן העט האבן זיא משיב גיוועזין מיין משפט
העט זיך זוא ביפונדן דז בער אן מיינר זייטן העט אינן מודה
גיוועזין דאש איך אונגירעכט בין איז אויש דיק בערמן זיין
ענין גירעט ווארדן אלש האט איך גירעט אונ׳ צועק גיוועזין
מיר גשיכט כח דא איז פשרה ופטורים האבן מייני מתנגדים
כלם פה אחד מיך מכחיש גיוועזין אונ׳ אלי כתבים אינן אין
יהדות גיוועזין אונ׳ מייני מתנגדים האבן זיא בידם גיהט משה
קן הדיוט קפץ בראש כלם אונ׳ גיזאגט זיא גיפונדין מיך אלזו
ווען איך אין פולן ווער העט מן מיר ואר לענגש נאז אונ׳
מויל אונ׳ ארין אבגישניטן[1]) איך העט אך כתבים בער
מעליל מיר דיא יד אויף דעם ראש גליגט וז״ל וואש איז
מענכיר אן גינעגלט זעם עש ניט האלב זא ואר דינט האט
דש רשע(ים)[ות] דש זיא לפני השררה גירעט מעולם לא נשמע
דא דיא שררה גיזעהין שכלם פה א׳ יעידון ויגידון עלי וואש
האבין זיא טון זעלין זיין מיר נון דש ב״ד מקדמת דנא אנגיגן
גיוועזין מכאן ולהבא זיין זיא נאך מער מיין שונאים גיוועזין
אונ׳ פון מיר תובע דש דיינת געלט גיוועזין לערך ב׳ מאות
ר״ט האב[ן] וואלן האב אינן ניט זא ויל געבין וואלן לבסוף זיא

[1]) Vgl. Perles, Geschichte der Juden in Posen p. 97 n. 85.

דער תפיסה לושין הולין מיט שומרים ואר זיא טענן מוזן פעם אחת ר"מ קן גיזעשין בב"ד אונ' מיינר מתנגדים איר טענה אלש בכתב ואר זיך גיהט אונ' גיטענת גלייך עש מורשא זיין האב אויף מוזין משיב זיין אביר פון אלי מייני משכנות פשרים וזכיות ניט העתק צו מאל ביקומין קוינן. איך האב אויף ר"י שטארקט תביעה גיהט וויא ער במזיד האב עדות גיזאגט וויא איך העט אויף אלש מוזן משיב זיין אבר פון אלין מייני חשבונות פטורים וזכיות ניט העתק צו מאל ביקומין קוינן: איך האב אויף ר"ש תביעה גיהט וויא איך וויא ער במזיד האב עדות איבר מיך גיזאגט וויא איך העט אויף דעם דוכס יר"ה גירעט דהיינו איז ער איין מסור אונ' איז מחוייב כל ההיזק צו זיין האט דאש ב"ד מיר גיזאגט איך זאל מיין תביעה אוש דער תפיסה בכתב צו שיקן זאל שטאקרט משיב זיין האב אבר מעולם פון שטאקרט קיין תשובה גיהערט אדר גיזעהין זיא גלייך וואל פסק דארויף אויש גיזאגט וויא איך לבסוף נאך שרייבן ווארד. זוא איך נוא כל הגזילה גיזעהין אונ' דיא תפיסה האב איך מבקש גיוועזין דש מיך דער שר יר"ה מוכט זעלבשט איין מאל ואר זיך לאשין וועלכש איך בהוצאה האב ארהלטין דש מיר אויטיענץ געבין ווארדן איז בין אלש איין תפוס הין אויף דאש מבצר גיבראכט אונ' דער שר מיך לבד אין איין חזק לאשן ברענגין אונ' דאצו מיר גיקומין דש ערשטי דש איך גירעט אדוני איך פינט מיך זיאר בישווערט אין אלין מיינין ענינים אונ' דש ב"ד הלט איך ואר פארטייש האב אים [333b] דברים של טעם גיזאגט איך ביט דאך איר גינאדן מויכטן צו לאשן דש אלי מייני משפטים נאך ורנקבורט אן אונזרי האכי רביני מויכט ואר שיקט ווארדן מעולם לא בקשתי דבר אחר. האט מיר דער שר משיב גיוועזין זיא זאגין דיא ראביניר האבן אויך שון זוא ביפונדן . . . . איר אייער לעבין שאן פאר פאלין האבט. האב אים ווידר משיב גיוועזין דאש זייא ניט בדינינו אין זעלבן זאכין ומבקש גיוועזין דש מויכט

ואר דש ב״ד גיגאנגן ובאמת האבן יא דיא שומרים כמה פעמים מטיב גיוועזין מיט מיר ואלולי ח״ו העט מיך משום חוזק הקור דאש עול ברזל ניט קיינן צו קומין אבר דיא האבנגש בסוד גדול מוזין טון דען ר״[י] שטאקרט בעצמו ובכבודו כמה פעמים זעלברט בייא דעם ראש עצה גיוועזין אונ׳ קובל גיוועזין אויף דיא שומרים וויא זיא מיר ברזל קלים אן טעטן אפשר גנש לעדיג לישן גין אונ׳ ער מאיים אויף דען ר״ע[1]) גיוועזין דש באמת דיא שומרים מפני הפחד ומורא ניט ויל הנחה האבן טון קענין הגם איך זיא יוא זעהיר מהנא האב גיוועזין האב נאך גיהט דש זעלבי מאל מפזר ממון צו זיין:

בינו ובינו איז צו מיר קומין ר׳ מאיר פרידבורג מחותן של בער אין דיא תפיסה ממש בעצת אחיתופל אונ׳ מיר גיזאגט עש העט וואל וואר גומן ווען איך קענט דען איש בער צום אוהב ביקומין זוילט אלש גוט ווערדן איך מוזט אבר עטווש מפזר ממון גיגן אים זיין איך האב גיזעהין דז איך בידם תפוס בין אונ׳ קיין הצלה דא גיוועזין האב איך יא מיט אין אין איין דרך אין גילאשין דאש איך אים זאל ג׳ מאות ר״ט געבין דא גיגן וויל ער מיך פטרן מן הקנס אונ׳ אלי מייני כתבים ווידר לידי ליפרן אך דש משפט מיט ר״י שטאקרט וזלמן גנש זאל לק״ו ואר שיקט ווארדן אונ׳ זאל פטור מן התפיסה ווארדן וויא ער דען סך עצום [333] האט מקבל גיוועזין נסוג אחור אונ׳ מעליל אן מיך גיוועזין איך העט אימש וועגן ... הוצאה געבין דא איך כל ימי זוילכר גישטאלט מיט אים ניקש צו טון גיהט דש איך אים זולט פרוטה אחת מן הדין הוצאה חייב זיין גיוועזין.

דש האט אזו אן גישטנדן ובין כך וכך דש ב״ד זיאר וואל זיך גיהאלטן מיט אכילה ושתיה אונ׳ ..... אין דער גאהר קוי(פ)[כ]ן[2]) לאזין וואש דארויף גין אך לפרקים מיך אויש

---

1) = ראש עצה 2) Garküche.

מיך ווידר תובע גיוועזין האב אך משיב גיוועזין וויא איינר דער אזו שטין מוז במקום ובב"ד שאינן ממוצע בין כך וכך איז קומין דש שר זיין קמיר דינר אונ' דש ב"ד לאשן בפני ארויז צו זיך פאדרן וכך אמר ער זייא גשיקט פום שר צו פראגן אויב איך אך דעם ב"ד פאריר והדיוט ר' משה קן קפץ בראש פתח ואמר דיא ערשטי ביפעהל איינן פון ב' מאות אונ' איינן פון ג' מאות העט איך נים פארירט אביר דויזן פון ה' מאות קנס פארירט איך יא האט אפילו ר' מאיר מילר אין מוכיח על כך גיוועזין וואש . . . דיא תיכף דער קאמיר דינר צו מיר גיזאגט בפקודת השר איך זאל דא אין דעם בית אין ארעסט ואר בלייבן ביז אויף וויטר בישייד ובער וחברותיו ר' [י] שטאקרט מיט אים גנגן על המבצר בין כך האב איך דעם מורשה מוזן משיב זיין עוד זה מדבר זיין מייני מתנגדים כמעט ב' שעות אויזן גבליבן אונ' ווידר קומן כשזה נכנס זה יוצא האב וואל משיב זיין קיינן דש דבור התחדשות [333b] . . . . . . . . . .ין אך נאך דעם אמט מאן גנגן וב' שעות קודם שבת איז דיא גנצי עצה . . . . . פון דער נייא שטט פיטרשהאגן אונ' מיך פון דעם ב"ד צו זיך ארויש פאדרין לאשן אונ' צו מיר גיזאגט עש זייא ביפעהל דש איך זאל אין גיהארשום ליישטן אונ' איר תפוס זיין אונ' מיט איהנן גין האב איך תיכף ומיד מיט אינן גין אונ' זיא מיך אויף דש עצה בית גיבראכט אין איין . . ריפט חדר אביר תיכף ומיד בכבלי ברזל בשתי רגלים מיך גישלאסן בערך ל' ליטרות ברזל אונ' ב' שומרים בייא מיר גיטאן לשמר איז אין שבט תי"ב גיוועזין וחוזק הקור האב דען שומרים יום ולילה ב' ק"ש געבין מלבד שכר ועץ ושמן האב אלי הוצאה שטין מוזן דיא תפיסה האט גיוואהרט ביז ערב שבת פרשת שמיני:

יום ב' שלאחריו האט דש ב"ד ווידר גיזעסין אונ' מיך מיט דיא ב' שומרים ואר דאש ב"ד גיבראכט צו טענן זווילכש איז כמה וכמה פעמים גישעהין דז איך בין מיט דיא שומרים

וויא נון דיא טענות באריכות גנגן זיין אבר דאש איז עיקר הטענה איך האב ווידר תובע גיוועזין זיא זאלן מסלק יד ערכאות זיין אך קאן איך ניקש משיב זיין אם לא מוז מיין גניבה פון זלמן גנש ווידר האבן דא אלי מייני זכיות אין זיין האב מיט קיינר [332] טענה ניקש ארהלטין קענין אונ' זעהין מוזין דש מייני מתנגדים מייני כתבי אלי ב...... אך דאש ב"ד אונ' מיר אפילו העתק ניט וועלין געבין וועןאיך מאות פטורים ופשרות העט. העטין דש ב"ד אלש גיפסלת.

ביום ו' עש"ק איז חתני הר"ה שי' בייא מיר גיוועזין אונ' מיר אונש מיט אנדר מתיעץ גיוועזין מאחר דיא (ע)[א]למות וכחת צו זעהין אונ' צו גרייפן איז זאל איך ווייטר ניט לפני ב"ד גין זאל זיא מאכן לאשן וויאש זיא וואלן וויא זיא אך נאך מיר שיקן איך זאל ואר זיא קומין האב ניט קומין וואלן אלש בלד קומט דער שמש משה גריגל ווידר אונ' זאגט מיר עש זייא ביפעהל מן השר בייא ה' מאות ר"ט איך זאל קומן לפני הב"ד בין כך האב איך גיזעהין דש יהודים מצד האבן משמר גיוועזין דאש בית דא איך וחתני שי' זיינין אין גיוועזין ומתיירא הייתי דש זיא ח"ו חתני שי' אך מעקל זיין וואלטן וויא זיא פשוט בדיעה גיהט בין גנגן חוץ לבית אונ' איין אנדר רחוב מסבב גיוועזין זיינין מיר דיא שומרים תיכף נאך גנגין ובין כך נמלט חתני אונ' ווידר נאך מינדן גאנגין בין ווידר למקום ראשון גאנגין איז אלש בלד דער שמש ווידר גנגין צו מיר ובידו איין ביפעהל מן השר בייא ה"מ ר"ט קנס דש איך זאל אין אלין שטיקן דעם ב"ד פארירן דא איך דש גיזעהן האב בין איך מוכרח גיוועזין אונ' ווידר אהין גנגין האט דש ב"ד דעם בפעל בידם גיהט ר"ט קן האט אים ואר גילייאט איז זא גשטעלט גיוועזין מי יתן דז כל חכמי אשכנז מויכטן אין לייאן האט אלש בלד ריי"ש[1]) איין מורשה אויף גישטעלט ושמו ר' מאיר פרידבורג

1) = R. Joseph Stuttgart.

איך ואר . . . . דיא שמירה ואר האנדן וואר בין איך עטווש מחוץ לרחוב גנגן אונ' מיך מסבב גיוועזין לבית הקאנצליר וויא איך סמוך לפתח הקאנצליר בין קומט איין גנצר הויפֿן דער מזיקי' אויף. מיך צו דרינגן איז סמוך אן דער וועזיר גיוועזין האב איך צועק גיוועזין האט דאש קאנצלירש עבד דש פתח אויף גימאכט מיך מציל מיד הרשעים גיוועזין העטין מיך אפשר אינש מיט גיווארפין האב גימיינט זיא ווערין נוא אוועק אונ' וויל אהיים גיין קומט אירשט דער רעכטי מזיק בער' מיט ר"י שטאקרט אונ' איין גרושין שראה[1]) נאך אך ריקים בייא אינן גיהט נעמן מיך תיכף תפוס אונ' ווארד מיט ב' ריקים אין יוזל זיין בית גיבראכט זיין וואל איין שעה ב' בייא מיר גיוועזין איז דיא שמירה ווידר וועק גאנגין זיא מיין מתנגדים אביר זייגין דיא לילה אויף דאש מבצר צום שר גנגן [ויום] שלאחריו האבן זיא בלבולים גיהט מיט דער עצה פ"ה דז זיא מיך אויף אירים גיביט האבן תפסנן לוזן וויא זיא דש זעלבי האבן משתיק גיוועזין האב איך ניט גיוואר ווארדן. האב ליום אחריו ווידור קומין מוזן לב"ד דיא ערשטי טענה של רי"ש ומחמת גנש איז בנו ר' שמואל מורשה . . . . . . מיך תובע. גיוועזין איך העט ערשטליך זייגין שוואגר גנז ואר מסרת אונ' העט איהן תפסין לאשן בכבלי ברזל וועגן מיינר כתבים אך ר"י שטאקרט העט איך תפסן לאשין ביגערט פֿון מיר אלי הוצאות והזיקות ותפיסה מיין תשובה בקיצור מעולם האב איך גנש אדר שטאקרט ניט תפסן לאשן קיין תפיסה מעולם אויף זיא גיזוכט רק האב פֿון גנש מיין גניבה ניט קוינן מציל זיין ע"י חרם יב"ן גלייך אך מיין הוצאות אויז ווייזן וכל מה שעשיתי נגד גנש עשיתי להציל את שלי ר' שטאקרט האב איך מעולם ניט פר קלאגט ויל וויגנר תפיסה אודר עיקול אויף אין ביגערט.

---

[1]) Schrei.

מנת לשלוח טענת ותשובת לב״ד הגדול בק׳ ורנקבורט האט מיר ר׳ משה קן משיב גיוועזין עש זייא ביפֿעזיא[1] מוזן פסקן האב גיזעהין כי כלתה הרעה אונ׳ גיט קוינן ניצל ווערן אונ׳ ווען איך דען בעסטן מורשה בעולם העט. גיהט העט ניקש גיהאלפֿן.

האב אך קיין עדים קוינן האבן דא איך העט קענן מוסר (ה)[מ]ודעה זיין ואר זיין כי נמוג כל לב מפני פחד המעליל האב איינין בסוד ביקומין ושמו אברהם וואלך הויט מיר בסוד ווערין חתמן דיא מסירת מודעה העט איך נאך א׳ דעם סוד מגלה גיוועזין ושמו ר׳ משה לויבקא האט גימיינט. דער זעלביג זאל זיך אך חתמן וויא דער זעלבי דש הערט שוויגט ער שטיל אונ׳ גיט צו מיינן מתנגדים איז איגן מגלה פֿראגט זיא כלומר דרך עצה אויב ערש זאל חתמן אלש בלד. שיקט דש ב״ד נאך אברהם וולך דש מוז אך דען אמת זאגן וויא איך שון דיא מסירת מודעה גשריבן אונ׳ אב פֿאדרן האבן אבר מיין אונס וואל דראן פֿינדן קוינן אונ׳ איר חפיצות דא אין גיפֿונדן בין איך גשטנדן בפני ב״ד אונ׳ מיינין מתנגדים אונ׳ האבן אי׳ לפנים גיזאגט מאחר איך זיך[2] דיא כחת ואלמות דיא זיא מיט מיר נוהג זיין והב״ד ומקום אינן ממוצע וויל איך טענן ולשלוח טענות ותשובות ובאם לאו דז זיא מיך ווארדן כופה זיין בין איך בפניהם מוסר מודעה אלש [331b] וואש . . . . . . פסקן אונ׳ אלש וואש איך מיך מרצה בין בין איך איישל אונס ויבוא יומו וייש ת״ל [אלהים שופט] אשר בארץ.

ביום א׳ בלילה בין איך גנגן מבית בעל בית שלי נאך דעם פֿיש גאל האב ענינים מיט אים צו טואן גיהאט האבן דיא מתנגדים מסררים גיהאט אונ׳ מיר אלי גאסין ביזעצין לאזין מיט רודי׳ וריקים איך האב פֿון ניקש גיוואשט וויא איך בין ווידר אויש דש פֿיש גאל זיין הויז גאנגין האב

---

1) Befehl, sie 2) ich sehe.

גיוועזין דז האבן מוזן גזילה טון. אונ׳ דער מעליל איז אלי צייט פנימה וחיצון גיוועזין מיין בורר האט ניט בייא מיר טארפין זיין אונ׳ יום ולילה זיין זיא בייא מיין מתנגדים גיוועזין לסוף זיא האבין אן גיפאנגן איך זאל פשרה מאכן איך האב גיזאגט ווייזט מיר דז א׳ פרוטה חייב בין עש מוז זיין פשרה זיין קרוב לדין ר׳ מאיר מוילר צו מיר קומן בסוד כלומר מגלה גיוועזין איך מוז פשרה מאכן דען איך העט פעם אחת צום שר [גיזאגט] זא ויל גראש אלש איך אים חייב ווער זא ויל טלר וואלט איך דעם שר קנס געבין האבן מיך בעו״ה ע״י אונס כופה גיוועזין אויש דער הנט צו געבן אונ׳ גימאכט דש איך אים זאל ב׳ מאות וחצי געבן. אונ׳ שמונים ר״ט האב איך תובע גיוועזין [331] מחמת ער מיך האט רודף בערכאות גיוועזין האבן זיא אין ווינט גישלאגן איך האב צועק . . . . . . ווען ער שון יא דורט ווער אונ׳ אשתי שתי׳ מעולם קיין שטר העט קומט אים ניט בייא ווי׳. . . . זא ויל דען דער סך עזבון איז ז׳ מאות גיוועזין זיין ב׳ זכרים ג׳ נקיבות אידרי שטח״ז[1]) גיהט דהיינו קומט לחלקו ב׳ מאות אונ׳ זא מאכט אידרן יותר אלש ב׳ מאות וחצי׳:

מן האט מיך לאשן צועק זיין אונ׳ דען פרעון בתוך ג׳ ימים אן גיזאגט אונ׳ בין אלש תפוס בעיגול גיוועזין.

ואחר זאת הדברים האלה איז קומין ר׳ יוסף האמל מיט זיינם זון ר׳ שמואל וחתנו ר׳ זלמן גגש מיך אך לפני ב״ד תובע גיוועזין דז איך נון גיזהן וויא דש ב״ד בייא מיר גיהאנדלט האט ביין דיק בערמן האב איך וואל משיג זיין קוינן וויא זיא אירשט בייא דען ווארדן נושא פנים זיין אונ׳ בפרט דער מעליל איז אלי צייט יוצא ונכנס גיוועזין מיט מנין כמה פעמים אויף דיא מבצר גאנגן. האב איך מקדים גיוועזין יא איך וויל טענן מיט ר׳ יוסף ודוגמתו[?] אביר על

---

1) = שטר חצי זכר.

עזבון חמי לאזי ז״ל תובע גיוועזין אך . . . נכסי אביו דיק בערמן האב אבר וואל זעהין קוינן דז ר׳ משה קן דיא טענות גשריבן האט האב איך אירשט בינעהרט זיא זאלין מיר מיין זכיות וראיה לידי שטעלין קאן זונשטן ניט משיב זיין מיר אבר אך אין גינאדן פום ב״ד אב גישלאגן האבענליך[1]) בינערט העתק פון מיינן פטורים . . . . האבן מיר עש איין מאל מרצה גיוועזין זאל זיא אפ שרייבן וויא איך בין גשטנדן אונ׳ דיא התחלה גימאכט אפ צו שרייבן האט מירש ר׳ משה קן ואר דעם פנים וועק גינומין דער מורשה האט אויף דיא פשרה גטענת ווער בטעות גיוועזין איז אבר מעולם קיין טעות מברר צו זיין גיוועזין דאך האב איך משיב גיוועזין זא ער יא דיא ערשטי פשרה ומעשה ב״ד ניט האלטן וויל ליג ער ווידר ארויש וואש ער האט מקבל גיוועזין וועגן דער פשרה אונ׳ וואש ער אויך בערכאות האט מזיק גיוועזין וויל איך איין דין מיט אים ליידן אויב איך אים צו מאהל וואש חייב בין דען האב דאש אלש לפנים משורת הדין געבין.

דאש ב״ד האט היישן אב טרעטין אונ׳ זיך מתיעץ גיוועזין ווידור אין גירופן אונ׳ מיר משיב גיוועזין דש זעלבי ונש איך אים געבין העט ווער אינן מושלש וועןאיך זוכה בדין . . . . זוילט איך בייא דעם ב״ד פינדן זיין זיא תיכף נוגעים גיוועזין.

האב תיכף גיזעהין כי כלתה הרעה אונ׳ מיר אלי כחות ואלמות גיטאן אלי פטורים ופשר גיפסלת . . . . טעם וריח האט באמת לנגי צייהט גיוואהרט איר זיא איר ו׳ הדיוטות האבן קוינן . . . . . ווארדן רע משה קן האט שכירות הקצוב גיהט איז אים מ״ו ר״ט דאפון צו גיזאגט דער . . . . . וור שר האט אך מוזן האבן דש ב״ד האט וואלן האבן אונ׳ מיין בעל דבר האט ניט פרוטה א׳ גיהאט צו צאלן איז פשוט

[1]) habe endlich.

גיבעטין ווען ער זען דש שלא כדין צו גינג דאז ער זיך מסלק וואלט זיין האט מיר וואל צו גיזאגט אביר בעו״ה ווינג גיהאלטן דען ר׳ משה קן האט אין אך זיצן לאשן איז ניט קומן האט אין עטווש פר דראסן האט זיך אן גינומין וויל ווידר נאך מינדן גין זויא ער אויז גיט אויף דעם שדה קומט אים תיכף נאך צו רייטן בערמנן בן אחיו של בער ווארנדורף זאגט אים אן בציווי השר ער זאל זא טרישט[1]) ניט זיין דז ער וועק גיט דהיינו מוז דער בורר ובעל דבר אלי בייד מעוקל גיוועזין דש איז קודם שבת אם ערב שבת ביום א׳ איז דאש וועש שדים[2]) מיט אנגדר קומן אין איינם ספינה מייני מתנגדים דער רב ר׳ שמואל דער בורר . . . . . כלם כאחד.

אונ׳ דיא התחלה גימאכט זיין שטר בירורים אדר קומפרמיז מעולם ניט גידאכט זונדרן דעם מעלי ור״י שטאקרט ב׳ בפעהל מן השר צו. וועגן גיבראכט דש איך דעם ב״ד זאל פארירן האבן אביר דיא ביפעהל ניט זעהין לאשן.

וויא דא נון האבן ערשטליך קובע מקום גיוועזין טענות ותשובות אב צו הערין איז קומין דיק בערמן אונ׳ איין מורשה מיט גיבראכט ושמו ר׳ מאיר מן פיטרש האגן מחותן של בער וואר נדארף אונ׳ וואלן תובע זיין.

וטענתי מאחר שידוע דז איך פון יודים בין מעוקל בערכאות גיוועזין אונ׳ זיא מיך רודף גיוועזין זוילן זיא ערשט מסלק יד גוי זיין מיט אלין הוצאות והזיקות בין אבר מיט דער טענה מעולם ניט גיהורט גיווארדן אונ׳ מיך לאשן תובע זיין אונ׳ בעל כרחי מוזן משיב זיין זונשטן העטן זיא ערשטליך מסלק יד ערכאות גיוועזין כדין ווען איך שאן העט לפני דיינים מתחילה בדיעה גיהט צו טענן העט איך אבר במקום שאינו ממוצע ניט גישטנן דער מורשה האט אן גיפאנגן אונ׳ [330b] מגדיל איין ענין גיוועזין אונ׳ מיך אום כמה מאות מחמת נכסי

---

1) dreist 2) Anspielung auf בית דין.

עש מיט מיר אונד וועהרין . . . . . . טה צד דען זיין דעה
וואר מיך צו תפסן אונ' ניט צו העריין דש דיא יועצים מפני
פחד ומורא של השר יר"ה דש זיא דער מעליל האט אן געבין
זיך מיינר זאכן ניט וואלטן אן נעמין וואלט מיך קיינר מער
הירן אדר זעהין אונ' דרפט בייא יום קיינם אינש בית קומן
זונדר ווען איך יא גין וואלט מוזט איך בלילה גין זאגטן מיר
דיא יועצים עש וועהר אויז אירר הנט גשפילט מיין ווייב אונ'
קינדר וואָרן זיך מטריח אונ' בראכטן ד' זיץ האפסטיגי[1]) בוירגר
אויז מינדן וואלטן ערבים זיין מיך אלי צייט צו ליפרן וויא
אלי עריבות גיט דש וואהר אבר קיין דעה דש מן זיא וואלט
אן נעמין זוינדרן זיא זולטן ערבים קבלנים זיין דש זיא ד'
אלפים ר"ט ואר מיר ביצאהלן וואלטן דא איך דאך נאך נימט
(ציית ?) בדין מוזט אלזו קרוב צו ז' שבועי' אין ארעסט גין בין כך
איז מיין בורר ר' מאיר קומין נאך מינדן האבן זיא ער אונ'
ר' משה קן אלש בלד נאך איינם שלש גשריבן בלתי ידיעתי
ר' משה קן העט איך מכמה וכמה טעמים מן הדין פסלן קוינן
דער שלש אך ניט ממוצע גיוועזין אך תיכף מיט מייני מתנגדים
געשין אונ' גיטרונקן אונ' כמה וכמה טענות גיגן אים גיהט
דז ער ניט ממוצע לדין איז גיוועזין. אבר זיא האבן אלש
[330] בלתי ידיעתי ואר דיא הנט גינומין אך מעולם ניט
מרצה גיוועזין ואר זוילכם ב"ד צו שטין אך ניט מרצה
גיוועזין אן זוילכם מקום שאינו ממוצע תפוס לדין צו גין האב
דאך אלש על אפי וחמתי מוזן.

ערשטליך איז נוא קומן ר' מאיר מלויר [l. מוילר] נאך פ"ה
בין איך אלש נאך אין ארעסט גיוועזין אונ' בלד דא גיוועזין האט
גיזאגט ער האב מיט ר' משה קן אב גירעט דז ער וואלט אך
הין קומן אונ' וואלט איין התחלה מאכן ביז דער שלש דא צו
קעם האב איך מיט אים גירעט אונ' מזרז גיוועזין ער זיכט
וויא זיא מיך רודף זיין גין אויף מיר אויף גוף אונ' ממון אין

[1]) sesshaftige.

ק״ז דיא חצין געבן דש מן אים זוילט בידהולפיג זיין צו דער ביצאלנג. צום פֿירדן העט איך אויף דעם ק״ז עטליכה ביזה ריד נאך גירעט דש וועגין ווערין זיא וואל ואר אורזכט מיך אן אנדרי אורטיר צו ברענגין אביר זיא העטין נאך איין אונ׳ אנדר בידענקן דא בייא אלזו זאלט איך אן גילובן בייא ד׳ אלפים ר״ט קנס דש איך ניט פֿון פ״ה וויכן וואלט ביז אויף ווייטר בישייד דא מיט היישן זיא מיך אב טרעטין אונ׳ נאמן קיין ואר ענטוורונג [329b] אן ביז דען אנדרן יום קרעג איך איין מליץ אונ׳. גינג אויף דיא קאנציללייא פונד דיא מתנגדים ווידר שפאצירן גין אונ׳ ווארדן ווידר איגן לפני היועצים גירופֿין אונ׳ וואורד מיר ואר גיהאלטין וואש זיא מיר דען אירשטן יום האטן ואר גיהאלטן זונדר גנש האט איין . . . . ריך ברדוקט[1]) איבר מיך אין געבין וואורד מיר ניט קופייא פֿון צו גישטעלט. מיין מליץ וואלט מיין התנצלות ואר ברענגין וויזן אונש דיא יועצים מיר זאלטן אין איין אנדר חדר גין אונ׳ זולט דא פראטיקול גיהאלטין ווארדן מיר גינגן איין שטונד החי רעה בע״ה אך דא ומצא את מינו זלמן גנש אונ׳ דער (וו)[מ]יך גרעב׳ (?) גיקלאגט אן וועגין דער ב׳ מאות ג״ג קנס דער ערשטן ציטאטיאן מיין מליץ ואר ענוורט אלש גנץ וואל חעטן מיר בדין אך ניקש קוינן טון דא מיט גינג דער יום אך אהין ואר ווייטר ניקט פֿר ריכט וואהרן גלייך וואל ווידר בישיידן על יום ג׳ גינג ווידר אויף מיט מיינם מליץ אונ׳ קאמן אך לפני היועצים דא נון מיין מתנגדים ואר נאמן דש מיר לפני היועצים דין ומשפט וועהר גישעהין קונט אלש וואל ענטווארן. אונ׳ ביגערט בער מיר דש נאך ריכט דז איך אויף דעם דוכס יר״ה העט גירעט זאלט מיר פו(ס)[ר] האלטן גלייך איך וועהר ער האט נון מיט עדים נאמנים ביווייזן וואלט איך מיין עונש מקבל זיין ואם לאו ועשיתם לו כאשר זמם זא גינג דער מעליל אונ׳ מאכט דיא יועצים ואר דעכטיג זיא הילטן

1) Verdict.

גומן דש אדונינו הדוכס יר״ה איהב משפט מיך אן משפט גיוויזן . . . . . . איך זאל צייט דין ישראל זיין הנם זיא מיך מקדם אלי צייט רודף בערכאות גיוועזן אונ׳ זיא . . . . . . היזק ערשט מוזן זיין דאך מיך ארבאטן בפני ב״ד הגדול בק׳ ורנקבורט צו שטין אך קיין ב״ד . . . . . . . . . גיוועזן מיר אך באותו פעם בנו של ר׳ יוסף הנק׳ ר׳ שמואל ביגעגנט על רחוב אונ׳ אים . . . . . . . . יא ת״ל ורנקבורט וויל איך צייט דין זיין ותשובתו מן מוז צו ורנקבורט אלי שטויקכר ניט גיוואר ווארדן. תיכף האבן מיך מיין מתנגדים אין חרם גיטאן אונ׳ קנס י׳ ג״ג לדוכס כל יום האב מיך ניט ואר גוואלט שויצן קוינן אונ׳ מרצה גיוועזן איין (באר)[בורר] (פ)[ה]ולין צו לאזין בקנס מאה ז״ב בתוך ד׳ שבועות האב תיכף גשיקט איין שליח נאך ר׳ מאיר מוילר מיר גיזאגט ער ווער איין דיין כשר והגון.

בתוך כך דש איך נאך אים גשיקט איין שליח נאך ר׳ מאיר הנ״ל קומט מיר אין ציטאטיאן פון פ״ה איך זאל מחר אוים ח׳ שלעג אויף דעם קאנצלייא זיין איך גידענק ניט דש מיך יהודים ווארדן רודף זיין מאחר נאך איינם בורר גשיקט האב אונ׳ גיא הין וויא איך קום אויף דיא קאצילייא זיך איך דען מעליל בער אונ׳ דען עוף טמא בני חורגי גנש גין שפאצירן איז מיר תמי׳ גדולה גיוועזן האט עטווש לנג גיוואהרט ביז מיר זיינין גיפאדרט ווארדן לבסוף זיין מיר ואר דיא יועצים גיפאדרט ווארן האט בערנט לעווי איין זובליקציאן דען יועצים אויבר געבן. האבן מיר דיא יועצים ואר גיהאלטין דש ווער דיא אורזאך דש זיא מיך העטין ציטירן לאשן ער העט בערנט לעוי איין זובליקציאן איבר געבין דש זיא מיך העטין י״ג ימים אין חרם גיטאן ווער איך דעם דוכס יר״ה ואר פאלן ק״ל זהב בזה״ב. צום אנדרן העטן זיא מיך לאשן ציטירן בקנס ב׳ מאות זב׳ אונ׳ וועהר ניט ארשינן, צום דריטן ווער דא איין שטיף זון זלמן גנש דעם ווער איך ו׳ אלפים חייב וואלט ער דעם

בתוך כך מאכט ער דאש דיא יועצים אך מוזין אויבר מיך שרייבן איך וואלט אין[1]) ניט גיהארשם זיין זיא העטן מיך ציטירן לאשן איך ווער ניט ארשינן. וויא זולכש כתב קומט לפני הדוכס יר"ה האט זולכש מיין גוטי זאך עטווש ממשיך אונ' אויף גיהאלטן האב אך מוזן דש בכתב ואר ענטוורן..... זוילכ(ט)[ש] בלד ד' שבועות האט גיווערט האב איך ענטליך איין בפעהל ביקומין אן שטט ה . . . . . ר ויועצים דש מן מיך אן אלין זאכין ווידר דין ומשפט ניט בשווערין זאל אונ' אלש וואש איך זופליצירט האב אן דוכס יר"ה איז מיט דעם בפעלן בחותם של הדוכס יר"ה אין גשלאסין ווארדן אונ' . . . . . . געבין בין זא ז' שבועות צו קליב בהוצאה מרובה גילעגן ומשם ווידר בהוצאה גדולה ובסכנה גדולה מחמת רבוי גשמים ומים שאין להם סוף נאך מינדן ת"ל בשלום קומין אבר בביתי נאך גיפונדן דיא ריקים דען דיק בערמן מיט זיינר מרשעת אונ' קינדר איז סמוך לשבת גיוועזן דש איך מיין כתבים ניט האב קוינן אן געבן עד יום א' ויום ב' האב צום שבת מיין ראק אן גיטאן איז בלילה בליל שבת דער טמא דיק בערמן גשליכן ואר מיין בעט מיר אין וועק גינומן אונ' הגניבה בהלטין יום א' דיא כסף קנעפ ארויז גשניטן דעם רב ר' שמואל זיא צו ואר וואהרן גיטאן דיא ענינים נפלאים וויא זיא באותו הפעם מיט מיר נוהג גיוועזין הן עצמו מלספר.

יום ב' האב איך דען יועצי' מיין ביפעהל בענין אלן כתבים אן געבין אונ' גיבעטין מיר נון דיא עקסיקוציאן ווידר אפ צו נעמין הגם מייני מתנגדים גאר ויל דרום גיטאן אונ' ואר מיינט זוילכש צו הינדרן דיא יועצים אביר מיר ווידר אויז בפעהל אב גיטאן דאך האבן מיך יודים כופה גיוועזין דש איך נאך כל שבועה דעם דיק בערמן מויזן ה' רביעית ר"ט געבין אין גזילה גדולה מזו [329] וויא מיין מתנגדים נון ואר

1) ihnen.

נאך י' ריקם אים בית נילעגן פעם אחת האט זיין מרשעת דש וייב מעליל גיוועזין ווען זיא וואס אכילה מאכט זא שפייאין דיא יהודים אין דש עסין אונ' צו דיא יועצים גאנגן אונ' איין אן געבן האבן דיא יועצים גשיקט נאך מיינם גזינד האבן אונש ואר גיהאלטן האבן זיא זיך עדות ברופין אויף דיא ריקים וויא אך דיא ריקים האבן קומין אונ' ת"ל דיא מרשעת מכחיש בפני היועצים דש איז ניט חד מן אלף ואש זיא ואר חילול השם גטריבן האב איז אך ניט אפשר מעלה בכתב צו זיין. וויא איך נוא צו קליב בין קומין האב איך בנו של מוהר"ר דוד וויזל הנק' גומפיל ובני של מוהר"ר גומפיל עמריך הנק' אלי'[1]) דא גיפונדין זיינן אלש בלד מיט מיר גנגן צו איינם דאקטר פאפשט[2]) [328b] . . . . . . אתו היבט ער אן טרם אתחיל לדבר איצונדרט בין איך קומין פון אקוד' זיין שרייבן פון . . . . . לעוי קומן וויא איין יוד פון מינדן ווארט קומן דער האב אויף דעם ק"ו גירעט מן זאל אין תופס ליגן אין שוואו(ר)[נ]ן טארן[3]) ער קאן דעם ק"ו ב' אלפים קנס געבין. . . . . . איך בין דער יוד פון מינדן אבר ניט דער זוילכש גירעט האט בין קומן לעשות התנצלות אונ' האבן מיט אים נושא ונותן גיוועזין ועצתו הטוב איך זאל אלי מייני הכבדות ע"י מלומד אין זעצין אונ' זאל עש לפני הדוכס יר"ה ברענגין לאשן.

האב תיכף איין מלומד אן גינומין אונ' מיין בשוועד אונ' אן ליגן אלש מעלה בכתב גיוועזין אונ' אלש דעם גיהיימן יועצים איבר ליפרט אונ' בפי' זויבליצירט אויף דעם מעליל וויא אלש שקר זייא וואש ער אן גיבט.

---

1) Elias Gomperz 2) Dr. jur. utr. Hermann Papst, ein Vetter des Bürgermeisters von Cleve, Dr. jur. utr. Heinrich von Diest, s. Scholten, die Stadt Cleve p. 583 3) in den Schwanenthurm des Schlosses von Cleve s. ib. 598 ff.

אונ׳ ניט וואלין אנויז לאזין ער זאל ערשט זיין שם פֿון זיך געבין וויא ער זוילכש גיטאן האבן זיא אים פֿא(ר)[ס]ירן לאשן האט ער חוקר [328] ודורש גיוועזין האבן זיא גיזאגט עש ווער ביפֿאלין פֿילבש זאלמן ניט הנוים צו לאזן האב איך יוא גווישט כי תואנה ועלילות הם מבקשים בין אך נאך דיא לילה צו איינם תקון מיר ויל עניִנים מגלה גיוועזין וויא זיא גיאן אויף מיך אוים גיין זוממין צו ברענגן האב איך ואר (ראט)[דאש] בעשט גיהאלטן דז איך ובלי איחור זיך[1]) דש איך נמלט . . . . . תיכף דיא לילה ביקומן איין קרון[2]) מיט איינם סוס דער האט איין זאטל מיט גינומין אונ׳ מיך בהחבא אין דעם קרון גליגט ביז איך חצי מיל בין פֿון דעם מקום גיוועזין דען זאטיל אויף דש סוס גליגט אונ׳ דעם פֿורמאן ואר איין שליח מיט גנומין עד אוזין בריק.[3]) פֿון דארט בין איך גיצאגן צו וואגן אויף לינגן[4]) אונ׳ שוואל[5]) דעפנדר[6]) אונ׳ עמריך ומשם עד קליב צו עמריך האב איך כתבים ביפֿונדן דש מיין איידם הרר״ שי׳ אונ׳ בני שי׳ שרייבן זא בלד ב׳ שעות נאך מיינם וועג ציאן איז דער בי(כ)[ט]על[7]) קומין פֿון דער קאנצלייא אונ׳ מיך ציטירט האט אשתי שתי׳ משיב גיוועזין איך ווער ניט דאהיים אויבר איין וויל איז ער ווידור קומין אונ׳ בייא ב׳ מאות זב׳ מיך ציטירט איז אשתי זעלברט הין גנגן אונ׳ מיר התנצלות גיטאן דז איך ניט דא היים ווער האבן זא לנג גיפֿראגט דז זיא האט גיזאגט איך ווער צום דוכס יר״ה גיצאגן דער מעליל איז יוצא ונכנס גיוועזין גיברומט וויא איין בער גראש רשעת גירעט לסוף אשתי שתי׳ ווידור היים גנגן האט ניט לנגר גיווערט מען ב׳ ריקם אין מיין בית גשיקט לשמירה עוד זה מדבר וזה בא האט מען דען דיק בער מן מיט ווייב אונ׳ קינד אויך אויף עקסיקוציאן וובין (?)[8]) גשיקט וועלכר מער רשעת אונ׳ גיוואלט גיטאן אלש העטן

---

1) sehe 2) Wagen 3) Osenbrüggen 4) Lemgo 5) Zwolle 6) Deventer 7) Büttel 8) Executionswachen (ווכין?)

מיט ר׳ יוסף גירעט מה טעם עש אזו איין קנם רב קאסט
האט ער משיב גיוועזין בער זאגט ער זייא אין שתדלן דעם
דוכס יר״ה געלט איין צו ברעננן ובאמת האב איך איר כוונה
וואל פר שטנן אבר מוסכם איז גיוועזין מפזר ממון צו זיין
ר׳ פייבש ממינדן מוז וואל צאלן.

וויא אך ר׳ יוסף אן מיך גשיקט איך זולט גנש ווידר
פטרן האב אים משיב גיוועזין וויל עש אין בידענקין נעמן
האט מיך אביר ווייטר ניט גשיקט דש הט אזו אן גשטנין ר״ה
י״כ וסוכות דאך ויל גיזומים אונ׳ דרייאין דש זיא מיר צו לייב
זאלין האבן ואר נעמין מוזין. אך י״ט מיך ניט אין ב״ה ליידין
וואלין אונ׳ מיר וואשר אונ׳ וויידֿ[1]) אויף גיזאגט אם שמיני עצרת
תי״ב קומט מיר איין שריפטליכי ציטאטיאן פון פ״ה דש איך
מחר זאל זיין אום ח׳ שלעג צו פ״ה אן גיזעהין[2]) דש מיר פייאר
טג האבין אונ׳ זאלין מיין כתבים גיעפנט וואררן צו ביזעהן וואש
ור כתבים דארונטר זיין דיא דיק בערמן אן גין איז דער שר
עבין אין מינדן גיוועזין האב מיך דאן בשווערט, וויילן מיר
י״ט האבן האט מיר תשובה געבין איך מויזט עש בייא דעם
פיש גאל אן זוכן. האב גלייך וואל אן י״ט הין גשיקט לעשות
התנצלות האט עש ניט וואלן אן נעמן דרויף אחר י״ט האב
איך חתני הר״ר[י] שי׳ בכחי הין גשיקט האט אין אבר ניט וואלן
אן נעמין האב איך וואל קוינן משיג זיין כי כלתה הרעה אונ׳
האב אויך גיזעהין וויא יום ולילה אנשי מתנגדים אנשים ונשים
גרינג אוים גרינג אום מיין בית גיהאלטין דש איך וואל
ה(ש)[ס]כ(י)נות האב קוינן משיג זיין אונ׳ האב מיך זיאר ואר תפיסה
גיפֿאורכט גלייך מתנגדי האבן מוציא קול גיוועזין עש וועהר
ק״ו ביפעהל מיך צו תפסן. האב גשיקט פעם אחת חתני הרר״י
שי׳ זאל טואן אלש וועז ער וואלט צום שער הנויז גין וויא
ער איז בייא דיא שמירה קומין האבן זיא אים מעכב גיוועזין

1) Wasser und Weide 2) ohngesehen = unerachtet.

מינדן האט ער גיזאגט מן זאגט וויא זלמן גנש איז תפוס ר׳ יוסף האט עש אך לכתחילה וואלן לייקנן אבר ואר וריקט דז ער דיזן שטיך גיט העט גיהאלטין אונ׳ האט עש מודה גיוועזין אונ׳ ג.... אבר אלש פֿר לייקנט לענגר אז ח׳ ימים דש ר״י דיא כתבים שון אין מינדן גליברט האט זוא ענטליך האבן מוזן משתדל זיין דש איינר איז צו אים קומין דער אים האט מגלה גיוועזין דש דיא כתבים שון ווידר אין מינדן זיין ער זאל מודה זיין זא האט ער מודה גיוועזין תיכף האט ר׳ יוסף וצירופו גשיקט נאך הערבורט אונ׳ בער וואַרנדורף זיין איידום לאשן הולין אונ׳ .... לאשן שתדלנות שרייבן דז מיר דיא שררה מיין כתבים ניט זאל ווידור אויש פאלגן לאשן וויא איך דען כמה פעמים זופליצירט דש וועגין אך מונטליך אן גיהאלטין ניקש פועל זיין קענן כי יד רודי׳ באמצע אך תיכף ומיד ריי״ש דש בערמנן פֿון פ״ה בער וורנדארף זיין פֿעטיר צו פֿפעהרט גשיקט נאך דויז בריג איז עבן בער וואַרנדארף גיוועזין נאך דעם דוכס יר״ה אונ׳ אין ואר איינן שתדלן גינומין הגם דז איך זעלברט בין נכנס בעובי הקורה גיוועזין אונ׳ אזו וויט גיבראכט דש עש דער שר האט אן דיא יועצים וואר ויזן אונ׳ אפשר ויל גרינגר אלש ב׳ מאות וואלט גיבראכט האבן:

בין כך וכך ויבוא השטן להתיצב בתוכו איז בער קומין צו ציאן אונ׳ תיכף גימאכט דש עיש [327b ...... רויז ווידר אויש דר הנט גינומין אונ׳ ער שתדלן גיוועזין אצל השר אונ׳ ואר ..... משתדלט דש גנש האט מוזן ג׳ מאות טוקאטן קנס געבן וועלכי ג׳ מאות טוקאטן ער אך ... לבסטן להדוכס יר״ה גשיקט הגם דש דאש מעשה ביניהם ואר קיין גניבה נחשב איז אונ׳ קיין [סכנ]ות נפשות ווארט איין שיפוליום[1]) גינענד בלשונם וויא איך אך זעלברט

---

[1]) spolium.

בב״ה בין אשרי ולמנצח גישטנדן אונ׳ קובל גיוועזין מאחר איך גילה דעת הב וועגן מיינר גזילה אונ׳ דער רב זאגט ער קאן מיר ניט העלפין אונ׳ וויש מיר ניט צו העלפין וויל איך מיך מנקי זיין נגד אלהים ואדם להציל את שלי איז דער רב לפנים בב״ה גיוועזין אונ׳ מיר ניט דיבור אז משיב גיוועזין מטוב ועד רע אך קיין בר ישראל מיר קיין דיבור מישוב גיוועזין, דא איך נון גיזעהין דז קיין הצלה איז כדי להציל את שלי בין איך גגגן צום שר וועלכר דש מאל אין מינדן האט הויז גיהלטן אונ׳ קובל בפניו גיוועזין מאחר מיר אזו איין הפסד גישעהין זייא אונ׳ קום נוא אין גווישי ארפאהרונג דש מיין שטיף זון זלמן גנש וועלכר איצונדרט צו פ״ה אין [327] ארעשט איז האט מיר דיא כתבים גינומן אונ׳ וועק גשיקט. דש ער אין מויכט דא צו . . . שטן מיר זיא מויזט ווידר שאפן האב אים בפירוש גיזאגט איך קלאג אין פר קיין גנב אן דען ווען ער מיר העט. גנבן וואלן האב איך כלים של כסף דא בייא שטין גיהט אונ׳ האט זיא שטין לאזן נייארט[1]) זיין כוונה איז דיא ווילן איך אפטרופא בין גיוועזין מיינט ער אונ׳ איז מיך חושד איך העט אים און רעכט גיטאן.

האט מיך דער שר גיפרעגט אויב איך אויך גוויש ווישט דז ער זיא האט האב איך. משיב גיוועזין וויא איך דיא שולחנות האב צו עדות אלש בלד האט דער שר גשיקט נאך פ״ה אונ׳ אין לאשן ברענגין אייף דש מבצר ער האט זוילן מודה זיין האט אלש גילייקנט דער שר האט דיא שולחנת אך לאשן אויב הערין האט דען אמת מודה גיוועזין בין כך איז ר׳ יוסף האמל קומין צו גיאן האט ער וועלין נאך מינדן גין איז צווישן ביקן בורג אונ׳ מינדן צו בעציון אינש ווארטש הויז גיזעשין איז איינר קומין צו גין פון מינדן ושמו אהרן באק, האט אין ר׳ יוסף גיפראגט וואש איז נייאש צו

---

1) sondern.

און' נימנט אלש ר' יוסף האמל זעלברט וועלין זא־בלד דש
ר' יוסף דש מקבל [326b] גיוועזין איז ער מיט .......
בית אמיט גנגן בשמחה רבה אונ' זיך אין ב' שעות ניט
זעהין לאשן דא האב איך ווייטר חוקר ודורש גיוועזין אונ'
גיוואר ווארדן וואש זלמן ואר איין שולחנת האט אוועק גשיקט
האב דיא זעלבי שולחנת לאשן אבהערין ואר עדים האט זיא
מודה גיוועזין וויא זיא זלמן גנש העט בהשכמה יום ה' נאך
מיין זונש חתונה נאך שטטהגן גשיקט אונ' איר איינר
פאלשטר פר חתמנט .... מיט געבין אונ' איר ביפאהלין
זאלט זיא נימנט אנדרשט אן געבין אלש ר"י זעלברט אדר
זיינס זון דער אויש פולן קומין וויא זיא אך זאלכש גיטאן
העט אונ' זיא דען פאלשטר מיט כתבי' ר"י זעלבשט געבין
אך האט זיא מודה גיוועזין וויא אח"כ אשת זלמן גנש אונ'
דש רב ר' שמואל ווייב ווערין בייא איר גיוועזין אונ' העטן
איר דורט צו גיזאגט ווען אימנט ווער קומין אונ' זיא פרעגין
וואש זיא העט גיטראגין זולט זיא זאגין זיא העט כלים וועק
גיבראכט אונ' זולט ניט מגלה זיין דש זיא כתבים העט וועק
גיטראגין דא איך נון אזו ויל נאך ריכטונג גיהט האב איך
ב' עדים כשרים גינומן אונ' בין גיגנגן נאך פ"ה צו זלמן
גנש אונ' איז ער נאך אין ארעשט גיוועזין. האב אים בפני
העדים ....... גיטאן אך בייא חיב"ן גיפראגט זאל מיר
דען אמת מגלה זיין גלייך דיא התרא גשריבן ....יז ווייסט
האט ער משיב גיוועזין ער האב קיין בריב וויש אך פון קיין
כתבים ער איז אך נאך פון זיין מחותן ר' דוד מעמדן זונדרליך
גיפראגט אונ' אראינרט ווארדן האט אלש גילייקנט .......
בין איך ווידר נאך מינדן גנגן אונ' דען רב ר' שמואל אן
גטראפן אונ' אים גיזאגט .... איך גילה דעת האב וויגן
מייני כתבים גיטאן האט ער זאל מיר העלפן דש איך זיא
ווידור ביקום, האט ער משיב גיוועזין ער קאן מיר ניט העלפן
אונ' וויש מיר ניט צו העלפן דא בין איך דעם אנדרן מארגן

אברהם אך גשריבין ער קומין וויל אלזו וויל איך מיין פעדיר
אין ציאין נור שרייבין דאז הרב הגדול מהור"ר אברהם הנ"ל
איזט בשלו' לכאן קומין איך קאן ניט ארשרייבין מיט וואז
כבוד דאז מאן אים לכאן אין גיהולט וועלכיש וואול ווערט
וועלט קונדיג זיין דאז איך זולכיש פאר און ניטיג אכט
לכתוב, מאן האט אים ממש איין חדש בית לאזין בויאין
מיט זיין ישיבה חדר וכסאו דאז איך לפי קט שכלי האלט
דאז זעלבי נירגינץ זוא איזט אונ' אונזיר גנץ קהילה בכלל
הגם דיא קודם ביאתו זיין פרטייא ניט גיהאלטין דאך בכלל
מיט הגאון אין אליר פריינדשאפט גילעבט דען זיין פרשון[1])
זיין לימוד אונ' מעשים טובים ווער פיל פון צו שרייבין
וועלכיש דען גנצין עולם גינוגין ביקאנט איזט אונ' וואש פאר
איין לימוד דאש הגאון הנ"ל אין דער קהילה גיבראכט אונ'
ניקש בינערט אלש יום ולילה מתמיד צו זיין בלימודו ולהרביץ
תורה בישראל צו זיין, קינדר דיא ממש ניקש האבין גילערניט
האט ער גינומין אונ' מיט אינין גילערניט דאז זיא זעניך
בריות גיווארין, נון מה לי להאריך עש איזט דאך מפורסים
איבר אל פון זיין תורה, אביר אונזיר שמחה האט בעו"ה
ניט לנג גיווערט דען הגאון אב"ד הנ"ל זיך האט לאזין בק"ק
פ"פ אויף נעמין אוב קהל ש"ן שונט גאר זער אן אים האבין
מפציר גיוועזין דאז ער בלייבין זאל אונ' אים וואלין געבין
כה שחפץ לבו אביר קיין דיעה ניט גיוואלט, מיר האבין
זינטר[2]) הגאון איזט מכאן גאר שלעכטי צייטין גיהאט מיט
גוף אונ' ממון וויא לקצת נאך שרייבין ווער פיל וואקרי
יונגי ווייבר בעו"ה גישטארבין אונ' דאר מאן קיין ביז פון

---

1) Schudt IV. 3, 81 sagt von ihm: »R. Abraham **Brodt** /ein langer/ starcker ansehnlicher Mann /der vor etwan 2. Jahr von Metz hieher beruffen worden/ ist bürtig von **Pomisla** [d. i. Bunzlau], ein Meil oder 4 von Prag in Böhmen gelegen«. 2) seit.

גישריבן להגאון מ״ו אב״ד מהור״ר אברהם[1]) נר״ו ר״(ג)[י] ור״מ
בק״ק פראג לזמן הנ״ל אונ׳ זעלבין כתב מיט איין שליח
מיוחד גשיקט, נאך איין אונ׳ אנדיר זמן אונ׳ לקצת פונקטין
אויז גינומין, וועלכיש כאן קהל ש״ן אן אב״ד הנ״ל בכלל ב״י
בווילינט האאן, אלזו אב״ד הנ״ל בין קהל ש״ן גשריבן דאז ער
קומין וויל, אוב נון זאלכיש הגאון מ״ו מ״ג האט צו ווישין קראגין[2])
אודיר אויב ער ווערקליך [וואלין] אין זיין רבנות לכאןווידר קומין
אונ׳ איזט אך הגאון אב״ד מהור״ר גבריאל לכאן גיקומין[3]) אונ׳
גימיינט זולכיש רבנות מיט זויני צדדים צו ארהאלטין אביר
מאג ניט שרייבין וויא עש כאן צו גאנגין איזט, אונ׳ פיל
מחלוקות גיוועזין המקום ב״ה זאל איין אידרין מכפר עוונותיהם
זיין איך אליש איין שפלה שלעכטי אשה גבירט ניט בין
הרים גדולים צו שרייבין המקום ב״ה זאל איין אידרין מוחל
זיין דער וואש ווידירליך אין זוא פארטייא גיטאן עש וערן
גנץ בויך לכתוב דאר פון וואז איין אידרי פארטייא איר
התנצלות גיטאן המקום ב״ה זאל אונש הזכות פון אלי בידי
ת״ח גינישין נון אליש הגאון מהור״ר גבריאל צייט לנג כאן
גיוועזין אונ׳ גיזעהין דאז ניקש צו ארהאלטין איזט מאחר
קהל כאן ניט קענין נוסג אחור זיין אלזו החסיד מ״ג הנ״ל
דרכו ווידר מכאן גינומין בכבוד גדול דען דיא גנצי קהילה
זענין ניט זיין שונאים גיוועזין אך ורק בכלל זיין אוהבים
גיוועזין המניעה דאז זיא ניט האבין קענין נוסג אחור זיין
מאחר זיא הרבני׳ כתב כנ״ל גשיקט אונ׳ אב״ד הגדול מהור״ר

1) Der von mir gefundene und REJ. 19, 124—28 veröffentlichte Contract der Gemeinde Metz mit R. Abraham Broda in Prag datirt von Mittwoch dem 17. Cheschwan, d. i. 30. October 1708 2) hat zu wissen krogen = kriegen = bekommen 3) Donnerstag am 19. Siwan 1708 urkundet R. Gabriel, wie aus אוצר הספרות III: ד״ה p. 5 hervorgeht, noch als Rabbiner von Metz.

עלזים גיוועזין, והזקן מהור״ר אהרן הנ״ל האט זיך משדך גיוועזן לחתנו של מהור״ר אהרן הנ״ל בתו האט גינומין בנו של מהור״ר אהרן אב״ד תוך עלזום אלזו האט מהור״ר גיהאלטין דיא פארטייא מן אב״ד מהור״ר גבריאל אונ׳ כ״פ פאר גיזוענט[1]) דאז מחו׳ מהור״ר גבריאל הנ״ל ווערט קומין, דען הגאון מהור״ר אהרן הנ״ל חכם מחוכם מאד איזט אונ׳ זייני דברים זער נשמעים כי הוא גדול בריה וחכם מחוכם במילי דשמיא ובמילי דעלמא איזט, קהל ש״ן ווידר זמן מה זיך שטילין[2]) לאזין ענטליך קהל ש״ן אין ארפארונג קומין דאש הגאון מהור״ר גבריאל ווערקליך איזט אויף גינומין פאר איין אב״ד תוך ק״ק ניקילשבורג וואור פון פיל צו שרייבין ווער וואש זיך על זה פאר פילי מחלוקות האבין מתעורר גיוועזין בנו של מהור״ר גבריאל לכאן קומין אונ׳ גימיינט אליש קהל ש״ן צו איבר רידן דאז זיא נאך לענגיר ווארטין זאלין אביר מאחר זיא כנ״ל גיהערט דאז הרב מהור״ר גבריאל זיך האט לאזין כנ״ל אויף נעמין האט קהל ש״ן בינעבין צירוף מרובה קהילה גיטראכט אויף איין אנדרין אב״ד אויף צו נעמין וואור דורך זיא גרויש מחלוקות האבין מתעורר גיוועזין דען הצדדי׳ מן מ״ג[3]) הנ״ל כגון מהור״ר אהרן בינעבין זייני צדדים גאר פיל גיטאן אונ׳ גרויש מחלוקות גיוועזין דאז זיא גערין פאר ווערט העטין דאש מאן קיין אב״ד זאל אויף נעמין אך ורק אויף החסיד מהור״ר גבריאל צו ווארטין, אביר דאר זאלכיש ניט גישעהין איזט גרויש מחלוקות אנטשטאנדין וועלכיש ניט נוטצליך צו שרייבין איזט ענטליך האט קהל ש״ן מיט איין גדול צירוף מן ב״ב זיך פאשט[4]) פאר שריבן בייא גדול קנס מאחר אב״ד חסיד הנ״ל ניט קומט דאז מאן זאל נאך איין אנדיר אב״ד בוחר זיין, וועלכיש אך גישעהן איזט אונ׳ אבין איין רבנות בריף בכל הכבוד כראוי אן זוא איין ת״ח

1) wiederholt vorgewendet 2) stillen = beruhigen 3) = מהו׳ גבריאל 4) fest.

איזט אב״ד ור״ם גיוועזין הגאון החסיד מהור״ר גבריאל נר״ו זאל איך פון דען זעלבין זיין חסידות וצדקות שרייבן וועלכיש זולטי מיר צו פיל זיין אביר מאחר דאש דיזוש וועלט קונדיג איזט אלזו שטיט מיר ניט אן זייני מעלות צו שרייבין וועלכי איך ניט דיא העלפטי אודיר דאש מעשר[1]) בישרייבין קענטי, לקצר אב״ד הנ״ל האט זיך משדך גיוועזין להקצין מהור״ר שמשין מווין בנו של הגאון מהור״ר גבריאל האט גינומין בת של מהור״ר שמשין הנ״ל הנדן עם מתנות יותר כמו שלשים אלפים ר״ט גיוועזין[2]) אלזו איזט אב״ד מהור״ר גבריאל עם הרבני׳ ובנו מהור״ר ליב[3]) ע״ה וחתן ב״ח מהור״ר בעריש לווין גיצאגין אוני׳ החתנה לשם עם גדול כבוד גימאכט דאז אונטר יהודים נאך ניט אלזו פרעכטיג איזט צו גנגין אביר מה לי להאריך מזו כטעריא מאחר איך ניט אליש פולקומליך שרייבין קאן, אלזו בעשיר בייא דען וויניק בלייבין לאזין מאחר דאז זאלכיש דאך וועלט קונדיג גינוג גיוועזין איזט אב״ד והחסיד והמופלג בתורה מהור״ר גבריאל נר״ו, האט אצל קהל ש״ן[4]) רשות גיהאט אחד שנה אויז צו בלייבין, אביר מאן האט כאן ניט גימיינט דאז ער ווערט א׳ שנה אויז בלייבין אויז דען א׳ שנה איזט קרוב צו שלשה שנים גיווארין דאר השנה איזט אויז גיוועזין האט איהם קהל ש״ן גשריבן בכל הכבוד שבעולם ער מויכטי דאך ווידר בשלו׳ למקומו קומין לכאן אין זיין רבנות מיץ דען הקהילה ווער כאן כצאן בלא רועה דען זוא איין קהילה קאן ניט וואול אהן אב״ד זיין, הגם דאז כאן וואקרי לייט גרושי לומדים חכמי׳ ונבונים גיוועזין ובפרט בתוכם הגאון הזקן מהור״ר אהרן[5]) איזט וועלכיר גדול למדון וכמה שני׳ אב״ד תוך מאנהיים ומדינה גם תוך

---

1) ein Zehntel 2) s. Kaufmann, Samson Wertheimer p. 89 n. 2 3) vgl. Dembitzer כלילת יופי II, סט a 4) = שיחיה נצח 5) s. oben p. 295 n. 1.

תהילי בב״ה בשביל נשמתה אמו החסודה יאכט ע״ה וועלכיש
נון גאר לנג קונטיניווירט[1]) האט, אונ׳ אפשר ווארט עד ביאת
הגואל, דיזוש ווארט איין גנצי שעה לאחר זה באם איך
מבית הכנסת אהיים קום פינד איך מיין עסין ג׳ או ד׳ גריכט
כל מעדני׳ וועלכיש מיר צוואהרין ניט גבירט, דאז איך לבתי
ת״י אופט זאג לאז מיר נאר דבר מעט שטין, והישב בתי
ת״י איך קאך ניט מער אודיר וויניגר בשבילך אליש דער
אמת איזט, איך בין וויט אין כמה קהילות גיוועזין אביר
ניט זוא איין הויז האלטונג פירין זעהן ווערט אליש בעין יפה
ובכבוד איין אידרן גיגעבין אלזו וואול פלעטין געשט אלש
גנץ עחרליכי געשט הש״י ב״ה וב״ש וויל זיא נור דער בייא
ערהאלטין דאז זיא זאלכיש עד מאה שנים מיט גיזונד אונ׳
שלום תוך עושר וכבוד אויז פירין זולין, זאל איך פיל שרייבין
וואז זונשט כאן פאסירט אודיר אוב זיא זיך דיא קהילה
בדרך הישר פירט אלזו קאן איך ניט אנדרשט שרייבין אליש
דאר איך בין לכאן גיקומין גאר איין שיני קהילה גיוועזין אונ׳
גאר פרום אונ׳ איין שיני קהלש שטויב גיוועזין אונ׳ אייטיל
פרנסים ממש אלי זקנים וועלכי קהל שטויב ממש גצירט
אונ׳ באותו זמן אין קהלש שטויב קיינר גיוועזין דער איין
פריק[2]) אויף גיהאט האט אונ׳ באותו פעם האט מאן ניקש
גיוואושט דאש אויז הרחוב של ב״י בידיניהם זאל משפטן[3])
אוב שונט לעתים איזט לקצת מחלוקי׳ גיוועזין וויא בעו״ה
הסידר מן ב״י איזט, זא איזט דאך זעלבי אליש עם קהל או
דייגים גישטילט גיווארין אונ׳ אך ניט זוא גרויש גוותני׳
גיוועזין כמו לע״ע גם זיך אך ניט אין זוא חשובי מאכלים
גיווינט כמו לע״ע איר קינדר האבין זיא זער צום לימוד
גיהאלטין אונ׳ כ״פ[4]) דיא חשובשטי רבנים בייא מיין צייטין

---

[1]) continuirt = gedauert [2]) Perrücke [3]) Anspielung auf den Process Jacob Schwab's [4]) = כמה פעמים wiederholt.

ענטליך בעל בית בשמו יעקב מארבורג מיר איין קטן קעמירכין בויאן לאזין וואור אין איך קיין אובין[1]) אודיר שארין שטיין גיהאט האב, דאך אויז גינומין דאז איך אין זיינר קוך קאכין מאג אונ׳ אין זיין ווינטר שטוב ג״כ זיין מאג אביר ווען איך האב וואלין צו בעט גיאין אודיר זונשטין אין מיין קאמיר גיאין האב איך מוזין ד״ב טרעפין אנויף שטייגין וועלכיש מיר גאר שוואר אן גיקומין דאש איך מיינשטי צייט בין ל״ע און פעסליך גיוועזין חתני משה הנ״ל איזט אצלי גיוועזין אונ׳ מיך מבקר חולה גיוועזין זולכיש גיוועזין לערך תוך טבת תע״ה אונ׳ צו מיר גיזאגט איך זולטי בביתו קומין ער וואלטי מיר איין חדר געבין דאז אן דער ערד ווער דאש איך ניט הופט דיא הויכי שטעגין צו שטייגין אביר איך האבי מיך דעסין אך גיוויינירט דאש איך ניא מאלש גערין בייא מיין קינדר זיין וואלין מכמה טעמים אביר אין דיא לענג האב איך עש ניט לענגיר קענין אויז שטין איזט איין שנה גאר גרויש יקרות גיוועזין אונ׳ האב מוזין איין פילציל האלטין אונ׳ אצל קהל מעות גיקאשט, דאש איך ענטליך וואש איך מיך לנג גיוויינירט האב אן גינומין אונ׳ בין אצל חתני פ״ו משה קרומבאך גנגין זולכיש איזט גיוועזין [לערך] תוך אייר תע״ה אונ׳ דיזוש שרייבי איך תוך תמוז תע״ה חתני ובתי שי׳ ותי׳ אונ׳ דיא קינדר גבי״ז[2]) זענין וואל מיט מיר צו פרידן גיוועזין, זאל איך נון שרייבין וויא מיך חתני ובתי שי׳ ותי׳ האלטין, קאן איך גיט גינוגין פון שרייבין, המקום ב״ה זאל עש אינין ביצאלין זיא טונין מיר אלי כבוד שבעולם אן אין אלים דאז בעשטי אויז דער שיסיל ווערט מיר פאר גיליגט מער אליש איך מיר וווינש אונ׳ ביגער ודואג אני דאש מיר זאלכיש אן מיין זכיות באם איך מעט מזעיר האב אפ גישלאגין ווערט ח״ו, באם איך צו מיטאג צום עסין ניט דאר בין מאחר מאן פורציז[3]) אום קלאק צוועליף עסט, אונ' לאותו זמן זאגט מאן

---

[1]) Ofen [2]) = Gott beschütze sie [3]) praecis.

ער אהן דעסין איין שוואביר מאן גיוועזין אונ׳ גאר זער עם החולי ציפירלי[1]) איזט גיפלאגט גיוועזין אונ׳ דאז אים דרויף גיקומין אים גאר נידר גישלאגין, הגם דאז אים בנו ר״ש סגיל קיין מנגיל לאזין לײדין אונ׳ אים גשיקט כל מה שצריך אונ׳ אן זיין קרושפענדענטין אורדיר געבין דאש מאן לבעלי זצ״ל זאל געבין וואש ער פאר לנגיט אביר אליש ניט העלפין וואלין אך האט ר״ש סגיל לאביו גשיקט איין רופא מומחה אום אים אייניגי רפואות צו טון אונ׳ אך עטליכי יום בייא אים גיבליבין אונ׳ לקצת רפואות גיברויכט אביר תכף גיזאגט דאז ער איין בן מות איזט וועלכיש זיך אך אויז גוויזין דאש אים השי״ ב״ה צו זיך אין דאש איביגי גינומין ובודאי ער איין בן עולם הבא איזט מאחר ער זמן ארוך כמה שני׳ (ב)פרנס גיוועזין אונ׳ הקהילה גאר וואול מיט אים צו פרידין גיוועזין אונ׳ ער ממש זיין חיות גיוואגט וואור פון פיל צו שרייבין ווער אביר בפינד זולכיש ניט ניטיג ער איזט אין זייניר רוא גאנגין אונ׳ מיך אין אילינד אונ׳ טריפזאל זיטצין לאזין האב וויניק מעות פאר מיין כתובה ביקומין ניט דאש שליש וואז מיר גבירט, דען נאך מה לעשות האב אליש להמקו׳ ב״ה אהיים גישטעלט, באותו פעם בין איך נאך בבית של ר׳ ישו ווילשטט גיוועזין וועלכיש בית האט בעלי זצ״ל צו גיהערט אונ׳ איך פאר מיינט דאז איך בביתו קענט בלייבין זוא לנג איך לעבטי וועלכיש מיר אך ר׳ ישו האט צו גיזאגט אביר דאר בעלי זצ״ל גישטארבין איזט אונ׳ ר׳ ישו מיט זיין פרא אונ׳ קינדר גם מעביל[2]) איזט לכאן קומין האב איך תכף אויז זיין בית גימוזט אונ׳ ניט גיוואושט וואור איך הין זאל, אצל חתני פ״ו כ׳ משה קרומבאך האב איך אך ניט זיין קענין מאחר ער נאך ניט גיבואיט האט וויא ער לע״ע בסי״ד גיטאן[3]) אלזו בין איבל דראן גיוועזין

[1]) Podagra [2]) Möbel [3]) Vgl. die Urkunde in Betreff der Erweiterung seines Hauses אוצר הספרות III: ד״ה p. 5 ff.

גיוועזין דיא חמשה ב״י המשותפי׳ דיא בכאן גיוואונט האבין און׳ מכאן נאך לוטרינג זענין גיצאגין דאם זיא לשם בלויטרינג בלייבין וואלין מוטב זוא זאלין זיא כל ימיהם קיין פוס אין גנץ צרפות זעטצין בייא אונטרשידליכי חרמות און׳ אלזו האבין זיא דיא ברירה אויב זיא וואלין ווידר לכאן מיץ קומין צו וואונין אודיר בלויטרינג צו בלייבין דאר אויף זאלין זיא איזה חדשי׳ בידענק צייט האבין וויא נון זאלכיש דען זעמפטליכי משותפי׳ צו וויסין גימאכט וועלכי זיך זער דאריבר ארשראקין האבין דען זיא ניט גיוואושט וואז זיא פאר איין ברירה נעמין זאלין מאחר זיא כאן איין אידריר חשובי בתים שטיהן גיהאבט, גם איר ערונית אך ניט גערין [הינדר] לאזין וואלין צו דעם האבין זיא המו״מ עם מטבע[ה] גאר שטארק אצל דוכס יר״ה פאר שריבין בייא גדול קנס אלזו זענין זיא גאר איביל דאראן גיוועזין המלך יר״ה האט אך גשריבן באם ב״י הנ״ל בלוטרינגין בלייבין וואלין זאלין קהל יצ״ו בפנקסיהם שרייבין דאז זיא קיין עירנות יותר תוך מיץ האבין זאלין לקצר זיא זענין גאר איבל דאראן גיוועזין ענטליך הזמן מתקרב ובא דאז זיא האבין זאלין השובה זאגין אלזו לקצר האט ר׳ ישי ווילשטאט אן ערשטין הברי[ר]ה אן גינומין לכאן צו קומין¹) דעסין גלייכין האט יאקב קרומבאך אך גיטאן ואני לא יודע וויא זיא עם הדוכס יר״ה זיינין גיפאהרין וואש זיא אן סחורות אין אירי קרעם גיהאט האבין זיא יחדיו גיטיילט און׳ זענין מיט פרא און׳ קינדר און׳ אל דאז איריגי לכאן קומין און׳ [זיך] איין אידריר ווידר אין זיין הויז ביגעבין אביר מ״ש און׳ ר׳ משה רויטשילט ובנו האבין זיך ריזולפירט לשם צו בלייבין וועלכיש בעלי זצ״ל זער גיקרענקט און׳ זולכיש זיך גאר זער צו הערטצין גינומין דאז ער הצער ובראשט²) ניט קענין אויז שטיהן דען

¹) Mittwoch den 23. Sivan, d. i. am 6. Juni 1714 unterschreibt er bereits als Mitglied der Gemeinde Metz s. אוצר הספרות III: ד״ה p. 6 ²) und Furcht.

נאך דעם דאז דיא שלשה משותפים איר מו״מ עם סחורות
גפירט ושארי מו״מ עם ח״ב או זונשטין וויא סדר מן ב״י
איזט האט כאן גיוואונט ב״ב אחד בשמו ר׳ משה רויטשילט[1])
איזט אך איין גרושיר עושר גיוועזין אונ׳ כמה שנים נאך
לוטרינג גיהאנדילט דאש ער גאר ביקאנט לשם אצל תקיפים
וסוחרים גיוועזין, ומחמת ששמע וויא זיא זוא גוטי מו״מ
טעטין, זיך ג״כ לשם גיזעצט עם בנו וועלכיר איזט גיוועזין
התנו של מ״ש סג״ל אונ׳ זולכיש ע״י יועצים אצל הדוכס יר״ה
אויז גריכט אונ׳ זיך ניט וויט פון ליניוויל ג״כ גיזעצט צו
וואונין וועלכיר אך גאר תקיף אצל הדוכס יר״ה והיועצים
גיוועזין, נון לקצר דער ר׳ משה הנ״ל האט זיך ג״כ אנגשירט
אונ׳ אן המטבע כסף גליפירט וועלכיש בכלל זמן מה גיוועזט
האט אונ׳ זענין מיט איר מו״מ פאר נניגט גיוועזין, מהור״ר
שמואל סג״ל אך אביו בעלי זצ״ל פיל גוטיש גיטאן בב״ד[2])
דאש ער קיין מאנגיל גיהאט, זיא האבין המעות משם לכאן
גשיקט איזט לעתים אן גיהאלטין ווארין אונ׳ ווידר ביקומין
לעתים אך ניט ווידר ביקומין, צווישן דעסין איזט בעלי זצ״ל
תמיד בדאגות גיוועזין דען האט גיזעהן דאש גדול אחריות
וסכנה בייא איזט אונ׳ שונט וועלכי כמה פעמי׳ לבנו ר״ש
גישריבן האט, זולכיש ניקש העלפין קענין דען גישעהני
דינגין זיינין ניט צו ענדרין וויא נון דיא מלחמה איזט שטארק
עם מלך צרפות יר״ה וקיסר איזט פורט גנגין איזט פאר באט
מן מלך יר״ה גישעהן קיין לוטרינגיר געלט איין אודיר אויז
צרפות ארויז צו פירין צו דעם האט המלך יר״ה דורך זיין
גדול מנישטיר איין כתב לכאן לאזין שרייבין אן אדון לאטאנדי
לכאן דאז דער זעלבי זאלט שיקין אן קהל אונ׳ הכתב אן
קהל ש״י זאל פיר לייאנין וואור איין גישטאנדין אונ׳ בינענט

---

1) Zum Kriegsanlehen von 1711 (s. oben p. 314 n. 7) zahlt er 156 L. nach seinem auf 24000 L. geschätzten Vermögen 2) = בכל דבר.

אחותו של יאקב הנ״ל דער זעלבי אך איין גרוישר אונ׳ וואקריר מאן איזט אח של חתני פ״ו משה קרומבאך דיא ג׳ אנשים הנ״ל האבין איר חשובי ג׳ בתי׳ ברחוב של יהודי׳ גיהאט אונ׳ זעלבי שטין גילאזט[1]) אונ׳ תוך ליניוויל גיצאגין אונ׳ מיט מ״ש סג״ל [גימאכט] שותפות האבין גרושי שטיקר סחורות גיהאט אין איר קראם וועלכי וואול זעניך אפ גאנגין ושארי מו״מ גיהאט דאז זיא גאר וואול זענין לשם גיזעסין, לאחר זה האט ר״ש הנ״ל דיא מטבעה ביקומין וואור אן צווארין ניט זוא גרוישן ריווח גיוועזין אך ורק דיא מענג זולכיש איבר טראגין דאז שיניר ריווח אן גיוועזין איזט, באותו פעם אליש זיא המו״מ מן מטבעה האבין אן גינומין האט מ״ש סג״ל זולכיש לאביו זצ״ל גישריבן, אביר המו״מ בעלי זצ״ל ניט אן גישטאנדין דען ער ע״ה חכם מתוכם גיוועזין אונ׳ גיוואושט הטבע מן מו״מ דאש דיזוש ניט קאן וואול גוט טון ובפרט המלך צרפות יר״ה זעלבי ניט וואיל לײדין קאן דען כאן מיך איזט דיכט אן ליניוויל אונ׳ ניט מער אלש א׳ יום רייז משם איזט אונ׳ כל המעות מוז אליש כאן פאר קונסימירט[2]) ווערין אלזו בעלי זצ״ל אליש ביטראכט אליש וויא איין אלטיר גיניטיר האנדילש מאן אונ׳ זאלכיש בנו מ״ש אליש פיר על כל אופנים גישריבן וואש דאר פאר איין קאפיטאל מעות צו גיהערט אונ׳ וואש דרויף ענטשטיה; קאן, אביר אלי דרייא הנ״ל יונגי לייט גיוועזין דיא גאר היטציג אויף דען מו״מ גיוועזין זיין אונ׳ ענטליך עם הדוכס יר״ה גישלאסין כסף סך עצום צו ליפרין אונ׳ דיא ביצאלונג מן מטבעה צו האבין אן אונטר שיידליכי מטבעות זולכיש אליש זמן מה גליקליך גיגאנגין אביר וויא וויטיר פאלגין ווערט פאר קצת מהם ניט וואול אויז גישלאגין אביר פאר מ״ש הנ״ל זיין פירטון[3]) גיוועזין וויא פאלגין ווערט, איין חצי שנה

---

1) verlassen 2) verconsumirt 3) Untergang?

דאז רבנית זולכיש ניט קענין אויז טראגין אלזו אב״ד מ״ש
זיך אנגשירט[1]) אצל הדוכס לוטרינג[2]) וועלכיר באותו פעם זיין
הויף האלטונג תוך ליניוויל[3]) גיהאט דען באותו פעם זיך אן
גיפאנגין המלחמה בין מלך צרפות יר״ה והקיסר יר״ה מיט
זייני אליערטין[4]) וועלכיש ניט ניטיק בשמם צו נענין כי ידועה
לכל ווער זיא גיוועזין זיין, לעת הזאת האט אב״ד מהור״ר
שמואל אן גינומין המטבע מן הדוכס יר״ה הנ״ל וועלכיש
לצורך מו״מ הנ״ל ארפארדירט איין גרויש קאפיטאל מעות
וועלכיש אב״ד ר״ש סג״ל ניט האט קענין לבד טון, איין חצי
שנה דער פאר איאיר מ״ש האט דיא מטבע אן גינומין האט
ער איין קראם אן גיפאנגין דאז אך דער זעלבי איין גרויש
קאפיטאל האט מוזין צו זיין, דען דער דוכס אונ׳ דיא גנצי
הויף שטאט אליש בייא אים גיקאפט, דען ער האט גרושין
חן בייא הדוכס יר״ה גיהאט אונ׳ בייא אלי יועצים וויא ער
אך באמת זוא איין בן אדם איזט שמצא חן בעיני אלהי׳
ואדם[5]) אביר מ״ש הג״ל דען קראם אך ניט לבד קענין פירין
וויא עש גיהערט צו זיין האט ער צו זיך גינומין זייןביידי
שוועגירש וועלכי כאן מיץ גיוואונט בשמם ר׳ ישי ווילשטאט[6])
איין פאר נאנטיר ב״ב גיוועזין וועלכיר האט אחותו של מ״ש
סג״ל, דער אנדרי הייסט יאקב קרומבאך[7]) איזט אשת מ״ש

1) engagirt 2) Leopold Joseph, Herzog von Lothringen, Vater Franz Stephans, des Gatten Maria Theresia's, und Karls von Lothringen 3) Luneville 4) Alliirten 5) Prov. 3, 4 6) Vgl. meine Mittheilung aus dem Gemeindebuche von Metz אוצר הספרות III: דברי הימים p. 6, wo ר׳ ישי ו״ש der hier genannte Isac Willstadt ist 7) der durch seinen Process gegen die Gemeinde und das Rabbinat Metz bekannte Jakob Schwabe, s. Cahen REJ. 8, 262—66. Zu dem Kriegsanlehen von 1711 zahlt er nach dem Gemeindebuche von Metz (s. REJ. 19, 115) 650 L., d. i. $1/_{154}$ seines auf 100,000 L. geschätzten Vermögens.

גיזונד לאזין, לערך הע״ב[1]) ר״ח סיון איזט בני אלי׳ שי׳ למז״ט
איין חתן גיווארין החתנה איזט גישטעלט על סיון תע״ו
הבע״ל מאחר חתן וכלה בידי נאך רך בשנים זיין ה׳ יארך
ימיה׳ ושנותיהם זיא ברענגן עם מתנות ניט מער צו זאמין
אליש לערך ל׳ אלפים ר״ט המקום ב״ה זאל אינין מזל וברכה
געבין, נח ווידר מבעלי זצ״ל צו שרייבין וועלכיר זיך אין
זיין אילינט ניט גאר וואול האט שיקן קענין דען זייני קינדר
באותו פעם נאך ניט אין דען שטאנט גיוועזין דאז זיא אביו
העטין זאלין פול קומליך העלפין, דאך האבין זיא גיטאן וואז
זיא גיקענט האבין בנו של בעלי ז״ל בשמו מהור״ר שמואל
איין גרושיר למדן אונ׳ גרושיר בריה בכל דבר וחכם מחו׳כם
איזט לנג תוך פולין גיוועזין אונ׳ גילערנט דאז ער דיא
מרינה[2]) ביקומין אונ׳ וויא ער אויז פולין גיקומין איזט לזו
הזמן בין איך נאך ניט בק״ק מיץ גיוועזין אך ורק איזהו
שנים דאר נאך אהער קומין האב איך מהור״ר שמואל כאן
גיפונדין אין זיין אייגין בית בעלי זצ״ל וויא אך הקצי׳ החסי׳
פ״ו מהר״ר אברהם קרומבאך חמיו של ר״ש הנ״ל האבין
אים גרושי טובות גיטאן דאז ער האט קענין למודו פארט
זעטצין אך זוא וויט פארט גיהאלפין אונ׳ קצת פון כנ״ל
בידי עלטרין איר אוטירעטעט גימאכט דאז מאן בני חורגי
מהור״ר שמואל סג״ל האט פאר איין אב״ד אויף גינומין תוך
עלזיש וועלכיש ער גאר שין לפי חכמתו גפירט האט איזט
אך פון אלי מענשין גאר זער גיליבט גיווארין אביר אין
הקומץ משביע את הארי[3]) דאז זיין סיפוק ניט האט קענין
גירייכין וואש ער בביתו ניטיג גיהאט דען אב״ד מהור״ר
שמואל סג״ל וזוגתו הרבני׳ מ׳ קנענדלי תי׳ בידי אויז גרושי
הייזיר גיוועזין דיא זיך גאר פרעכטיג גפירט אונ׳ גאר פיל
גוטיש גיטאן זיא גערין אך אין דען מעמוד זיין וואלין אביר

---

1) F.: תע״ד 2) Morenu-Titel 3) Berachoth f. 3b.

וואש ער גיהאט האט האבין זיא עצמו רחמנות איבר אין גיהאט דען ער דיא חצי ניט קענין געבין וואש ער עמהם אקורדירט האט, דאך זענין זיא פרידליך עמו גיוועזין אונ׳ אים ניט שארף גידרעננגיט זיא העטין אים וואול קענין תפוס נעמין אביר גיזעהין דאז ער איין ערליכר מאן גיוועזין איזט אונ׳ דאש ער אינין וואש ער נור גיהאט האט הין געבין ולא נשאר מאומה ער איזט גאר איין וואקריר מאן גיוועזין אונ׳ אין זיין וואול שטאנט פון אלי גליביט אונ׳ גפארכיט[1] גיוועזין אונ׳ איזט פרנס אונ׳ שתדלין בק״ק מיץ גיוועזין בייא ל׳ שנים אונ׳ אליש גאר שין גפירט דאז ער גרווישן הן גיהאט אצל יהודים ואינם יהודי׳ אביר דאר אים דאז שלימזל בעו״ה גיטראפין האט איזט אונש זער מיזראביל גאנגין דאז מיר ממש אופט קיין לחם אים בית גיהאט וויא עש כאן פאר איזה שני׳ זוא גרוויש יקרות גיוועזין איך האב נאך קצת מעות פאר מיר גיהאט האב איך לעתים אויז געבין וואש לצורך הבית גיוועזין זוא בלדי ער מעות ביקומין מיר זאלכיש ווידר געבין, חתני הקצין פ״ו משה קרומבאך אים פיל גוטיש גיטאן הגם דאש ער יותר אליש שני אלפי׳ ר״ט אן אים איזט צו קורץ גיקומין, הש״י ב״ה האט זולכיש אך לחתני שי׳ גניסין לאזין דאז ער ת״ל ממש דער גרעשטי עושר איזט גיוועזין תוך הקהילה אונ׳ איין איש ישר ולב חדש ביקומין דאש ער פיל גוטיש טוט עם קרובי׳ הן מצידו או מצד בתי אסתר תי׳, וביתו פתוח לרווחה פאר עניים אונ׳ לע״ע פרנס אלי חשובי אורחים דיא מארבעה פינות עולם זיין אלי בייא אים גאשט אונ׳ טוט אן אידרין צוכט אונ׳ ער אן דעמין גלייכין אשתו בתי אסתר תי׳ ג״כ לקצר ביידי האבן גוטי לבבות אונ׳ גשיכט גאר פיל גוטיש אויז איר בית, הש״י ישלם שכרם אונ׳ זיא מיט איר קינדרכיר עד מאה שני׳ תוך עושר וכבוד

---

[1]) gefürchtet.

זעלבירט גיזעהן דאז ניקש צו קריגין איזט גיוועזין, ער ע״ה
האט מבתי מרים תי׳ אל איר מעות בידו גיהאט זולכיש
אביר איך כמנו ביקומין אן אנדרי כתבים על ב״י אביר וויא
זואר אונ׳ שוואר[1]) דאש עש מיר גיווארין איזט דאז ווים הש״י
ב״ה, גם האט בני נתן סג״ל איזה אלפים ר״ט האבין מוזין
האב איך ג״כ גיזעהן צו ביקומין אונ׳ בשביל זה ניט אויף
מייני כתובה גידאכט אונ׳ אליש פאר ליפ גינומין, וואש מיר
השי״ צו גשיקט אונ׳ גיטאן אליש וויא דער אדליר דער
זייני קינדר אויף זייני פליגיל גינומין אונ׳ גיזאגט עש איזט
בעשיר דאז מאן מיך שיסט אליש אין מייני קינדיר, וואש
האב איך מיך גיניט בעלי ע״ה האט זיך מוזין פאר בארגין
אלזו זעניך עש דיא קרעדיטארין גיוואר גיווארין אונ׳ ג׳
ראקארין[2]) לביתו גשיקט דיא איין אפאנטור[3]) האבין גימאכט
אונ׳ אויף גישריבן דען נאגיל אויף דער וואנט אונ׳ אליז
פאר תתמנת דאז ער מיר ניט גילאזין מזון לסעודה אחת
איך בין מיט מיין פילציל אין דער שטויב גילעגין זענין דיא
[ג׳] ראקארין ג״כ דרינן גילעגין אונ׳ זיא זענין מיינשטיר גיוועזין
קיינער דערפין אויז אונ׳ אין גין האב איך ביום איין מאלט
וואלין הין וועק גין האבין זיא מיך ביזוכט אוב איך וואש
בייא מיר האב, אלזו איין ג׳ שבועות אין דען מיסראבלין
שטאנט גילעבט ענטליך האט בעלי זצ״ל איין אקארט[4]) מיט
זייני קרעדיטארין גימאכט אונ׳ האבין כל אשר לו אויף
גישריבן; אונ׳ אים זעלבי תוך ידו גילאזין דאש ער זאל איין
אויז רויף[5]) מאכין איזט קיין צינין לעפיל[6]) בביתו גיוועזין איזט
אליש אויף גישריבן גיווארין דאז ער (האט) ניקש האט קענין
מעלים זיין אך ניקש ביגערט מעלים צו זיין דען ער גאט
גידאנקיט דאש ער מיט זיין חיות איזט דאר פון גיקומין
זייני קרידיטארין האבין גיזעהין דאש ער אינין אליש גיגעבין

---

1) sauer und schwer 2) Gerichtsdiener 3) Inventur
4) Accord 5) = Crida, ital. Grida 6) zinnerner Löffel.

ליבין זון אין זולכי יונגי יארין צו פאר לירין נון וואש זאל איך טון אודיר פיל קלאגין אודיר זאגין, ניט לגג נאך זיין אפ שטערבין, איזט אשתו אין קינד בעט קומין אונ׳ איין טאכטיר ביקומין וועלכי ת״ל פריש אונ׳ גיזונד אונ׳ שין קינד גב״ה איזט השי״ ב״ה זאל געבין דאש מיר מצידי צדדים זאלין פיל שמחות אן איר ארלעבין זיא ווערט נון לערך י״ג שנים אלט זיין זאל גאר איין וואקיר מענש זיין איזט אצל אביה זקינה פ״ו ר׳ משה באמבערג, כלתי אשת ר׳ זנוויל ע״ה האט ווידר איין אנדרין מאן גינומין אביר דען זעלביגין ניט לנג גיהאט איזט אך גישטארבין, אלזו דאש גוטי יונגי מענש אך איר יוגינט ביז אלהער נעביך מיסראביל צו גיבראכט וואז זאל מאן זאגין מי יאמר מה תעשה[1]) מאג ווייטיר ניקש פון גידענקין דען איזט מיר צו פיל שברון לב, נון בין איך כאן לערך א׳ שנה גיוועזין אונ׳ פאר כיינט דאש איך נון קענטי פאר גניגליך לעבין וויא אך נאך דען אן זעהינש לקצת גידאכט, באם בעלי ז״ל ער העטי קענין נאך איין שני שנים האלטין, זוא העטי ער זיך ע״ה גינוגין קענין ארויז רייסין דען לאחר שני שנים דאז ער ע״ה כל אשר לו האט מוזין זייני קרידיטארין געבין איזט תוך צרפות זולכיר מו״ם גיוועזין דאז דיא גנצי קהילה זענין עשירים גיווארין אונ׳ ער איזט איין חכם מחוכם גיוועזין אונ׳ גרוישר בעל מו״ם גיוועזין אונ׳ גאר וואול גיליטן גיוועזין מאנק יהודי׳ ואינם יהודי׳ אביר המקום ביה האט זאלכיש [ניט] האבין וואלין, אונ׳ זייני קרעדיטארין אויף אין גאר זער גידרונגין דאז ער ע״ה האט מוזין איבר זייט גיאין[2]) אונ׳ כל אשר לו דען זעלבין הינטר לאזין, הגם זיא דאז חצי ניט ביקומן האבין וואז ער אינין חייב גיוועזין דען נאך זיא זער מיטב עמו גיוועזין אויב איך שוינט אצלו אן גיהאלטין אויף מיין כתובה, אביר האב

1) Job 9, 12; Koh. 8, 4 2) überseit gehen = ins Jenseits gehen.

דיניר עלטיר נאך העטי וואול לעבין קענין אביר מפני הרעה נאסף הצדיק[1]) דאש ער ניט האט זולין ארלעבין אלזו פיל זורג אונ׳ צרות אויז צו שטין ער ע״ה איזט גישטארבין אין עשירות אונ׳ אל זיין קינדר גיזעהן אליש גוטיש נון וואז זאל איך פיל דאר פון גידענקין האב שוין דאר פון גינוגין גידאכט, אלזו וויל איך מיין זעקסטיז בויך הירמיט שליסין אונ׳ גאט דען אלמעכטיגין זאל ווייטיר אויף אלי מייניגי אונ׳ כ״י קיין צרה שיקן אונ׳ וואז מיר זינדיגי מענשין חייב זיין זולכיש מיט זייני גרושי גינאד אונ׳ בארימהערציקייט אונש מוחל צו זיין אונ׳ אונש פירין[2]) בארץ הקדושה ועינינו לראות בבנין ב״ה ותפארתינו, לכפר את כל עוונותינו כ״ש וזרקתי עליכם מים טהורים וכו׳[3]).

## סליק ספר הששי.

נון וויל איך בס״ד אן פאנגין דאז זיבינטי בויך וועלכיש פאר מישט לקצת מער[4]) טריפזאל לקצת מיט פאר גניגין נאך מענשליכי נאטור כסדר של העולם אונ׳ווידר אן פאנגין וואור איך אויז גילאזין האבי היר מיט וויל איך מיין זיבינטין בוך אן פנגין גאט זאל געבין דאז איך דאך ווייטיר קיין צער מער אן מייני ליבה קינדר ארלעבין דאז איך בעת זקנותי אלי פאר גניגליכקייט אונ׳ איר וואול גאנג זעהן אונ׳ הערין מאג נון למעלה גידאכט[5]) וויא איך מבני ר׳ זנוויל ע״ה איין איביגין אפ שייד גינומין גאט זאל זיך מרחם זיין זוא איין וואקריר יונגיר מענש דיא שווארטצי ערד שונט צו קייאין בין קיין ב׳ שנים כאן צו מיץ ניוועזין אליש איך בעו״ה דיא בשורה רעה ביקומין דאש ער דאש צייטליכי גיזעגניט אונ׳ אין דאש איביגי גאנגין איזט, וואז מיר דאש פאר צער אונ׳ שברון לב גיוועזין איזט להמקום ב״ה ביקאנט זוא איין

1) Jesaja 57, 1 2) führen 3) Ezech. 36, 25 4) F.: מיט
5) oben p. 292.

וויא דער רופא גיזאגט האט אין מיין מעשה וואש למעלה[1]) שטיהן טוט ניט לנג דער נאך האבי איך בעו״ה דיא בשורה רעה ביקומן דאז בני ר׳ ליב סג״ל ע״ה איזט גישטארבין איין יונגיר מענש נאך קיין ד״ה שנים אלט גיוועזין אוב איך צוואריין מיט דען זון פיל ווידר ווערטיקייט אונ׳ אילינד אויז גישטאנדין האב אלזו איזט מיר דאך זיין טוט זער בישווערליך אונ׳ זויאר אן גיקומין אונ׳ דאש איזט נאטוירליך פון עלטירן, מאן קאן דיווש לערנין פון דען פרומין קיניג דוד ע״ה דאש אים זיין זון אבשלום האט גאר פיל ביז אונ׳ הערץ לייט אן גיטאן אונ׳ דאר מאן האט זולין מיט אים מלחמה האלטין ער אל זייני לייט ביפולין אים דען אבשלום צו שוינין, אונ׳ וויא ער גיוואר ניווארין דאש ער אומש חיות גיקומן איזט וואס פאר צער [ער] אום זיין זון אבשלום גיטריבן אונ׳ זיבן מאלט גירופין אבשלום מיין זון דאר דוירך ער זיין זון אויז זיבין שטאפלין אויזן גיהנם גיבראכט אונ׳ אינש גן עדן גיבראכט אלזו איך אך פון גרונד מייניש הערטצין דיזין מיינין זון אליש מוחל בין וואש ער מעשה נערות גיטאן האט זיך בעו״ה פאר פירין לאזין ער איזט דער בעשטי מענש אים עולם גיוועזין אונ׳ וואול גילערניט אך זוא איין יודישליך לב גיהאט פאר ארמי לייט דאש זיין גוטיש טון איין שם וויים אונ׳ בריים ניהאט אביר בעו״ה נאר צו לידירליך אין זיין מו״מ גיוועזין אונ׳ זאלכיש האבין רשעים אן אים גימערקיט אונ׳ אים בעו״ה אום דאז זייניגי גיבראכט, נון וויל אים רואין לאזין אונ׳ ביט מיינין גאט וויל אים זכות אבות גניסן לאזין וואש זאל אודיר קאן איך טון איך מוז צו אים וועון עש רצונו של המקום איזט, אונ׳ ער ניט צו אונש, דען אלמעכטיגן גאט האט עש ניט גיפאלין מיך פריא צייטינג[2]) פאר מיין פרומין כשרין מאן ר׳ חיים האמיל הין וועק צו נעמין וועלכיר צוואריין נאך

---

[1]) oben p. 12 [2]) frühzeitig.

גימיין שפריך ווארט אלי קארגהייט ברייכט[1]) ניט, אונ׳ מעסיגי
מילדיקייט פאר ארימט ניט, אליש זייניר צייט געלט אויז צו
געבין אונ׳ אויך אין זיינר צייט געלט צו שפארין, דער
האלענדיר זאגיט חעלט אויט צו חעבין אין זיניר טיאיט, דאט
מאקט פריפיט[2]), מאן פינד בעו״ה חכמי א״ה דיא גאר פיל
פון זולכי זאכין גאר שין בישרייבין, נון איזט דער ערשטי
שטארים גיוועזין דאז איך כאן האבי אויז גישטאנדין אביר
עש איזט גאט דער בארים זיך ניט דאר בייא גיבליבן דען
עש איזט מיר גנגין אליש וויא יענים דער דאר האט וואלין
פאר דען מלאך המות אנטלאפין אונ׳ וואלין נאך לויז[3]) גין
דען דאר שטערבין דיא לייט ניט אליש אין הויכיר עלטיר
וויא ער קומט אונטיר דאש טור זאגיט דער מלאך המות
צו אים דוא בישט מיר דאר רעכט אין מיין האנט גיקומין
דאז איך דיך ממית זיין קאן, איך האב נירגינץ קיין רשות
איבר דיך גיהאט אלש דאר, אלזו איזט מיר בעו״ה גנגין איך
בין פון המבורג מארץ מולדתי פון מיין קינדר פון מיין פריינט
הין וועק גיצאגין אונ׳ מיר גידאכט וויל זוא ווייט פון אינין
ציאין דאש איך ניקש ביז פון אינין זעהן קן, אביר דוא
גירעכטיר גאט דוא האשט מיר גוויזין אונ׳ וויזט מיר נאך
דאז איך פאר דיין צארין רוט[4]) ניט הין וועקלאפין קאן אנא
הולך ואנא מפניך אברח אונ׳ איך זיך וואול דאז איך אן זוא איין
אורט קומין בין דאר איך וויניק שמחה ונחת רוח האב,
אביר גאר פיל צרות ושברון לב אן מיר אונ׳ אן מייני ליבי
קינדר הערין אונ׳ זעהין מוז [אונד] אויף דען אלין בין איך מצדיק
הדין כראוי דען המקום ב״ה גיבט מיר דיא גידולד דאז איך
נאך בייא אל מיין צרות אונ׳ פורענות נאך מענשין גלייך[5])
בין דאר גאטיש שטראף [ח״ו] נאך פיל ערגיר קענטי זיין גלייך

[1]) bereicht = bereichert [2]) bringt Profit [3]) Succa f. 53a; Sota f. 46b [4]) Zornesruthe [5]) menschenfreundlich = ähnlich.

האשט, זוא האשטו עש מיט איין קלייני זאך קענין איבר ווענין, אונ׳ זיך דוא אלכסנדר קאנשט דאש אן דיר זעלבירט זעהין דוא האשט דיך ניט בניגט[1]) אן דיין מלכות אונ׳ דיך אך ניט בניגיט אן דיא גנצי וועלט דיא דוא האשט כובש גיוועזין זוא האשטו נאך קומין וועלך דאר[2]) גאטיש קינדר אונ׳ דיניר זיין אלזו וויל דוא לעבשט איזט קיין פר גניגליכקייט בייא דיר אונ׳ ווילשט קיין רוא האבין אונ׳ אימיר צו מער האבין דאר איך דיר דאך פאר גיוויסהייט זאג דאז דוא ווערשט שטערבין אין איין פרעמדיש לנד אונ׳ האשט ניט לנג מער דער צו אונ׳ אליש מאן ווערט ערד אויף דיך שיטין ווערשטו פאר גניגט[3]) זיין מיט פיר אילין לאנד דאז דיר זונשטין דיא גנצי וועלט צו קליין גיוועזין אונ׳ עש ווערט דיר אלכסנדר אן גיזאגט ווייטר ניקש צו רידן אדיר צו פראגין דען מאן ווערט דיר ווייטיר ניקש ענפרין אונ׳ דיך פלוקס פון דיזין אורט הין וועק מאכין דאש דיר ניט ביגעגנין זאל וואש דייני שיף אונ׳ לייט ווידר פארין איזט אלזו איזט דער קיניג ווידר מיט זיין שיף צורוק גיפארין אין לנד הודו אונ׳ ניט לנג דער נאך איין ביטרן ארשרעקליכן טוט איין גינומין דען מאן האט אים איין סם המות אין געבין וויא עש ווייט ליפטיג אין זייני בישרייבונג פון זיין לער מיישטיר אריסטוטליש בישריבן איזט אלש וויא גידאכט, דאש פיל מענשין זענין דיא אויף דען מעות גאר זער פאר פיכט אונ׳ ניט צו ערזעטיגין זיין דאז אופט מאהל פיל ביז פון קומין קאן, אונ׳ גאר צו מילד צו זיין דינט אך ניט דאז מאן דאז זייניגי וואולטיט צו און נוטצין פרטון[4]), דער כשר גראשין דער ערליך גיוואונין ווערט קומט איינים שוואר אן, אביר מאן מוז אין אלים אונטר שייד ווישן וויא מאן זיך צו פאר האלטין האט, דען דיזוש איזט איין

1) begnügt 2) dahin, wo 3) zufrieden 4) zu Unnutzen verthun.

וויסינטליך איין גרוישר חכם אונ׳ פּילִיסוף גיוועזין וועלכיש ער פון זיין ר״[1]) אריסטאטלים גילערניט אונ׳ גערין אלי חכמות ווישין וואלין דאש זוא איין קליין אַג זוא פּיל כסף וזהב אונ׳ אנדרי זאכין איבר וועגין זאל אונ׳ האט אן גיפאנגין זולכיש צו פּראבירין האט איין גרושי מעכטיגי וואג גינומין אונ׳ אויף דער אייני זייט דאש אַג גיליגט אונ׳ אויף דער אנדרי זייט כמה וכמה מאות ליטראות כסף וזהב גיליגט אביר אליש יוֹתר וואש ער דרויף גיליגט האט אליש ניט קלעקין[2]) וואלין אונ׳ דאש אַג אליש איבר וואגין זולכיש זיך אלכסנדרוס גרויש חידוש גינומין אונ׳ גאר זער גיבעטין מאן מויכט אים דאך זאגין וויא דאש קומט דאש זוא איין קליין אַג זוא פּיל כסף וזהב ושארי זאכין איבר וועגין זאל אונ׳ מיט וואש מאן דאך מאכין קענט דאז דיזיש אַג ארזעטיג[יט] אונ׳ ניט זוא שוואר זייא האט מאן אים צור תשובה גיגעבין ער זאל נור איין ביזילכן ערד אויף דען אַג ווערפין זוא ווערט גאר איין קליין גרינג גוויכט דאז אַג איבר וועגין דאש האט דער קיניג אלכסנדור גיטאן אונ׳ אויף דען אַג איין וויניק ערד גיוואָרפין האט גאר איין קלייני זאך דאז אַג איבר וואגין, אליש דיזוש אלאכסנדור גיזעהן האט איזט ער נאך מער פר וואונדירט גיווארין אונ׳ גיבעטין מאן זולטי אים דאך זאגין וואש דיא ביטייטונג פון דיזוש ווער האט מאן אים גיענפירט הער צו דוא אלכסנדר דוא זולשט ווישין זוא לנג דאז אַג לעביט בייא דען מענשין איזט עש ניט צו ארזעטיגין דען יוא מער אונ׳ מער אליש דער מענש האט ער דאך אים(ט)[יר] צו[3]) ניט גינוגין אונ׳ וויל נאך מער האבין דרום האט דאש אַג אל דאז זילבר אונ׳ גאלד איבר וואגין אביר זוא בלדי דער מענש שטירבט אונ׳ דאז מאן ערד אויף זיין אַג ווירפט האט ער גינוגין דרום אלזו בלדי אליש דוא ערד אויף דען אַג גיווערפין

---

[1]) Lehrer [2]) ausreichen [3]) immer zu = immer fort.

אונ׳ כובש גיוועזין אלזו זיך דער זעלבי גידאכט איך בין זוא איין מעכטיגר מענש אונ׳ בין זוא וויים גיקומין דאש איך ניט וויים פון גן עדן בין דען ער איזט על נהר גיחון גיוועזין וועלכיש איינר פון דיא פיר בעך איזט דיא אום דען גן עדן פליסין אלזו ער גרווישי שטארקי שיף גימאכט אונ׳ זיך מיט זייני לייט דרין גיזעצט אונ׳ דורך זייני גרושי חכמה אויף דער שפויר גיקומין וואור דאז אורט איזט דאר מאן אין גן עדן קומין קאן, וויא ער אביר ניט וויים דער פון גיקומין איזט זוא איזט איין פייאר ניקומין אונ׳ אל זייני שיף אונ׳ לייט פאר ברענט אהן זיין שיף מיט אים אונ׳ זייני לייט זענין גיבליבין (האט ער זער גיבעטן) אליש נון דער קיניג אלכסנדרוס גיזעהן דאז זיין שיף אונ׳ לייט זיין גיבליבן[1]), מאן זולטי אין דאך אין גן עדן ארין לאזין ער וואלטי דיא וואונדיר אין דיא גנצי וועלט ארצילין אביר עש איזט אים איין קול ניקומין דאש צו אים גיזאגט ער זאל זיך הין וועק מאכין ער קענט ניט אין גן עדן קומין כי השער הזה צדיקי׳ יבואו בו[2]), אלזו האט אלכסנדרוס נאך מער גיבעטין וועז ער יוא ניט ארלאנגין קענט איניש גן עדן צו קומין זו זולטי מאן אים דאך עפיש[3]) אויז דען גן עדן הרויזווערפין דאז ער פאר איין צייכין אין דער גנצי וועלט וויזין קענטי דאז ער זוא נאהנט אם גן עדן גיוועזין ווער, אלזו האט מאן אים איין אנ[4]) הרויז גיווארפין וויא ער דאש גיהאט האט ער ניט גיוואושט וואש ער דאר מיט טון זאל אודיר אן פאנגין זאל, האט מאן אים גיזאגט ער [זאל] נעמין אל זיין זילבר אונ׳ גאלד אונ׳ אל זיין גוטי זאכין אונ׳ זאל עש אין איין וואג שאל ליגין אונ׳ זאל דאש אג דער קיגן אין דער אנדרי וואג שאל ליגין זוא ווערט דאז אג אליש איבר וועגין דען דאש אג ווערט שווארער זיין אז אליש, דען קיניג אלכסנדר איזט זוא

[1]) F.: האט ער זער אנגפנגן צו בישין [2]) Ps. 118, 20
[3]) Etwas [4]) Auge.

אן גיטאן דאש איך אלזו גינוגין אורזאך גיהאט העט מיך
משמח צו זיין אביר דאז זיך זאל גאט ארבארמין איבר
אונזירי שמחה אונ׳ וואנקיל מוטיגש גליק וועלכיש דער אן
פאנג פון מיין טריפזאל אונ׳ צער אין מיך גיוועזין איזט דען
אן יום כיפור נכדי אלי׳[1]) ליעב קראנק גיווארין מיט זוא פיל
אונ׳ שווארי אן פאלין אונ׳ דיזוש וואול ח׳ יו׳ גיווארט דאש
מיר אן דען ליבין קינד בעו״ה זוא פיל צער גיזעהן האבין
דאש איך אופט המקום ב״ה בלבי גיבעטין דען ליבין קינט
דאך זייני גרושי יסורי׳ צו קערטצין[2]), דען קיין רופא אודיר
מענש ניט גימיינט דאש עש זאלט דער פון קומין אביר
המקו׳ ב״ה האט זיך בהרף עין מרחם גיוועזין אונ׳ אים
זיין רפואה גשיקט וואור אויז צו ארזעהין דאז המקום ב״ה
קאן העלפין ווען אלי מענשליכי הילף שונט פאר לאריך זענין
אונ׳ מאכט מיט זייניר הילף אלי דאקטורים וחכמי׳ צו נרין[3])
כמו שנאמ׳ כי אני ה׳ רופאך[4]), דעם לוב אונ׳ דאנק איך
אלי צייט אונ׳ דער גרוישי גיטיגי גאט וויל דאך געבין דאש
אין אביו ואמו שי׳ ותי׳ מגדיל זיין לתורה לחופה ולמע״ט
אמן, נון קאן מאן וואול דענקין וואש בתי תי׳ פאר איין
שמחה גיהאט אונ׳ וואש זיא פאר פדיון נפש פאר דען ליבין
קינט גיטאן אפין באר אונ׳ היימליך דען חתני שי׳ וויא אך
דערי מער גאר זער אויף דען ביטריפטין מעות פאר פיכט
זיין אונ׳ אפשר מקיים זיין[5]) יש אדם שחביב ממון יותר מגופו[6])
אונ׳ זענין ניט צו ארזעטיגין גלייך איין מעשה עם אלכסנדרוס
מוקדון וויא וויסינטליך ער דען גנצין עולם דורך גירייזט

---

[1]) Nach Elia Gomperz aus Emmerich, dem Grossvater des Vaters, benannt; in der amtlichen Zählung von 1717 erscheint nach einer Mittheilung des Herrn Oberrabbiners Isaac Weil dieser Sohn Moise Schwaube's, Eli, als eben verheirathet [2]) kürzen [3]) zu Narren [4]) 2. Mos. 15, 26 [5]) F.: איזט [6]) Pesachim f. 105 a.

הינטיר זיין קרעכצין שטעקיט, זיין שלאפין אונ׳ זיין עסין איזט גאר און רואיג גיוועזין וויא איך נון לערך איין ח׳ שבועות בין כאן גיוועזין איזט בתי אסתר תי׳ למז״ט אין קינדבעט קומין עם בן זכר וואור איבר איך זער ארפרייאיט בין גיוועזין, דען בתי תי׳ קיין קינדר מער גיהאט, זענין איר כמה שיני קינדיר גישטארבין אלזו כיר זעמפטליך מיט דען ליבין קינד גאט בהיט אין משמח גיוועזין בעלי אונ׳ איך האבין דאז גיפאטירשאפט גיהאט בעלי אינין אך איין חשוב קפאטירשאפט געבין איין שאל מזוהב אויזן אונ׳ איניווייניק מן ג׳ אונץ, דאר בתי תי׳ זאלין אויז דער קינד בעט גין איר איין דובלון[1]) פאר איין קינט בעט שענק גשיקט דאז איזט גיוועזין סוף אלול דאש בתי תי׳ איזט אויז דער קינט בעט פריש אונ׳ גיזונד גנגין אן דער ברית מילה אויף גיוועזין אונ׳ אליש העלפין פאר זעהן אן דער שלישי מילה זיא עצמו גיקאכט דאז זיך איין אידריר פאר וואונדירט האט איבר איר וואול קאכין אונ׳ פאר אורדינונג, חמותה יאכט תי׳ מיר אך כמה וכמה פעמי׳ גיזאגט איך מוז עש גישטין דאז אסתר תי׳ בעשיר אליש איך קאן קאכין ובאמת באם יאכט תי׳ וואש גוטיש וואלין גיקאכט האבין (האט) האט זיא בתי אסתר תי׳ רופין לאזין האט עש איר מוזין קאכין, אונ׳ דען שם דען בתי תי׳ גיהאט האט פון ארים[2]) אונ׳ רייך אין פרומיקייט זיטיקייט אונ׳ אליר טויגינד אין דער וועלט קאן איך ניט ארשרייבין איזט אביר אליש[3]) און מוטיג גיוועזין איבר דען פאר לושט דער פילי קינדר, זיך דאך אך זולכיש ניט פיל מערקין לאזין אין אירי הויז האלטונג גאר פאר זיכטיג קארג אונ׳ גינויא דאך ערליך אליש צו גנגין אלי צייט איין ר׳[4]) אונ׳ איין בחור איבר אירן טיש גיהאט אונ׳ ארים אונ׳ רייך ציכט אונ׳ ער[5])

---

1) Doublon 2) arm 3) alles = immer 4) Hausrabbiner 5) Zucht und Ehr.

גיזעהן האב, גם האב איך גיזעהן דאז דער מאן גדול מו"מ פירט אונ' גאר ריכטיג אין זייני זאכן איזט אונ' דאש קייניר דער מעות פון אים האט האבין זולין איזט ב' פעמים קומין דער אין גימאנט האט אליש תכף מיט דען גרעשטין רעשפעקט גיצאלט האט אלי דיא לייט יהודי' ואינם יהודי' קורדיט אן אלין פלאטצין גינעבין אונ' גרושי שטיקר מעות אין דער גאס פר לינט גיהאט, צו דעם מאן אים פאר זוא איין נאמן ואיש בטוח גיהאלטין, דאז וועלכיר וואש גיהאט אונ' זעלבי אן זיכרי פלאטצין פאר ווארין וואלין עש אצל בעלי געבן וויא אך התני משה עצמו קודם איך בין לכאן קומין איזהו שבועות צופארין מוזין לפריז ציאין אלזו כל אשר לו גינומן אונ' עש בעלי אין זייניר אפוועזינהייט צו פאר ווארין געבין דאש ער זולכיש ליבירשט[1]) בייא בעלי אליש בייא אביו גיהאט האט דען ניט אליינט דאז מאן בעלי פאר איין עושר גיהאלטין האט, מאן האט אין אך פאר איין גרוישן נאמן אונ' ערליכין מאן גיהאלטין דאז אלזו וויניק צו צווייפלין גיהאט דאש איך ניט נאך וואונש ווער אן גיקומין, בעלי גאר פיל בלילה גיקרעכטיש, אונ' איך האב אין אינטר שידליכי מאלט גיפרעגט וואז אים שאט ווארום ער זוא קרעכטיש האט ער גיזאגט עש שאט אים ניקש, עש ווער זוא זיין נטויאר, אונ' גוואון הייט איך האב אן דיא קינדר אונ' גיסתי פריידכי תי' גיפראגט וואש דאש ביטייט[2]), דען איך האב מיר מתחילה איין גבילט מאחר וויא כל עולם גיזאגט דאש ער עם אשתו ראשונה זוא גאר וואול גילעביט ער זעלבי נאך ניט פאר געסין קענטי. אביר זיא האבין מיר אלי גיזאגט דאש זיא זאלכיש וואול גיוואונט אן אים ווערין אונ' ער זולכיש בחיי אשתו ראשונה ג"כ גיטאן האב מיך צו פרידין געבין אונ' לעתים עש מיך פאר דראסין אביר איך האבי ניט גיוואושט דאז זאלכין צרה

---

[1]) lieberst = lieber [2]) bedeutet.

זיין משום זה אופט מאהילש[1]) מיט מיין שטיף קינדר וויא אך עם גיסתי פריידיל גירעט, אביר מיר אלי גיזאגט דאש בלימכי ע"ה זיא איבר אלין הערשין לאזין אונ' אליש איר אונטיר הענדין גילאזין דען זיא ניט צווייפלין אן אירי גיטרייאהייט, בבואי לביתי הב איך ב' משרתי' אונ' ב' משרתת גיפונדין אונ' נאך דער בייא כמה האנט לאנגירש אונ' ליפערש[2]), אויב מיר זאלכיש שונט אליש ניט וואול גיפאלין האט מאן מיר דאך זאלכיש אויז גירעט דאז זאלכיש אליש נאך ויניק וועד אליש באותו פעם דאש בעלי זיין ערשטי פרא ע"ה גילעביט האט ובאמת האבן מיין שטיף קינדר דיא דאר זענין אויז גיגעבין גיוועזין זולכיש גאר אופט בזיפציט[3]) אך מיר גאר אופט אן צו הערין געבין וואש פאר טובת והנאות זיא מאמה ע"ה גיהאט העבין ממש קצת מהם אירי הויז האלטונג גאר אויז גיהאלטין נון איך האב זולכיש ניט טון קענין אונ' ניקש אנדרשט אליש וואש אפינטליך גיוועזין מן מאכלים מיין שטיף קינדר פון גשיקט וועז מיר איכט שום וואש ביזונדירליכיש גיהאט האט ווען איך אן עש"ק פאר איין רביעי' ר"ט או א' ליווער[4]) שבת אופש גיקאפט האט מאן מיך מיט אויז גילאכט אונ' גיזאגט דאז אלי שבת יותר אליש פאר א' ר"ט שבת אופש גיקאפט גיווארין אונ' אידרין קינט גנצי קערב פול בביתם גשיקט האב מיר זאלכיש צייט לנג גיפאלין לאזין אונ' דאך השי"ת גידאנקט דאז איך גימיינט מיין לנג ווארטין אין מיין ביטריפטין אלמנה שטאנט וואול אנגיליגט צו האבין, הגם איזט מיר אליש נילה ברעדה[5]) גיוועזין וויא שונט גידאכט בעלי איין וואקריר מאן גיוועזין אונ' וויא ער פאר געבין[6]) איין עושר זיין וואלין אונ' איך אך בייא אים גיזעהין זוא פיל ראר כסף וזהב דאז איך בייא קיינים עושר אין גנץ אשכנז

---

[1]) oftmals [2]) Handlanger und Livrées [3]) beseufzt [4]) Livre [5]) Ps. 2, 11 [6]) vorgegeben.

אונ׳ איין גרושי שאכטיל מיט אליר הנט קעטין ושארי טבעתי׳ זעהן לאזין אביר מיר דאך צור זעלבין צייט ביז אל הער [ניט] דאז גרינגשטי טבעת או מטבעה מכסף וזהב גיגעבין דאש ער זיך אן מיר ניט האט מכולה געבין, נון לעת ערב האט מאן איין חשובי סעודה גימאכט איזט אליש [ווידר] איוף דאז הירליכשטי הער גנגין, משרתים אונ׳ פילצילש אין מיין בית גינוג גיפונדין אונ׳ אליר ווענין וואור איך נור הין גיזעהין אונ׳ גיהערט פול אונ׳ איבר פליסיג גיוועזין, זיין קאנטור[1]) פול כסף וזהב גישטאכין דאז מאן נאך דען אן זעהן פיל אנדרשט העט זולין יודיצירין אליש עש בעו״ה גיקומין איזט, ער איזט פרנס אין דער קהילה זוא לנג גיוועזין אונ׳ ממש על פיו יצאו ועל פיו יבואו[2]) איין אידריר מענש האט אין גיערט אונ׳ גיפערכט יהודי׳ ואינם יהודי׳, דיא אחר שבוע נאך אונזיר חתנה זענין דיא גרעשטי תקיפי׳ קומין אונ׳ מיך בווילקומט אונ׳ מזל גיוואונשין, איך האבי מיר ניקש מער גיוואונשין דאז איך גיקאנט צרפת[3]) כדי איך איין אידרין קענט ריד אונ׳ אנטווארט געבין, נון בעלי האט פאר מיר גירעט, אלזו איזט צייט לנג זוא הין וועק גאנגין ממש אין גרושי פאר גניגליכקייט דען עש האט מיר ניקש גיפעלט בעלי האט מיר געבין מעות וואש אין דער הויז האלטונג איזט ניטיג גיוועזין אויז צו געבין, האב גיפונדין דיא פילציל איזט הער אונ׳ מיינשטיר[4]) אין בית גיוועזין אונ׳ אליש איך[5]) איר הענדין גיהאט פון אלי מאכלים גנצי היט מיט צוקיר ושארי זכין דאש זיא אומש גאר מיך ניט גיפראגט וואש זיא קאכין אודיר מאכין זאל, אוב מיר זולכיש צוואר ניט וואול גיפאלין אונ׳ בין זאלכיש אין מיינר הויז האלטונג בהמבורג ניט גיוואונט גיוועזין דאש מאן איין משרתת לאט[6]) הער אונ׳ מיינשטיר

---

[1]) Comptoir [2]) 4. Mos. 27, 21 [3]) französich [4]) Herr und Meister [5]) F.: אונטיר [6]) lässt.

תחילתו נון וואש זאל איך עש צו שרייבין עוונותי גרמו זאת, אם שבת למחרת האט מאן בתי היתומה מרים לאזין רופן מיט מיין שטיף טאכטיר הבתולה פרומיט אונ׳ איר פאר שבת אופש געבין א׳ גילדין קעטכין אלזו אליש הערליך אונ׳ וואול צו גנגין, אלי כתבי׳ דיא חתני מפאריז גישריבן לבתי תי׳ איזט איטיל ריקומאנדאציא[1]) גיוועזין דאש מיך בתי תי׳ וואול זאל בווערטין אונ׳ הכתבי׳ אייטיל אהבה וחיבה גיוועזין וויא עש ביליך העט זיין זולין אביר דיא אהבה ניט לענגיר גיווערט עד שיפוח היום ונסו הצללים[2]) וויא אן זיין אור[ט] אליש פאלגין ווערט, חתני שי׳ גימיינט אפשר ער גאר איין גוט ווערק פאר ריכטיט דאז איך זער וואול אן קומין[3]) ווער, דיא וואוך איזט זוא הין וועק גנגין דאז זונדירליך ניקש פאסירט איזט דיא אנדרי וואוך אליש יו׳ ה׳ ר״ח תמוז ת״ם איזט החתנה גיווארין מאן האט מיך למחרת מבית של בתי תי׳ גפירט אין מיין מאן זיין שכן הויז, דא בין איך גיזעסין ביזקין לאחר חצות, לאחר חצות האט מיך בעלי מקדש גיוועזין מיט איין חשוב ט״ק[4]) מן א׳ אונץ הרבנית בריינלי והקצינה יאכט זיינין דיא אונטר פיריר גיוועזין החופה איזט גיוועזין אין אונזרין זומיר היפכין[5]) נאך דער חופה האט מאן מיך גפירט אין אונזיר קאמיר פאר דען קאבינע[6]) וועלכי נאר שין איזט מאבלירט גיוועזין אלזו האט מאן אונש גיבראכט עסין אונ׳ איין חתן שאליטכי[7]) וויא עש תוך אשכנז הסידר איזט אויב איך צווארק דען גנצין יום ניקש געסין האב איך דאך ניט קענין איבר מיין לב ברענגין דען מיין לב איזט מיר נאך גאר צו פול גיוועזין פון דיא גרושי בכיה אלש איך מבתי אסתר גנגין האבין מיר ביידי זוא פיל דמעות פאר גאסין אליש וויא אונש איזט צו מוט גיוועזין בעלי מיך אין זיין קאבינע גפירט

1) Recommandation, Ermahnung 2) Schir Haschirim 2, 17 3) wohl ankommen = glücklich werden 4) = טבעת קדושין Trauring 5) Sommerhöfchen 6) Cabinet 7) Schaletchen.

איר אויך מיין קינדר זיין, נאך[1]) עטליכי וויניק ווארט ווייל מאן אויז דער שול איזט גיקומין זענין זיא ווידר אין אלי היפליכקייט הין וועק גנגין בתי תי' איזט אך מב"ה קומין אלזו האבין מיר זיך צום טיש גיזעצט, ר' ישעי' קרומבאך אצל בתי תי' גיוועזין וויא מיר נון געסין האבין קומט הנער שלמה וועלכיר זוא אליש איין קאמיר דינר אצל בעלי גיוועזין אונ' המשרתת אונ' האבין ב' גרושי איבר גילטי פלאטין[2]) אין א' איזט גיוועזין דיא בעשטי אונ' שינשטי קונפעקטין אונ' אין דיא אנדרי דיא בעשטי פירות זוא וואול פון אויז לענדישי אליש לימוניש אפיל זינים[3]) אליש דיא בעשטי אין לענדישי פירות אונ' דרויף איין שלשלת של זהב מיט איין שטיק גאלט גילעגין אונ' ב' גנצי גרושי פאר גילטי בעכיר מיט יין דאש איזט מיין שבת אופש[4]) גיוועזין, דיזוש איזט גאר ראר גיוועזין איך מיר אין מייני שווארי גידאנקין גידאבט מי יתן דאש הסוף זוא זיין זאל אלש התחלה איזט אביר מיין גאט אונ' הער בעו"ה [אויז] דער גילדיני קעט זענין ממש שטריק אונ' אייזירני בנד גיווארין, איין שעה לערך דאר נאך איזט מיין חתן אונ' הקצינה מחותנת יאכט תי' גיקומין לערך איין חצי שעה גיזעסין אונ' ווידר איין אידריר לביתם גנגין, נון איך האב צוואהרין גיזעהין דאש אליש הערליך אונ' מאניפיק[5]) צו גיאט דאז איך [מיך] העט זולין מער משמח זיין אליש מיין שווארי און מוטיגי גידאנקין נאך צו הענגין ובפרט ווייל מיך איין אידריר מענש מקנאה גיוועזין ממש אונ' כל עולם בפה מלא גיזאגט איך מוזט פיל גוטיש גיטאן האבין דאש איך זוא גליקליך אונ' צו איין גוטין וואקרין מאן אונ' אין זולכין עשירות קום, דען נאך[6]) כל זה איננו שוה לי[7]) איזט מיר מיין ביזורגט לב ניט רעכט רואיג גיוועזין וסופו בעו"ה מוכיח על

---

[1]) nach [2]) übergültd = vergoldete Platten [3]) Apfelsinen [4]) Sabbathobst [5]) magnifique [6]) dennoch [7]) Esther 5, 13.

איך האב מיין דאנקזאגונג פאר זולכי גרושי כבוד אונ' טרחה אן אינין אפ גיליגט זוא גוט אליש איך עש גיקענט אונ' דיא אויף ריכטיגי טיטשי אורט[1]) מיר עש גילערנט האט, לאחר זה האט מיר בתי תי' איין זופף[2]) גימאכט דאז איך עסין זולט אביר דען היכשטין ביקאנד מיין לב מיר זער בישווערט גיוועזין דאז זעלבירט ניט גיוואושט וואור אן עש מיר מנגילט, איך האבי עש זעלבשטין בייא מיר הטילטול הדרך צו גישריבן, א' שעה דער נאך קומט מיין חתן עם פ"ו הקצין ר' אברהם קרומבאך אונ' מיך בווילקומיט איין וויניק אצלי גיוועזין אונ' ווידר איריש ווענגיש גנגין מיט דער ערשט[3]) האב איך בחיי ניט גיוואושט ווער החתן איזט דען איך בידי כל ימיי ניט גיזעהין באם ניט מחותני הקצין ר' אברהם אין קטאווית[4]) גיזאגט איך זולטי מיך ניט טועה זיין דאז ער החתן ווער וועלכיש מיט שטיל שווייגין פאר ענפירט[5]) האבי, אלזו איזט דיא צייט הין ויעק גנגין דאז ש"ק גיווארין איזט אביר איך בין ניט שולין[6]) גיוועזין בתי אסתר תי' איזט שולין גיוועזין וויא כל העולם עליה מעיד גיוועזין דאז זיא ממש קיין שויל פאר זוימט האט דעם שם טוב דען זיא פון אידיר מענשין גיהאט איזט ניט צו בישרייבין וועלכיש אך אל מיין שמחה ותנחומה במיץ גיוועזן זוא לנג איר הש"י איר גיזונד גילאזין, אין דער שול צייט זענין מיין שטיף קינדר גיקומין אונ' מיר שלו' געבין איך האב זיא אביר ניט גיקענט, אך נימיץ קיגן ווארטיג גיוועזין דעם איך דרום פראגין קענין, אלזו זאג איך צו אינין איך וויים ניט פון וועמין מיר דיזי ער צו קומיט דען איך פרעמד בין אונ' קען קיינים, זוא זאגט הענדלי קענט איר אונש ניט איר זאלט יוא אינזיר מוטיר זיינין, אלזו צו אינין גיזאגט ווען איך זאל אייעיר מוטיר זיין זוא ווערט

1) die aufrichtige deutsche Art, im Gegensatz zu dem französischen Metz 2) Suppe 3) mit der erst = Anfangs 4) Scherz, Spott 5) beantwortet 6) Schulen = in der Synagoge.

ביטראכטונג איזט פיל צו שפאט גיוועזין אלזו איך מיין און
מוט אונ׳ ביקימירטיש הערץ מוזין גרושין צוואנג אן טון
זולכיש צו פאר בערגין אליש מיר נון יו׳ ו׳ עש״ק כב׳ סיון
ת״ם א׳ שעה פון מיץ קומין זיין זוא זעהן מיר קומט דער
שרייביר לעמלי ומספין ווידר צו רייטין אונ׳ נאך איינר בייא
אים נעבין איין קוטש וואור אין גיזעסין האשה החשובה אשת
הרבני׳ ממיץ אונ׳ אשה החשובה הרבני׳ אשת אב״ד מהור״ר
אהרן[1]) אונ׳ הקצינה מחותנת יאכיט[2]) וועלכי מיך דאר האבין
אויף דאש אליר אן נעמליכשטי מיט אלין כבוד מקבל גיוועזין
אונ׳ איך האב מוזין אין איר קוטש זיטצין אונ׳ זענין אלזו
נאך מיץ גיפאהרין, דיזוש איזט צווארין איין גרוישר כבוד
גיוועזין זולכי דרייא חשובי ווייבר מיר שפילה אנטקיגן גיקומין
אביר דער כבוד מיר זער פאר זאלטצין גיווארין, וויא איך
נון ניט ווייט מק״ק מיץ קומין בין איזט אונש בתי הצנועה
אסתר תי׳ אנטקיגן גיקומין וועלכי הויך מעוברת גיוועזין אונ׳
זיך [אין] איינר זעניפט[3]) איר מוטיר לכבוד לאזין אנטקיגן טראגין,
אלזו בין איך בבית של חתני משה שי׳ אפ גישטיגן ער
האט גיוואונט באותו פעם בבית של בילה קרומבאך חתני
שי׳ איזט ניט לביתו גיוועזין איזט תוך פריז[4]) גיוועזין, נון
זענין הנשי׳ החשובי׳ הנ״ל דיא מיר אנטקיגן גיפארין ווידר
אהיים גנגין מיט היפליכי אנטשולדיגונג ווער[5]) סמוך לש״ק

1) Ueber R. Ahron Worms, früher Rabbiner in Neu-Breisach und Mannheim, wo er 1684 זרע אברהם (Sulzbach 1685) approbirt, s. Cahen in REJ. 8, 267 ff. und Kaufmann, Samson Wertheimer p. 90 n. 1. Vielleicht war die ungenannte Rabbinerin Rösel, die am 19. Ijar d. i. am 15. Mai 1713 in Metz verstorbene Wittwe R. Gerson Aschkenasi's, s. Kaufmann, die letzte Vertreibung p. 228 n. 1, wahrscheinlich aber die Gattin des R. Gabriel Eskeles, des Rabbiners von Metz 2) d. i. Agathe, die Gattin Abraham Schwabs 3) Sänfte 4) Paris 5) es wäre nemlich.

קומין בין יו׳ ב׳ בהשכמה מק״ק פ״פ אויז גיצאגין מיט מיין גלייטש מאן [ליזר] האבי בק״ק פ״פ גיפונדין ר׳ ליבירמאן מהאלבירשטאט וועלכיר איזט מהאלבירשטאט למיך גיצאגין הזקן אביו פ״ו ר׳ אברהם שפייאר[1]) צו ביזוכין גם ר׳ הירץ רופא[2]) ויעלכי מיט מיר בחברות׳ למיך גיפארין אלזו האבין מיר גאר איין היפשי רייז גיהאט, ב׳ פרסאות איאיר מיר למיך קומין זיין האט בעלי זיין שרייביר צו טפערט[3]) גשיקט אונ׳ בייא אונזיר וואגין גריטין ביז מיר זענין אין דאז אושפיז בית גיקומין דאר האט ער אצלו גיהאט פון אליר הנט אכילה ושתי׳ זוא פיל ער אויף זיין טפערט האט קענין פורט ברענגין, דיזור שרייבר לעמלי ווימפין[4]) אצלי זיין קומפלימענטין אפ גיליגט בשביל בעלי נאך דעם דאש מיר געסין אונ׳ גיטרונקין זענין מיר לערך נאך ב׳ או ג׳ שעות פארט גירייזט אונ׳ איזט דער אפ גיזאנט לעמלי בלילה אצלינו גיבליבן אביר איאיר מיר זיך האבין וואלין צו רוא ביגעבין, פון אונש אפ שייד גינומין ער מויזט גוט צייט אין מיטך זיין אונ׳ דאז זעלביגי וואור מיר גילעגין זיין איזט קיין ה׳ שעות ממיך גיוועזין דאז איזט המקו׳ ב״ה ביוואושט אוב איך שוין אליש הערליך אונ׳ גוטש אונ׳ נאך דען שיין נאך עשירות פאר מיר גיזעהן ובפרט הכתבי׳ מבעלי זענין פוליר יראה אונ׳ פאר גניגליכקייט גישריבן גיוועזין אלזו בין איך דאך גיט אהן שוועד מויט גיוועזין אוב מיר הסוף מיין ביטריבטיש הערטך האט צו גיטראגין אודיר אויב מיר דאך וויא גיוועזין דאז איך מיך ווידר צום אנדרן מאן ביגעבין זאל אביר דיא

[1]) Ueber Abraham Speier in Metz s. REJ. 19, 118 n. 3, 119 [2]) d. i. Naftali Hirz Wallich, der Concurrent des Dr. Salomon Gomperz aus Lippstadt s. Carmoly, histoire des médecins juifs p. 200 und Cahen in REJ. 8, 259, der aus Lippstadt irrthümlich Lippschitz gemacht hat [3]) Pferd [4]) 1711 wird sein Vermögen auf 18000 L. geschätzt (s. p. 314 n. 7).

גישריבן דאז מיר מיין גרויש פאר שטיאינדיש[1]) און גליק ניט גיטרייטיט האט, מאן האט מיר תוך ק״ק פ״פ כל הכבוד שבעולם אן גיטאן דיא מאן אייניר אשה נור אן טון קאן וויא אך דען גנצין וועג וואור איך גירייזט בין כל הכבוד שבעולם אן גיטאן יותר איך ווערט גיוועזין בין, בפרט בק״ק פיורדא וואש איך פאר כבוד אונ׳ גוטיש לשם גינאסין דען פיורדא איזט נור ג׳ פרסאות מן פייארשדארף אלזו האט מיר בני נתן סג״ל המעות מנדן של בני ר׳ משה סג״ל אונ׳ דאז ביוילכן מעות וועלכיש גאר וויניק גיוועזן וואש איך נאך איבריג גיהאט לק״ק פיורדא אן הקצין פ״ו מהור״ר גבריאל לידו גימאכט, זאל איך נון שרייבין כל הכבוד דאז איך ממנו פון זיין גנץ בייתהאב עמפפאנגין קאן ניט גינוגין פון שרייבין לא די דאז דיא ערליכי לייט האבין גרויש טרחה ממני גיהאט עם המעות פאר ח״ב[2]) אויף צו נעמין אונ׳ מיר עש לקצת גינעבין ולקצת נאך מיינר ארדינונג[3]) אן אנדרי פלאטצין גשיקט, דען האב בני ר׳ משה זיין מעות אן אונטרשידליכי לייט קודם חתנותו על רווחי׳ פאר לינט[4]) אונ׳ מחו׳ ר׳ משה באמבערג מיר צו גיפאלין גיטאן אלף ר״ט על רווחי׳ גינומין הגאון אב״ד מהור״ר מענדיל רויטשילד גם [כן] אלף ר״ט גינומין אונ׳ ליב ביביר מבאמבערג גם אלף ר״ט, דען רעשט האבין מיר אים תוך בייארשדארף פאר לינט, לאחר זה האב איך עם הקצין מהור״ר גבריאל אפ גיחשבונת אונ׳ אים וואלין זיין פריוויסיאן[5]) כראוי צאלין האט ער קיין פשוט נעמין וואלין אונ׳ גיזאגט דאז איזט קיין מעות פון מו״מ דאז איזט איין דבר מצוה אונ׳ ג״ח האב אים צוואורין פיל ריזאן גיבראכט אביר קיין דיעה אפילו קיין פאשט מעות[6]) פאר חשבונת הש״י ב״ה וויל עש אים ביצאלין, נון ווידר צו אונזיר רייז צו

---

1) vor = bevorstehendes 2) חלוף בריף Wechselbriefe
3) Ordnung = Ordre 4) verlehnt = verliehen 5) Provision
6) Postgeld.

פייארשדארף איינן מאן גידונגין בשמו קאפיל איזט שמש
לשם גיוועזין דער מיט מיר ציאין עד ק״ק פרנפורט, דען
האבי כתבי׳ מבעלי גיהאט תוך פ״ד דאז ער מיר לק״ק פ״פ
וויל אימיץ שיקין ממיץ דער מיך עד מיץ קומפיארין[1]) זאל,
אלזו האב איך מיין רייז עם בתי מרים תי׳ אונ׳ דען קאפיל
לבאמבערג גינומין בני ר׳ משה סג״ל האט מיט מיר גיוואלט
עד באמבערג אביר האבי עש ניט ליידין וואלין מאחר עש
ממש נאך אין זיין חתנה וואוך גיוועזין אלזו מיר אפשייד[2])
גאר שמערצליך גינומין אונ׳ מצידי צדדי׳ גרושי בביות פאר
בראכט צוואריין בין בשמחה גיוועזין דאז איך בני האב
בכבוד מכנים לחופה גיוועזין אונ׳ גיזעהין איך אין ת״ל וואול
אן גיבראכט וממש עין בוכה ולב שמח, דיא נאטויר קאן
עש ניט אנדרשט מאכין אלזו בין לבאמבערג קומין אונ׳ נור
איין נכט לשם גיוועזין למחרות האב איך איין קוטש גינומין
וועלכי איך שונט לענגשטיז[3]) תוך באמבערג בישטעלט גיהאט
אונ׳ מיך אויף מיין וועג לק״ק פ״פ ביגעבין איך האבי אביר
עש גיט ווערין קענין דאז בני ר׳ זנוויל עידה מיט מיר גריטין
איזט ביז[ק]ין ווירטצבורג וצו ווירטצבורג האבין מיר יחדיו איין
איבינגן אפ שייד גינומין וויא ווייטיר פאלגין אונ׳ האט עש
בעו״ה דען מענשין אונ׳ מיר ביידי אויף אונזיר ביטריפטין
הערטציר גילעגין דש מיר אונש אין דיזיר וועלט ניט מער
זעהן ווערין וויא אן זיינין אורט ווערט גידאכט ווערדין אלזו
בין מייניש וועניש גיצאגין אונ׳ בשלו׳ יו׳ ו׳ עש״ק ד׳[ד׳] סיון[4])
ת״ם לק״ק פ״פ גיקומין אונ׳ לשם גיפונדין איין בעל בית
מק״ק מיץ בשמו ליזר אונ׳ כתב מבעלי אונ׳ אונש אויף
דער וועג גשיקט לעקוכין[5]) ושארי שיבושי׳ אונ׳ גאר היפליך

---

1) accompagniren 2) Abschied 3) längstes = längst
4) Freitag den 11. Juni 1700 5) Lebkuchen.

ווארום איך גערין האבין וואלט דאז בני שי׳ זיין חתנה ר״ח ניסן זיין זולט כי ידועה לכם מיין התקשרות דאז איך ל״ג בעומר הבע״ל תוך מיך זיין מוז, אונ׳ דער מאן האט מיין מעות שונט לידו וויא אך דער אמת איזט גיוועזין, דען מיין שלימזל זיך זוא גיפודירט אביר איזט פיל גירעט גיווארין אונ׳ פיל פאר גישלאגין גיווארין מחו׳ הניל גיזאגט איך מויכט טון וואש איך וואלטיט עש ווער אים אי אפשר ניט איאיר חתנה צו מאכין אליש שבועות הבע״ל איך זולטי למיך ציאין חתנה צו מאכין אונ׳ מייני קינדר לחברותה מיט נעמין ער וואלטי מיר מאה הגריי׳ געבין על הוצאות, נון זולכיש איך ניט טון וואלין אך מיר ניט אן גישטאנדין, אלזו מיך ריזולפירט וואש ניט צו ענדרין איזט זעלבי מיט גידולד אן צו נעמין, אונ׳ אויב מיר שונט איניגי ווידר ווילין וועגין הנדן מצדי צדדים גיהאט וויא זאלכיש לאחר החתנה אם בעשטין צו ביווארין איזט זוא איזט זאלכיש דאך אין אלין גוטין וכבוד בייא גיליגט גיווארין אלזו האב איך י׳ שבועות מיין זמן תוך בייארשדארף צו גיבראכט מן פורים עד שבועות ת״ס אלזו החתנה תוך סיון ת״ס גיווארין עם כל הכבוד שבעולם אונ׳ מצידי צדדים גאר פיל וואקרי לנדיש לייט גיקומין דאז[1]) החתנה מיט פאר גניגליכקייט ת״ל אפ גילאפין המקום ב״ה וב״ש הגדול וויל אינן מזל וברכה געבן דאז זיא תוך עושר וכבוד עד ביאת הגואל פאר ברענגין מיגין אונ׳ איגין זרע כשר געבין העוסקי׳ בתורת ה׳ ובימיהם ובימינו ישעינו המקום ב״ה וישלח משיח צדקינו אמן, לאחר החתנה האב איך [אך] מיין [וועג] למיטץ[2]) גינומין דא איך האב גימיינט לעת זקנותי אין גוטין רויאיגין שטאנט מך צו בינעבין אונ׳ אין זוא איין קהילה [קדושה] מיין נשמה וואול צו טון אביר מיין גאט אונ׳ בישעפיר אנא הולך ואנא מפניך אברח אלזו האבי איך מיר תוך

---

1) F: אלזו 2) Metz.

וואור אין איך בעו״ה קומין בין אונ׳ נון ניט צו ענדרין איזט דריין שטעקין זולט, לערך טבת ת״ס דאז איך מיך האב זואלין אויף דער וועג געבין עם בני ר׳ משה סג״ל אונ׳ אים חתנה צו מאכין ומחתנותו למיץ ציאין, האט מיר המקום ב״ה ל״ע[1]) איין קרענק צו גשיקט וועלכי מיך ששה שבועות בעט לעגריג גימאכט וועלכיש בעלי האט ע״י סוחר גיוואר גיווארין, נון דיא טרישטליכי בריף וואש ער אן מיך גישריבן גם אן גיסי ר׳ יוסף מיט וואש פאר גרושי פיר זורג[2]) ער מיך אן אים רעקומאנדירט איזט ניט בישרייבליך אביר אויף וואש פר מיינונג זולכיש גישעהן איזט להמקו׳ ב״ה ביקאנט, אויב עש אויף דען ביזילכן מעות אן גיזעהן גיוועזין קאן איך ניט ווישין, נון וויא מיר המקום ב״ה ווידר צו מיינר פוליגין[3]) גיזונטהייט גיהאלפין בין איך מהמבורג עם בני ר׳ משה סג״ל ובתי היתומה מרים לברונשוויג גיצאגין דען איזט יריד לישם גיוועזין האב אך נאך וואש פון רישטאנט מסחורות גיהאט לשם פאר קאפט, לאחר יריד בין איך עם גוטי חברות׳ לבייארשדארף מיט מיין קינדר הנ״ל גיצאגין אין מיינונג ר״ח ניסן עם בני ר״מ סג״ל חתנה צו מאכין, בין פורים צו באמבערג גילעגין אלזו תכף לאחר פורים איזט בני ר׳ זנוויל ז״ל מיט מיר לפ״ד[4]) גיפארין, מיר זענין תוך פייארשדארף תוך ווירטץ הויז גלייך קיגן מחו׳ הקצין ר׳ שמשון איבר[5]) אין גיפארין דען מחותני הנ״ל זיין חדש בית איזט נאך ניט פערטיג גיוועזין אונ׳ אין זיין אלטין בית איזט עש צו ענג גיוועזין אביר מיר זענין אלי יו׳ ג׳ פעמים אצל מחותני הקצין גיהולט וואדרין צום עסין עם כל הכבוד אונ׳ פירשטליך טראקטירט גיווארין אביר כל זאת איננו שוה לי דאז איך למחו׳ הנ״ל ואשתו גיזאגט איך האב צווארין קיין אור זאך פון היר צו איילין, אביר איך האב אך מיין ריזאן[6])

1) = לא עליכם 2) Fürsorge 3) völligen 4) Baiersdorf 5) gegenüber 6) Raison = Grund.

אליש וויא שונט אופט מאלש גידאכט דאז מיר מענשין ניט יודיצירין קענין וועם גאט שטראפט אודיר פיל גוטיש גיביט גאט שלאגט אונ׳ גאט היילים ווידר זיינין נאמין איזט אלי צייט גילוביט, ווידר צו אונזרין צוועק צו קומין דאר מיר גיהאלטין האבין אונ׳ דאש איך גימיינט מיט מיין מאן נעמין מיך אונ׳ מייני קינדר אין גירוּיאיגין שטאנט צו זעטצין אביר קונטראריי וויא שונט גידאכט אונ׳ ווייטיר גידענקין ווער, אונזיר התקשרות תוך מיץ איזט גישעהין תוך סיון תנ״ט דורך חתני משה אונ׳ מחו׳ ר׳ אברהם קרומבאך ואשתו נון וואש זאל איך פון דיא לייט שרייבין בוודאי בין איך זיא דן לכף זכות דאז זיא אליש גיטאן האבין לש״ש דאז זיא גימיינט האבין איך זער וואול אן קום וויא עש אך אלזו דאש אן זעהינש[1]) גיהאט האט, אביר איזט אנדרשט בעו״ה אין דער דאט[2]) ארויזר גיקומין וויא ווייטר פולגין ווערט, הזמן חתנה איזט גישטעלט גיווארין ל״ג בעומר ת״ס[3]) איזט אליש אין דער שטיל גיוועזין מטעם איך למעלה גישטעלט[4]), נון צווישן דעסין האב איך דאש מייניגי צו מעות גימאכט כדי דאז ניקס חייב בלייבין בין, אונ׳ החי״כ אן הקצין מהור״ר גבריאל[5]) בפיורדא גשיקט המעות דאר פיר אן צו נעמין אונ׳ אויף אונזרי אן קונפט צו האלטין צווישן דעסין האב איך עם בעלי כתבים גיוועקסילט אונ׳ ער אך זייני כתבי׳ גינומין גישטעלט דאז איך אונ׳ אנדרי מער דיא זיא גילייאיט[6]) האבין אלי פאר זיכרונג אונ׳ פאר גניגליכקייט דרין גיוועזין איזט אונ׳ ניקש קענין בעו״ה דריין פאר מערקין דאז זוא איין גרויש ווערק

[1]) Ansehniss = Ansehen [2]) in der That [3]) Freitag den 7. Mai 1700 [4]) s. oben p. 275 [5]) Ueber Gabriel Levi, den am 26. Juni 1710 verstorbenen Gründer der Talmudklause von Fürth (Wolf IV, 1176) und Schwiegervater des R. Mose Brandeis s. Kaufmann in Monatsschrift 37, 385, 389 [6]) gelesen.

מיט פוקין אונ׳ פיזוניןֿ[1]) ווידר אין זיין קיניגרייך גפירט אונ׳ דער פרומי קיניג האט לאזין אין זיין גנצין לנד אויזרופין אלי דיא דאר זענין פליכטיג גיווארין אונ׳ ביפורכטין זיך פאר דאז קיניגש און גינאד זולין אלי ווידרום קומין אונ׳ זאלין צו גינאדין אן גינומין ווערין דען דער קיניג האט גיזאגט עש איזט עבין אליש ווען איך היינט ווער צום קיניג גימאכיט ווארין דרום זאל אידיר מאן מיין גינאד עמפפאנגין אלזו האט דער קיניג מיט זיכירהייט פריד אונ׳ ער זיין קיניגרייך זער גלאר ווערדיק[2]) ביז אין זיין ענד ריגירט אונ׳ נאך בייא זיין לעבין זיינין זון פריד ליב אן זייני שטאט צום קיניג גיזאלפט[3]) אונ׳ גיקרינט, נון היר אויז צו זעהן דאז צווארין גאטיש שטראף לאנצים[4]) אביר בלייבט דאך ניט אויז אונ׳ גאט ביצאליט אליש דער עמוניש ווייל ער זוא שאלקייט אן זייניר שוועסטיר גיטאן האט מוזין זוא שענטליך אין זייניר יונגי בלויט דורך דיא הנט זיין ברודיר אבדון אים קומין, דער קיניג וועלכר זיין זון אבדון פיל פרעוויל אונ׳ מוטווילין אונ׳ ביז דאטין[5]) האט צו גיזעהין אונ׳ אים וועגין גרושי ליפשאפט ניט גישטראפט האט מוזין פאר דען זעלבין אנטלופין אונ׳ גאר [פיל] שימפף שאדין אונ׳ טריפזאל מוזין אויז שטין אונ׳ ווער ניט גיוועזין זיין גרויש ביז פערטיגש[6]) הערץ דאש אים גאט ביזונדירליך ביווארט העט ווער וויס וואש ביזיש אים נאך מער גישעהין אונ׳ אילינדיקליך פון דעם זעלבין ווער ארמארט[7]) גיווארין, אבדון דער זוא פיל ביזיש אונ׳ מארט דאטין[8]) גיטאן זיינין פרומין פאטיר דען קיניג אויף לייב אונ׳ לעבין גנגין זיין פאטיר קעבס ווייביר גישענדיט זולכין אילינדיגין שענטליכן טוט אך נעמין מוזין, זולכיש זאל זיך איין אידריר צו הערצין נעמין דען גאט דער גירעכטי ריכטיר ביצאלט

---

[1]) Posaunen [2]) glorwürdig [3]) gesalbt [4]) langsam [5]) Uebelthaten [6]) bussfertiges [7]) ermordet [8]) Mordthaten.

אליש דער אבדון מיט זיין קריגשהער אביר גאט דער שיקיט אייני גרושי פאר טוימילונג[1]) אין דאז שאר פון אבדון דאז זיא אלי גישלאגין אונ׳ פאר יאגיט וואורדין פון דאש קיניגש זייני קריגש לייט אונ׳ פיל איין גרושי פורכט אויף אינין דען דיא פארכטיש גאטיש אונ׳ זייני ראכינונג האט דען אבדון אונ׳ זיין שארין פאר טוימילט אונ׳ אבדון זעלבירט איזט אך דורך איין ווישטינייא גיפלויגן אום זיין לייב צו בישערמין אביר ער וואורד פון דאז קיניגש קריגש לייט מיט שפיסין ארשטאכין אלזו איזט דער שטרייט גישטילט גיווארין אביר נימיץ האט דען קיניג זאגין וואלין דאש זיין זון אבדון איזט גיטיט ווארין אונ׳ דער קיניג האט גיפראגט לעביט אבדון אך נאך, קייניר אביר האט דען קיניג ניט ענטפירן[2]) וואלין אונ׳ האבין זיך אלי פון דען קיניג גישליכין, אליש ווען זיא דען שטרייט פאר לארין העטין דאש האבין דאש קיניגש גיטרייאי אויברשטין גיזעהן אונ׳ זענין צו דען קיניג גיקומין וואש טוט דער קיניג דאר, לאט ער אל זייני לייט דיא איר לייביר פאר דען קיניג אונ׳ זיין גאנציז גישלעכט זוא ריטירליך גיוואגיט נון זעהן מיר וואול ווען נור דער אבדון לעביט אונ׳ דאז מיר אלי ארמארט וועריז זוא ווער דען קיניג ניקש אן גילעגין, מיר שווערין אים וועדט ער זיך ניט אונטר דאז טור שטעלין אונ׳ מיט זיינים פאלק גיטליך רידן דאז זיא אין ווידר אין זיין רייך פירין זוא ווערט אים פיל וויאיר גישעהין אליש אים זיין לעבישטאג גישעהין איזט אלזו האט דער קיניג זיין אויברשטין גיפאלגיט אונ׳ זיך אונטר דען טפארטין גישטעלט אונ׳ מעניקליך גיטליך צו גירעט אזו׳ אל דאש קיניגש פריינט אינ׳ פיינט זענין צום קיניג גיקומין אונ׳ ער האט זיא אליש פאר געבין אליש וואש זיא ווידר אין גיטאן האבין אונ׳ אלזו האבין אים פריינט אונ׳ פיינט מיט גרוישן יובל גישרייא אונ׳

1) Vertaumelung = Verwirrung 2) antworten.

טוט וועלכיר פון מיין לייב איזט גיבאהרין אונ׳ מיר נאך מיין לעבין שטיט ווארום זולין עש דען ניט אנדרי טון עש איזט אליש פון מייני זינט וועגין אלזוא איזט ענטליך דער שטרייט זער שווער אויף דען קיניג גיוועזין דאז ער זיך מיט זייני כנין אין דיא וועלדיר האבין מוזין ריטירירין דאך האט זיך דער קיניג אין איין פאשטי שטאט ביגעבין אונ׳ אל זייני גיטרייאי קריגש לייט אן גירעט זיינין זון אבדון גיטרישט אונ׳ ריטירליך אנטקיגן צו גין, דען קומט אבדון צו אונש אין דער שטאט זוא זענין מיר אלי פאר לארין, דאש קיניגש זיין ראט האבין אל זייני קריגש לייט פאר גוט אן גינומין אונ׳ דער קיניג האט זיך גירישט אונ׳ מיט זיין פאלק וואלין גין פארין אין דער שפיץ אביר דאז קיניגל גיטרייאי אויברשטין אונ׳ יענראלשפירשונין[1]) האבין זאלכיש דעם קיניג ווידר שפראכין אונ׳ ניט לײדין וואלין דען זיא האבין גיזאגט דער קיניג זיכט יוא וואול וואז דער גנצי שטרייט פון דאז קיניגש וועגין איזט דען ווען דער אבדון דען קיניג העט ארשלאגין זוא פאר לאנגיט ער קיינין מער דען ביקעם ער דאז קיניגרייך אביר דער קיניג זאל בלייבין אין דיזיר שטאט אין זיינין שטאנט אונ׳ זאל גאט בעטין דאז ער אונז אונזרין פיינט זאל אין אונזרי הענט געבין, אלזו זאגיט דער קיניג נון ציאיט הין אין פרידין גאט זאל מיט אייך זיין, אלזו צאגין אלי איר שארין אונ׳ איר אויברשטין פאר דען קיניג אויז דער שטאט אונ׳ דער קיניג ביפול דען אויברשטין אונ׳ אלי ביפעלכיש האביר אונ׳ באט זיא גאר זער דען אבדון צו פאר שוינין אלזו זענין דאש קיניגש קריגש לייט קיגן דען אבדון גיצאגין מיט איינר פריידיגי מוט אונ׳ זיך אויף גאט אונ׳ אירי גירעכטי זאך פאר לאזין אויב זיא שונט דיא העלפט זוא שטרק וואריז

---

[1]) Generalspersonen.

דאש קיניגש קינדר זיין אום קומין, איך מיין דאש קיינר מער ווערט זיין אום קומין אליש עמוניש, דען זיין זון אבדון ווערט זיך וועגין זייניר שוועסטיר דאנילא גיראכין האבין וויא זיא רידן קומין דאז קיניגש קינדיר אלי צו רייטין אביר דאש קיניגש צארין איזט איבר דען אבדון זער ארגרימט גיוועזין אונ׳ איהם ביפעהלין לאזין זאל זיך נימר מער פאר דאז קיניגש אויגן זעהן לאזין, אביר דער אבדון האט דאש ניט פאר טראגין קענין דאז ער זאלי אליש איין פאר באנטיר[1] לעבין אונ׳ האט גיטראכט נאך דאז קיניגש לעבין דאז ער דאש קיניגרייך ביקעם, דען דער קיניג האט זיין אנדרין זון פאר איין קיניג ארקלערט נאך אים אלזו האט דער אבדון יוא לענגיר יוא מער אליש פאלק אן זיך גיצאגין מיט גוטין ווארטין אונ׳ אלזו איין גרושי ריבעליריא קיגן זיין פאטיר דען קיניג אן גישטעלט אונ׳ גאר ווייניק אלטי גיטרייאי דיא נאך בייא דען קיניג גיבליבן אביר אבדון איזט צו זיין פאטיר גיצאגין אונ׳ דיא שטאט איין גינומין גרויש מוט ווילין מיט דאז קיניגש ווייביר גיטריבן, אביר דער קיניג מיט זייני גיטרייאי דינר האבין זיך בייא צייטין אויז דער שטאט גימאכט צו בישערמין איר לייביר, עטליכי דינר דיא פאר מאליש בייא דען קיניג גיוועזין זיין אונ׳ נון צו דען אבדון גיפאלין זיין האבין דען קיניג מיט שטיינין נאך גיווארפין אונ׳ גישאלטין אונ׳ גיפלוכט אלזו האבין דאז קיניגש גיטרייאי דינר גיזאגט צו דעם קיניג אוב מאן זאל צו זעהן דאז דיא טויטי הונד דען קיניג זוא שענדין אונ׳ לעשטרין מיר וואלין איבר זיא פאלין אונ׳ ווען מיר אך זולטין אין שטיקין צו ריסין ווערדין, אביר דער פרוימי קיניג האט עש ניט לײדין וואלין אונ׳ האט צו זייני גיטרייאי דינר גיזאגט דאז וייל מיר דאש מיין זון

---

1) Verbannter.

גיאיט בינעגניט איר איר ברודר אבדון אונ׳ זיכט דאז זיא
זוא שרייאיט אונ׳ איר קיניגליכי קליידיר צו ריסין האט, זוא
זאגיט איר ברודיר אבדון מיין שוועסטיר עש איזט דיר גיוויש
לייט גישעהין אין דיין ברודירש הויז שווייג שטיל אונ׳ גיא
אין מיין הויז ביז דאז איך מיך ווער אן דיין ברודיר גיראכין
האבין אלזו האט דיא דאנילא נאך דעם זיא אירן ברודיר
אבדון אליש ערצילט האט מיט שימפף מוזין הין וועק גין,
אוב דער קיניג שונט דיא זאך גיוואר ווארדין אונ׳ זער
דאריבר ארגרימט גיוועזין זוא האט דאך דיא קיניגין דען
עמוניש מוטיר עש זוא וויט גיבראכט דז דער קיניג וועגין
דער גרוישי ליפשאפט דיא ער צו איר גיהאט דען עמוניש
אליש פאר צייאט האט, אביר דאש קיניגש זון דער אבדון
האט דיא זאך אין זיין הערטצין גיטראגין, נון עש איזט איין
צייט לנג דער נאך גיוועזין דאש דער אבדון איין גרושי יאכט[1]
אן גישטעלט אונ׳ אלי קיניגליכי פרינצין וויא אך זיין ברודיר
עמוניש דאר צו גיפרייאיט[2], אליש נון צו אויבינד דיא יאכט
אויז גיוועזין האט ער איין קעסטליכי מאל צייט גימאכט וויא
זיא נון זענין אם בעשטין גיזעסין אונ׳ געסין אונ׳ גיטרונקין
האט דער אבדון אויף זייני קנעכט גיוואונקין וועלכי איבער
דען עמוניש גישפרונגין אונ׳ אין אומש חיות גיבראכט דא
האבין זיך אלי קיניגליכי פרינצין ארשראקין אונ׳ זיך אלי צו
פפערט גיזעצט אונ׳ איזט אייניר צום קיניג גיקומין דער האט
גיזאגט דאז אבדון העט אלי דאש קינינש קינדר ארשלאגין
וואור איבר זיך דער קיניג זער ארשראקין אונ׳ גרושין יאמיר
גיטריבן אביר עש איזט דער בייא גיוועזין דער ביזי ראט
געביר עמוניש זיין פריינט וועלכר צום קיניג גיזאגט מיין
הער קיניג ארשרעקט דאך ניט זוא זער עש ווערין ניט אלי

1) Jagd 2) geladen.

אלזו בלד נאך אירין ברודיר גין זולט אונ׳ אים גוטי שפייז מאכין אויב ער פון איר וואש עסין מויכט, דיא שיני דאנילא וואר וויליג אירין פאטיר גיהארזאמשטט צו פולגין אונ׳ גינג אין איר ברודירש עמוניש זיין הויז אונ׳ פאדירטי פון [דען] גזינד וואש ניטיג וואר צו איינער גוטי שפייז צו קאכין וויא נון עמוניש מערקיט דאז דיא שפייזין באלדי פערטיג ווארין הישׁ[1] ער אידיר מאן אויז זיין קאמיר גין, אליש זיך נון עמוניש אליינד ביפאנד מיט זיין שוועסטיר, זאגט ער מיין ליבי שוועסטר ברענג מיר דיא שפייזין הער אויף מיין בעט דאז איך זיא אויז דיין האנט עסין מאג פילייכט ווערין זיא מיר בעשיר שמעקין, אליש אים נון דיא שיני דאנילא דיא שפייזין בראכטי ביגרייפט ער זיא אונ׳ זאגיט צו איר מיין ליבה שוועסטיר דוא מוזט בייא מיר ליגין אודיר איך מוז שטערבין וואור איבר דיא דאנילא זער ארשראק אונ׳ שפראך מיין ליבר ברודר טוט זולכין און ארהערטי שאלקהייט ניט, ביטיט דען קיניג פון מיינט וועגין איך וויים גוויש ער מיך דיר ניט פאר זאגין ווערט, יוא אל דאש רידן אונ׳ ביטן וואלטין דער דאנילא ניט העלפין, דער עמוניש צאג זיא צו זיך אונ׳ לאג מיט גיוואלט בייא איר, דאר נון עמוניש זיין ביזין ווילין פאר בראכט האט וויא ער זיא צו פארין זוא ליפ גיהאט אלזו פיינט וואר ער איר, אונ׳ שטים זיא פון זיך אונ׳ היס זיא הין וועק גין, דיא דאנילא שריא ביטירליך איזט עש ניט גינוגין דאש ער מיך צו שאנדין גימאכט אונ׳ וויל מיך נאך פון זיך שטויסין אביר אל איר היילין אונ׳ שרייאין האט דען עמוניש ניט ביוואגין ער רופיט זייני קנעכט ארין דיא דאנילא אויז זיין הויז צו שטויסין אלזו איזט דיא דאנילא מיט שרייאין אונ׳ וויינין אויז דען עמוניש הויז גנגין וויא זיא נון ארויז

[1] hiess.

ניט פאר זאגין אונ׳ אים דיא שיני דאנילא שיקין ווען זיא
נון אין זייני קאמיר קומט זאג ער דאז אלי הרויז גין ער וויל
זעהן ווען ער זיך אליינד בפינד אוב אים דיא שפייזין ווערין
בעשיר שמעקין אלש דען מיין פריינד עמוניש ווערט ער
שוין זעהן מיט גוטין אודיר גיוואלט צו זיין פאר גניגין צו
קומין אונ׳ וואש דען גישעהין ווערט ניט צו ענדרין זיין,
אונ׳ זייני מוטיר וועלכי דאש קיניגש הערטץ אין אירי הענדין
ווערט שוין ווישין דאז קיניגש צארין צו שטילין, מיין ליבר
פריינט זאגט עמוניש ער האט מיר זוא איין גוטין ראט
גיגעבין איך בפינד מיך שוין קרעפטיגיר אונ׳ זיין גיטרייאין
ראט מוז פארט גין זולט איך אך דאר איבר שטערבין אלזו
איזט עמוניש אין זיין קאמיר גנגין אונ׳ זיך צו בעט גיליגט
אליש ווען ער זער קראנק ווער אונ׳ זיין גיטרייאין לייב
דאקטיר בייא זיך גיהאבט דער זולכי קרענק קונט פאר[1])
גימאכט דאז זיא פאר דען [קיניג] קומין איזט וועלכיר דען ניט לנג
גיזוימט אונ׳ צו דען עמוניש גנגין אום אים אין זייני קראנקהייט
צו ביזוכין אונ׳ מיט אים פריינטליך גירעט אונ׳ דען אום
שטאנט פון זיינר קראנקהייט גיפראגיט וואור אויף אים
עמוניש מיט שוואכיר שטים גיענפירט וויא אים זיין פריינט
גיראטין האט אונ׳ איר שוין גילייאנט העט אלזו באלדי זאגיט
דער קיניג צו עמוניש גיטרישט מיין ליבר זון עש זאל אים
ניקש אין מיין גאנטצין קיניגרייך פאר ווייגירט ווערדין אלזו
בלד וויל איך אים זייני שוועסטיר צו אים שיקין אונ׳ ווינש
דאז אים איר גיקעכטיש זאל וואול אן שלאגין אונ׳ שמעקין
דאז ער צו זייני גיזונדהייט אונ׳ פאריגי קרעפטין ווידר קומין
זאל, אלזו נאם דער קיניג איין פריינטליכן אפ שייד פון
עמוניש אונ׳ שיקט אלזו פורט נאך זייניר טאכטיר דאז זיא

[1]) kundbar.

איך האב אליש גיטאן אונ׳ גימיינט מיך פון דער קראנקהייט צו קורירין אביר דאז זיך זאל גאט ארבארמין יוא מער איך מיין דאז איך מיך וויל פון דער שיני דאניליא אנטפערין[1]) יוא מער ווער איך פון איר ליפשאפט גיקרענקיט נון מיין פריינט ווען ער מיר ניט מיט זיינין גיטרייאין ראט הילפיט זוא בין איך גנץ פאר לארין, אלזו זאגט דער פרינט, ניקש אנדרשט אליש דיזוש ווען ער מיר מיין גיטרייאן ראט וויל פולגין, האף איך אין בלדי צו גינעזין, טוט אלזו ליגט אייך אין איין בעט אונ׳ מאכי זיך קרנק וויא זיין גזיכט אך אויז ווייזט אונ׳ לאט ניכיין בייא אייך זיין אליש עטליכי פון זייני גיטרייאישטי דינר דיא א(י)[ו]ם זיין היימליכקייט ווישינשאפט האבין אך קיין אנדיר דאקטיר צו אים קומין אליש זיין פאר טרויטיר לייב דאקטיר דער זעלבי זאל דאש שפארגימענט[2]) מאכין דאש ער זער גיפערליך קראנק ווער אליש דאן ווערט אהן צווייפיל דער קיניג קומין אין צו ביזוכין אונ׳ אים ביפראגין וואז זיין קראנק הייט איזט, אלזו מיין ליבר עמוניש זאלט איר אייך פיל קראנקיר אונ׳ שוואכיר שטעלין אליש איר אן אייך זעלבשטין זייט אונ׳ דען קיניג מיט שוואכיר שטים ענטפרין אונ׳ זאגין ראז ער גאר קיין שלאף האט אך קיין אפיטיט צו עסין ער העט זיך שונט אן אונטרשידליכי אורטיר עסין לאזין קאכין אביר איזט מיר אליש צו ווידרין קאן ניקס גניסין, דיזיש איזט מיר נאך איין גיפאלין דאז אייניגי מיטיל מיר מיין לעבין צו ערהאלטין ווען עש דעם קיניג וואול גיפיל דז ער מויכט גינעדיגש ביפעהלין אן זייניר טאכטיר דיא דנילא דאז זיא מויכט אין מיין קאמיר קומין אונ׳ איין עסין מאכין דאש איך עש זעך פילייכט ווערט גאט געבין דאש עש מיר שמעקין ווערט אונ׳ מיין לעבק דאר מיט צו ארהאלטין איך וויים גוויש דער קיניג ווערט אים זאלכיש

---

[1]) entfernen [2]) Spargament, ausgesprengtes Gerücht.

זער ליפ גיהאט אונ׳ דען עמוניש אין הויכן ווערדין גיהאלטין דען נאך האט עמוניש ניקש זאגין דערפין אלזו איזט עטליכי צייט הין וועק גנגין, דאז זיך דער עמוניש מיט זייניר ליב זוא גיקוועלט דאש ער גנץ פאר מאגירט אונ׳ אפ גיצערט איזט וועלכיש אייניר פון זייני גיזעלין אונ׳ גוט פריינט אן אים גישפירט אונ׳ עמוניש זולכיר גישטאלט אן גישפראכין מיין הער אונ׳ ליבר פריינט איך שפיר נון איין גירוימי צייט אן אים דאז אים זיין פריידיקייט אונ׳ אלי׳ גיזעלשאפטין בייא לייטין איזט פאר גאנגין ער זוכט אלי אפ גילעגיני אורטיר זיין לייפ איזט אים גנץ פאר מאגירט, זיין גישטלט גנץ פאר ענדירט וואש מאג דען קיניגליכן פרינצין עמוניש דאך שאדין[1]), ער האט דאך רייכטום אונ׳ ער[2]) גינוגין, איך ביט מיין פריינט זאגט מיר וואש ער אויף זיין הערטצין האט פילייכט ווערט אים זיין בישווערניס גירינגירט ווערין אונ׳ אויב איך אים העלפין קענטי, אלזו ענפירטי עמוניש צו זיינין פריינט אונ׳ זאגט מיין פריינד איר האביט אליש מיט וואר הייט אונ׳ גרוישן פאר שטאנט גירעדיט אביר וואש מיר שאט קאן מיר קיין מענש [אין] העלפין אליש דער ביטרי טויט דער קאן מיך פון מיין איבל ביפרייאין אונ׳ איך דערף עש אך קיינים אפין בארין אליש דיר גיטרייאר פריינט וויל איך עש דאך פאר מיין טויט אפינבארין וויא וואול דאז איך וויים דוא מיר אויז מייניר גרושי נויט ניט העלפין קאנשט, עמוניש זאגטי נון הער צו מיין גיטרייאיר פריינט וואש פאר איין זעלצימי[3]) אונערהערטי קרנקהייט אונ׳ ביקימירניש מיך איבר פאלין האט אונ׳ דיזוש איזט מיין איבל אונ׳ [מיין] קראנקהייט דאז איך דען גיפט דער שונהייט פון דער שיני דאנילא אין מיר גיזאגין האבי דיזוש איזט מייני איבל אונ׳ מייני קראנקהייט

---

[1]) = fehlen [2]) Ehre [3]) seltsame.

לייאין ווערט וועלכיש איין מעשה דאז גוויז אמת איזט אונ׳
גוויש גישעהן איזט זוא וואר זול עש מיר אך אויז גין אליש
עש דען פרומין מלך איזט אויז גנגין אונ׳ ווען איר וואלט
קלוג אונ׳ ביטראכטליך זיין מוזט איר זעלבשטין מודה זיין
דאז המעשה אמת, דאר וייל דער עולם גערין וואש נייאיש
האט זוא האב איך דיזוש מעשה אוזים לשון הקודש אויף
טייטש אויז גישריבן כדי לראות דאז פאר נעמי פרומי לייט
אך אויז שטיהן מוזין אונ׳ הש״י אינין אך העלפט דער זאל
אונש וכ״י אך העלפין ושמחנו כימות עניתנו[1] אמן ואמן,
איין מעשה פון איין מלך[2] דער האט גיוואונט אין דיא אראבישי
לענדיר איין מעכ[ט]יגיר מלך האט גיהיישין ידידיה דער זעלביגי
מלך האט זוא פיל ווייביר גיהאט וויא דאז זעלביגי מאלט
דיא מאניר אין דיא אריאנטאלישי לענדיר גיוועזין ער האט אך
פיל קינדר מיט זייני ווייבר גיהאט דיא דער קיניג אלי זער
גיליבט אונ׳ זיא אלי אליש קיניגליכי פרינצין אונ׳ פרינצעסין
ארציאין לאזין, אונטר דען קינדרין האט ער איין זון גיהאט
וועלכיר דער שינשטיר אונטיר אלי דען קיניגש קינדר איזט
גיוועזין וועלבין דער קיניג אך מער אליש אלי זיין קינדר
גיליבט אונ׳ דערינט וועגין[3] אים פיל מוטווילין אונ׳ ניקש
ווירדיקייט איבר זעהן דאר הער פיל ביזיש פון גיקומין וויא
איר ווייטיר פאר נעמין ווערט, דער זון האט גיהיישין אבדון
דיזיר אבדון האט איין שוועסטיר גיהאט דיא אך איבר אויז
זער שין גיוועזין מאן האט זיא גיהיישין דיא שיני דאנילא,
נאך האט דער קיניג איין זון גיהאט האט ניהיישין עמוניש
דער זעלבי עמיניש האט זיך פאר ליביט אין דער שיני דאנילא
אביר ער האט איריר ניט קענין מעכטיג ווערין אונ׳ האט
זולכיש אך קיינים דערפין פאר טרויאין דען ער זיך פאר
דאש קיניגש צארין גיפערכט וויא וואיל אין דער קיניג אך

---

1) Ps. 90 15 2) vgl. 2. Sam. c. 13 3) derentwegen.

עושר וכבוד מיט צו לעבין צו דעם לע״ע איך אין תוך זאלכין מעמוד פינד דאז איך ניט ווייס אוב איך לעת זקנתי לינות לילה או פת לחם לאכול האב, אונ׳ וואור מיך פאר גיזורגט דאז מיין קינדר ה״ו ניט זאל צו טייל ווערין מיר ערשט לע״ע קענט צו קומין, איך האב גמיינט מיט דעם דאש איך איין מאן נעם זוא איין בריה אונ׳ גרוישן בעל מו״ם מיין קינדר מיט צו העלפין אונ׳ דאז זיא דורך אין תוך גרושין מו״ם קומין זאלטין איזט בעו״ה גראד קונטרארי גישעהן דען בני נתן סג״ל אום כמה מאות קומין דאז אים בעלי נאך חייב איזט אונ׳ האלב על ידו של בעלי ריגינירט[1]) ווארין אודות זייני חילופים אלי פראטעשטירט גיווארין באם ניט המקום ב״ה אים שיינפארליך[2]) ביווארט אונ׳ גיהאלפין העט, בתי מרים היתומה האב איך גימיינט גנץ וואול צו טון דאז זיא נעביך פון איר מעות קאן אויף ליגין אלזו האב איך זיא גראד מיט מיר אין דאש אייזירשטי פאר דערב גיזעצט וועלכיש [נון] נאך הש״י ב״ה גינעדיגליך אפ גיווענדיט וויא ווייטיר פולגין ווערט אלזו מיין הערטצי ליבה קינדר איזט צו זעהין דאז איך אליש וואול איבר טראכט אונ׳ איבר ליגט האב אונ׳ אליש וויא איך גימיינט האב דאז וואול גיטאן איזט גראט צום ארגשטין אויז גישלאגין אלזו קאן איך בעו״ה מיר יוא ניקש אנדרשט טראכטין אליז זאלכיש מייני ביטרי עבירות שולט איזט דרום מיין הערטץ ליבי גיטרייאי קינדר וואש זאל איך פיל זאגין אודיר שרייבין אין חדש תחת השמש.[3]) איך בין עש ניט אליינט דיא עש זוא גאנגין האט אך ורק פיל אנדרי מער דיא פרוימר אונ׳ בעשיר זיינין גיוועזין אליש איך, דאש איך ניט ווירדיג אונ׳ ווערט בין דערי אירי פוים שטאפין[4]) צו גין גלייך דיזוש פולגינדיש מעשה

---

1) ruinirt 2) offenkundig 3) Koh. 1, 9 4) Fusstapfen.

אונ׳ אליש לאזין איין כפרה אויף מייני עוונות זיין דען איך נעם גאר אופט פון דעם רופא זיין טראנק איין, וועלכיש אין ערשטין בויך שטיט[1], נון איזט הקנס גיליגט גיווארין אביר בסוד גדול דען האב עש ניט וואלין מפרסים זיין ווער מיר סכנה דרויף גישטאנדין אודות אפ צייק מעות מן עצה העט, מיך כמה מאות גיקאשט, דען בין פאר נאנט[2] תוך המבורג גיוועזין אלי סוחרי׳ דיא מיט מיר גיהאנדילט האבין ניט אנדרשט גימיינט איך כמה וכמה אלפי׳ אין אייגינש העט צווישן דעסין האב איך גיזעהין מיין סחורות ושארי זאכין צו געלט צו מאכין אונ׳ צו ביצאהלין ווען איך חייב בין גיוועזין דאז איך דאנק אונ׳ לוב להמקום ב״ה דאר איך אויז המבורג גיצאגין בין קיין בן אדם הן יהודי ואינם יהודי׳ א׳ ר״ט בין חייב גיוועזין וואור פיר איך שבת והודיה להמקום בין דאז ער מיר זולכין גרוישן חסד גיטאן, מייני קינדר שי׳ ותי׳ האבין אליש איאיר השידוך גישעהן איזט גם מיין גישוויסטריג אונ׳ פריינט גיוואשט איך מיך עמהם מתייעץ גיוועזין אונ׳ אויב זיא מיר צוואר אלי האבין דאר צו גיראטין איזט דאך זולכיש גאר און גליקליך אויז גישלאגין וויא ווייטיר פאלגין ווערט כי כאשר יגורתי יבוא אלי[3], דאר איך האב זולין השידוך טוהן האב איך מורה גיהאט באם איך נאך לענגיר זוא זיטצין ווער קום איך גאר אום דאש מייניגי אלזו קעם ח״ו לידי חרפות דאז איך אנדרי לייט יהודי׳ ואינם יהודי׳ מוזט צו קורטץ טון אונ׳ לאחר זה אין מיין קינדר הענט פאלין אביר דאש אלי האט מיר ניט גיהאלפין איך האב מוזין בעו״ה אין איין מאניש הנט פאלין דאז איך דיא זעלביגי חרפה ארלעביט דאר איך מיך פיר ביזורגיט האב[4] אויב איך שונט ניקש דרצו קאן זוא איזט עש דאך מיין מאן דאר איך [האב] גימיינט תוך

---

[1]) s. oben p. 9 ff. [2]) berühmt [3]) Job 3, 25 [4]) vor der ich gefürchtet.

באם בעלי ערשט שטירבט קריג איך ת״ק ר״ט יותר אליש מיין נדן איזט האב אים ט״ו מאות ר״ט געבין בתי מרים תי׳ איזט איין קינד מן י״א שנים גיוועזין האט בעלי זיך פאר שריבן אצלו בחינם צו האלטין ביזקין זיא חתנה האט ובאם איך נאך הרבה מעות העט יותר גיהאט העט איך עש לבעלי ג״כ געבין דען איך האבי מיר גידאכט קאן מיין מעות אן קיין אורט פאר זיכירטיר אונ׳ בעשיר האבין אליש בייא דען מאן, צו דעם טוא איך בתי מרים תי׳ היתומה וואול זיא הויף ניקש צו פאר צערין אונ׳ איר מעות גיט דאך על רווחי׳ אונ׳ דער מאן האט איין גרושין בירויף על מו״מ מי יודע וואש איך מיין קינדר תוך מו״מ ברענגין קאן אביר רבות מחשבות בלבב איש וכו׳[1], יושב בשמים ישחק[2]) חמקו׳ ב״ה, בעו״ה אויז אל מיין מחשבות אונ׳ אן שלעק גילאכט אונ׳ שוין לענגשטיז בייא דען היכשטין מיין פאר דערב אונ׳ צרות בישלאסין אונ׳ מיך לקצת על עוונותי צו שטראפין דאז איך מיך האב מבטיח גיוועזין על בני אדם דען איך העט מיר ניט זולין בלבי נעמין איין אנדרין מאן צו נעמין ווידר, דען קיין ר׳ חיים האמיל העט איך קענין ווידר ביקומין אונ׳ זולין בייא מיין קינדרכיר זיטצין בלייבין אונ׳ גוט אונ׳ ביז וויא עש המקום ב״ה האבין וואלין פאר ליפ נעמין אונ׳ יתומה מרים אויז געבין אונ׳ דאז נאך וויא גידאכט מיך לארץ הקדושה ביגעבין, נון דאש זענין אליש דינגין דיא פאר בייא זיינין אונ׳ וואש גישעהין איזט ניט צו ענדרין עש איזט מיר נון ניקש מער מן המקום ב״ה צו ביטין איך נור אליש גוטיש פון מייני קינדר שי׳ ותי׳ הערין אונ׳ זעהן מאג וואז מיר אן בילנגיט בין אליש מקבל באהבה מן המקום ב״ה וב״ש הגדול, נור דער גרושי גירעכטיגי גאט וויל מיר נור דיא גידולד געבין וויא ער מיר ביז אל הער גיטאן האט,

---

1) Prov. 19, 21 2) Ps. 1, 4.

גינעבן וויא פולנין ווערט עש איזט זולכיש גישעהין בשנת תנ״ט וויא שונט גידאכט דאז איך לבני ר׳ משה סג״ל וואלין חתנה מאכין אביר ניט צו קומין וויא שונט גידאכט בין כך ביקום כתבי׳ מחתני משה שי׳ מטיץ וועלכיר גישריבן ט״ו סיון תנ״ט אונ׳ דרין גידאכט וויא ר׳ הירץ לוי איין אלמן גיווארין אונ׳ וואז ער פאר איין חשוביר יהודי למדן אונ׳ עושר אונ׳ וואז ער פאר איין הויז האלטונג פירט לקצר רימיט דען מאן גאר זער וויא דער אמת אך נאך אלין אן זעהין גיוועזין איזט אדם יראה לעינים[1]) והמקום יראה בלב, דיזיר כתב מיר גראד צו האנדין קומין אין ביטראכטונג מייני צרות ובפרט איך איין אשה בין גיוועזין מן נ״ד שנים אונ׳ מיין קינדר אונ׳ מיין זורג כל ימיי האב אויז גישטאנדין באם דעם זוא ווער קענטי איך נאך מיין עלטיר אין זוא איין קהילה קדושה וויא באותו פעם מיץ דען שם גיהאט האט צו ברעננין מיט רוא אונ׳ מייניר נשמה וואול טון אונ׳ האב מיך פאר לאזין אויף מייני קינדר באם עש פאר מיר [ניט] ווער זולטין זיא מיר ניט צו ראטין אלזו האבי איך לחתני תשובה גישריבן איך בין ד״י שנים אלמנה גיוועזין[2]) אונ׳ ניא מאליש בדיעה גיהאט איין מאן ווידר צו נעמין וויא וואולין עש ידועה ומפורסם איזט דאש איך דיא גרעשטי חשובי׳ תוך גנץ אשכנז ביקומין קענין אביר מיך ניא מאלש צו ריזולפירין[3]) וואלין ניקש דעסטי וויניגר ווייל ער מיר זוא גאר צו ראטיט ובאם בתי אסתר תי׳ ג״כ דאר צו ראטיט בין איך ריזולפירט צו, אלזו האט מיר בתי אסתר תי׳ ג״כ גישריבן אלזו פיל אליש זיא נעביך גיוואושט אונ׳ פאר זיך גיזעהין האט וועגין סך הנדן האבן מיר ניט פיל פילפולים מיט גיהאט האב לבעלי גינעבי ממש וואש איך גיהאט האב דען בעלי מיר פאר שריבן באם איך ערשט שטערב קריגן מיין יורשים מיין מעות ווידר אונן

---

1) 1. Sam. 16, 7 2) F.: גיזעסין 3) dazu resolviren.

מיר ניקש גיקאשט דאז איך אלזו יורד מנכסי גיוועזין בין צו דעם איך גרוישן מו"ם גפירט דען האב צוואָרין נאך גרוישן קרודיט בין יהודי' ואינם יהודים גיהאט ומשום זה מיר גרושי צרות אן גיטאן אין זומיר אין היטץ אונ' אים ווינטר אין רעגין אונ' שניא על ירידים גיפאהרין גנצי טעג בירידים אין מיין גיוועלב בזמן החורף גישטאנדין אונ' ווייל איך גאר וויניק פון אלי דען מייניגין האבי איבר גיהאלטין מיר גאר זויאר לאזין ווערין דאז איך אליש גיטראכט נאר מיט כבוד פורט צו קומין דאז איך ח"ו ניט מייני קינדר זול צו טייל ווערין אונ' זול ח"ו ניט ארלעבין עומד ומצפה על שולחן של חבירי צו זיין אוב עש שוין מייני קינדר ווערין גיוועזין ווער מיר ח"ו וויאיר אליש בייא פרעמדי גיוועזין דען קינדר העטין ה"ו זיך אפשר דורך מיך פאר זינדיגיט וועלכיש מיר כל יום ויום ווער ערגיר אליש דער טוט גיוועזין, ועל כל אלה האב איך דיא גרושי מיא אונ' ראזין[1]) גם תוך מקום גין ניט יותר קענין אויז שטין, הגם איך דאז אליש ניט גיאכט מאחר איך תוך גרושין מו"ם גישטאנדין בין אונ' האב קרודיט גיהאט וויא שונט גידאכט באם מיר ח"ו פעם א' עטליכי פאק סחורות אודיר זונשטין פיל חובות זולטין יאוש ווערין זוא ווער איך ח"ו גנץ מכולה אונ' מוזט ח"ו מיין קרודאטאריש[2]) אך מרמה זיין וועלכיש מיר אונ' מייני קינדר אונ' מיך פרומין מאן אונטיר דער ערד איין חרפה ווער, באותו פעם האב איך אן גיפאנגין חרטה צו האבין אויף אלי דיא גוטי שידוכים דיא איך האב פארין לאזין דאר איך העט תוך עושר וכבוד מיין עלטיר פאר ברענגין קענין אונ' אפשר מייני קינדר דאר דורך אך וואול טון קענין אביר אלי חרטות העלפין ניקש איזט צו שפאט גיוועזין גאט האט עש ניט האבין וואלין אונ' מיר איין אנדרשט צו מיין און שטערן אין

---

1) Rasen = laufen, sich abhetzen 2) Creditoren

יוא ניט ווען ער דאז דער טאג קומט דאז מיר שטערבין
זולין אלזו ווייל דער מענש יוא דאז ניט וויים אלזו איזט ער
שולדיג אלי טאג תשובה צו טון זולכיש העט איך אך טון
אונ׳ ביטראכטין זולין דען איך זאלכיש נאר וואול העט טון
קענין, הגם איין לומפניר תירוץ פאר מיר האב ערשט וואלין
מייני יתומכיר בכלל צו רעכט העלפין ולאחר זה בארץ
הקדושה ציאין זעלבי איך גאר וואול טון קענין ובפרט דאר
בני ר׳ משה סג״ל איין חתן גיוועזין לאחר זה איך ניט מעהר
גיהאט צו פאר זורגין אליש בתי הקטנה היתומה מרת מרים
תי׳ אלזו העט איך זינדיגרין זולין קיין מאן נעמין אונ׳ בתי
מרים זולין ערשט איין מאן געבין ולאחר זה העט איך טון
זאלין אליש וויא איין כשרה פרומי יידישי פרא גיהערט אונ׳
אלי הבלי עולם בעולם הזה פאר לאזין זולין אונ׳ מיך מיט
דען ביזילכן וואש איך נאך איבריג גיהאט האבי לארץ הקדושה
ביגעבין זולין דען לשם העט איך קענין אליש איין כשרי ב״י
לעבין קענין אונ׳ העטין מיך הדאגות וצרות פון מייני קינדר
אודיר פרינט והבלי עולם ניט בישוועהרליך גיוועזין, אונ׳
דאר העטי איך להמקום ב״ה בכל נפשי ובכל מאודי דינין
קענין אביר וויא שונט גידאכט עוונותי גרמו זאת דאש מיך
המקום ב״ה צור אנדרי מחשבה גפירט אונ׳ מיר זולכיש ניט
גיווע[ר]דיגיט[1]) האט, נון וואלין ווידר אן פאנגין וואור מיר
גיהאלטין, בין כך ובין כך האט עש איין גנץ שנה גיווארט
איאיר איך על בני ר׳ משה סג״ל זיין חתנה האב קומין
קענין, צווישן דעסין זענין מיר אליר האנד ווידר ווערטיקייט
אונ׳ צרות פון מייני קינדר איין טייליש אויף גישטויסין וועלכי
מיך מקדמת אונ׳ אלי יום פיל מעות גיקאשט וועלכיש ניט
ניטיג לכתוב עש זענין בכלל מייני ליבי קינדר אונ׳ אינין אליש
מוחל זוא וואול דיא מיר גרויש געלט גיקאשט אליש דיא

[1]) gewürdigt.

פאלטיגי עבירות אן גיזעהין אונ׳ מיר ניט לדעתי געבין דאז איך איין מאן גינומין העט דאר מיר זענין פארטייאין פיר גישלאגין גיווארין דאש איך אונ׳ מייני קינדר העטין קענין דאר דורך גליקזעליג זיין אונ׳ מיך אויף מיין ביטריפטי ערבייט זעליגי עלטיר העט קענין אין גירואיגין[1]) שטאנט זעטצין זוא האט זולכיש אליש דעם גרויש גוטיגין גאט ניט גיפעליג גיוועזין ובוודאי מכח עוונותי מיך צו דיזיר פולגינדי פרטייא ריזילפירין גימאכט וויא פולגינדיז איין מעהרירש פולגין ווערט אונ׳ בייא דעם אלים דאנק אונ׳ לוב איך דאך מיין בישעפיר דער מיר מער גינאד אונ׳ בארימהערציקייט אין מיין הוכי שטראף ביווייזט מער אליש איך און ווערדיגי זינדיגרין ווערדיק אונ׳ ווערט בין אונ׳ דער גרושי גאט דער מיר דיא גנאד אונ׳ בארימהערציקייט גיביט אונ׳ בייא (אל) אל מיין צרות מיך צור גידולד אן פירט דעם לוב אונ׳ דאנק איך איביקליך אוב איך זולכיש שונט ניט טון קאן, מיט פילין גרושין פאשטין אודיר זונשטין גרושי תשובת וויא איך וואול שולדיג ווער אונ׳ טון זולטי אביר דיא גרושי דאגות אונ׳ בארץ גבריה אך זונשטין מיך עש ניט טון לאזין הגם דאש איך וואול וויים דאז זולכי אנטשולדיגונג גאר וויניק פאר המקום ב״ה העלפין ווערין ומשום זה כתבתי זאת מיט ציטרינדיר האנד אונ׳ ביטרי הייסי טרערין דען עש שטיט המקום ב״ה צו דינן בכל נפשך ובכל מאדך אלזו גיהערט דער זינדיגי מענש זיין גוף וממון גיט צו אכטין השי״ ב״ה דאר מיט צו דינין אונ׳ אלי תירוצים אייטיל שבושים זענין איך ביט גאט דען אלמעכטיגין מיר דען חסד צו טון דאז ער מיך קריפטיגיט אונ׳ כח גיביט אונ׳ אין מיין דיעה גיביט ניקש אנדירשט אליש להמקום ב״ה צו דינין אונ׳ דאש איך גיט מיט מיין ביזולפירטי בישמירטי קליידיר פאר המקום ב״ה קום כמו שנאמר שוב יום אחד לפני מותך[2]) נון ווישן מיר

1) geruhig 2) Aboth II, 10.

גיהאט אלזו איזט דיזוש העיקר טעם גיוועזין דאש ער החתנה ניט לזמנה גימאכט, אביר המקו׳ ב״ה דער דאר האט אן גיזעהין וואש גרויש גוטיש מביתו קומט ובפרט מן הכנסת אורחים עשירים ודלים אונ׳ וואש גוטיש אליש ער גיטאן האט אן בי״ אין דער גנצי מדינה אונ׳ ממש דיא גנצי מדינה ארהאלטין האט אונ׳ וואש ער להבא נאך טון קן אונ׳ ווערט, אלזו המקום ב״ה ברחמיו וברוב חסדיו מהפך גיוועזין כל מחשבתו הרע מזו המן אונ׳ אלי ביזי מחשבות מזו הרשע מהפך לטובה גיוועזין דאז הרשע גנץ שפול איזט גיוועזין אונ׳ מחו׳ כל יום ויום עולה למעלה גיקומן דאש און בישרייבליך איזט איין בי״ זוא פיל חשיבות אצל שררה יר״ה צו האבין הש״י וויל אין עד ביאת הגואל דאר בייא ארהאלטין אביר האט דאך נאך שנה תמימה גיווארט איאיר מיר האבין קענין חתנה מאכין, נון וויל איך היר מיט מיין פיניפט בויך בישליסין.

# סליק ספר חמישי.

---

היר מיט וויל איך מיין זעקסטיש בויך אן פאנגין אין וועלכין איך פאר מיינט האב אל מיין פאר גניגליכקייט צו פינדין אונ׳ איך מיך אין זוא איין שטאנט צו זעטצין דען איך צוואהרין גנצי פירצעהן יאר גימיידיט האב דאר מיר דאך פיל פרטייאין[1] זענין פיר גישלאגין ווארן ממש דיא פאר נעמשטי אין גנץ אשכנז אביר אלזו לנג איך גיקאנט האבי אונ׳ מיר נידוכט דאז איך מיט דען מייניגין וואש מיר בעלי זצ״ל גילאזין מיך קאן מחייה זיין מיר ניט אין זין נינומין מיך צו פאר ענדרין אביר אויב דער היכשטי מיין פיל

---

1) Partieen.

נעביך גיטריבן ובפרט כלתי מרים אשת נתן דען מיר אין
זוא איין הויך ביטריפטין שטאנט זענין פון אנאנדיר גיצאגין
דאז מיר ניט גימיינט האבין אלזו כפשוטה יחדיו צו קומין,
נון אביר האט המקום ב״ה אונש ממש כהרף עין גיהאלפין
גילובט אונ׳ גידנקיט זייא דער העכשטי, הגם הקציני׳ הנ״ל
האבין אלי הוצאו׳ ביצאלט אביר קענין עש דאך אונש כל
ימיהם ניט צלין וואש בהלות צרות ודאגות מיר גיהאט האבין
המקו׳ ב״ה וויל זיך דאך ווייטיר איבר אונש מרחם זיין אונ׳
אונש נור אונזיר לחם חוקים בכבוד מיד ה׳ געבין אלזו
דיזוש אך ת״ל צו גוטן אפ גילאפין, לאחר זה האב איך
גימאכט חתנה מבתי פריידכי תי׳ עם בנו של מחו׳ מהור״ר
משה בן מהור״ר ליב אלטנה החתנה איזט באלטנה גיוועזין
גאר איין חשובי חתנה גיוועזין אלזו החתנה תוך ששון
ושמחה נגמור גיווארין לאחר זה איזט זמן חתנה מבני ר׳
משה סג״ל ארבייא גיקומין איך האבי גישריבן למחו׳ הקצין
כהר״ר שמשון בייארשדארף דאש איך מיך רישט אום אויז
צו ציאין ולחתנה צו קומין אביר מחו׳ ר׳ שמשין מיר
גישריבן עש איזט אים אי אפשר אין דער צייט חתנה צו
מאכין מאחר הש״י אים העט מזכה גיוועזן זיין יונגשט קינד
אויז צו געבין אונ׳ אלזו קענט ער החתנה ניט אין זיין אלטין
הויז מאכין אך ורק ער העט אן גיפאנגין איין חדש בית צו
בויאין זוא בלדי דאש פירטיג איזט וואלט ער מיר שרייבן
דאז מיר קומין זולטין אונ׳ תוך עושר וכבוד החתנה מאכין
אביר הטעם איזט ניט אליש גיוועזין אודות זיין חדש בית
בויאין אך ורק עש איזט אצל מארגגראף מברייט איין נייאיר
יועץ גיקומין וועלכיר זיך נגד מחו׳ הקצין כהר״ר שמשין
גישטעלט ניט אנדרשט אליש דווקא המן אונ׳ ניקש אנדרשט
[גיטראכט] אליש לאבד ולהשמד ולהרוג, ובאמת אים אך זער
וויא גיטאן דאז ער זיך ניט גיוואושט צו ווענדין אונ׳ צו קערין
ובפרט דאז כל אשר לו אצל הדוכס יר״ה האט שטין

האב איך ניט מער קענין איף ברענגין אונ׳ האב גוטי ח״כ
גיהאט אויף פאר נעמי ב״ב תוך המבורג דיא איך אן דער
בערש האב פאר קאפין וואלין אונ׳ בין זוא ביטריפטיר הייט
דיא גנצי בערש הרום גנגין דאז איך דען מאקלירש האב
דיא ח״כ געבין אביר נאך דער בערש האבין מיר דיא
מאקלירש מיין ח״כ ווידר גיבראכט דען קיינר קיין ח״כ וואלין
אן זעהין, אלזו בין איך ביטריבט גיוועזין אונ׳ ענטליך האט
מיר גאט גיהאלפין איך דיא ת״ק ר״ט ביצאלט האבי, אן
שבת האב איך מיך ריזולפירט דאש איך יו׳ א׳ למחרת
זויל ללייפציג פארין באם איך ללייפציג פינד דאז הקציני׳
האבין רימיסיא ללייפציג גשיקט זוא וויל איך תכף ווידר
צו רוק פארין זוא אביר הקציני׳ הנ״ל קיין רימים שיקן ווערט
וויל איך מלייפציג נאך ווין ציאין למחו׳ הקצין מהור״ר
שמשין אב״ד וועלכיר איין אוהב נאמן באותו זמן איזט גיוועזין
דער זעלבי ווערט אינש וואול צו דען אונזריגין העלפין אלזו
האבי אחי ר׳ וואלף גיבעטין זאל מיט מיר ציאין אלזו זענין
מיר יו׳ א׳ מיט הודירוואני[1]) מהמבורג גיצאגין ללייפציג וויא
איך פאר לייפציג בין קומין בין איך אויף איין דארף ליגן
בליבין אונ׳ איין שליח אין מקום ארין גשיקט אונ׳ מיין
קינדר צו מיר לאזין ארויז קומין וועלכי מיר בריכט האבין
דאז הקציני׳ הנ״ל אויזם רעשט[2]) זיין אונ׳ רימיסי גשיקט אל
אירי ח״כ בכבוד צו ביצאלין תכף ומיד וויאדאז גיהערט האב מיך
תכף עם אחי [ווידר] אופים וועג גיזעצט אונ׳ צו רוק גיפאהרין
אונ׳ זענין יו׳ ו׳ עש״ק בייא גוטיר צייט ווידר דאר היים
גיוועזין אלזו בין איך אין ו׳ יום ללייפציג ומלייפציג להמבורג
גיפארין זאל איך נון שרייבין דיא שמחה וואש מיין קינדרכיר

---

[1]) Hauder = Miethwagen [1]) aus dem Arrest; am 5. October 1697 waren die Oppenheimer bereits enthaftet s. Kaufmann a. a. O. 26.

פאר פאלין גיוועזין הקציני׳ די רימיסי לידו גימאכט, אביר תוך זו הזמן האט בני נתן סג״ל קיין כתבי׳ קיין רימיסי מהקציני׳ גיהאט ענטליך איזט הצעקה גיקומין דאש הקצין ר׳ שמואל ובנו תפום זענין[1]) זוא באלדי אליש דיא צעקה גיקומין איזט תוך המבורג תכף אל דער קרדיט וואש בני נתן סג״ל גיהאט האט אליש הין וועק גיוועזין אונ׳ דער איין ח״כ אויף בני נתן סג״ל גיהאט מן הקציני׳ הנ״ל או זונשטין האט תכף אויף אים עם התשלום גידרונגין נון וואש האט מאן טוהן זאלין לא זו בלבד דאז בני נתן סג״ל האט זוא פיל ח״כ אופים האלז גיהאט לשלם אונ׳ זענין נאך כמה ח״כ דאר צו גיקומין דיא ער נאך האט מוזין אקסעפטירן אונ׳ דאך קיין ח״כ עם פראטעשט לאזין צו רוק גין, נון איזט עש קודם יריד לייפציג גיוועזין אונ׳ בני נתן סג״ל ללייפציג גימוזט אלזו האט ער נעביך גיצאלט וואש ער גיקענט האט אונ׳ מיט ביטריפטים הערטצין ללייפציג גיצאנין נאך דעם ער כל כלי כסף וזהב פאר זעצט גיהאט אונ׳ פון מיר גנגין מיין ליבי מוטיר איך גיא איטצונדיר פון דיר גאט וויים וויא מיר ווידר צו זאמין קומין איך האב נאך איזהו אלפים צו צאלין בימ דיך זייא מיר בהילפיג וואז דוא קאנשט איך וויים הקציני׳ הנ״ל ווערין אונש ניט לאזין אלזו איזט בני נתן סג״ל מיט זייניר חברות׳ ללייפציג גיצאנין אן יו׳ א׳ תכף אן יום ב׳ האט זיך מיין צרה אן גיפאנגין מיט ח״ב לשלום איך האב גיטאן מה דאפשר לי אליש מייניגי פאר זעצט אונ׳ מיך בין[ז]קין איברים ראש הנין גישטאכין[2]) דאז איך ניט מער גיקענט האבי אן יו׳ ו׳ האב איך נור נאך ת״ק ר״ט גיהאט צו צאלין

---

[1]) Ueber die am 19. September 1697 erfolgte Verhaftung Samuel und Emanuel Oppenheimers s. Kaufmann, Urkundliches aus dem Leben Samson Wertheimers p. 23 f. [2]) und mich bis über den Kopf hineingesteckt.

תחתיה ובעפר יסודה, ולמשחית נהפך הודו, אונ׳ זייני יורשי׳
בלייבין זיטצין אין זיין גרושי היפשי הייזיר אונ׳ פאלאשטין
אונ׳ זיטצין ברווחה׳ אונ׳ זינגין בקול זמרים ושבחים אונ׳
ער זיצט אלייניג אין דער ביטריפטי גרויב ביליל ונגוחים,
אונ׳ זיין קאפף נידירט אין טירוויאריג קייט ובקול בוכים,
זיין יורשים עסין פון זיין ממון לויטר מעדנים אונ׳ זיין שפייז
איזט לויטר ערד על כן דעם הש״י האט הכמה ודעת געבין
זאל זיך אליש צו הערטצין נעמין כי אם אין הוא ל[י][ו] מי לו
ואם לא עכשיו אימתי עד כאן, הגם החכם הגדול נאך פיל
מער תוכחה ושארי זכין הממתיקים כדבש שרייבים, זוא
וויל איך עש דאך דער בייא בירואין לאזין אונ׳ ווער וואש
ווייטיר דאר פון ווישין וויל מאג אין ספר הנ״ל לייאין ושארי
ספרים, ליבן קינדר אום גאטיש ווילין העט יראה שמים אין
אייאיר הערטציר וואש איר בעולם הזה ניט העט ווערט
אייך המקום ב״ה כפל כפלים בעה״ב געבין, וויא ווען איר
המקום ב״ה בכל לבבכם ובכל נפשיכם דינט וויא איך שונט
צום עפטרין גידאכט מאג אויף דיזין ניט יותר פון שרייבין,
ווידר צו אונזיר צוועק צו קומין לאחר זה האב איך בתי
פריידכן תי׳ פאר קנסת עם בנו של חקצין פ״ו ר׳ משה
בר״ל[1]) צווישן דעסין האבין מיר ווידר איין אן שטיסכן[2]) גיהאט
וועלכיש המקום ב״ה נאך אך מיט גנאדין אפ גיוועגט האט,
דהיינו וויא שוין גידאכט דאז בני נתן סג״ל האט קרושפידענץ
מיט הקצינ׳ ר׳ שמואל ובנו הקצין ר׳ מענדלי, באותו פעם
האט בני נתן סג״ל גאר הרבה ח״כ פאר הקצינים הנ״ל
אקסעפטירט גיהאט טייליש מהם זענין בלדי פאר פאלין
גיוועזין וקצת מהם האבין נאך צו לאפין גיהאט אלזו איזט
בני נתן סג״ל גיוואונט גיוועזין קודם דאש דיא ה״כ זענין

---

1) Mardochai Sohn Mose R. Löbs in London 2) ein Anstösschen.

דיין געלט וויא וואול דוא זיכשט דאש פרעמדי לייט אונ׳ דיא זעלביגי דיא זיך ניט במיאיט האבין דען מוזטו עש בעל ברחיך געבין אונ׳ דוא גיאישט. לער הין וועק וואור איזט זוא איין פרעמדי זאך מער ער הערט[1]) גיווארין וויא וואול דוא זואלשט דיר אין דיין הערטצין גידענקין דוא האשט שוין פיל צדקה גיטאן בייא דיין לעבין פאר מייד דיך פון דיזי גידאנקין דען אין הקומץ משביע את הארי[2]) אונ׳ בוודאי איזט דאש ניט מספיק צו דען גרוישין וויימין וועג וואור דוא הין גין מויזט וויא מיר אך גפינדין אין דער גמר׳ פון כתובות[3]) פון דען תנא הגדול מר עוקבא ע״ה וועלכיש וויסיקליך איזט לכל בני אדם וואש פר גוטיש ער גיטאן האט בחייו נאך דענוך בשעת מותו האט ער גיזאגט וואז פאר איין וויימין וועג האב איך צו גין אונ׳ וויא וויניג צערונג האב איך מיט צו נעמין זוא איזט ער אויף גישטאנדין אונ׳ האט פון כל אשר לו דיא העלפט אין צדקה גימאכט, וויא וואול אונזיר חז״ל זאגין דאז דער בן אדם זאל ניט מער פון דען זיניגין הין וועק געבין אליש דאז חמישי׳ דאז איזט גירעט וויל דער בן אדם זיך בייא לעבין אונ׳ פריש אונ׳ גיזונד איזט אביר בשעת מיתתו מאג ער אפילו כל אשר לו הין וועק געבין בי אדם קרוב לעצמו, נון דענק זיך דער בן אדם דער מר עוקב׳ איזט אייניר גיוועזין פון דיא שטערקשטין טענין בוים[4]) בתורתינו הקדושה דער האט אלזו גיטאן וואז זאל נון אין דיזי דורות גימייני מענשין טון דארום זאל איטליכר קלוגיר ביזוניגיר מענש זיין אונ׳ זאל זיך בוחר זיין איין היפש חלק פאר זיך אונ׳ זייניר נשמה, דען הייך קודמים דען וואז הילפט אונ׳ באט דאז דער ביטריפטי נשמה ווען ער לאזט כל אשר לו זייני קינדר וואור אום ער זיך לנג גיערבייט אונ׳ גימיט האט, אונ׳ ער ווערט גיווארפין בבור

---

1) erhört 2) Berachoth f. 3 3) f. 67 b 4) Tannenbäume.

וקרקעות פון אל דער זעלביגי טובה ווערט ער ניט זאט בעה״ב דהיינו ווען דער בן אדם שטערבין זאל קרוב למיתתו אונ׳ זיכט דיא מיתה זעלבירט פאר זיך אונ׳ ער לאזט גרויש ממון אנדרי לייט אודיר זייני קינדר צו דער זעלביגי צייט איזט אים דאז ממון נאך ליבירשט אליש זיין פאר שניטני נשמה אונ׳ גידענקט ניט אן איר דאז ער ביגערט איר צו געבין וואש איר פעליט אונ׳ פאר לנגיט דען ער איזט פון זיין ממון ניקש מפזר פאר צדקות אונ׳ הקדשות אונ׳ זונשטין מתנות לעניי׳ ולאביונים נאך דען קאמעל לאט מאן אים זיין לאשט[1]) דהיינו נאך זיין פאר מעגין דאר ווארטין אליש דיא צדקה זאל פאר אים הער גין אונ׳ אין משמר זיין אויף דען דרך צו בהיטין פאר אלי כיתות וכיתות מלאכי חבלה ב״מ אונ׳ פון אלי חיילות מלאכי אף וחימה ומשחית דיא דאר זענין באוויר מן הארץ עד רקיע אונ׳ בהכרח מוז זיין נשמה צווישן אל דיא חיילות וכיתות הטומאה דורך גיהן אונ׳ בינעגינין אן אים אונ׳ פאר הינדרין אים על הדרך אונ׳ זענין אים מיצר מיט אלי ענוים וצערי׳ רחמי׳ ליצלן ווען ער אביר צדקה גיביט אז צדק לפניו יהלך ולשמרו בדרך אונ׳ ברענגין אים במקומו דאז אים אןברייט[2]) איזט בלי עינוי ומיצר וצער, נון זענין רוב בני אדם בעו״ה דיא דאש אליש ניט משים על לב זיינין ווען זיא זעהין דאש זיך דאש לעבין פון אים שייט מוזטו בן אדם ניט זיין דער גרעשטי נר[3]) פאר וועם האשטו גיערביט אונ׳ דיך בימיאיט כל ימי חייך פאר איין עולם דער ניט דיין איזט אונ׳ איצונדירט בזו הרגע דאז דוא זיכשט דאז דיין נשמה פון דיר גיט אונ׳ קנשט עולם הבא קאפין אין איינער שעה אונ׳ דיין שכר איזט גאר גרויש ווען דוא צדקה גיבשט נאך דענוך ווילטו ניקש ברעכין פון

---

1) Nach dem Kameel ladet man ihm seine Last; s. Kethuboth f. 67a 2) anbereitet 3) Narr.

גיוועזין] אונ׳ האבין זיך דאז מאטכי גלוקכי אך זוא פיל זיך וואלין קאשטין לאזין אליש נון דער בחור הנ״ל איזט איין התן גיוועזין אונ׳ עש לרצונה גנגין איזט זוא איזט דיא שמחה אין בישרייבליך אצלה גיוועזין אונ׳ אין זאלכין כבוד אונ׳ אישטימציא גיוועזין דאש קיין אשה אין גנץ אשכנז גיוועזין איזט אביר בעו״ה ווען דאז זאל אן שטרענגשטין איזט זוא ברעכט עש[1]) אין קרובתי בילה ע״ה אירי בעשטי צייט אונ׳ בעשטי יארין האט זיא פון אלין איריגין הין וועק גימוזט הגם וויא שונט גישריבן ע״ה אין איר טויטיש נויט האט זיא גימיינט נחת רוח צו האבין דאז בעלה מהור״ר בער כהן זולטי גלוקכי גינומין האבין וועלכיש אך ניט גישעהן איזט, נון וואש הילפט דער גוטי פרא אל איר עשירות אל איר כבוד אליש נישט אין שלטון ביום המות[2]) דאש ווערט איר בייא שטין איר גרויש עניוות אונ׳ פיל גוטיש גיטאן דאז איזט איר איבר גיבליבן פון אל איר עשירות זיא איזט לערך נ״א שנים אלט גיוועזין האבין וויניק מעות צו זאכין ניבראכט קיין ט׳ מאות ר״ט אונ׳ דער היכשטיר האט זיא זוא מילטרייך גיזעגניט וויא עש וויסינטליך איזט אונ׳ דער העכשטי האט להקצין מהור״ר בער כהן גרויש עשירות געבין אונ׳ האט אים געבין זרע קיימא וואור בייא אים המקום ב״ה וויל עד ביאת הגואל ארהאלטין אונ׳ מרחיב גבולו זיין דען ער איין רחב לב האט אונ׳ מאן פינדיט וויניק זייניש גלייכין, היר הער ווערט זיך שיקין וואש איך האב גיפונדין בספר יש נוחלין עם הגהה מן הגאון מהור״ר ישעי׳[3]) וועלכיש מאן מיר אויף טייטיש פיר גיזאגט האט, א׳ רעה האב איך גיזעהין אונטיר דער זונין דיא גאר גרויש איזט אויף דען בן אדם ווען הש״י האט איינים געבין גרויש עשירות ונכסים

1) Wenn das Seil am Strengsten [= Straffsten] ist, so bricht es 2) Koh. 8, 2 3) Abraham b. Sabbatai Hurwitzens Testament, Prag 1615.

און׳ זיך משדך גיוועזין להקצין מחור״ר יהוד׳ מבערלין[1]) און נאר פיל בייא אלי אירי גישוויסטריג גיטאן וויא ידועה׳ זמפורסם איזט לכל בני אדם איך העט זולכיש גאר ניט בפנסקי גישריבן אך ורק ווייל מיך דוכט דאז זולכיש איין זאך איזט דיא ניט גימיין איזט און׳ היר אויז צו זעהין איזט זויא דאז מענשליכי גליק זוא פאר ענדירליך איזט אלזוא האבי איך [מיר] דיא מיא גינומין און׳ זאלכיש דאש פרינציפאלשטי מיט היר אין גיזעצט דען קרובתי הצנועה בילה ע״ה קודם מיתתה גימיינט זיא זעם איין דער העכשטי שטאפיל פון איר גליקזעליקייט וועלכיש אך נאך מענשליכי נאטויר גיוועזין איזט זיא האט מהור״ר בער כהן צום מאן גיהאט וועלכיר איין גרוישר למדן איין כהן איין בן טובים איין מופלג בעשירות איין לב טוב גיהאט ג״ח גיוועזין בין עניים ולעשירים, האבין זער וואול יחדיו גילעבט אויב זיא שונט קיין זרע קיימא גיהאט האבין יחדיו זוא האבין זיא בייא זיך גיהאט בניו של ר׳ פייבש כהן זעליגמאן ואחותו גלוקכי האבין זיא קיין הפרש גיוואוסט און׳ דיאביידי קינדיר גיליבט אליש ווען זיא פון איר אייגין לייב גיבורין ווערין קרובתי בילה ע״ה אל איר טראכטין און׳ זורגין איזט אליש פאר דיא ביידי קינדר גיוועזין ענטליך האט זיא [זוא] לנג ע״ה לפי חכמתה גיערביט[2]) אביר פיל מער מרצונו של המקום ב״ה גיוועזין דאז זיא דען זעליגמאן[3]) צום חתן גימאכט האט עם בת של הקצין ר׳ הירץ הנוביר האב עש אויז אירן מויל גיהערט ע״ה דאז זיא גיזאגט דאש איר דער יונגיר איבר ט״ו אלפים ר״ט גיקאשט האט, וואש איזט דאז פאר איין לב מן מהור״ר בער כהן זיך זוא פיל געלט קאשטין לאזין אן איינין קינד דאר ער דעראיבר אונקיל איזט גיוועזין [אונד בילה ע״ה איזט זיין מימלה

---

1) Jost Liebmann. 2) gearbeitet 3) Ueber Seligmann Berend, den Sohn Bär Cohens aus Hamburg, den Schwiegersohn Samson Wertheimers s. **Kaufmann** p. 98 f.

בער פהן שונט לענגשטיז זיין הערטץ על בת של ר׳ טעבלי שיף גיזעצט האט וועלכי ער אך גינומין אונ׳ איאיר השנה צום ענד גיוועזין איין יונגין זון עמה גיהאט מאן קאן זיך וואול גידענקין וואש פאר איין שמחה מהור״ר בער מיט דען זון גיהאט, קורץ צו פארין איזט ר׳ אנשיל ב״מ איין האשטיגין טוט איין גינומין איזט בלילה פריש אונ׳ גיזונד צו בעט גנגין קיין שעה תוך בעט גילעגין יצא נשמתו הטהורה איזט פון דער גנצי קהילה גאר זער ביקלאגיט גיווארין דען איזט גאר איין אדם חשוב וירא אלקי׳ גיוועזין אשר לא הי׳ דוגמתו לאחר זה בין איך תוך יריד לייפציג גיוועזין לערך א׳ שנה וחצי דאז מהור״ר בער כהן האט חתנה גיהאט קומין כתבי׳ ללייפציג דאז אשת ר׳ בער כהן זער קראנק איזט דיא אנדרי פאשט קומין כתבים דאש זיא טוט איזט, וואש דיזוש פאר איין בהלה תוך לייפציג גיוועזן איזט אי אפשר לכתוב נון ניט לנג דער נאך האט ר׳ בער אחותו של אשתו ע״ה גינומין אין אלין זאכין איזט מהור״ר שמואל ארגילש יד באמצע גיוועזין דען ער גאר הויך אצל מהור״ר בער כהן איזט אשטימירט גיוועזין זמן מה דאר נאך איזט מהור״ר שמואל הנ״ל תוך ב״ה גנגין אן עש״ק אונ׳ ב״מ איין חולשה אן גנגין אונ׳ שטראקס טוט גיוועזין מאן קאן וואול גידענקין וואש פאר איין ארשרעקנים אין דער קהילה איזט גיוועזין אלזו בעו״ה אין איינר קארצי צייט ר׳ אנשיל מהור״ר שמואל ארגילש ואשת ר״ב כהן גישטארבין, אויב נון קרובתי בילה ע״ה איזט צו קורץ גישעהין עם הת״כ מן מהור״ר בער אונ׳ הנ״ל זענין עדים גיוועזין איזט אליש להמקום ב״ה ביקאנט אונ׳ בין איך אונ׳ אלי מענשין פיל צו שוואך דאז מיר דרויף זולטין גידענקין אך ורק להמקו׳ ב״ה וב״ש צו ביטין ער ווייטיר מיסיר חרון אפו מעלינו ומכ״י זיין זאל, לאחר זה האט מהור״ר בער כהן גלוקכי תוך עושר וכבוד איוז געבין

דאז איך זולטי דען יותם גלוקכי היזק טון אביר אחי מיר גיזאגט אונ' גישווארין ער וויסט גיוויש דאז ר' בער גלוקכי ניט נעמט אונ' נעמיט ער בתי ניט זוא נעמיט ער איין ווילד פרעמדי זוא איזט דאז גנטצי בית אנטפרעמט, נון ווער וואלט זיך ניט גערין עם מהור"ר בער כהן האבין מתחתן גיוועזין דאר אלי מעלות בעולם אן זענין[1] אלזו איזט אחי לר' בער הנ"ל גנגין אונ' השידוך גירעט והישב ער קענט בתי תי' ניט דאך מאן זאלטי מיט ר' אנשיל אונ' אשתו ור' ראובן רידן באם ער מאכין קענטי דאז זיא מאכטין דאז גלוקכי אים זיין ת"כ מוחל ווער וועלכיש ער אן דודתה בילה ע"ה גיטאן האט ווער ער פרידליך[2], אביר דאר אחי מיט הקרובי' הנ"ל גירעט זענין זיא מלא חימה גיוועזין אונ' וויא מאן זאגיט זולטי מטה רויטשילט גיזאגט האבין איאיר זיא וואלט לידין דאש בתי תי' זולט ר' בער נעמין פיל ליבר וואלט זיא האבין דאש איין ווילט פרעמדיר ר' בער נאם אלזו האבי איך דיזוש גיהערט אונ' מיך ווייטיר ניקש אין גיקריט[3] צווישן דעסין האט מהור"ר בער כהן עם גלוקכי גירעט אונ' גיבעטין זולט אים הת"כ מוחל זיין ער וואלטי אים גרושי נדוני' נאך געבין אונ' איין פיינין חשובין בחור געבין, אביר אליש קיין דיעה גיוואלט אלזו האט זיך ר' בער כהן אצל רבנים גישריבן אונ' העסק פיר גיבראכט אונ' אום התרה אן גיהאלטין דאש ער מויכט איין פרא נעמין הגאון אב"ד בקלויז באלטנה[4] האט אים וואלין קיין התרה געבין אביר וויא מאן גיזאגט האט ע"י רבני' אחרים התרה ביקומין ר' אנשיל דאז ער גיזעהן האט דאז קיין דיעה איזט דאש מהור"ר בער גלוקכי נעמין ווירט אלזו העט ער גערין גיזעהן דאז מהור"ר בער כהן העט דיא זעלבי גינומין. אביר עש שיינט דאז מהור"ר

---

1) da [= an dem] alle Vorzüge der Welt an sind 2) zufrieden 3) daran gekehrt 4) R. Zebi Aschkenasi s. Kaufmann, die letzte Vertreibung p. 220 n. 2.

לנג דער מענש נאך לעבינ דאז ער ניט יוצא איזט ער
ווארטין זאל זולכיש האט דיא פריינט בכלל הנ״ל זער ארשרעקט
אונ׳ אין מיט גרויש גימיט ביוועגניש צו גימיט גפירט דאש
ער לאשתו אין אירי טויטיש נוט אונ׳ אנגשט האט ת״כ געבין
אונ׳ פאר עדים מקבל קנין גיוועזין דאז ער גלוקכי לאחר
מותה נעמין וויל, האט מהור״ר בער כהן גיזאגט יוא עש איזט
אמת אוביר איך האב זולכיש גיטאן מיין פרא ע״ה צו איר נחת
רוח, צו דעם בין איך [בעו״ה] אין זוא איין צרה גישטאכין[1]
דאז איך ניט גיוואושט וואש איך טון זאל, איך ביט לאז מיר
גלוקכי מיין ת״כ מוחל זיין איך וויל אים איין גרויש שטיק
געלט צור נדוני׳ נאך געבין דאז עש קאן איינין פיינין בריה
ביקומין אליש איך בין, צו דעם איר פערכט אייך דאז מיין
הויז זאל ניט פון אייך פאר פרעמט ווערין העט איר זונשטין
איין בתולה אונטיר אייאיר משפחה דיא ראוי לנשואין
איזט וויל איך דיא זעלבי נעמין אונ׳ דאך בייא גלוקכי טון
וויא גידאכט, אביר דיא אליש אויף גלוקכי גיהאלטין איזט
גיוועזין וויא שונט גידאכט, ר׳ אנשיל ואשתו מטה ואחיה ר׳
ראובן רויטשילט דיא האבין קיינים קיין אנדרין השידוך גיגינט
אליש גלוקכי דען אפשר מורא גיהאט באם איין אנדריר
שידוך גשען האטשי ג״ב פון אירי משפחה ווערין זיא ניקש
מער נחשוב בבית של הקצין הנ״ל ובאמת זענין הנ״ל גאר
חשוב אצל מהור״ר בער כהן גיוועזין ממש על פיהם יצאו
ויבואו, באותו פעם האב איך בתי פריידכין גיהאט איזט
צווארין נאר י״ב שנים אלט גיוועזין אביר פאר זייניר עלטיר
גאר גרויש גיוועזין אונ׳ גאר איין שין מענש גיוועזין דאז
קיין דוגמה גיהאט, אלזו איזט אחי ר׳ וואלף צו מיר קומין
אונ׳ גיזאגט וואש טושטו וויא זיצטו שטיל ר׳ בער כהן
נעמט גלוקכי ניט אלזו וויל אים בתך רידן, איך האבי אחי
אויז גילאכט אונ׳ דאר בייא מזלזל גיוועזין וואש רידישט דוא

[1]) = gesteckt.

אלזו איזט זיא בשם טוב גישטארבין אונ׳ נקבר גיווארין
בעלה מהור״ר בער אונ׳ אלי פריינט גרושין צער גיטריבן
וויא צו דענקין שטיט ובפרט מחותני ר׳ אנשיל ואשתו מטה
וועלכי בת אחותה גיוועזין איזט אונ׳ ראובן [בן] אחותו של מטה
וועלכיר ג״כ בבית מהור״ר בער כהן איזט מגידל גיווארין
אונ׳ זענין אך מיט היתום גלוקכי איזט מטה אשת ר׳ אנשיל
ע״ה מימלי[1]) גיוועזין ואחיו ראובן איזט דודו של גלוקכין
גיוועזין דאז זיא זיך לאחר השבעה האבין לקצת ווידר מנחם
גיוועזין אונ׳ גידאכט דאז הבית של הקצין ר׳ בער כהן דאך
ניט אנט פרעמט ווערט קומט איר נאהנדי קרובה גלוקכי
ווידר דרין אלזו איזט איין צייט לנג גאך דער שבעה הין
גאנגין דאז דיא קרובי׳ הנ״ל מן גלוקכי האבין אן הקצין
מהור״ר בער כהן גידרונגין ער זאלטי עש אופין באר מאכין
דאז ער היתומה גלוקכי ווידר נעמט כדי ער מנוחה פאר
דיא שדכני׳ האט אונ׳ זיא פון זיך פטרת וויא ער אך באמת
קיין מנוחה גיהאט דען איין אידריר דער איין בת גיהאט
העט זיך גערין עם מהור״ר בער מתחתן גיוועזין ווען ער זיך
אך העט זולין מכלה זיין, נון מהור״ר בער כהן האט הקרובים
דוחה גיוועזין פון איניר צייט צור אנדרי אונ׳ פאר גיבראכט
ווער נאך צו פריא לבסוף אביר איזט הרויז גיקומין עש
ווערי אימי אי אפשר דאז ער היתום נעמין קענטי דען ער
העט היתום בביתו ארצאגין אליש איין קינט אונ׳ אך עמה
אום גאנגין אליש וויא מיט איינים קינט זוא איזט עש אים
און מיגליך זוא איין קינד פאר איין פרא צו נעמין, זולת זה
איזט ער איין מאן דער חשוכי בני׳ איזט אונ׳ איזט קיין
קינט מער וויא זאל ער איין אשה נעמין דיא תוך כמה שנים
קיין בת בנים איזט זולטי ער נון איזהו שני׳ ווארטין על
בתולה הנ״ל דאש זיא איין בת בני׳ ווערט מי יודעה וויא

---

1) Mämmele = Muhme, Tante.

ר׳ יוסף אונ׳ מהור״ר שמואל הנ״ל גיגעבין אונ׳ מקבל קניך דרויף גיוועזין אלזו האט זיא זיך ע״ה דרויף צו רוא גיגעבין אונ׳ אך גיזאגט זיא וואלט נון גערין שטערבין דאר וייל זיא נון וויסטי דאז זיא איר גלוקכי וואול פאר וואַרט העט אביר מיין גאט וויא קומט דאז זוא ניט וויא מיר מענשין עש גידענקין זיא האבין גישריבן אן ר׳ זעליק להנוביר וועלכיר איזט אח מן היתום גלוקכין גיוועזין אונ׳ האבין אין ג״כ ארצאגין אונ׳ האבין זיך עמו עם הקצין ר׳ הירץ הנוביר[1] משדך גיוועזין ער זולטי לדודתו בילה קומין וועלכי גיפעהרליך קרנק ווער אונ׳ אין גערין קודם מיתה זעהן וויל דען זיא האבין דיא בידי קינדר הנ״ל גאר זער גיליבט צווישן דעסין האבין דיא רפואות איר ווערקין גיטאן אונ׳ זענין כמה עמיר מים פון איר גיקומין אלזו דאז מאן האט גימיינט זולכיש ווער צו איר גינעזונג אביר קונטרארי זולכיש בעו״ה גראד איר מיתה מקרב גיוועזין ר׳ זעליק מהנוביר איזט גיקומין אונ׳ זיא צוואהרין גיפונדין אין מיינונג צור בעשירונג אביר וואש זאל איך מיך פיל מזו מטעריי אויף האלטין ער איזט קיין יום בייא איר גיוועזין זוא האט זיא המקום ב״ה צו זיך גינומין צו אירן מאן אונ׳ אונזיר גנצי פריינדשאפט אונ׳ דער גנצי קהילה גרוזיש לייט וועזין דען זיא איזט גאט זייא איר גנעדיג איין וואקרי פאר שטענדיגי פרא גיוועזין דיא דאז לב מבעלה גאר וואול צו ריגירין גיוואושט, נן וואש מאג דאש אליש העלפין אל איר געלט אונ׳ גוט אונ׳ אליש גוטיש וואש בעלה הקצין מהור״ר בער כהן בשבילה גיטאן האט ניקש וואלין העלפין האט פיל לאזין בשבילה לערנין גרושי צדקות אויז גוטיילט אביר שיינט איר צייט איזט דאר גיוועזין אונ׳ דער ר״ה מי יחיה ומי ימות אם זעלבין בישלאסין גיווארין,

---

[1]) Wohl Juda Naftali Hirz, der am 13. Adar 1709 iu Hannover verstorbene Sohn Leffmann Behrens' s. Kaufmann, Samson Wertheimer p. 86 n. 1.

המבורג גיקומן אונ׳ מייני קינדר אונ׳ זעמפטליכי פאמיליע
ת״ל גיזונד גיפונדין וועלכיש אונש נאך מצידי צדדים נאך
דעם איך י״ב שבועות בין אויזן גיוועזין גאר זער ארפרייאיט
האט, נאך דעם האט הש״י ב״ה קרובתי בילה ע״ה אשת
מהור״ר בער כהן אהיים גיזוכט מיט אייני משוני קרענק
דאז זיא ל״ע איר מים ניט האט לאזין קענין וועלכיש וואול
ד׳ שבועות גיווארט האט אוב נון מחו׳ הקצין מהור״ר בער
כהן שונט אלי טרייא אן אשתו אונ׳ אלי רופאים גיברויכט
האט עש דאך אליש ניט העלפין וואלין דען שיינט דאש
זולכיש בייא גאט דען אלמעכטיגין בישלאסין גיווארין אלזו
האט זיא זיך ע״ה לערך ג׳ שבועות זוא מיט אקזידענט[1])
גיקוועלט, נון קאן מאן וואול דענקין דאש מאן אליש אין
דער וועלט גיברויכט אונ׳ גיטאן האט הן אין רפואות וסגולות
הקצין מהור״ר בער כהן קיין מעות גישפארט עש זייא מעט
או רב אביר אליש ניקש גיהאלפין וויא נון קרובתי בילה
גיזעהן האט דאז עש אלי יום מיט איר ערגיר ווערט אונ׳
דאז אלי רפואות ניקש אן שלאגין אלזו האט זיא נינומין גיסי
ר׳ יוסף סג״ל אונ׳ כהור״ר שמואל ארגליש שי׳ אונ׳ דאז
בעלה מהור״ר בער כהן לאזין צו זיך רופין אונ׳ גאר
ביוועגליך עמו גירעט אודות היתום גליקכין וועלכיש זיא בייא
זיך האבין אונ׳ ארצאגין איזט לערך י״ב או י״א שני׳ אלט
גיוועזין אונ׳ האבין בידי דאז מייטכין און בישרייבליך ליפ
גיהאט אלזו האט זיא לבעלה מהור״ר בער גאר זער גיבעטין
ער מויכט איר דען נחת רוח טון איאיר זיא שטערבית אונ׳
איר ת״כ[2]) געבין ווען זיא שטערבית דאז ער קיין אנדרין נעמין
וואלטין אליש דאז יותם גלוקכין בת ר׳ פייבש כהן שי׳ וואור
איבר מהור״ר בער איזט אונקיל גיוועזין אלזו האט ר׳ בער
כהן זאלכיש מיט שרייאינדיגי אגין צו גיזאגט, אונ׳ ת״כ אן

---

[1]) Accident, Zufällen? [2]) = תקיעת כף Handschlag.

אירין פאטיר לכבוד טון אונ׳ מיט זיא נאך ברייט ציאין וועלכיש
מיך גידוכט גאר שווער צו זיין, אביר מיר האבין אונזיר
קוטשיר גיהאט גידונגין ביזקין האלבירשטאט אלזו האבין
מיר אים גיפראגט אונ׳ מיט אים אויז גימאכט דאז מיר
האבין אים ב׳ ר״ט יותר געבין דאז מיט אונש על ברייט
גיפארין ומשם על נואימבורג[1]) איזט באותו פעם יריד לשם
גיוועזין זעקלי ווינר איזט ג״כ אצלינו גיוועזן אונ׳ מיך דאר
צו בירעט, מחותני הקצין ר׳ משה ב״ב צו מיר גיזאגט ווען
עש מיר איין פריינט שאפט ווער וואלטי ער ג״כ מיט מיר
נאך ברייט ציאין אויב איך זולביש שוין מיט היפליכי
קומפלימענט וואלין אפ לינין אונ׳ אים זולכי גרושי טרחה
[אונזר] ניט אנזינין זיין[2]) זוא איזט דאך דיא הסכמה גיבליבן דאז
מיר מיט זעמפטליכי חברות׳ זיינין לברייט גיפאהרין אונ׳ אלזו
לשם קומין וואור מיר מחו׳ הקצין ר״ש הנ״ל אן גיטראפין וועלכיר
איין גרושי שמחה מיט אונש גיהאט, הגם איזט תחילת אב
גיוועזין ומשנכנס אב ממעטי׳ בשמחה דערינט ווענין מיר
איין גרינגי אבינט מאהלצייט גיהאט האבין דען איזט גיקש
צו ביקומין גיוועזין אביר למחר׳ האט מחו׳ הנ״ל שלוחים
אויז גשיקט אונ׳ לאזין כמה מינים חשובי דגים הולין אונ׳
זונשטין מאכלים מן חלב לאזין צו ריכטין וואש מאן אין
דער האשט האט פאר פירטיגין קענין דען איך האב מיך ניט
לענגיר וואלין אויף האלטין לאזין, נון מחו׳ הנ״ל מיר אך צו זאגין[3])
מיך ניט לענגיר אליש קלאק איין אויף האלטין נאך דעם עסין
האבין מיר אייניך פום אנדרין אפ שייד גינומין אונ׳ איך
ובני החתן ר׳ משה אונ׳ זעקלי ווינר אונש צו זאמין גיזעצט
אונ׳ ממש מיט נאשי טרערין מן מחו׳ הקצין ר׳ משה אפ־
שייד גינומן אלזו האט מיך דיזי גליקליכי צו זאמין קונפט
פאר ערשט טרענין מוזין אונ׳ זענין ווידר גליקליך נאך

---

[1]) Naumburg [2]) ansinnen sein = zumuthen [3]) zusagen.

פארט גיפאהרין, אביר זענין קום איין רביעי׳ שעה פון דען מקום גיוועזין, קומט נעביך דער שדכין נאך צו רייטין אונ׳ ביט [אונש] אומש גאטיש ווילן כיר זולטין ווידר נאך ב״ב קומין דען בניו של ר׳ שמשין בייארשדארף זערין לשם אונ׳ וואלטין אליש ריכטיג מאכין, אביר איך האב זולכיש ניט טון וואלין אונ׳ ניט צו רוק פארין אלזו זאגט מחו׳ ר׳ משה [זעכט][1]) היר ליגט איין היפש דארף פאר אונש דאר איזט איין היפש ווערטץ הויז אין עש איזט דאך נון באלדי נאכט דאז מיר ניט וויטיר פארין וואלין אלזו וואלין מיר איבר נכט אין דעןווירטש הויז בלייבין אונ׳ ווען ר׳ שמשין בייארשדארף זיין קינדר וואלין צו אונש קאמין מעגין זיא טון, נון איך בין דאר מיט צו פרידין גיוועזין אונ׳ דער שדכין ג״כ איזט פרויא גיוועזין דאז ער אונש צום שטאנט גיבראכט אונ׳ איזט תכף צורוק גיצאגין נאך ב״ב האט קיין שעה גיווארט איזט בייא אונש אין דער הערבערג גיקומין אב״ד מהור״ר מענדיל רויט שילט[2]) מבאמבערג אונ׳ בניו של מהו׳ הקצין ר׳ שמשין בייארשדארף אונ׳ איין ב״ב מבאמבערג בשמו ליב ביביר ואחיו ר׳ וואלף אייטיל וואקרי לייט אונ׳ מופלגי׳ בעשירות לקצר מיר האבין ניט לנג פילפולים גיהאט אונ׳ הקנס למז״ט גיליגט דיא ב׳ זין הנ״ל זענין אליש גישטאנדין בכח אביהם אונ׳ אליש פאר שריבן אלזו מיר דיא נכט אין אייטיל ששון ושמחה צו גיבראכט למז״ט נון איזט מחו׳ ר׳ שמשין בייארשדארף ניט בביתו גיוועזין אך ורק איזט תוך ברייט[3]) אצל המארגגראפין מברייט יר״ה גיוועזין בייא וועלכין ער זער תקוף אונ׳ זיין הויף יוד גיוועזין כידועה לכל אלזו האבין אונש דיא זין זער גיבעטין מיר מוכטין דאך דען גיפאלין טון אונ׳ עש

---

1) Seht 2) Menachem Mendel b. Salomo Salman Rothschild, gestorben 1731 als Rabbiner von Worms s. Lewysohn נפשות צדיקים Nr. 41 3) Bayreuth.

גיקומין דאר איך מיך תכף האב פערטיג גימאכט אום ווידר
עם בני ר' משה סג"ל להמבורג צו ציאין, נון השדכן דער
השידוך גירעט האט בפיורדא גיוואונט איזט דיא גנטצי צייט
תוך באמבערג גילעגין אונ' גערין גיזעהין דאז השידוך
כפייארשדארף גישעהן זולט, אביר איך האבי אים מיין
ריזלוטציא[1]) גיזאגט זוא אונ' אלזו מוז עש זיין אונ' אנדרשט
ניט, לקצר דער שדכין האט גיזאגט נון איך זיך וואול דאז
איר ניט אנדרשט וואלט אונ' איר זייט רייז פערטיג זוא ביט
איך איך טוט מיר דען גיפאלין אונ' בלייבט היר ביזקין נאך
מיטאג אום קלאקי צווייא איך האבי אינין אליש לבייארשדארף
גישריבן איך וויס גיוויש מיר וערין נאך מיטאג פאר צווייאין
תשובה ביקומין דאז אליש וערט ריכטיג זיין, קומט אביר
דיא קלאקי צווייא קיין תשובה וויל אייך יותר ניט אויף
האלטין בין זולביש צו פרידין גיוועזין אונ' אונש אליש
פערטיג גימאכט מחו' ר' משה אונ' בני ר' זנוויל מיט אונש
על איזה פרסאות לכבוד וואלין מיט ציאין, אין מיטילשט[2])
איזט איין סעודה פאר פירטיגט גיווארין כסעודת שלמה
בשעתה איך קאן אך ניט ערשרייבין וואש דער ר' משה
פאר איין וואקריר מאן איזט איין חכם מחוכם אונ' דער
אלי מענשין כל הכבוד שבעולם אן טוט, נון וויא מיר וואול
גיגעסין אונ' גיטרונקן איזט עש שון דרייא אוהר גיוועזין
אביר איזט ניקש מן בייארשדארף צו זעהן אודר צו הערין
גיוועזין, אלזו האבין מיר זיך מיט אונזיר זעמפטליכי חברות' אויף
גיזעצט אונ' אום גיפעהר קלאקי פיניף אייז באמבערג אויז
גיצאגין אוב שונט מחו' הקצין ר' משה ב"ב זער אן מיר
מפציר גיוועזין מאחר עש נגד לילה גיט זולטין מיר אצלו
בלייבין אונ' למחרת בהשכמה אונזיר דרך פורט נעמין אביר
איך האב קיין דיעה גיוואלט אונ' אלזו אין נאמין דאז הערין

1) Resolution 2) mittlerweile.

ולהראות אלזו האבין דיא בידי זין[1]) וועלכי שונט אויז גיגעבין זיין גיוועזין עמי גירעט אונ' גיזאגט וואש אביהם וויל לנדן געבין, אלזו איניז צור תשובה געבין איך האב בני הבחור ר' משה דארום מיט גינומין, כדי לראות כנ"ל נאך דער חתנה וואלין מיר איין שפאציר רייז טון לק"ק פיורדא וועלכיש ב' פרסאות פון בייארשדארף איזט אלזו וואלין מיר זעהן צו רעכט צו קומין, בני איזט נאך איין שידוך תוך ב"ב גירעט גיווארין גם א' שידוך בפיורדא אלזו האב איך מיך בירעט עם מחו' ר' משה באמבערג דאז מיר יחדיו איין שפאציר רייז וואלין לפירט נעמין מיר האבין נון הקרן גיזעהן הוך באמבערג וואלין אך זעהן וואש תוך פירט אונ' בייארשדארף איזט אלז זענין מיר דהיינו מחו' ר' משה ואשתו אונ' איך ובני ר' משה סג"ל דיא לושטיר רייז אן גינומין אלזו זענין מיר לבייארשדארף גיוועזין אונ' בת של מחותני ר' שמשין גיזעהין ער האט בני ג"כ גיזעהין אונ' זענין אך גאר נאהנט[2]) דראן גיוועזין אביר אום אלף מארק ניט קענין יחדיו קומין[3]) אלזו זענין מיר יחדיו לפיורדא גיצאגין אונ' איבר לילה תוך פירד גיוועזין איך קאן ניט ארשרייבן דען כבוד וואז אונש גישעהן איזט, דיא פרינציפאלשטי בעלי בתים עם נשותיהם זענין אין אונזיר ווערטץ הויז[4]) גיקומן אונ' אונש מיט גיוואלט מיט זיך אין אירי הייזיר וואלין נעמין, ענטליך האט עש ש"ב מן בנו של ש"ב מרדכי כהן ניט פאר זאגין קענין אונ' מוזין יחדיו מיט אים גין, נון מיר זענין דיא לילה גאר וואול אין אלים טראקטירט גיווארין ומאחר מיר בדיעה גיהאט גלייך אך גישעהין דאז מיר למחרת ווידיר הין וועק ציאין וואלטין אלזו מיר אך אודות שידוך בפיורדא זונדיר עטוואש צו פאר ריכטין זענין הין וועק גיצאגין אונ' ווידר לבאמבערג

---

[1]) Söhne [2]) nahe [3]) eins werden [4]) Wirthshaus.

לא יותר גיהאט אליש ד׳ אלפי׳ ר״ט הגם מיר תוך המבורג זולכיש תכף גיוואושט אונ׳ איך תכף אן הגאון אב״ד מהור״ר שמשין גישריבן דאש ער מיט דען ה׳ אלפים ר״ט טעות זוער אונ׳ בני לא יותר העט אליש ד״א טייטש מעות אביר הקצין מהור״ר שמשין האט גישריבן עש ווער ניקש דראן גילעגין מאן זולטי התנאים נור זוא לאזין ווער נאך לקצת מער כבוד צור חתנה ווערט זולכיש קיין פילפול זיין אביר לע״ע האט מחו׳ הקצין ר׳ משה ב״ב פיל אנדרשטיר צו גיזאגט ער קעריט זיך נירגינץ אן לויט זייני תנאים אלזו האבין מיר גרושי פילפולים יחדיו גיהאט דאש אליש החתנה ניט האט קענין ר״ח תמוז ווערין מחותני ר׳ משה משום זה ערשט לווין גישריבן הגאון אב״ד מהור״ר שמשין מווין האט ניקש אנדרשט אלש האמת גישריבן, צווישן דעסין איאיר הכתבי׳ גיקומין זיין האט מחו׳ הקצין ר׳ משה גימיינט פון מיר נאך לקצת ארויז צו קוועטשין, אביר דאר ער גיזעהן דאש ממני ניקש צו קוועטשין איזט אונ׳ הכתבי׳ מווינא זענין אך גיקומין דאז איך רעכט האב אלזו איזט החתנה חצי תמוז גיוואורין מיט אלי כבוד אונ׳ הערליכקייט זוא פיל מיר ב״י האבין קענין אונ׳ מצדי צדדי׳ פיל פאר נעמי לנדיש ב״ב הין גיקומין אויף דער חתנה וואר מנקין ב׳ בניו מן מחו׳ מהור״ר שמשין פייארשדארף עם השדכין גיוועזין זיין, דען בהמבורג איזט מיר לבני ר׳ משה סג״ל גירעט גיוואורין בת של ר׳ שמשון בייארשדארף[1] ומאחר בייארשדארף נור ג׳ פרסאות מב״ב איזט אלזו האבי איך אן השדכין תשובה גיגעבין מאחר איך דאך לבאמבערג מוז על התנות בני ר״ז סג״ל אלזו וויל איך בני ר׳ משה סג״ל מיט נעמין כדי לראות

---

1) Ueber Samson aus Baiersdorf, den Hofjuden des Markgrafen von Bayreuth s. Haenle, Geschichte der Juden im ehemaligen Fürstenthum Ansbach 80.

אצלו בביתו זיין אונ׳ וואלטי מיר ב׳ פון זייני בעשטי חדרים אין געבין, גם אלין מו״מ דען איך טון וואלטי זולטי מיר פרייא שטין, צו דעם ענד האב איך ממנו איין מעבטיגין קיסירשין פאס ביקומין[1]) אלזו האב איך מיך דאר צו גיריכט אונ׳ ניט אנדרשט לדעתי גיהאט פון דער חתנה לווין צו ציאין, צו דעם ענד האבי איך וואול נ׳ אלפי׳ ר״ט יובלאטציא אצלי גיהאט דיא איך האבי וואלין מיט נעמין לווין, אביר רבות מחשבות בלב איש ועצת ה׳ היא תקום[2]), אלזו בין איך עם בני נתן סג״ל ובני ר׳ משה סג״ל וועלכיר נאך איין בחור גיוועזין ללייפציג גיצאגין, וויא מיר תוך לייפציג זענין אלזו קריגט בני נתן סג״ל כתבי׳ מהמבורג דאש מאן אים גישריבן ער מויזט לאחר יריד לייפציג תכף לביתו קומין אום אייניגי עסקים ווילין אלזו איזט מיין ווינר רייז גנץ צו רוק גנגין, דען איך האב אהן בני נתן סג״ל ניט לווין ציאין וואלין, אלזו האב איך אל מיין יובלאציא ווידר מיט להמבורג געבין, נור פאר איזהו אלפים אצלי גיהאלטין אונ׳ איך בין עם בני ר׳ משה סג״ל גנץ אליינט מלייפציג לבאמבערג גיצאגין, האבי מיך גרושי צרות גינ׳ט דען איזט גאר איין ביזיר וועג אונ׳ איך בין איין אשה גוועזין ובני ר׳ משה נאך גאר יונג איין קינט מן ט״ו שנים דען נאך ווען מאן מעות האט קאן מאן אליר וועגין צו רעבט קומין האט גרויש מעות דיא רייז גיקאשט, נון בין לבאמבערג גיקומין אום מיטיר נבט למחרת איזט מיין מחותן ומחותנת וכלה מיך אמפאנגין אלזו בין איך אין מיינונג גיוועזין תכף ר״ח תמוז חתנה צו מאכין אביר איזט איין גרושיר קלקול דארין גיקומין, מאחר גיסי ר׳ יוסף סג״ל בלתי ידיעתי האט לאזין בתנאי׳ שרייבן הנדן מבני ר׳ זנוויל סג״ל ה׳ אלפי׳ ר״ט אונ׳ ער האט

---

[1]) Vgl. Kaufmann a. a. O. 77 [2]) Prov. 19, 21.

הגאון מהור״ר שמשין אן מיך גיטאן אונ׳ גישריבן האט אונ׳ מבטיח גיוועזין למחי׳ שלחני[1] דאז אים אונ׳ אל זיין ברידר זאל וואול זיין, ולאחר זה כמה וכמה כתבי׳ מן הקצין מהור״ר שמשין הנ״ל גיהאט אונ׳ זיך גאר פריינטליך נגדי ארצייגט, באותו פעם איזט בני זנוויל תוך פ״פ אן מיין אין דער מעס גיוועזין אלזו האב איך אים גישריבן דאז ער איין חהן איזט עם בת של ר׳ משה ב״ב ער זאלטי תכף לאחר יריד פ״פ לווין ציאין אונ׳ לשם זיין ביזקין החתנה ווערט אלזו איזט בני זנוויל מפ״פ לווין גיצאגין אונ׳ גליקליך אן גיקומין הקצין אב״ד מהור״ר שמשין אים אך בכבוד מקבל גיוועזין און אן מיך גישריבן וויא ער גאר וואול עמו צו פרידין ווער אונ׳ אים תכף איין ר׳ גידונגין, נון איזט בני זנוויל תוך ווין גיוועזין איזט [ז]ער יונג גיוועזין אונ׳ מעשה נערות גיטאן אונ׳ הגאון מהור״ר שמשין אך ניט פיל אויף זיכט עליו גיהאט גאר פיל מעות אין דיא ב׳ שני׳ פאר טון צווארין בני ר׳ זנוויל אליש גישריבן אונ׳ גיבעטין מאן זולטי אים דאך חתנה מאכין דען ער האט קיין חישוק יותר אין ווין צו בלייבין אביר מאחר כלתו נאך גאר יונג אונ׳ קליין גיוועזין איזט ער בייא ג׳ שני׳ אין קנס גנגין לאחר זה איזט חמיו ר׳ משה תוך ווין גיוועזין אונ׳ אויף מיין פילפעלטיגיש שרייבין זיך מרצה גיוועזין דאז זיא ר״ח תמוז תוך באמבערג [וואלין] החתנה מאכין אונ׳ בני ר׳ זנוויל מיר גישריבן דאז ער עם חמיו ר׳ משה מווין ציאיט, אונ׳ זולטי מיך דער נאך ריכטין דאז איך ר״ח תמוז תוך ב״ב ווער, וועלכיש איך אך גיטאן אונ׳ בין אהן דעסין לירוד לייפציג גיצאגין ומשם האבי איך וואלין לבאמבערג ציאין, נזן האט מיר הקצין אב״ד מהור״ר שמשין גושריבן מאחר תוך המבורג גדול רשעות גיוועזין אלזו ער מיר גישריבן איך זולט מן החתנה לווין קומין אונ׳ זולטי

---

1) 1 Mos. 45, 5.

גשיקט לק"ק פרנקפורט צו לערנין אין דער קלויז ובני ר'
זנוויל סג"ל עם סחורות ג"כ לשם גשיקט, ווילין בני ר'
זנוויל ע"ה בק"פ[1]) איזט קריגט גיסי ר' יוסף סג"ל כתבים מן
ר' משה באמבערג[2]) ווערלכיר גיסי ר' יוסף סג"ל זיין אוהב
נאמן גיוועזין איזט, אלזו שרייבט דער ר' משה אן גיסי ר' יוסף
סג"ל אונ' פראגט אים [אום] עצה בשביל שידוך ער עם בתו
בהמבורג טון זאל, אותו כתב ביקומט גיסי אן שבת זוא
לאזט ער מיך רופין לביתו איזט ער תוך גארטין עם אחותי
עלקלי שפאצירין גנגין וויא איך צו אים קום זאגט ער צו
מיר מ"ט בנך זנוויל איזט איין חתן איך לאך אונ' זאג ווען
ער איין חתן איזט גיהער איך דאך ביליך ג"כ פון צו ווישין
אלזו ווייסט ער מיר הכתב מן ר' משה באמבערג ווערלכיר
באותו פעם צו ווין גיוועזין איזט אונ' הגאון אב"ד מהור"ר
שמשין שרייבט ג"כ אן גיסי ר' יוסף דאז ער אויף זיין אמיתות
ב"ד האמת שרייבן זאל וואש אים בייא דיזון שידוך דיכט[3])
גיראטין צו זיין אלזו לייא איך הכתבי' אונ' זאג לגיסי ר'
יוסף היראויז זיך איך נאך ניט דאז בני זנוויל איין חתן
איזט, זוא זאגיט גיסי ר' יוסף איך וויל אייך ערוב זיין על
כתבי דאז איך ווער לווין שרייבין ווערט בנך זנוויל סג"ל
איין חתן זיין עם בת של ר' משה באמבערג, דער ר' משה
באמבערג איזט גיוועזין גיסו של הגאון מהור"ר שמשין מווין
אלזו האט גיסי ר' יוסף תכף מבני ר' זנוויל גישריבן אלזו
איזט השידוך עם ב' כתבי' נגמור גיווארין אונ' הגאון מהור"ר
שמשין האט גישריבן מאן זאל אים בני זנוויל סג"ל תכף
לווין שיקין זאל אצלו זיין עד החתנה, דען החתנה איזט ב'
שני' אויף גישלאגין גיווארין וואש פאר גרושי הבטחות נון

---

1) = בק"ק פרנקפורט 2) Mose Brilin in Bamberg, Sohn R. Isak's, des Rabbiners von Hammelburg und Mannheim, war der Schwager Samson Wertheimers in Wien s. Kaufmann p. 79 n. 2 3) däucht.

אלש בני נתן סג״ל גבירט האט אונ׳ זיך בכתבו עקסקוזירט
ווער ניט בביתו גיוועזין זונשטין איאיר גשיקט אלזו האבין
מיר החתנה בשמחה ובלב טוב גימאכט אונ׳ זענין זער
פאר גניגט מצדי צדדים גיוועזין, נון לאחר החתנה האב
איך זער גיאיילט דאז גערין ווער[1]) לביתי גיצאגין ווער אונ׳
האב קיין אנדרי חברות׳ גיהאט אליש משה בנו של מחותני
מאיר וועלכיר ניט זוא זער גיאיילט מאביו ומאמו צו ציאין
אליש איך אלזו מוזין בעל כרחי וואול ד״י יום לאחר החתנה
לשם בלייבין אוב איך נון שונט אלי גוטי טראקטימענטין
וכבוד שבעולם האב גיהאט, איזט מיר דאך אליש ניט אין
ננגין אונ׳ ליבירשט בביתי בייא מיין קינדרכיר גיוועזין ווער,
ענטליך משה הנ״ל זוא פיל גימיצרת דאש ער זיך ריזילפירין
מוזין מיט מיר אהיים להמבורג צו ציאין אלזו האבין מיר
זיך גירישט אום אונזיר רייז פערטיג צו מאכין אונ׳ זענין
אלזו להמבורג גיצאגין אונ׳ ת״ל גליקליך אונ׳ וואול אן
גיקומין, איך האב חשבון מבני ר׳ ליב סג״ל גינומין פון
מייני סחורות דיא איך אים גילאזין האבי האט מיר מכ״ד[2])
גוטין חשבון גיגעבין דאש איך גנץ בין פאר גניגט גיוועזין
אלזו האב איך נאך גיהאט ד׳ יתומי׳ בני ר׳ זנוויל ע״ה ובני
ר׳ משה סג״ל בתי פריידכן ובתי מרים שי׳ ותי׳ אויב מיר
נון צווארין כמה וכמה פרינציפאל[י] שידוכי׳ זענין גירעט
גיווארין דאש איך העט ווידר קענין תוך עושר וכבוד צו
זיטצין קומין האב איך דאך גידאכט דאז זאלכיש מייני
קינדרין צו ווידרין ווער אונ׳ אליש לאזין צו מיינין גרוישן
און גליק לאזין צו רוק גין וויא ווייטיר ווערט צו פאר נעמין
זיין, לאחר זה איזט בני ר׳ זנוויל ע״ה אך גרויש גיווארין
האב אים לעתים מיט ליריד ברונשוויג גינומין מאחר ער ניט
לערנין וואלין מסוגל צום סוחר זיין זאל, בני ר׳ משה סג״ל
האט גאר וואול גילערנט, אלזו האב איך בני ר׳ משה סג״ל

---

[1]) F.: ווידר [2]) = מכל דבר von Allem.

אן גיטראפין לא די בני נתן סג״ל קיין רימיסיא[1]) אפילו קיין כתבי׳ מהם ניהאט מפני מה שלא שלחו הרמיסיא נון בני נתן סג״ל האט זולין מיט לקאפין האגין על החתנה ציאין אביר מטעם הנ״ל ניט קענין מיט ציאין ער האט מוזין זעהן זיין כבוד וכבוד פון זייני קרושפענדענטין צו ביאופאכטין, מאן קאן וואול גידענקין אין וואש פאר צער ושברון לב מיר יחדיו גיוועזין זיין אלזו האבי איך מוזין לבד עם בני ר׳ יוסף סג״ל על החתנה ציאין ה׳ יודע מרת נפשי מיט וואש פאר צער ואגמת נפש איך ממני גיצאגין בין, דען איך ניט גיוואושט האב וויא עש מיט הקצינים בווין איזט אלזו בין איך מהמבורג עם בני החתן ר׳ יוסף סג״ל ומחותני משה בנו של מחותני מאיר שטטהגין חתנו של ר׳ חיים קליף לקאפין האגין גיצאגין אונ׳ זענין אך גליקליך לקאפין האגין גיקומין, וויא איך תוך קאפין הגין גיקומין בין האב איך גימיינט כתבי׳ פאר מיר צו פינדין מבני נתן סג״ל דאש ער מיר שרייבין ווערט דאש ער מן הקציני׳ מווין כתבי׳ אונ׳ רימיסיא ביקומין האט, אביר האב צווארין כתבים מבני נתן סג״ל גיהאט וועלכיר מיר שרייביט אליש איין פרוים קינט וויא ער איזט ער העט צווארין נאך קיין כתבים מווין גיהאט אביר איך זולט בשביל זה קיין דאגה האבין זולטי מיך נור לושטיג על חתנות של בני שי׳ מאכין עש העט אליש קיין דאגה ניט, נוין אויב מיר שוינט ניט וואול בייא זולכי עסקי׳ גיוועזין איזט האב איך דאך זולכיש אליש להמקום ב״ה ביפולין אונ׳ מיך ניקש אן גינומין, מיר האבין איינר דען אנדרין הנדוני׳ גליפירט אונ׳ החתנה זולין דיא אנדרי שבוע זיין צווישן דעסין במסתרים תבכה נפשי אונ׳ פין איינר פאשט צור אנדרי פאשט גיהאפיט דאז גוטי כתבי׳ מבני נתן סג״ל קומין זולין וועלכי אך ת״ל א׳ יום קודם [החתנה] גיקומין זיין דאש אים הקצין ר׳ מענדלי גשיקט האט גוטי רימיסיא אונ׳ כמה אלפי׳ יותר

[1]) F.: ניהאט.

זיין זאל, אביר דיא פרויא אונ׳ דינשט מיט זיין פטור ארקענט[1]
גיווארין אך ורק המדינה פאר וויזין ווארין באותו יום אליש דער
רוצח איזט נידון גיווארין איזט זוא איין [מהומה] תוך המבורג
גיוועזין אליש אין מאה שנים איבר קיינים דען מאן האט דן
גיוועזין ניט גיוועזין איזט, אביר ב״י בכלל זענין תוך סכנות
נפשות גיוועזין דען האט זיך גרויש רשעות מתעורר גיוועזין,
לקצר ביום הנדן הרוצח זענין מיר תוך גדול סכנה גיוועזין
נון המקום ב״ה שגדול רועה ומרוב חסדיו דאש ער אויף
אונש זינדיגי מענשין האט אונ׳ כל יום ויום מתקיים איזט
בהיותם בארץ אויביהם לא מאסתים ולא געלתי׳ וכו׳[2] זולכיש
האבין מיר באותו יום ער פאהרין וברוך ה׳ אשר לא עזב
הסדו ואמתו מאתנו וען מיר זינדיגי מענשין נור קענטין
ארקענין דיא גרושי נסי׳ ונפלאו׳ דיא המקו׳ ב״ה מיט אונש
ארמי מענשין אלי טאג טוט אלזו איזט דיזוש אליש צו גוטין
אפ גילאפין, אונ׳ און[3] יהודי׳ שאדין אפ גנגין, נון ווידר אן
צו פאנגין וואור איך גיהאלטין האבי, בני ר׳ יוסף סג״ל זענין
נון כמה שידוכים גירעט גיווארין וואור מנקין[4] קייניר נגזור
מה׳ גיוועזין אליש השידוך עם מחותני מאיר שטאט האגין
וועלכיר בקאפין האגין וואונט אלזו עמו משדיך גיוועזין אונ׳
הקנם בהמבורג גיליגט אונ׳ זמן החתנה לערך א׳ שנה
אויף גישלאגין וויא עש נון קומין איזט לזמן החתנה האבין
מיר זיך גריכט דען החתנה תוך קאפין האגין זיין זולין
אלזו איך מיך מיכן גיוועזין אונ׳ עם בני נתן סג״ל לשם גיוואלט
ציאין, מאחר נון בני נתן סג״ל גדול מו״מ עם הקציני׳ ר׳
שמואל ובנו ר׳ מענדלי גיהאט אונ׳ גאר פ״ל ח״כ פאר
אינין אקצעפטירט אונ׳ הח״כ זענין בלדי פעליג גיוועזין ובני
ובני נתן קיין רימיסיא[5] מן הקציני׳ הנ״ל גיהאט כדי לשלום
איר אויז גיגעבינו ח״כ כסדרם וועלכיש בייא ד׳ אלפי׳ ר״ט

---

1) freigesprochen 2) 3. Mos. 26, 44 3) ohne 4) worunter
5) Rimessen.

גידרייאיט ער זאל מודה זיין דאש ער דען אברהם מיץ אך
האט אומש חיות גיבראכט האט לנג ניט דראן גיוואלט אונ׳
גיזאגט ער העט דען אברהם מיץ וואול גיקענט אביר אויף
זאלכיר מאניר ניט לבסוף האט דער פריזידענט זוא לנג מיט
איהם גירעט דאז ער האט מודה גיוועזן דאר ער נאך בבית
של אביו אין דער שיפיר גיזעלשאפט ווער גיוועזן דאר האט
ער דען אברהם מיץ הי״ד ג״כ ממית גיוועזן אונ׳ אין תוך
קטן קעמירכין וועלכי זיא פאר איין קעז קעמירכן האבין איזט
זוא איין טיף לאך אין, דאר אין העט ער אין גישטאכין[1]) אונ׳
מיט קאליך צו גיווארפין אונ׳ צו גימאכט וויא מאן דאז נון
גיהאט האט זענין פרנסים תכף לעצה לחמבורג גנגין אונ׳
אום הרשות גיבעטין כמקדמת ווידר צו זעהן לקצר זענין
ווידר צו דער סכנה גיקומין כמו מקדמת אונ׳ נאך פיל ערגיר
דען זוא איין חשוב פאר נעם בית זאל מאן למקום רצחני׳
מאכין חלילה ווען הורג ניט ווער גיפונדין ווארין לקצר מאן
האט אין גיפונדין ער האט נאך איין רויט פוטיר העמיד מיט
עטליכי כסף קנעפכיר אונ׳ זיין ארבע כנפות אן גיהאט אלזו
האט מאן אים ג״כ הרויז גינומין אונ׳ צו קבר ישראל
גיבראכט אויב צווארין גרויש צער בקהילתינו גיוועזין איזט
דען איזט באותו יום גיוועזין עבין אליש ווען בידי[2]) הרוגים
באותו יום ווערין אומש חיות גיקומין, דיא פריינד פון קרובתי
שרה האבין דען הורג איאיר זוא אין לאזין צו קבורה טון
זוואול בזיכטיגן דען אשתו שרה איזהו סמני׳ בגופו גיזאגט
כדי מאן דאר אויז לערנין קאן[3]) דאז זיא קיין אלמנה חיי׳
בלייבין זאל, וועלכיש אך גישעהין איזט אונ׳ זיא התרה
ביקומין איין מאן צו נעמין לאחר זה איזט דעם רוצח זיין
משפט גימאכט גיווארן דאז מאן אום זאל ראד ברעכין אונ׳
דאז לייב אויף איין טפאל[4]) שטעקין אונ׳ אין איזירני באנד
גישלאגין כדי דאז לנגי צייט צום עקסעמפיל צו ער זעהן

1) gesteckt 2) beide 3) F.: זאל 4) Pfahl.

מאן אים זיין משפט גימאכט האט, צווישן דעסין איזט דיא שרה נעביך נאך איין אלמנה חייה גיוועזין גלייך איך גישריבן[1]) אביר ניקישן[2]) [קענין] מבעלה הי"ד גיוואר ווערין אונ' וויא שונט גידאכט פיל גירידע[3])ליידין מוזין מאחר נון דיזוש פאסירט מיט דיזין הורג בעו"ה אונ' כל עולם דען רוצח וואול גיקענט אונ' איאיר ער איזט אין דען בית גיקומין צו וואונין ביא דען אלטין שראנגין האט ער צו פארין בבית של אביו גיוואונט וועלכיר אין דער שיפיר גיזעלשאפט גיוואונט, וועלכיש דאש פרינציפאלישטי ווירטץ הויז אין גנץ המבורג איזט, הארט אן דער בערש אונ' יהודי' ואינם יהודים סוחרים יחדיו וואש צו טוהן אודיר צו חשבונין האבין גינין זיא אל דארין טרינקין אויז זילבירני כלים דאז דער רוצח בנו של הווירט גאר ביקנד מאנק ב"י גיוועזין איזט, וויא נון דאז איזט ארויז גיקומין דאש דער זון דער רוצח איזט אונ' דער שרה איר מאן איזט איין חלפון גוועזין אונ' חלפנים זענין אך אלי צייט אין דען ווירטש הויז גיוועזן אונ' מעות עמפפאנגין פון וועגין זיא גיחילפת אך לשם צו גיצילט דען איזט גאר איין ערליך פאר נעם ווירטץ הויז אלזו האט דיא שרה וואול גוויסט דאז בעלה הי"ד גאר וואול מיט דען זון ביקאנט גיוועזין אלזו איזט זיא גנגין אונ' אירי פרינט גיזאגט איר וויסטי דאז בעלי פאר איזהו שני' זוא איזט פאר לארין גנגין[4]) אונ' איזט דיזיז נון ארויז גיקומין בעלי איזט אך גאר פיל אין דען הויז אויז אונ' איין גאנגין איך האלט ניט אנדרשט דער רוצח האט בעלי ג"כ אומש חיות גיבראכט, העלפיט מיר אולי ירחם ווערט מאן [גיוואר] דאז בעלי זצ"ל ג"כ על ידו איזט אומש חיות קומין נון מה לי להאריך זענין גנגין צום פריזידענט אונ' אים זולכיש פיר גיהאלטין דער פריזידענט האט דען רוצח מיט גוטין אונ' ביזין פאר גיקראגין אונ' מיט גרושי עינות

---

1) s. oben p. 35 2) Nichts 3) Gerede 4) F.: גיווארין.

פינדין מוטב ואם לאו לא נשאר פרסה אח׳ מבני ישראל
ח״ו אביר המקום ביה דער אונש ניט לנג אין אונזרי צרות
גילאזין זוא בלדי אונזרי לייט אין דאז בייח גיקומן זיין האבין
זיא דאז בישטימטי אורט גיעפניט אונ׳ גיפונדין וואש זיא
פאר לאנגיט האבין אביר עין בוכה והלב שמח, זיא האבין
גיוויינט דאז זיא דען פרומין יונגין מאן מן ד״ר שני׳ לערך
זוא אילינדיקליך גיפונדין אונ׳ ווידר משמח גיוועזין דאז דיא
קהילה אויז דער סכנה גיוועזין אונ׳ דאז מאן ווערט בלד
נקמה זעהין אלזו האט מאן לאזין דיא גנצי עצה הולין אונ׳
אינין דען הורג גוויזין אונ׳ אן וועלכין אורט מאן אין נאך
דער מיט איר אויז זאג נאך גיפונדין האט זולכיט דיא עצה
אך פראטאקלירט אונ׳ אטעסטאטום[1]) פון געבין אלזו מאן דען
הורג אויף איין וואגין גיליגט אונ׳ אין לאלטנה גפירט איזט
איין מענג לייט בייא גיוועזין פון בויז לייט פון האנט וועֹ[ר]קש
בארשוין[2]) איזט ניט בישרייבליך אפשר מאה אלפי׳ מענשין
אביר דאך קיינר קיין ביז ווארט גירעט, הגם עש איין ביז
פאלק איזט אונ׳ מאן בשעת שלוה פיל צרות ורשעות מהם
האט איזט דאך בזמן חזה אליש שטיל גיוועזין אונ׳ איין
אידריר ווידר אין זיין אורט גנגין, דען אנדרין יום דאר נאך
האבין הקציני׳ פרנסי׳ דאז אטיסטאטים גינומין אונ׳ עש דען
פריזידעטין לאלטנה גיבראכט וועלכיר דען הורג אונ׳ דאש
יושטיטציא אין הענדין גיהאט האבין, צו דעם ב״י באותו
פעם ליבר גיהאט עש באלטנה זאל גמשפט ווערין אלזו האט
דער פריזידענט דען רוצח ווידר פיר גישטעלט אונ׳ אים
פיר גיהאלטין אונ׳ גוויזין[3]) וואש פאסירט איזט, האט ער
אליש מודה גיוועזין האלמנה אך לקצת פון המעות וואש בעלה
הי״ד גיהאט אונ׳ וואש נאך [איזט] פאר האנדין גיוועזין ווידר
ביקומין אלזו האט מאן דען רוצח נאך תפוס גיהאלטין ביזקין

1) Attestatum 2) Handwerksburschen 3) gewiesen.

בישטין אונ׳ ניקש מודה זיין וואש זולטי דיזוש פאר איין
שפיל געבין איר מוזט צו זעהין אונ׳ אייעיר רעכט אין המבורג
זוכין אונ׳ דאש שטראקס זוא בלדי אליש מיגליך איזט דאש
אייך דיא אובריגקייט אין המבורג רשות גיבט דאש איר אין
דען רוצח זיין בית נאך דען הורג זוכט ווען איר דען הורג
נאך דער מאט איר אויז זאג בפינדין העט זוא לאט מיך
וויטיר זארגין פרנסים זענין תכף גילאפין אונ׳ משתדיל
גיוועזין זולין איין ד׳ רקים נעמין אונ׳ אם זאלכין אורט וואור
דיא דינשטמאט גיזאגיט אויף גראבין אונ׳ אינין רשות געבין
באם זיא אין פינדין לאלטנה לקבר ישראל ברעננגין אביר
אינין דער בייא גיזאגט זעכט אייך וואול פיר זולטי איר דען
הורג ניט פינדין עש ווער אום אייך אלי גיטאן; דען איר
וויסט וואול פון דען פיביל[1] וואש היר אין המבורג איזט עש
וועהר אונש און מעגליך צו ווערין, נון מיר זענין אלי בצרה
גדולה גיוועזין אביר דיא רבקה איזט אליר וועגין הינטין
אונ׳ פארין גיוועזין, אונ׳ גיזאגט מאן זאלי ניט פאר צאגין
זיא וויסטי גוויש דאש מאן דען הורג דאר פינדין ווערט דען
דיא דינש מייט העט יוא אום איר חיות גירעט אונ׳ אלי
גווישי אותות ומופתים גיזאגט דרויף האט מאן גינומין עשרה
ביהערצטי אנשים אונ׳ עטליכי בויז לייט דיא מאן גיוואושט
דיא ביהערצט אונ׳ גיטרייא זיין גיוועזין אונ׳ איזה שוטרים
דער בייא אונ׳ זענין אין גאטיש נאמין אין דאש רוצח זיין
בית הנין גנגין וועלכיר ניט וייט פון אלטין שרננין בייא
דער בערלייא[2] גיוואונט האט, בין כך איזט די גיצעקה אים
גנטצין מקום גיקומין זענין אליר הנט ווע[ר]קיש לייט אלי קנאליי[3]
ששים ריבוא זיך פאר זאמילט [אונד] פאר דעם רוצח זיין טיר
גיקומין והסכימו כולם באחד ווערין דיא ב״י דען הורג דאר

---

1) Pöbel 2) die alte Schranne [= Fleischbank] bei der Berlei (?) 3) Canaille.

קעטכין אונ׳ גיזאגיט דאש איין אופציריר אין איר הערינש
הויז וואר דער גאר פיל גאלד אונ׳ דימנטין צו קויף העט
אלזו איזט דער אברהם מיט מיר גנגין וויא ער אין אונזיר
הויז גיקומין איזט זיין שלאכט בנק שונט פערטיג גיוועזין
אלזו האט אין מיין הער הנונטיר אין זיין קאמיר גפירט אונ׳
מיר האבין אין צו זאמין אומש לעבין גיבראכט אונ׳ אונטיר
אונזיר שוועל טיר ביגראבין, נון זאגט דיא דינשט מאט
רבקה איך זאג אייך אליש אין פאר טרייליכקייט איר ווערט
מיך יוא ניט אין און גליק ברענגין זוא זאגיט דיא רבקה
צו דער דינשט מאט בישטו איין נערין קענשטו מיין גיטרייאיש
הערץ ניט אליש וואש איך טוא דאש טוא איך פון דיין
הער אונ׳ פרא וועגין דאז זיא בלדי פון אלטנה זאלין אין
פרייא הייט קומין אונ׳ זוא בלדי דוא נור קומשט אונ׳ זולכיש
נאר פאר אונזיר לייט זגשט איזט אליש גוט אונ׳ וואול אלזו
גיט דיא דינשטמאט מיט דער רבקה אין דאש פריזדענטין
זיין הויז, דער פריזדענט פאר הערט דאש מענש אונ׳ אויב
דיא דינשטמאט שונט אן פאנגיט צו שטוטירין[1]) אונ׳ חרטה
האט גיהאט דאז זיא וואש גיזאגט האט זוא איזט עש דאך
הוזין גיוועזין ובפרט דאז זיא גיזאגט וואור דער הורג
ביגראבין איזט, אלזו האט זיא צו דען פריזידענטין אליש
גיזאגט וויא [זיא] עש צו דער רבקה גיזאגט האט לאחר זה
האט דער פריזידענט דען רוצח אונ׳ זיין פרויא כל אחד ואחד
אפ זונדירליך אפ גיהערט וועלכיש אליביידי גילייקניט אונ׳
גיזאגט אליש וואש אונזיר דינשט מאט האט גיזאגט דאש
האט זיא אליש אייני הור ארלאגין דאז איזט מאן נון ווידר
איבל דראן גיוועזין אונ׳ דער פריזידענט גיזאגט איך קען
אייך ווייטיר ניט העלפין זולטי איך דען רוצח אויף זיין
מאטישי ריד[2]) מענה זיין אונ׳ ער זולטי מיר אויף דער ע[י]נה[3])

---

1) stottern 2) auf die Rede seiner Magd hin 3) Folter.

אלי ב״י איין מורה אן גנגין האט, דער רוצח איזט פון אייני גרושי פאמיליא גיוועזין אין גנץ המבורג אלי זענין פליטה גאנגין מלבד דיא רבקה האט אליש גיזאגט איך ביט אייך ליבי לייט פאר צאגט דאך ניט איר ווערט זעהין וויא אונש גאט ווערט העלפין, לאפיט זיא אויז גרוישר אנגשט מאלטנה אינש מקום אנין וויא זיא קומיט אויף דאז פעלט צווישין המבורג אונ׳ אלטנה ביגעגניט איר דאז מענש וועלכי בייא דען רוצח גדינט האט, וועלכי דיא רבקה גאר וואול גיקענט האט אונ׳ עש איזט דיא זעלבי גיוועזין דיא בייא דיא ב״י איזט גיוועזין אונ׳ זיא וואלין מיט אין דען רוצח זיין בית נעמין מיט ו׳ או ז׳ מאות ר״ט, אלזו זאגט דיא רבקה צו דאז מענש צו דיין אונ׳ דיין הערין אונ׳ פרא איר גליק בישטו מיר ביגעגניט דען דיין הער אונ׳ פרא זעניןביידי אין אלטנה תפוס איבר דער רציחה דאז זיא גיטאן האבין אונ׳ זיא האבין שונט אליש מודה גיוועזין עש פעלט נור אן דיר דאז דוא אך מודה בישט אונ׳ ווען דיזוש גישעהין איזט וואָ שטיט דאז שיף פערטיג דאז דוא מיט דיין אונ׳ פרא זולשט הין וועק פארין דען מיר יהודים ביגערין נור צו ווישין דאז דער אברהם טוט איזט דאש דיא פרא דערף ווידר איין מאן נעמין זונשטין ביגערין מיר ניקש אנדרשט פון אייך אונ׳ רעט דערי שמועות מער מיט דאז מענש, אונ׳ דיא רבקה איזט גאר איין קלוגי פרא בירעט[1]), אונ׳ מיט איר שמועתן לאט זיך דאש מענש בירידן אונ׳ פנגיט אן אונ׳ זאגיט איר אליש מיט אנאנדיר וויא זיא דען אברהם הי״ד העט בייא דער בערש אנגיטראפין נאך דעם זיא אך בייא איר מאן ליפמאן ושאר ב״י גיוועזין ווער אביר קיינים דאז און גליק וואלין ביטרעפין אליש דען ארמין אברהם וועלכיר צו זיינין גרוישן און גליק איין גרוישן בייטיל מיט געלט בייא זיך גיהאט העט, אלזו העט זיא אים גיוויזין איין גילדין

1) beredt.

קישט האט אונ׳ איזט צו דיא לייט באלטנה גילאפין אונ׳ גיבעטין אומש גאט ווילין מאן זאל איר העלפין דען זיא וויסט גוויש דאז זיא דען רוצח דאר העט אביר דיא לייט האבין ניט נערין דאראן גיוואלט אונ׳ גיזאגט מאן קאן וואול בלדי וואש אן פנגין אביר וויא דאש ענט איזט וויים מאן ניט זיא האט אביר גיצעקנת מאן זאל נאר מיט איר צום פריזרענט גין אלזו זענין ב׳ בעלי בתים מיט איר צום פריזידענטין גנגין אונ׳ אים אליש פאר צילט אלזו האט דער פריזדענט אך צו אינין גיזאגט איר פאנגיט וואש אן אביר וואן איר זאלכיש ניט בווייזין קענט וויל איך אל אייער האב אונ׳ גוט ניט נעמין, דיא רבקה אביר זיך ניט וואלין אפ ווייזין לאזין אונ׳ גיזאגט דז זיא איר האב אונ׳ מיין בלוט דראן זעטצי איך ביט אום גאטיש ווילין מיין הער פריזידענט שיקט הין אונ׳ ליזט דען מערדיר הולין זאמפט אלין זאכין וואש ער בייא זיך האט אלזו שיקט דער הער פריזידענט שוטרים אונ׳ ריקם[1] אן דער עלב אום זיא צו הולין אלזו זענין זיא עבין אין דאש שיף גישטיגין מיט אזאמין אונ׳ וואלין נאך הארבארג פאהרין וועלכיש נאר איין שעה פון אלטנה איזט, אונ׳ ווערין זיא נאך דער הארבארג זוא ווערין זיא ביפרייאיט גיוועזין דען הארבארג איזט איין אנדיר גיביט אביר דיא שוטרים זענין נאך עבין צו רעכטיר צייט קומין אונ׳ האבין דען רוצח אונ׳ דיא פרויא זאמט דיא קישט צום פריזידענט גיבראכט דער פריזידענט האט לאזין דיא קישט עפנין אביר ניקש אנדרשט דרינן ביפונדין אליש דעם רוצח אונ׳ דיא פרויא גיצייק, נון קאן מאן וואול גידענקין וואש פאר ארשרעקנים אונ׳ אנגשט אויף דיא ארמי יהודים נעביך גיוועזין איזט, מאן האט דען רוצח בכל אופנים עקסאמנירט אביר ניקסן וואלין מודה זיין אדרבה אליש גידרייאיט דאש

[1]) Soldaten.

אומש חיות גיקומין[1]) אלזו אך האט דער ליפמן זיין פרא ניט קענין שלאפין אונ׳ זיך אלי מארגין אן דאש פענשטיר גישטעלט דען זיא האט גיוואונט אויף דען עלרין שטיין וועג[2]) דאז זיא איין פאשאסיא[3]) דאז איין אידריר דער נאך אלטנה ארויז אונ׳ ארין גין וויל פאר בייא גין עש איזט גיוועזין פרייטאג צו נאכט האט דיא פרא גאר ניט שלאפין קענין אונ׳ אליש משוגעה אים הויז גימאכט, דער מאן האט איר גיקיפילט[4]) וואש דאש פאר איין לעבין איזט זיא ווערט זיך יוא גאר משוגעה מאכין אביר זיא האט גיזאגט עש מאג ניקש העלפין זוא לנג אלש קיין נקמה גישעך[5]) קענט זיא זיך ניט צו רויא ביגעבין דען זיא וויסט נוויש אונ׳ איר הערץ טראגט עש איר ניט אנדרשט דאז דער מענש מוזיט דער רוצח זיין, אלזו איזט עש טאג גיווארין איזט זיא ווידר אן פענשטיר גישטאנדין אונ׳ אויף דער גאס ארויז גיזעהין האט זיא גיזעהין דען מענש מיט זיין פרויא גין אונ׳ איין קנעכט איזט בייא זיא גאנגין אונ׳ איין גרושי קישט פאר זיך גיהאט וויא זיא דאז זיכט פאנגיט דיא פרויא אן צו צעקנין אה גאט זייא בייא מיר איצונדיר האף איך זאל איין אן פאנג צו מיין פאר גניגין זיין אונ׳ לאפיט תכף אונ׳ ראפיט[6]) איר שורץ אונ׳ רעגין קלייט צו זאמין אונ׳ לאפיט דען זאל אראפיר[7]) דער מאן שפרינגיט איר נאך אויזם בעט אונ׳ וויל זיא האלטין זאל ניט הין וועק לאפין אביר אליש ניט העלפין וואלין אונ׳ איזט דען מענש נאך גילאפין, וועלכי נאך אלטונה אן דער עלב גאנגין זיין אונ׳ דיא קישט בייא דען וואשיר נידר גישטעלט, דיא רבקה זוא הייסט דיא פרא האט זיך ניט אנדרשט איין גבילד דאז דער מענש דען הורג דאר אין דער

---

1) Aus der jüdisch-deutschen Uebersetzung von Salomo Ibn Verga's שבט יהודה S. 16  2) älteren Steinweg  3) Passage  4) gekiffelt = gezankt s. Sanders WB. I, 890a  5) geschehe  6) rafft  7) hervor.

גיוועזין ניט רואין אודיר ראשטין אודיר עז מוז אן טאג קומין דער מאן זאגט צו איר משוגעתטי וועןעש יוא ווער וואז זאלטי מאן טון עש איזט המבורג קיין אות דערפטי מאן צו זאגין, אלזו איזט עש עטליכי יום דאר בייא גיבליבין, מאן האט אויז גריכט [דאש] דיא עצה האט לאזין מיט איין טרומיל שלאק לאזין אויז רופין אל ווער וויסטי צו זאגין פון דען יהודי עש זייאי ער לעבים אודיר טוט ווער זול קומין עש זאגין זולטי מאה הגריי׳ צום רעקומפעץ[1]) האבין אונ׳ זיין נאמין אימיר זער פאר שוויגין בלייבין, אביר איזט נימיץ גיקומין דער וואש גיזאגט האט, אלזו איזט עש פאשט פאר געסין ווארין וויא דער סידר עולם איזט, ווען איין זאך נאך זוא אייוורינג[2]) אונ׳ וויכטיג איזט ווען קיין אפעקטין[3]) פילגין, שטעלט מאן עש אין פאר געשונג, אביר דיא אלמנה חיה אונ׳ אירי יתומי׳ זענין ביטריפטיר הייט גיזעסין, אם שבת למחרת אם זומיר האט דעם ליפמאן זיין פרא קיין שלאפין קענין, אליש וויא יעניר מלך אין שפאניען גיפראגט האט, אן איין ת״ח וואז טייטש איזט הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל, האט עש דער ת״ח כפשוטה פאר טייטשיט ער שלאפט אונ׳ שלומט ניט דער היטר פון ישראל זוא זאגט דער מלך ניין דאז איזט ניט דער טייטיש איך בפינד דאז עש טייטש איזט גאט דער היטיר ער לאזט ניט שלאפין נאך שלומין העט איך דיזי נאכט אלז וויא זונשטין וויא מאן איך איין ממזר בילבול האט אן גישטעלט זוא ווערט איר אלי פאר לארין גיוועזין אביר גאט דער אייאיר היטיר איזט דער האט גימאכט דאז איך ניט האב קענין שלאפין אונ׳ מוזין זעהין דאז מאן דאז קינט אין איינש יהודית הויז גיווארפין ווען איך דאז ניט גיזעהין העט זוא ווערין אלי יהודי׳

---

1) 100 Ducaten zum Recompense 2) eifrig 3) Effect.

על הבערש גיקומין אונ׳ דאר פון גירעט האט ר׳ זנוויל בנו של ר׳ מאיר העקשיר גיזאגט עש איזט איין מענש געשטרין אצלי גיוועזין אונ׳ עטוואז גאלד גיהאט אונ׳ גיפראגט אוב איך ניט ו׳ או ז׳ מאות ר״ט העט זוא זאלט איך מיט איר גיהן עש ווער איין פרעמדיר ראש בביתו העט פיל זאכין צו קאף פון זהב ואבנים טובות אביר איך האב קיין געלט גיהאט אלזו בין איך ניט מיט איהם גנגין אלזו איזט איינער דער בייא גישטאנדין בשמו ליפמן דער האט גיפראגט וואש פאר איין מענש עש גיוועזין איזט אונ׳ וויא זיא גנגין איזט, האט דער ר׳ זנוויל גיזאגט אלזו אונ׳ אלזוא איזט זיא גנגין, זוא זאגט דער ליפמן איך קען דאז מענש ווייס אך בייא וועם אלש דאז מענש איזט איך טרויא דען הערין דאר דאז מענש בייא דינט ניט פיל גוטיש צו מיט זולכין שמועתן גין זיא פון דער בערש אפ אונ׳ גיט איין אידריר לביתו דער ליפמאן קומט לביתו אונ׳ זאגט צו זייניר פרויא מיינשטו וואז איך דיר זאגין וויל דאז מענש וועלכי דינט בייא דען ווירט אין דער שיפיר גיזעלשאפט זיין זון דיא זעלבי איזט בייא ר׳ זנוויל העקשיר גיוועזין אונ׳ האט אים וואלין מיט האבין באם ער ו׳ או ז׳ מאות ר״ט אצלו העט איך האב מורה דאז מענכין דאז מאן פאר לארין האט מיט אים גנגין איזט אונ׳ עש אום חיות גיבראכט, זוא שלאגיט זיך דיא פרא אם קאפף אונ׳ זאגיט בעוונותינו הרבים איצונדירט ארמאן[1]) איך מיך דאראן דאז מענש איזט אך בייא מיר גיוועזין אונ׳ מיך אודיר דיך וואלין מיט האבין דוא ווייסט וואול וואש דער ווערט פאר איין איבל האבט[2]) איזט אונ׳ רוצח בוודאי דאז חשובי פרומי מענכי בביתו אומש חיות גיקומין זאגט דיא פרא וועלכי איין גרושי בריאה[3]) איזט

---

1) jetzt erinnere ich mich 2) Haupt 3) tüchtige Frau.

אביר נאך אלין הרוים פראגין האט זיא קיינים גיפונדין דאר
ער דיא לילה בייא גיוועזין איזט דיא פרא האט אן גיפאנגין
גרושין צער צו טרייבין יש אומרים זיא העט זיך מיט אים
גיצענקט זוא ווער ער פון איר גילאפין דאש האט גיווערט
כמדומ׳ לי ג׳ שנים דאז איין אידריר האט גיזאגט וואש אים
גיפאלין האט, וועלכי האבין פיל ביז ממנו גיזאגט דאז איך
על הקדוש הי״ד ניט שרייבין מאג, אביר אונזיר מענשליכי
שוואכהיים בעו״ה איזט אלזו דאז מיר אופט מיט אונזרי
מויל רידן דאש אונזיר אגן ניט האבין גיזעהין אלזו איזט
דיא שרה נעביך יותר אלז ג׳ שני׳ אלמנה חיי׳ גיוועזין[1] מיט
אירי ביטריפטי יתומי׳ אונ׳ דיא לייט נאך איר גיפאלניש[2] נאך
מן בעלה הי״ד רידין אונ׳ יודיצירין לאזין לאחר זה איזט
איין בעל בית מן המבורגיר קהל גאר איין עהרליכר מענש
איזט צוואר קיין עושר גיוועזין דאך זיך ואשתו וארבעה בניו
ערליך מפרנס גיוועזין ער איין חלפון גיוועזין אלזו איזט דער
סידר דאז דיא חלפנים נעביך דען גנטצין יום לאפין הרומיר
נאך איר מחיה אונ׳ ווען עש לעת ערב קיגין מנחה גיאיט
קומט איין אידריר היים אונ׳ גיאיט שולין אונ׳ האט איין
אידריר זיין חברה דאז ער גיט לערנין אונ׳ גיט דען היים
לביתו אלזו איזט עש גנץ נאכט גיווארין דיא פרא ווארט
אויף אירין מאן דאש ער זאל קומין אהיים פון זיין חברה
בדי זיא יחדיו עסין קענין אביר אל איר ווארטין איזט פאר
געבינש גיוועזין זיא איזט נעביך הירומיר אין אלי פריינד
הייזיר גיוועזין אין גיזוכט אביר ניקש גיפונדין אלזו איזט ער
בעו״ה פאר לארין גיבליבין למחרת איזט דיא צעקה איבר אל
גיוועזין דער האט גיזאגט מאן האט אין דאר גיזעהין דער
וואש אנדרשט גירעט[3], צו מיטאג זענין דיא לייט יחדיו

---

[1]) F.: גיזעסין [2]) Gefallniss = Belieben [3]) F.; גיזאגט.

אלש אים גביהרט האט ער האט מיר אל מיין מטלטלי׳ גינומין מיין כסף קנעפף אויו מיין ראק גשניטין אונ׳ אליש פאר זעצט איך האב זאלכיש וואלין ווידר סמנו האבין האט ער מיר בלבול צו גיווארפין איך העט אליש פאר נאשט אונ׳ פאר פרעסין אונ׳ בכלל פאר מיך פאר זעציט נון איך האבי גיזעהין דאש קאן קיין גוט טון האבי איך גיבעטין טאקלים איירים האט מיט אים מוזין פשרה מאכין האט אים ל׳ ר״ט געבין אונ׳ מיך סמנו גינומין אונ׳ לכאן גשיקט אונ׳ דאנק גאט דאז איך פון דען רשע קומין בין דען האט דאך ניקש מיט מיר גילערניט נון בני ר׳ מרדכי סג״ל איזט פרוא גיוועזין דאש ער אין דאר האט אן גיטראפין אונ׳ זענין תכף צירוק להמבורג גיפאהרין אין אירן קוטש האב גרושי שמחה גיטריבן אונ׳ תכף איין חשובין מלמד בבית גינומן אונ׳ לערנין לאזין, אין דער צייט לערך איזט בהמבורג אך איי גרויש מעשה[1]) גישעהין איזט איין ב״ב באלטנה גיוואונט האט גיהיישן אברהם מיץ הייד האט גיהאט קרובתי שרה בת של אלי׳ כהן ע״ה דער זעלבי האט איאיר ער להמבורג גיקומין צו הערפורט גיוואונט האט גיהאט בת של ליב הערפורט ב׳ שני׳ לאחר חתנותו איזט אים אשתו גישטארבין דאר נאך איזט ער להמבורג גיקומין אונ׳ שרה הנ״ל ביקומין איזט איין מאן לערך מן ג׳ אלפי׳ ריט ויותר גיוועזין אביר איזט פרעמד גיוועזין, בהמבורג דאס לאנדיש מאניר אונ׳ מו״מ ניט גיוואושט אונ׳ יורד מנכסיו גיוועזין דאז ער אין עטליכי שנים פאשט אום דאז זייניגי גיקומין איזט האט באלטנה גיוואנט אונ׳ איין חלפון אגירט[2]) איין מאלט למחרת קומט אשתו אים מקום צו גין אונ׳ פראגיט אין אל איר פריינט הייזיר אויב איר מאן איבר לילה ניט ווער בייא אינין גיוועזין

[1]) S. Anhang II. Das Fragment von Sanwel b. Meir Hekscher's Aufzeichnung über dieses Ereigniss von 1687

[2]) den Banquier gespielt, als Wechsler gelebt.

כדי איך מיך מפשר בין מיט מיינים ר׳ אונ׳ ער מיך בסוד סודות הין וועק שיקט כדי איך אויז אירי הענדין קום אונ׳ ביט דיך אום גאטיש ווילין זייא ניט מתרשל דען ווען עש ח״ו זולטי פאר זיימט ווערין אונ׳ איך זולטי חלילה בידיהם קומין עש איזט פולין עש ווער ח״ו אום מיך גישעהין אונ׳ זולטי עש אויף געלט דען גיזעהן ווערין קאשט עש יוא י׳ פעמים זוא הרבה אליש לעת עתה דרום מיין ליבי הערציגי מוטיר פאר לאש דיין קינט ניט אום איין שיבושי[1] מעות אונ׳ מאך ניט דאז מאן מיך ח״ו מיסר בידיהם איזט דאר נאך שוועהרליך איאיר מן[2] פטור ווערט, וויא איך דען בריף גילייאיט האב איזט מיר חלשות אן גנגין[3] האב בני ר׳ מרדכי סג״ל רופין לאזין אונ׳ אים חכתב געבין דער האט זיך ג״כ זער ארשראקין אונ׳ איזט שבת גיוועזין, מוצאי שבת האבין מיר יחדיו בישלאסין דאז בני ר׳ מרדכי תכף זאל נאך דער ליסא ציאין אונ׳ זעהין בני ר׳ יוסף מיט זיך היים צו נעמין אלזו בני ר׳ מרדכי גיצאגין לברלין ומשם לפ״פ דאדר אביר וויא ער צום טאר וויל אויז פ״פ דאדר פארין קומט בני ר׳ יוסף סג״ל מיט זוא איין פולינש וועגילכן אין שער בפ״פ דאד׳ אין צו פאהרין בני ר׳ מרדכי סג״ל ארזיכט[4] אין אונ׳ הייסט בני ר׳ יוסף סג״ל · אפ שטייגין אונ׳ רידן יחדיו וואור לע״ע זוא אן פאר מויטליך[5]) הער קעם אונ׳ וואש דאז פאר איין כתב איזט וועלכין ער אים גוויזין האט דאש ער לאמנו תי׳ גישריבן האט, בני ר׳ יוסף סג״ל זיכט אונ׳ לייאיט דען כתב אונ׳ זאגט וואז איזט דאז פאר איין כתב[6]) איך ווייס דאש גרינגשטי ניט פון דען בריף צו זאגין בוודאי האט אין מיין ר׳ ימ״ש גישריבן אונ׳ גימיינט שטיק מעות פון מיר צו ביקומין וויא ער דאך שונט פיל מער מעות פון מיר ביקומן

---

[1]) Lappalie [2]) davon [3]) Ohnmacht befallen [4]) ersieht [5]) unvermuthet [6]) F.: בריף.

פיל גילעגין גיוועזין אוב איך המעות פריא אודיר שפאט
ביצאלט האבי אים זיין מעות פאר איין חצי שנה הניך
גימאכט, אלזו איזט אלי דינג גוט גיוועזן אונ' האב אך מן
עוברי' ושבי' פאר נומין דאז זיא פלייסיג לערנין אביר וויא דאש
חצי שנה באלדי איזט אויז גיוועזין קריג איך א' כתב מבני
ר' יוסף סג"ל אן עש"ק וויא מאן בלדי וויל שולין גין שטיט
בכתב בזה לשון וויא פולגיט, מיין ליבה מוטיר דוא ווייסט
[יוא] וואול דאז איך דיר אל מיין טאג בין איין גיטרייא קינד
גיוועזין אונ' ניאמאליש ווידר דיך גיטאן אלזו ווערשטו אך
דיין גיטרייאי מיטירליך ליפ ניט פון מיר אפ טוהן אונ' ווערשט
יוא ניט לאזין צו, דאז מאן מיך מוסר ביד אינו נימולים זיין
דען מיין ליבי מוטיר מוז ווישין דאז כאן הקהילה ליסא גאר
פיל חייב[1] איזט אן פריצים אונ' זיא קענין דיא פריצים ניט
ביצאלין קיין קרן אודיר רווחים אונ' דאר ווייל זיך קהל וויים
קיין עצה צו געבין אלזו וואלין זיא דיא אשכנזים איר קינדר
דענין פריצי' למשכן געבין דיא אשכנזים מוזין זיא וואול ווידר
אויז ליזין זולכיש האבין דיא פרנסי' בסוד סודות דען רביאם[2]
גזאגט דיא אשכנזים קינדר האבין, אונ' זאלכיש האט מיר
איין בחור דער מיין גוט פריינט איזט בסוד מגלה גיוועזי
ומשום זה האב איך דיר גיט עצמו שרייבין אונ' זולכיש
דורך דיזין בחור טון לאזין, דען מיין ר' גיבט גאר צו פיל
השגחי' פרטיות עלי אונ' לייאיט אלי מייני בריף משום זה
מייני ליבה מוטיר זיך דאך גאט דען אלמעכטיגין אן אונ'
שרייב אן טאקליש איידים[3] דש ער מיר נ' או ס' ר"ט גיביט

---

1) Ueber die erdrückende Schuldenlast der Gemeinde Lissa vgl. Perles, Geschichte der Juden in Posen p. 108 n. 1 2) Plural von 'ר, den Lehrern 3) Vielleicht der Schwiegersohn der Gönnerin R. Mardochai b. Abraham's, nachmals Rabbiners in Berlin, der angeblich nach ihr den Namen Tockels annahm s. Landshuth a. a. o. 21.

אל דאז מייניגי אונטיר העגדין גיהאט, בני ר׳ יוסף סג״ל איזט באותו פעם איין יונגיר כן י״ד שני׳ גיוועזין, גאר איין פיין קינד אונ׳ גאר וואול גילערניט אלזו העט איך אים גערין הין וועק גשיקט צו לערנין אונ׳ ניט גיוואוש וואו הין אליש איך אין שיקין זאל, אלזו איזט איין מלמד אצל איציק פאלאק גיוועזין איין וואקריר יונגיר מאן איזט איין גרוישר למדן גיוועזין פון דער ליסא דער זעלבי האט גיהערט דאש איך בני וויל שיקן צו לערנין אלזו איזט ער צו מיר (גנגין) [גיקומין] אונ׳ מיט מיר גירעט מאחר ער גיהערט העט איך וואלט בני יוסף שיקן צו לערנין אלזו זולטי איך אין אים מיט געבין ער ביגערטי קיין פשוט קושט אודיר רבי מעות[1]) ביז לאחר ב׳ שנים וויל ער אים אויז שטעהלין דאש ער הלכה תוספות פאר פעקט[2]) לייאין זאל, איך האבי נאך אים גיפראגט כל עולם מיר צו גיראטין האב אלזו איין שטר עמו גיכאכט אונ׳ אין בשם אלהי ישראל מיט זיינין רבי (הגן) [היניך] נאך דער ליסא גשיקט האב אך כתבי׳ פון דער [ליסא] ממנו גיהאט פון זיין גליקליכיש אן קומשט וויא אך ממש כל שבוע כתבי׳ גיהאט דאש ער מיט זיינין ר׳ וואול צו פרידן איזט אונ׳ ערינשטליך לערניט איך האבי ניקש אגדרשט פאר לאנגיט איין ד״י יום דאר נאך שרייבט בני ר׳ יוסף סג״ל אונ׳ ביט מיך גאר זער איך מויכט דאך זיינים ר׳ פאר איין חצי שנה זמן קאשט מעות אונ׳ ר׳ לון[3]) שיקן, הגם דאז איך עש צו טון ניט שולדיג וועך אביר עש וועך לע״ע תוך ליסא איין גרויש יקרות דאז זיין ר׳ מוזט ביזורגט זיין וואור ער מעות נעם אונ׳ היגדירטי זיא לקצת אין אירן למוד אביר ווען ער דיא דאגה ניט העט זוא קענטין זיא דעסטי פלייסיגר לערנין, ער האט מער קינדר מהמבורג שיקטין אים אלי מעות זוי מויכטי איך מיך דאך אך ניט דאר הינטר האלטין, נון עז איזט מיר עבין דאר אן ניט

1) Lehrgeld 2) perfect 3) = רבי לון Lehrgeld.

או ו׳ מאות ר״ט סחורות פאר שליסן האב מלבד בין אלי שנה על יריד ברונשוויג כל שנה ב׳ פעמי׳ גירייזט דאז איך אלי יריד כמה אלפי׳ גיליזט דאש איך ההיזק פאר מיר עם בני ר׳ ליב העט פאר שמערטצין קענין באם איך מנוחה גיהאט העט, איך האב גאר וואול עם סחורות גיהאנדילט האבי מהאלאנד לאזין סחורות קומין גם האבי בהמבורג פיל סחורות גיקאפט אונ׳ [ווידר] פאר קאפט האב מיין אייגין גיוועלב עם סחורות גיהאט האב מיך אך ניט גישפארט[1]) בין גירייזט תוך קיץ וחורף אונ׳ גנצין יום תוך מקום גילאפין, צו דעם האב איך איין שינין האנדיל גיהאט עם אונצין מרגליות פון אלי יהודי׳ גיקאפט אונ׳ דען אויז גילעזין אונ׳ סארטירט אונ׳ ווידר פאר קאפט אן אורטין אונ׳ ענדין דאר איך גיוואושט האב זיא אן גינעם זיין האב גרוישן קורדיט[2]) גיהאט ווען איך על הבערש[3]) אין איין בערש צייט העט וואלין ד׳ אלפי׳ ר״ט בנקי האבין העט ביקומין קענין אביר כל זה איננו שוה לי איך האב דאר בני ר׳ ליב סג״ל פאר מיך גיזעהן איין יונגין וואקרין מענשין איין למדון איין פרומיר מענש אונ׳ זאל אלזו לאבדון גין אלזו פ״א[4]) צו אים גיזאגט הער צו איך זיך בעו״ה קיין תכלית פאר דיר, איך זיטץ אין גדול מו״ם עש וועדט מיר לקצת צו שוואר, דוא זאלשט מיר בהילפליך זיין אין מיין מו״ם וויל איך דיר פון אלין וואש איך ווער פאר קאפין ב׳ למאה געבין, ווער איזט פרויאר גיוועזין אליש בני ר׳ ליב האט זולכיש מיט גרושי שמחה אן גינומין אונ׳ איזט אך זער פלייסיג גיוועזין אונ׳ העט אך גאר וואול קענין צו רעכט קומין ווען אים זיין גוטיגקייט ניט העט מכלה גיוועזין, נון דוירך מיין קונטשאפט איזט ער זער ביקאנט גיווארין אצל סוחרים אונ׳ קורדיט בייא אינן גיהאבט אונ׳ ער האט פאשט

---

1) gespart = geschont 2) Credit 3) Börse 4) = פעם אחת einmal.

בעו״ה גילאזין בעלה מוז איר נדוני׳ ווידר געבין ועלכיש מיין ברידיר גיהערין ווען מייני ברידר וואלטין רחמנות נאך דיזיש מאהל איבר מיך האבין אונ׳ מיר מיט דען מעות העלפין דאש איך פשרה מיט מיין קרידיטורין מאכטי כדי דאש איך תוך המבורג קומין קענטי, זוא מיין[1]) מיך בס״ד וואול ווידר מחייה צו זיין, מיין ביטריפטיש לב איזט מיר שוואהר אונ׳ פול גיוועזין האב אים פאר ביטרי ביטריפטי טרענין ניט קענין ענטפרין, אונ׳ גיזאגט וואש איין רשעות איזט [דאך] דאש ממך דוא וייסט וואש דיין פרומי ברידר אן דיך זענין צו קורטץ קומין אונ׳ קענין עש בעו״ה ממש ניט מער אויז שטין ולע״ע דאז זיא דאז ביזילכן ביטריפט מעות ווידר איר ווילין ביקומין ווילשטו אינין דאז אך אויז אירן ביטירליכן ביטריפטיש לב רייסין, אלזו ער אונ׳ איך אלי ביידי יעמריקליך א׳ שעה גיהיילט אונ׳ גישריאין אונ׳ וויטיר קיין וארט איינר מיט דען אנדרין רידן קענין אונ׳ מיין רעגין קלייט[2]) שטיל שווייגינד אום גינומין אונ׳ בין מיט שרייאין אונ׳ ביטרי קלאגין להמבורג לביתי גנגין אונ׳ מייני קינדר קיינים ניקש גיזאגט אביר בני ר׳ ליב ע״ה ניט נאך גילאזין אונ׳ אן מייני קינדר גשיקט אונ׳ זיא זוא פיל גיבעטין דאז וויא זיא אהן דעסין זולבי בני רחמני׳ זיין אונ׳ אים צו גיזאגט דאר מיט צו העלפין וועלכיש אך בתוך זמן קציר איזט פאר ריכט גיווארין אונ׳ ער מיט זייני קרידיטורים איניג גיווארין אונ׳ איזט אלזו צו מיר תוך מקום גיקומין, זולכיש האט מחו׳ ר׳ הירש ברלינר גיוואר גיווארין אונ׳ בתו אשת ר׳ ליב ג״כ צו מיר מיט איין קינד להמבורג גשיקט אונ׳ לבתו אלי שבוע ב׳ ר״ט געבין צו פאר צערין, נון וואש האב איך טוהן זאלין האב מיר אליש מחין וואול גיפאלין לאזין, איך האב באותו פעם גאר שטארק עם סחורות גיהאנדילט דאש איך אלי חודש יותר אליש ה׳

---

[1]) so meine ich [2]) Regenkleid, Mantel.

האלטין קענין אונ׳ פון ברלין ווידר ווייבין מוזין אונ׳ איזט
נאך אלטונה גיקומין אין שוץ דאז פריוידענטין וואש איך פאר
צער דראנג ושברון לב בשביל זה אונ׳ פון זייני קרידיטורין
האב אין גינומין זעלבי זאל איין כפרה פאר עוונותנו זיין, נון
עש האט מיך אלי יום ויום גרויש מעות גיקאשט, בני איזט
קראנק צום טוט גיווארין האב אלי יום ב׳ רופאים מהמבורג
לאלטנה גשיקט אונ׳ זייני ווארטירש ושארי צורכ׳ דאש מיך
ווידר גרויש מעות גיקאשט איזט ענטליך ווידר בעשיר
גיווארין לאחר זה איזט בתי הצנועה הענדלי ע״ה בברלין
קראנק גיווארין וועלכי קרענק זיא בעו״ה מיט אירן יונגין
בלוט האט צאלין מוזין, צו מיין אונ׳ אליר מענשין דיא זיא
גיקענט האבין אונטיר אליר גרושי הערץ לייט, אה מיין גאט
וויא איין הארטי שטראף איזט דאש גיוועזין, אלזו איין ליב
וואקיר יונג מענש אלש איין דאנין בוים[1]) אונ׳ אלי וואול
קינדיקייט אונ׳ פרומהייט אן זיך גיוועזין, אליש זיך העט
וואול מיגין בייא אונזירי אמהות פאר גין אונ׳ וואש אלי
לייט אין גנץ ברלין ובפרט חמותה וועלכי זיא זער גליבט,
פאר איין צער גיטריבן שטיט ניט צו בישרייבין אביר וואש
הילפיט דאש אליש מיין ביטריפטין מוטירליך לב איזט י״ז
שבועות לאחר חתנותה גיוועזין, נון מאג מיך גיט לענגיר
היר אויף האלטין אונ׳ מייני וואונדין אויף דאז נייאי ווידר
אויף רייסין לאחר השבעה ימי׳ האט בני ר׳ ליב סג״ל צו
מיר גשיקט איך מויכט צו אים קומין, וויא איך נון בין אצלו
קומין אלון בכות[2]) ער גיהיילט איך גיהיילט בני ר׳ ליב מיך
זוא גוט גיטרשט אליש ער גיקענט האט, לאחר זה מיר
גיזאגט מיין ליבי מוטיר וואז ווערט אויז מיין ביטריפטין
שטאנד איך בין איין יונגיר מאן גיא הירום פועל בטל,
אחותי הצנועה ע״ה איזט גישטארבין האט קיין זרע

---

1) Tannenbaum 2) 1. Mos, 35, 8.

ברלין ואשתו וכב״ב האבין אונש הכבוד אן גיטאן אונ׳ על
החתנה גיוועזין דאז זיך כל עולם איבר האט מתמיה גיוועזין,
דען זענין ניא מאלש אויף קיין ווינר חתנה[1]) גיוועזין, אך לכלה
איין חשובי מתנה צו איין וואורף[2]) געבין אונ׳ לאחר החתנ׳
אונש חתן וכלה גיפרייאיט[3]) אונ׳ גאר איין חשובי סעודה
גימאכט נון וויא דאז פאר בייא איזט גיוועזן האבין מיר זיך
ווידר גרישט[4]) לביתי צו ציאין אביר מיט זולכין אילענד אונ׳
שווארמוט ומאחר איך בעו״ה דען שלעכטין מעמוד מבני
ר׳ ליב סג״ל פאר מיר גיזעהין דען נאך האב איך מיר דיא
האפינונג לבד גימכט אולי ירחם ווערט איהם המקום ב״ה
ווידר העלפין דאש ער ווערט [ווידר] צו רעכט קומין אלזו זענין
מיר להמבורג גיצאגין אונ׳ מיין ליבה פרומי טאכטיר תוך ברלין
גילאזין וועלכי איך בעו״ה נימר מער צו זעהין ביקומין אוב
עש אונש אלי בידי שונט זולכיש אונזיר ביטריפטי הערטציר
האט צו גיטראגין, דען עש איזט ניט בישרייבליך דען צער
וואש מיין ליבי פרומי טאכטיר אונ׳ איך יחדיו פאר טריבן
האבין איזט עבין גיוועזין אליש ווען עש פאר אונש גישריבן
ווער דאז מיר זיך נימר מער יחדיו זעהן זאלין אין דיזיר
ביטריפטי זינדיגי וועלט אלזו זענין מיר אויף איביג פון
אזאמין גישיידין נון איך בין להמבורג גיקומין האב אלי פאשט
צימליכי פאר גניגליכי בריף מבתי תי׳ גיהאט, הגם זיא
גרווישן צער ושברון לב מבני ר׳ ליב סג״ל גיהאט האט זיא
מיר דאך אליש איין פרום קלוג קינד ניקש וואלין פון
גידענקין אונ׳ מיך ניט ביטריבן וואלין אונ׳ שיינט זולכי גרושי
ביטריפטינש אונ׳ צער אליש אויף אירן פרומין ליבן לב
אליינט גיזעצט דען חדשים לבקרים אלי יום וואש נייאיש
גיוועזין דאז ערשט בעו״ה ניט לענגיר תוך בערלין האט

1) Vgl. Kaufmann, die letzte Vertreibung 215 n. 1
2) Einwurf oder Darüberwurf, was noch über der Mitgift an Geld gegeben wird 3) gepreit = eingeladen 4) gerüstet.

איך האב זאלכיש מיין פריינט אונ' אנדרי לייט צו ארקענין געבן דען הזמן פון דער ביטריפפטי חתנה איזט גיוועזין אלזו האבין זיא מברלין גשריבן דאז החתן לא יותר האט אליש ג' אלפי' ר"ט וחצי אונ' זיין חצי בית, נון האבי איך השידוך ניט טון וואלין מאחר זיא [מיר] ניט גיהאלטין לויט התנאי' אלזו דאש שרייבין אונ' התראות לענגיר אליש איין שנה גיווארט ביזקין איך גאט זייאי עש גיקלאגיט ממש מיט דען הארין[1]) בין צו גיצוואונגין גיווארין אונ' ענטליך מיך מוזין ריזילפירין לברלין עס בתי צו ציאין אונ' לשם חתנה צו מאכין, בתי ע"ה איר נדוגי' איזט כאן המבורג גיבליבן על רווחי' אונ' הנדן מחתן איזט ג"כ תוך ברלין אצל אנשי נאמני' על רווחי' גיליגט גיווארין אוב איך שונט מיט שלעכטי שמחה צו דער ביטריפפטי חתנה גיצאגין בין פון בני ר' ליב סג"ל זיינט וועגין, דאר איך גיוואושט דאש [איך שלעכטי פאר גניגליכקייט לשם פינדין ווער צום אנדרין דאש] מיר השידוך גאר צו ווידר איזט גיוועזין אביר בעו"ה סופו מוכיח על תחילתו וויא ווייטיר פולגין ווערט אלזו בין עם בתי ע"ה על החתנה לברלין גיצאגין אונ' בין אצל בני ר"ל גאשט גיוועזין, אויב מיר שונט איזט זער וויא גיוועזין דען איך בעו"ה וויניק פאר גניגליכקייט מבני גיהאט האב איך דאך מעבר על מדותי' גיוועזין אונ' מיך ניקש אן גינומין אונ' גידאכט וויל מיר מיין קינד שמחות ניט פאר שטעהרין, זאל איך נון שרייבן מן המעמוד מבני דאז זאל זוך גאט ארבארמין וואז זאל איך פיל שרייבין ער האט נעביך דאז זייניגי גינוג גיטאן גילאפין אונ' גירענט אביר וויא שונט גידאכט אויב מיר מיין הערטץ אים לייב שונט ממש צו שפרונגין האבי איך מיר דאך קיין אן זעהנליכין צער טרייבין וואלין אלזו איזט החתנה תוך ששון ושמחה נגמור גיווארין מיט אלין כבוד הקצין ר' יודא

---

[1]) bei den Haaren.

גידאכט, נון איזט בני ר׳ ליב סג״ל חצי שנה בהאמיל
גיוועזין, לאחר זה איזט הקורפירשט מב״ב[1]) להנוביר גיצאגין
זועלכיש איך תכף גיוואר גיווארין אונ׳ להנוביר לגיסי ר׳
ליפמן גישריבן דאז ער דאך מויכט זעהן אצל קורפערשט
יר״ה איין זאלוויקונדוקטוס[2]) איזו צו ריכטין כדי ער ווידר קאן
לברלין קומין אונ׳ זיכט דאש ער פון זייני חובות וואש אין
ביקומין כדי ער זייני קרידיט׳רין אך בפרידיגין קענט, דען ער
גאר וואול מן יהודי׳ ואינם יהודי׳ [איזט] גיהאלטין ווארין אונ׳
מאן וואול גיוואושט ער אום דאז זייניגי איזט גיקומין דאש
אים רשעי׳ ופוחזי׳ ימ״ש דרום גיבראכט האבין אונ׳ בעו״ה
פיל צו גוט גיוועזין און איין אידרין מאן מאמין גיוועזין, עש
זענין נאך עטליכי קטנים חובות דאר גיוועזין דאר ער האט
נאך פון צופין[3]) קענין אונ׳ גימיינט הש״י ב״ה ווערט זיך מ״חם
זיין אונ׳ אין ווידר צו רעכט העלפין אביר עש שיינט דער
הימיל אונ׳ אונש פיל צו זער ערצירניט איזט גיוועזין, אלזו
בני ר׳ ליב סג״ל ווידר לברלין גיצאגין האט אן גיפאנגין לקצת
ווידר צו קוואקלין[4]) אונ׳ צו האנדלין איין לאך צו דאז אנדרי
ווידר אפין גימאכט כסדר׳ פון זולכי לייט אליש גימיינט זיך
צו העלפין, נון וויא גידאכט דאז איך מיין ליבי פרומי טאכטיר
איין קנס גיליגט תוך ברלין אין דער צייט דאש איך גימיינט
האב דאז בני אין זיין וואול שטאנט ווער גיזעסין, אביר לע״ע
דאר עש בעו״ה זוא און גליקליך גיקומין איזט מיר ברלין
גאר צו ווידר גיוועזין, צו דעם האט מיר בני ר׳ ליב גיזאגט
דאש החתן זוא פיל ניט העט אלש זיא אים פאר שריבן
האבין, אויב ער שוינט העט מעיד דרויף גיוועזין זוא ווער
ער באותו פעם שונט אין זיין צרה גישטאכין אונ׳ דיא מחותני׳
העטין אים עם מעות צו זיין אונטיר גנג בעו״ה אסיסטירט
דאז ער האט מוזין אן מיך שרייבין וואז זיא גיוועלט האבין,

[1]) Brandenburg [2]) salviconductus [3]) zupfen [4]) quackeln = wackeln.

עזבון נעמין אונ׳ אין מציל זיין אויז סוחר הענדין, אונ׳ זאל
בייא דען סוחר בלייבין בביתו עד לעת ערב אונ׳ דער נאך
אצלי עד יום א׳ בלייבין אונ׳ יו׳ א׳ בהשכמה זאל איך אין
להאמיל שיקין עם גיסי ר׳ שמואל בון זאל זמן מה אצל
חתני ר׳ שמואל בהאמיל זיין ביזקין מאן זיכט וואז מאן עמו
אן פנגיט, נון זאלכיש איזט גישעהין האט מיך ווידר גרויש
מעות גיקאשט בני ר״ל איזט בהאמיל גיוועזין אונ׳ איאיר ער
איזט להאמיל גיקומן האט ער מוזין אויף הנוביר צו ציאין
אוב צוואהרין מחותני הקצין ר׳ יעקב הנוביר[1]) גרושי מיטליידין
מיט אים גיהאט אונ׳ גרויש רחמנות עמו גיטריבין איזט
זולכיז דאך אביר זונדיר אלי אפעקטין[2]) אונ׳ הילף גישעהין
זיא האבין מיר צוואהרין מהגוביר טרישטליך גישריבן אונ׳
מיך מנחם גיוועזין איך האבי אינין ווידר גיבירליך גיאנטווארט
אונ׳ וועגין אירי תנחומה בידאנקיט אביר דאר מיט ווער עש ניט
גיטאן זיא אין מוטיל צו שפרינגין[3]) אונ׳ העלפין וואלטין דאז
בני ווידר צו רעכט קעם ער איזט איין יונגיר מאן גאט קענט
אים ווידר העלפין אביר צור תשובה ביקומן מן מחו׳ הקצין
ר״י הג״ל עם וואלטי אים אויזדירין[4]) עם ת״ק ר״ט באט אים
בני נתן ובני מרדכי סג״ל וואלטין גישריבן געבין דאש זיא
ערוב פאר זאלך מעות ווערין אלזו איזט צו זעהין גלייך אליש
אויז המעשה לראות[5]) דאז מאן קיינים פאר קיין פריינט הלטן
זאל זונדר פראבירט איך העט פאר מיינט דאש ר׳ יעקב
וועלכיר מיין קינדר נאהנטיר פריינד איזט אונ׳ אום בעלי
זצ״ל זיין כבוד פיל איין מעהרירש גיטאן העט אונ׳ אלפים
פון זיין אונקילש[6]) כבוד אן גיוועגט[7]) העט, אביר וויא שוינט

---

[1]) Wohl der 1697 verstorbene Moses Jacob, der Sohn Liepmann Cohens s. Kaufmann, Samson Wertheimer 86 n. 1 [2]) Effect [3]) in Mittel zu springen = sich in's Mittel legen [4]) assistiren [5]) s. oben p. 208 [6]) Liepmann Cohen war Glückels Schwager [7]) angewendet.

מער בני איזט אן איין סוחר אלף ר״ט חייב גיוועזין וואור פיר ער האט אים זאלין ח״ב על המבורג געבין אביר הסוחר האט דיזוש אליש גיוואר גיווארין ניט וואלין פון אים וויכין אים וואלין תוך ברלין תפוס ליגין וואש האט בני טון זולין חמיו העט אין תוך תפיסה פאר ראטין אונ׳ פאר פוליק[1] לאזין, איאיר אים עם ק׳ ר״ט העט גיהאלפין פאר שוויגין עם אלף ר״ט האט ער עם הסוחר גירעט דוא זיכשט יוא וואול דאז היר ניקש צו ביקומין איזט איך וויל מיט דיר להמבורג ציאין מיין מוטיר אונ׳ ברידיר וערן מיך ניט לאזין[2] דוא קענשט מיך דאך אין המבורג אך תפוס נעמין אונ׳ בני ר׳ ליב שרייבט אן מיר תכף איך ווער יו׳ ו׳ אצלך זיין, איך קאן דיר דיא אורזאך ניט שרייבין איך ווער אליש מינטליך דיר זאגין דען כתב האב איך א׳ יום קודם ביאתו ביקומין, קאן מאן וואול דענקין וויא מיר איזט צו מוט גיוועזין אונ׳ איך מיר ניקש גוטיש האב קענין איין בילדין, מאחר איך וואול גיוואושט האב דאש אין חמיו אליש גינומין האט אונ׳ ער איזט תוך המבורג חייב גיוועזין אונ׳ ניקש לשלם גיהאט אביר איך בין בלדי אויז דען חלום גיקומין אן יו׳ ו׳ למחרת האב איך איין שליח גיקראגין בני ר׳ ליב סג״ל ווער אין דען סוחר זיין בית איך אודיר אייניר פון מייני קינדר זולטין צו אין קומין איך האבי מיך ארשראקין גיהאט בלתי שיעור וערך האב ניט גיקענט איין טריטן גין[3], בני ר׳ מרדכי סג״ל איזט צו אים גנגין אונ׳ מיר דיא ביטרי ביטריפטי צייטונג גיבראכט, נון האבי מיך עם גיסי ר׳ יוסף סג״ל גיסי ר׳ אלי׳ סג״ל מתיעץ גיוועזין וואש היר בייא צו טון איזט, באם עש לענגיר ווערט אונ׳ אנדרי קרידוטרין עש גיוואר וועררין איזט ער פשיט׳ פאר לאהרין, איזט ענטליך גיבליבן זאל אלף ר״ט פון

---

1) verrotten und verfaulen 2) = verlassen 3) einen Tritt (= Schritt) gehen.

ח״ב אונ׳ ממרנו׳ דיא בנך ר׳ מרדכי סג״ל אין הענדין האט דאז איר קענט ביצאלט ווערין, נון וואש האבין מיר טון זאלין האבין מיר מוזין אליש גיפאלין לאזין דען ח״ב[1]) אונטר שריבן אונ׳ מיין סחורה וויא שון גידאכט להמבורג גשיקט, בין מיט מחו׳ ר׳ הירש אין זיין גיוועלב גנגין אונ׳ אים גיוויזין דיא ב׳ פעקכיר עם סחורות מן ר׳ איציק ור׳ שמעון זולט זיא דאך תכף אן דיא לייט שיקן כדי בני אויז זיין חיובה קעם, דיא ח״ב וממרנו׳ דיא בני ר׳ מרדכי סג״ל בידו ניחאט זענין אונש וויניק נוטץ גיוועזין האבין זיא מחו׳ ר׳ הירש געבן דער זעלבי אן בני ר׳ מרדכי סג״ל ת״כ[2]) געבין וואש דאר פון אין קומט אונש תכף להמבורג צו רימיטירין, נון איזט בני ר׳ ליב אן ליב בישערי אונ׳ אן ליב גאשליר ב׳ אלפי׳ ר״ט לערך חייב גיוועזן האט ער זעלבי ח״כ אן מיך גשיקט אן אינין לשלום, נון איך העט זעלבי ח״כ וואול קענין פאר אונזיר תשלום האלטין, אביר גידאכט ווען איך דאש טוט זוא איזט בני ר״ל פשיט׳ מכולה האב אלזו אינין הח״ב געבין, נון זענין מיר אהיים גיצאגין מיט טרויאריגין פאר ביטירטין גימיט איך האב קום[3]) דיא נשמה אין מיר גיהאט מיין ליב פרום קינד ר׳ מרדכי מיר עז צוווארין וואלין אויז רידין אביר גאט דער וויים דאז אים נעביך פיל וויאיר אלש מיר גיוועזין איזט, וויא עש זיך בעו״ה אויז גוויזין האט, נון איזט נאהנט דאראן גיוועזין הירוד מפ״פ דאדר דאר האבין מיר אל אונזיר בטחון גיהאט גאט צו פאר דאז מיר זאלטין משם אנטזאטץ[4]) ביקומין, אביר אן שטאט דעסין איזט עם חמיו אין זיין גיוועלב גיפאלין אונ׳ כל אשר לו צו זיך גינומין לא די אל זיין סחורות אל זיין ח״ב דיא ב׳ פעקכיר עם סחורות ג״ב ולא נשאר לו ולנו פרוטה אחת, אונ׳ וואש נאך

---

1) = חלוף בריף Wechselbrief 2) = תקיעת כף Hand schlag 3) kaum 4) Entsatz.

כנ"ל איך וויל שונט כאבין דאז זיא הסחורות נעמין זאלין
וועט עש מיך אך מעות מכיסי קאשטין זעלטיט[1]), נון האב איך
דאז מייניג לבני גיזאגט וואור קריגט נון בני נתן ובני מרדכי
סג"ל דאז אידיגי האט ער גיקראגן ח"כ אונ' פולינשי ממרנו'[2])
איבר י"ב אלפים ר"ט אונ' זיא לבני ר' מרדכי געבין דאר
פון זאלט איר ביצאלט ווערין, נון מיר זענין יחדיו אהיים
גנגין זענין דען גנצין יום אין זיין גיוועלב גיוועזן דאז נכט
עסין האט מיר ניט וואול גישמעקט וויא צו דענקין שטיט,
למחרות בהשכמה קומט בני ר' ליב סג"ל צו מיר אין מיין
קאמיר אונ' זגט חמו ר' הירש העט עמו גירעט ער וואלטי
דיא סחורות ניט אויז ברלין לאזין מאחר בני ר"ל אן בני ר'
מאדיל ווער ד' אלפים ר"ט חייב דיא זולטי איך אים ביצאלין
זוא קענטי איך דיא סחורות הין שיקן וואור איך וואלטי
זאלכיש האט מיר בני ר"ל מיט שרייאינדיני[3]) אויגן גיזאגט נון
וואש פאר איין בהלה אונ' טויטיש אנגשט איזט אויף מיר
גיוועזין איך האב ניט קענין אויז דעם בעט אויף שטין אונ'
זוא לנג איך אין דען שלימזלדיגין ברלין בין גיוועזן נים קענין
אויז מיין בעט אויף שטין אלזו האבי איך נאך מחותני ר'
הירש גשיקט אונ' אים גיזאגט וואש ער מיר דאר טוט אויב
ער מיך אונ' מיין קינד אויף איין מאלט שעכטין וואלטיט
אביר וואש זאל איך פיל שרייבין י' בויגן קלעקטין[4]) אליש
ניקש, איך האב מוזין איך ח"ב געבין אן מחו' ר' הירש דאש
איך תוך ד"י יו' בהמבורג וויל צילין כ"ה מאות ר"ט אונ'
מחותני ר' הירש דאר בייא גיזאגט איך האף ניט דאש איינער
וואש זאל צו קורץ קומין דען ער ביהאלט נאך זוא פיל
סחורת אין זיין גיוועלב איבר, בפ"פ דאדר האט ער אך נאך
לערך פאר ב' אלפים ר"ט סחורות שטין מלבד דיא ריבוי

---

[1]) sollte [2]) Membranen oder Wechsel vgl. Kaufmann a. a. O. 52 n. 1 [3]) schreienden [4]) kleckten = hinreichten s. Grimm V, 1056.

מהמבורג זענין הינטר מיר הער גנגין אונ׳ האבין אים יותר אליש ד״י מאות ר״ט סחורות פאר קאפט אונ׳ גיבארגיט, איך בין עש גיוואר וואָרדין אונ׳ צו אינן גאנגין אונ׳ אומש גאטיש ווילין גיבעטין זאלטין דאך לאזין המקח צו רוק גין דען בני זולטי זיך אויז דען סחור׳ האנדיל ארויז טון דען עש ווער זיין כליון אביר עש האט מיך אליש ניט העלפין וואלין אונ׳ האבין בני כופה גיוועזין, האט מוזין דיא סחורו׳ נעמין, נון לאחר יריד לייפציג בין איך ובני ר׳ מרדכי סג״ל לברלין גיצאגין מיט חמיו ר׳ הירש אונ׳ אלי ברלינר וויא איך נון לברלין תוך ביתו של בני (גיוועזין) [גיקומין] בין איזט דען ערשטין אבינט ניקש גישעהן, בין מיד מן הדרך גיוועזין דאך האבין מיר ביחד גירעט האט בני גיזאגט עש פעלט מיר ניקש מעהר אליש דאש איך צו זעהר מיט סחורות פארשטאכין בין אלזו האב איך צו אים גיזאגט דוא בישט מיר איבר ג׳ אלפי׳ ר״ט חייב איך וויל חאטשי אייטיל סחורו׳ דאר פיר אן נעמין וויא זיא דיך גיקאשט האבין, אלזו זאגיט בני ר׳ ליב סג״ל מיין ליבי מוטיר ווען דוא דאש טון ווילשט זוא קאן איך אויז אל מיין נויט קומין אלזו זאל קייניר אן מיך ניט צו קורץ קומן, נון למחרת בין איך מיט בני אין זיין גיוועלב [גנגין] (גיוועזין) [איזט באמת איין רבוי סחורות תוך זיין גיוועלב גיוועזין] אלזו האט ער מיר געבין פאר ג׳ אלפי׳ ר״ט סחורות וויא זיא אים גיקאשט האבין, נון קאן מאן זיך וואול גידענקין וויא איך איין פנים גיהאט האב אביר אליש גיט גידאכט צו אכטין אונ׳ גימיינט מיין קינד נור צו העלפין אלזו האבין מיר דיא סחורות אלי תוך פאקין[1]) אין גיפאקט דאש זיא האב וואלין להמבורג שיקן נון זענין דיא ב׳ פעקכיר עם סחורות וועלכי בני ר׳ ליב מן ר׳ איציק ור׳ שמעון בלייפציג גיקאפט נאך אין זיין גיוועלב גישטאנדין צו גיפאקט, אלזו האב איך לבני גיזאגט דיא ב׳ פאקכיר עם סחורות שיק אן דיא לייט

[1]) Packen = Ballen.

מיר דאש גיזאגיט האט גיזעהין דאש איך מיך זוא גאר ארשראקין האב האט דברי׳ תנחומי׳ צו מיר גירעט אונ׳ גיזאגט זולטי מיך ניט זוא זער ארשרעקין ווען מאן בייא צייטין צו זעך קענט אים נאך גיהאלפין ווערין איך האב זולכיש בני נתן ובני ר׳ מרדכי סג״ל גיזאגיט וועלכי זיך גאר זער ג״כ ארשראקין אונ׳ גיזאגט זיא מוזטין ג״כ איין אידריר כמה אלפי׳ פון אים האבין, נון דוא גרווישר גאט דוא ווייסט וויא מיר בייא זולכי עסקי׳ איזט צו מוט גיוועזין, בני ר״ל איזט מיר יותר אליש ג׳ אלפים ר״ט חייב גיוועזין דאך העט איך זולכיש אליש ניט גיאכט ווען מיין בידי פרומי קינדיר כנ״ל ניט זוא טיף מיט אין גישטאכין העטין, נון וואש האבין מיר ביטריפטי לייטין טון זאלין מיר האבין עש קיין מענשין דערפין זאגין, מיר האבין זיך יחדיו בירעט דאז איך מיט בני ר׳ מרדכי סג״ל וויל לירידּ לייפציג ציאין אום צו זעהן וויא אלי זאכין שטין, נון קאן מאן וואול דענקין וויא מיר אונזיר צייט פאר בראכט האבין, נון בין איך אונ׳ בני ר׳ מרדכי ללייפציג גיצאגין וויא מיר זענין לשם גיקומין איזט בני ר׳ ליב סג״ל שונט לשם גיוועזין, וועלכיר אלי יריד לשם גיוועזין איזט אונ׳ הרבה סחורות לשם גיהאט אלזו האב איך מיט אים גירעט כך וכך גיט דער מאמר גידענק אן גאט אונ׳ אן דיין פרומין עהרליכן פאטיר דאש דוא דיך אונ׳ אונש אלי אין קיין חרפות ברענגשט, והישב איר הופט נירגינץ פאר מיך צו זארגין קורטצליך קיין ד׳ שבועות האט חמי ר׳ הירש גיסו ר׳ וואלף מפראג אצלו גיהאט וועלכיר מיט מיר מוזין חשבונין אונ׳ ער אך גיפונדין דאש איך ת״ל גנץ וואול שטיא אלזו זאג איך צו אים ווייז מיר דיין בילאנש, והישב האב עש ניט אצלי טוא מיר דען גיפאלין ציא מיט מיר לברלין לביתי וויל איך אייך אליש ווייזין דאז איר ווערט פאר גנינט זיין, עכ״פ האב איך צו אים גיזאגט קאף לע״ע קיין שטיק סחורה אביר ר׳ איציק אונ׳ ר׳ שמעון בנו של ר׳ מן

ניצאלט וויא איך בין נון מיריד ברונשוויג קומין אין מיינונג
גיוועזין ח״כ מבני ר׳ ליב פאר מיך צו פינדין אביר ניקש
פאר האנדין גיוועזין אויב איך צווארין דאר פון גישריבן האט
מיר בני אלי צייט תירוצי׳ גישריבן דיא מיר ניט גיפאלין
האבין, נון וואש האב איך טון זאלין האב מיך מוזין צו
פרידין געבין, אין ד״י יום דער נאך איזט איין גוט פריינט
צו מיר גיקומין אונ׳ גיזאגט איך קאן עש דיר ניט אנטהאלטין[1])
אונ׳ מוז דיר זאגין דאז מיר דיא עסקים מבנך ר׳ ליב סג״ל
גנץ ניט גיפאלין דען ער שטעקט אין גרושי חובות איזט
גיסו ר׳ מאדיל חייב ד׳ אלפי׳ ר״ט אונ׳ דער זעלבי זיצט
אין זיין גיוועלב דאז ער כלומר זאל מיט צו זעהן אביר ער
איזט איין קינד אונ׳ ניט קפאביל[2]) דאר צו ער נאשט אונ׳
פרעסט אונ׳ זופט איזט איין אידיר הער אונ׳ מיינשטיר אים
גיוועלב בנך ר׳ ליב איזט צו גוט אונ׳ פרום לאט[3]) איין אידרין
שאלטין אונ׳ וואלטין, צו דעם זוינין אין דיא ברלינער מיט
ריבותים אויז אונ׳ האט ב׳ וואלף איבר זיך דאש אייני איזט
ר׳ וואלף בנו של אב״ד מהמבורג מהור״ר זלמן מירילש[4]) אונ׳
דער אנדרי וואלף איזט גיסו של מהור״ר בנימין דער לעטשטי
ר׳ וואלף גיט אים אלי יום אין זיין גיוועלב טראגט אים
ארויש וואש ער זיכט אונ׳ וואש ער ניט זיכט, צו דעם האט
ער זיין מו״מ עם פולאקין דאז איך ווייס[5]) איזט ער אין קורצים
יותר אליש ד׳ אלפי׳ ר״ט יאוש גיווארין אונ׳ דערי שמועות
יותר דאז מיר גיוועזין איזט במעט פרחי נשמתי איך בין
בעו״ה חליש אויף דער שטאט גיווארין[6]) דער פריינט דער

---

1) enthalten = verschweigen 2) capabel 3) lässt 4) Vgl. Kaufmann a. a. O. 219 f. An Wolf Mirels wendet sich noch 1716 nach der Zerstöruug der Gemeinde Posen sein dort wohnender Bruder Dob Beer als Cassier des Hülfswerkes 5) so viel ich weiss 6) auf der Stelle ohnmächtig geworden.

זאלין השגחה פרטיו' אויף אים האבין האט ער אים נין לאזין כצאן בלא רועה בני וויא שוין גידאכט גדול מו"מ אן גיפאנגין איין גרויש גיוועלב תוך ברלין מיט אליר הנט סחורות גיהאט, מחותני חמיו ר' הירש האט בנו ר' מאדיל אויז געבין אונ' זיך משדך גיוועזין לגיסי ר' יוסף סג"ל דיזיר ר' מאדיל אך נאך גאר יונג אונ' ניט וואול גיצאגין גיוועזין מחותני ר' הירש גינומין דיא גנצי נדוני' ד' אלפים ר"ט אונ' זאלכיש לבני ר' ליב סג"ל געבין אין זיין מו"מ בני האט ר' מאדיל הנ"ל אין זיין גיוועלב גיהאט זיטצין כלומר מיט צו צו זעהן אביר דאז זיך גאט זאל ארבארמין וויא ער האט צו גיזעהין משרתי' ומשרתת בעו"ה אליש גיגנבת גם זונשט אנדרי אנשי בליעל וויא עש צו ברלין אונ' אומיטום[1]) גיבט זיך אצלו גימכט אונ' כלומר מיט אים גיהאנדילט אונ' דאש ווייסי אויז דען אגין גיגנבת האט כמה וכמה אלפים אן פאלאקין גיבארגיט דאז בעו"ה אליש יאוש גנגין, איך אונ' מיין קינדר זאלכיש ניט גיוואושט, מיין קינדר אונ' איך גימיינט ער זעם אין גרוישן מו"מ ורווחים האבין אים משום זה פיל קרודיטירט אונ' איך ג"כ האב באותו פעם איין פובריק פון המבורגיר שטרימפף גיהאט דאז איך פאר כמה אלפים עצמו מאכין לאזין אלזו האט מיר דער אונגליקליכי זון גישריבן זולטי אים שיקין פאר[2]) אלף ר"ט ויותר שטרימפף וועלכיש איך אך גיטאן בין ביריד ברונשוויג גיוועזין זענין לשם אמשטארדאמיר סוחרים גיוועזין דיא לערך פאר ח' מאות ר"ט ח"כ על בני ר' ליב סג"ל גיהאט בני ר' ליב זצ"ל מיר גישריבן לברונשוויג איך זולטי דאך זיין ח"כ בכבוד צאלין וואלטי מיר המעות להמבורג רימיטירן נון וויא איך אלי צייט פאר כיין קינדיר גיוועזין מיר גידאכט וויל אים קיין חרפה לאזין אן טון דאז איך זיין ח"כ העט לאזין פריטישטירן אונ' אליש בכבוד

---

[1]) um und um [2]) für.

גיוועזין איין אלמנה האט גיהאט ר׳ ברוך מברלין[1]) דער ר׳ ברוך איזט איין אדם השוב גיוועזין אונ׳ גרושיר עושר איזט גישטארבין האט גילאזין ב׳ בני׳ אונ׳ ב׳ בנות אלזו האט מיר השדכין לבתי ע״ה דאז יותם גשדכנת איזט דאז עלשטי פון דיא יתומי׳ גיוועזין אונ׳ מיר גיזאגט ווער איין פיין קינד אונ׳ לערינט וואול אונ׳ העט ה׳ אלפי׳ ר״ט מעות מזומני׳ אונ׳ חצי בית ווער אך ט״ו מאות ר״ט שוויי׳ אונ׳ נאך כלי קודש מכסף ושארי זאכין, אטו וויל אין אצלה האלטין אונ׳ ב׳ שני׳ מזונות על שלחנה געבין דען זיא נאך אין דען גאנצין מו״מ גיזעסין איזט, נון איך האב דען שדכין משיב גיוועזין איך שלאג השידוך ניט אויז אך ורק איך וויל עש אין בידענק נעמין אונ׳ אים דען תשובה זאגין, נון איך האבי לגיסי ר׳ יוסף סג״ל ושארי [לייט גוטין] פריינט גיפראגט האבין מיר אלי לזו שידוך גיראטין אביר דאך אלי גיזאגט דוא האשט דאך בנך ר׳ ליב צו ברלין וואונין דער ווערט דיר אליש שרייבין אלזו האב איך לבני ר׳ ליב סג״ל גישריבן זאל מיר אליש האמת שרייבין אלזו האט ער מיר גישריבן אונ׳ גיראטין זולט השידוך טון דען דאז יתום העט ה׳ אלפי׳ ר״ט גם שארי זאכין וויא השדכין גיזאגט האט, אלזו האב איך בני ר׳ ליב כח והרשאה גשיקט וועלכיר דאז קנס תוך ברלין גיליגט האט, צו מיין גרויש ביטריפטיניש החתנה איזט כמעט א׳ שנה וחצי אויף גישלאגין גיווארין, איך האב גימיינט ווער אליש גוט אונ׳ גידאכט ווילין איך איין קינט תוך ברלין העט דעם עש וואול גינג וואלטי איך דאש קינט אך דאר הין געבין כדי דאש איינער אם אנדרין נחת רוח העט, אביר עש איזט בעו״ה פיל אנדרש אויז גישלאגין, דען וויא גידאכט בני ר׳ ליב נאך גאר יונג אונ׳ קיין מו״ם פאר שטאנדין אן שטאט דאז חמיו האט

---

1) Wohl Benedictus Veit d. i. Baruch b. Menachem Manes Rausnitz ans Wien s. Kaufmann a. a. o. 215 n. 1.

ניצאגין אונ׳ זוא בלדי[1]) מיר לאמשטארדאם גיקומין זיין אן שטאלט צור התתנה למז"ט גימאכט אונ׳ אן שטאט דאז מיר גימיינט האבין איין פאר מניינים לייט צו האבין, היר קינן מיר איבר ת׳ פירשון גיהאט לקצר מיר האבין זולכי חשובי חתנה גיהאט אליש אין ק׳ שנים תוך אמשטארדאם ניט גיוועזין איזט האט אונש אך איבר ת׳ ר"ט גיקאשט, נון לאחר התתנה בין נאך איזהו שבועות תוך אמשטארדאם גיוועזין אונ׳ אונזיר מו"מ אפ גיווארט לאחר זה אונז צו אונזיר רייז פערטיג גימאכט איך האב חתני משה גיבעטין זולט מיט מיר להמבורג ציאין וויל זיא פרייא האלטין אביר חתני ניט גיוואלט אלזו זענין מיר מן אמשטארדאם מיט אלי פר גניגליכקייט להמבורג אן גילנגיט אונ׳ אונזירי קינדר אונ׳ אלי גוטי פריינד גיזונד גיפונדין איך האבי אלי פאשט בריף גיהאט מבני ר׳ ליב ע"ה דאש ער וואול האנדילט אונ׳ אידיר מאן אים גרימט[2]) וויא איין וואקריר האנדילש מאן ער ווער איזט גיצאגין ללייפציג אונ׳ סחורות אין גיקאפט אונ׳ האט איין גרויש גיוועלב תוך ברלין גיהאט מיין קינדר האבין מיט אים גיהאנדילט איך האב כמה פעמים אן מחותני חמיו ר׳ הירש גישריבן אוב ער אך וואול מיט צו זיכט דען איזט איין יונג קינד אונ׳ איזט בייא קיין מו"מ גיוועזין אך ורק אליש אים חדר ובית המדרש גיזעסין מחותני ר׳ הירש מיר כ"פ גישריבן איך זולט פאר דען קינט נור ניט זורגין, נון האבי איך דאר מיט מוזין צו פרידן געבין אונ׳ גימיינט עש ווער עם בני ר׳ ליב אליש וואול בישטעלט, נון האבי איך גיהאט בתי הענדלה ע"ה איזט איין בתולה גיוועזין דיא קיין דמיון גיהאט האט הן במעשיה וביופיה אליש האט אונש ר׳ יאזיל שדכן ווידר איין ביטריפטין שירוך מברלין גירעט דהיינו איזט לשם

---

1) sobald 2) gerühmt.

מנחה קומט מיין חתן אין אונזיר הויז צו גיאין, איך האבי מיך זער משמח גיוועזין אונ׳ עמו גירעט אונ׳ מיר בכ״ד[1]) גאר וואול גיפאלין דאז איך פון אלין חסרונות וואז לייט פון אים גיזאגט ניקש גיזעהין, מיר זענין ב׳ ג׳ שעות יחדיו גיוועזין אונ׳ המקום ב״ה אין מיין הערטצין גילובט אונ׳ גידאנקיט אונ׳ בין גאר וואול צו פרידין גיוועזין, בני נתן סג״ל אונ׳ איך מיר האבין תוך אמשטארדאם אלי יום גיהאנדילט עם אבנים טובות וויא מיר נון ח׳ יום תוך אמשטארדאם זענין שרייבט מרים אשת מחותני ר׳ אלי׳ קליף ז״ל מיר זולטין איר דאך דען כבוד אן טון אונ׳ מיט חתן וכלה לקליף קומין, ווייל זיא יוא דיא שדכנים גיוועזין זיין אונ׳ פיל ווידר ווילין גיהאט האבין אלזו זאל מאן איר דאך דען נחת רוח געבין אונ׳ צו איר קומין אויב מיר שונט וועגין אונזיר מו״מ ניט וואול האבין קענין אפ קומין האב איך איר דאך זולכיש ניט פאר זאגין קענין אונ׳ זענין יחדיו לקליף גיצאגין, האבין אין ערשטן אן בליק אונש יחדיו צווארין מיט פריידין טרערין בינעצט מאהר מיר זיך בידי אין אונזרין ביטריפטין אלמנה שטאנט ערשט גיזעהן[2]), אביר נאך דעם דיא ערשטי ביטריפטיניש איזט פאר בייא גיוועזין איזט אליש תוך ששון ושמחה פאר ענדירט גיווארין אונ׳ האבין אייניר פום אנדרין גרוישי פאר גניגליכקייט גיהאט, בתי צפור תי׳ איזט ג״כ מיט גיוועזין מחותנת מרים ע״ה האט גיוואלט האבין מיר זולטין החתנה תוך אמספורט[3]) מאכין אביר זולכיש איזט מיין גילעגין הייט ניט גיוועזין דען האבין מוזין ווידר באמשטארדאם זיין מיר זענין ה׳ יום תוך קליף מיט אלי פאר גניגליכקייט גיוועזין לאחר זה אונזיר חתן וכלה אונ׳ מיר זעמפטליך [ווידר] לאמשטארדאם

---

1) = בכל דבר in jeder Beziehung 2) Elia Gomperz war im selben Jahre wie Chajjim Hameln, am 10. Tammus 459 d. i. Dienstag am 7. Juli 1699 in Cleve gestorben 3) Amersfort in Holland.

גיוועזין איך זולטי פאר בני ניט זורגין איך זולט ווינטשין דאז איך פאר אלי מיין קינדר אלזו פיל צו זארגין העט אליש פאר דען זון, אביר מיין גאט אונ' הער וויא איזט דאז בלאט זוא און גליקליך אום גישלאגין מחו' ר' הירש האט תוך תנאים פאר שריבן גיהאט ער וואלטי ערוב זיין דאז בני תוך ג' שני' דאש ער קאשט האט אצלו אלי שנה זאלטי ת' ר"ט אויף ליגין אביר איניש זוא פיל אלז דאז אנדרי גיהאלטין וויא נאך מעהרירש זאל בישריבן ווערדין נון וויל בני ר' ליב תוך ברלין לאזין אונ' ווייטיר מבתי אסתר תי' שרייבן וויא שונט גידאכט במה כתבים גיוועקסילט אונ' ניט צום צוועק קומין קענין ענטליך מיר זוא ווייט גיקומין מאחר ער עם החתן ניט וואלין אדיר קענין להמבורג קומין אונ' איך עם בתי הכלה אך ניט למיץ גיוואלט ציאין אלזו מיר אונש משווה גיוועזין דאז מחו' הקצין פ"ו ר' אברהם קרומבאך בנו החתן זאל לאמשטארד' קומין ולשם וויל איך עם בתי הכלה תי' ג"ב קומין ולשם ווערין זיך חתן וכלה איינר דען אנדרין זעהן אונ' חתנה נאך בידיר גוט ביפינדונג לשם צו מאכין, נון וואש האב איך טוהן זאלין, בין זולכיש אין גאנגין אונ' גישריבן דאז איך וויל מיך אום דיא זעלבי צייט וויא מיר יחדיו בישטימט האבין תוך אמשטארדאם עם בתי הכלה תין זיין וויל, האב מיך אך תכף פערטיג גימאכט אונ' עם בתי הכלה ובני נתן סג"ל לאמשטארדאם גירייזט האבין גאר גוטי חברות' גיהאט אונ' איין שיני פאר גניגליכי רייז גיהאט. מיר זענין אצל חתני קאשמאן שי' באמשטארדאם[1]) גאשט גיוועזין אביר החתן איזט איזה ימים פריאיר תוך אמשטארדאם גיקומין אונ' אצל ר' משה עמריך גאשט גיוועזין, לעת ערב אחר

---

[1]) Kossmann Gomperz, damals Buchdrucker in Amsterdam, vgl. Steinschneider in Ersch und Grubers Encyclopädie II, 28 p. 68 n. 77.

גיסי ר׳ אלי׳ סג״ל גירעט השידוך עם אחיו ר׳ הירש מברלין[1]) דער זעלבי שידוך איזט מיר בעו״ה תכף אין גנגין אונ׳ גידאכט דער מאן האט ווייניק קינדר אונ׳ האט זיין מו״ם מיינשט בביתו אונ׳ איזט איין שארפיר מאן דער ווערט בוודאי וואול אכטונג על בני געבין, אלזו האבי איך בני עם בתו הנ״ל פאר קנסת אונ׳ גימיינט העט עש גאר וואל גיטראפין, נון איזט נגד החתנה גנגין, בין עם בני החתן אונ׳ בני ר׳ זנוויל סג״ל וגיסי ר׳ אלי׳ וישכר כהן לברלין לחתנה גיצאגין אונ׳ אצל ר׳ בנימין תוך ברלין גאשט גיוועזן זאל איך שרייבין כל הכבוד דען איך מן מחותני ר׳ הירש ומן דודו מהור״ר בנימין[2]) אונ׳ אלי לייט תוך ברלין האב אין גינומין קאן איך ניט ארשרייבין, ובפרט מן הקצין ר׳ יודא[3]) ואשתו הגם דאז ר׳ יודא מיט אלי ווינירש איזט און איינש גיוועזין[4]) דאך האט ער מיר גישענקט שבת פון אלי חשובי קומפעקטוירין[5]) דיא מאן צו ארזעהן האט גיהאבט אונ׳ מיר איין מעכטיגי סעודה גימכט, לקצר מה לי להאריך האב מער כבוד איין גינומין אליש איך בין ווערדיג אונ׳ ווערט גיוועזין אלזו איזט דיא חתנה תוך ששון ושמחה וכבוד נגמור גיווארין, איזהו ימי׳ נאך דער חתנה זענין מיר ביחד ווידר להמבורג גיצאגין בשמחה ובלב טוב אונ׳ קודם נסיעתי מברלין עם מחותני ר׳ הירש גירעט אונ׳ גיבעטין זולט דאך וואול נאך בני זעהן דען ווער איין יונג קינד דאש קיין מו״ם פארשטונד אלזו זולטי ער נאך דען זייניגין זעהן איך העט מיך דארום צו אים משדך גיוועזין דאש איך אין מיינונג בין דאש בני שי׳ ווידר איין פאטיר אן אים האבין ווערט, מחו׳ ר׳ הירש מיר אך משיב

---

[1]) Vgl. über Hirschel Ries Kaufmann, die letzte Vertreibung 212 [2]) Benjamin Mirels war als Bruder Pessel Neumarks, der Mutter des Hirschel Ries, dessen Onkel s. ib. 211 und 213 [3]) Jost Liebmann [4]) s. Kaufmann a. a. O. 217 n. 1 [5]) Confituren.

גיוועזין מאחר איך זוא פיל על בנה גישריבן אונ׳ לייט מיר
אלזו פיל מלשיני׳ על בתי גזאגט וועלכיש איך גלאבין צו
שטעלט זוא וואלטין זיא החתן ניט שיקן אויב איך מיינטי דאז
זולכי הולכי רכיל ובעלי מלשיני׳ אמת העטין זוא מויכט איך
אימיץ פון מיני פריינט למיץ שיקין אונ׳ ההתן ביזעהין לאזין
אונ׳ צו דעם מאחר גרויש מלחמה בין מלך צרפת יר״ה
אונ׳ טייטשי גיוועזן אלזו קענטין זיא החתן ניט שיקין דען
ווער אינין איין גרושי סכנה אלזו איזט עש לענגיר אלש א׳
שנה הין גנגין מיט זולכי פאר דריסליכי שרייבין הין אונ׳
ווידר וויא איך ווייטיר שרייבן ווער׳ צווישן דעסין איזט בני
ר׳ ליב אך איין גרושיר היפשיר בחור גיוועזין אונ׳ אים כמה
חשובי שידוכי׳ גירעט, גיסי ר׳ יוסף סג״ל מיט מיר עצמי
גירעט וואלט אים בתו געבין זולט פאדרין וואש ער האבין
וואלט אביר בני ר׳ ליב קיין חישק צו גיהאט אונ׳ מער
חישק גיהאט צו השידוך לברלין וועלכיש בעו״ה מיין אונ׳
אונזיר אליר אונגליק גיוועזין איזט, דאך בישולדיג איך נימיץ[1]
אלז אונזיר עבירות אונ׳ דער היכשטי זאלכיש איבר אונש
בישלאסין אונ׳ מיין פרומין מאן ע״ה פון דיזיר [זינדיגי] וועלט הין
וועק גינומין כדי ער ניקש ביזוש אונ׳ קיין און פאל אן זייני
קינדר ארלעבין זאל אונ׳ קיגין דעפין מיך אין דיזין גרושין
יאמיר טאל גילאזין, נון מה לי להאריך בני ר׳ ליב איזט
איין יונג קינד גיוועזין אונ׳ פון אנשי בליעל ורשעים בעו״ה
פאר פירט גיווארין דאז ער פיל מעשה נערות ושטות גיטאן
אלזו האב איך מיר גידאכט גיב איך בני להמבורג דאר איזט
דיא פאר פירונג נאר גרויש אונ׳ איך בין איין אלמנה צו
דעם איך מיך כאן גיב[2]), דיא לייט זענין גרושי בעל מו״מ
אונ׳ קענין זוא ניט אכטונג על בני האבין אלזו האט מיר

---

1) Niemand 2) = an wen ich mich hier auch wende, so sind es grosse Kaufleute.

איזט גיסי ר׳ יוסף סג״ל מיט מיר נגגין האב איך אים אליש
גוויזין וויא איך איין אידריש שטיק גישטעלט האב, זוא האט
ער אליש ביזעהין אונ׳ צו מיר גיזאגט איר העט אליש צו
בזול גישטעלט, ווען איך ח״ו מייני סחורת זולטי זוא בזול
שטעהלין מוזט איך ח״ו פליטה מאכין זוא זאג איך מיך
דיכט[1]) דאש עש זוא בעשיר איזט ווען איך בזול שטעל אונ׳
יוקר פאר קאף אליש ווען איך יוקר שטעל אונ׳ עש בזול
פאר קאף איך האב איין בלאנש גימאכט דאש ווען עש שונט
בזול פאר קאפט ווערט וויא איך עש גישטעלט האב זוא איזט
דאך איין גוט קאפיטאל פאר מייני יתומים, אלזו האבי איך
אן שטאלט גימאכט צום אויז רוף אונ׳ זולביש אך גישעהין
אונ׳ גאר גליקליך גאנגין בכלל גאר וואול פאר קאפט גיווארין
אונ׳ אויב מאן שוין אויף חצי שנה זמן גיגעבין האט זוא
איזט דאך אליש גליקליך אונ׳ וואול אין נגגין[2]) אונ׳ ת״ל ניקש
יאוש גיווארין זוא בלדי אליש וואש מעות איזט אין גיקומין
האב איך תכף ביצאלט ווען מיר זיינין חייב גיוועזין אונ׳
תוך א׳ שנה גנץ אפ גיצאלט אונ׳ וואש ווייטיר אן באר
שאפטיר[3]) גיוועזין על רווחי׳ פאר לינט[4]), נון וויא איך שוין
גידאכט בתי אסתר תי׳ איין כלה גיוועזין אונ׳ שוין לנג עם
קנס נגגין דאז מיר ניט אפ אודיר צו גיקענט, לאהר השלושי׳
האב איך אן מיין מחותנת יאכים למיץ גישריבן אונ׳ אינין
מיין ביטריפטין שטאנד פיר גישטעלט אונ׳ גשריבן מאחר
איך נון בעו״ה איין אלמנה ובתי הכלה איין יתומה אלזו
מויכטין מיר זיך איינר דען אנדרין ניט לענגיר אויף האלטין
אונ׳ החתן לכאן לכלתו שיקין לראות ולהראות וויא איך
שונט גידאכט אונ׳ גישריבן לראות, אביר התשובה איזט

---

1) däucht s. Hildebrand in Zeitschrift für den deutschen Unterricht III, 6, 545 ff. 2) eingegangen 3) Barschaften 4) verlehnt = ausgeliehen.

לערנין, זוא שפריכט דער זון וויא זולט איך נון זוא פיל מענשין פון איינין וועגין ארשלאגין זוא זאגט דער קיניג ווען איין חכם אונטיר טויזינד נרין גיפאנגין ווער אונ׳ עש ווער קיין ראט וויא מאן דען חכם פון דיא נרין זאל מאכין אנטרינן, זו ראטיט איך צו ארשלאגין אלי טויזינד נארין דאר מיט דאז (מאן) דען חכם קאנטי גיהאלפין ווערדין אלזו איזט בעשיר דאז דוא ארשלאגשט אל רייני און גיטרייאי דינר דאר מיט דאז דיין קאמיר דינר וועלכיר איין האלביר אוהב איזט איין גאנטציר אוהב קענטי ווערין אונ׳ ער טעט אלזו אונ׳ זיין קאמיר דינר וואר אים איין גנטציר פריינט אונ׳ ער ביקענט דער זון דאז קיניגש, דאז קיין אוהב איזט צו טרויאין זונדרין ער ווער פראבירט אלזו מייני ליבי קינדר האבין מיר זיך אך אויף קיין פריינט צו פאר לאזין אליש אויף המקום ב״ה, דער זאל אונש בייא שטין אונ׳ אין אונזיר הילף זיין אונ׳ אויב איר שוין אייערין גיטרייאין פרומין פאטיר העט פאר לארין, זוא לעביט דאך אייאיר הימילשר פאטיר אימיר [אונד איביג] דער אייך ניט פאר לאזין ווערט ווען איר אים טרייליך דינט אונ׳ אן רופיט אונ׳ אוב איך לפעמים איין שטראף ח״ו זולטי צו קומין זוא איזט קיינער שולט דראן אלש איר זעלבירט, דאז איר זולכיש מיט אייערי מעשים מקלקל זייט נון מה לי להאריך מיר וואלין ווידר אן פאנגין וואור איך אויז גילאזין האב איר העט צו זעהן וויא אייאר ליבר פאטיר גישטארבין בקדושה ובטהרה, נון האב איך אך גישריבן וויא איך מיין בילאנש גימאכט האב אונ׳ בין לגיסי ר׳ יוסף גנגין אונ׳ גיבעטין מויכט דאך מיט מיר לביתי גין דען איך העט מיין בילאנש גימאכט אונ׳ האב בדיעה איין אויז רויף צו מאכין אלזו זולטי ער אלי זאכין ביזעהין וויא איך זיא גישטעלט[1]) העט אוב איך זיא אך צו בזול אודיר צו יוקר גיזעצט האב

[1]) = angesetzt.

אויף דען ביגרעפטניש ביגראבין וויא דאז דער קיניג הערינט
זוא שפראך ער איך וויל גישווינד מיין קנעכט דאר היין
שיקין אונ׳ גיט איר אך מיט אונ׳ ווייזט אינין דאז גראב
אונ׳ זיא טעטין אלזו אונ׳ זיא בראכטין דען זאק פאר זיגילט
מיט דען זון זיין הותם צו פאר דען קיניג זוא שפריכט דער
קיניג צו זיינים זון וואש זאגשטו נון דער צו זוא ענטפירטי
דער זון ליבר הער פאטיר איך האב איין קאלב גיהייליגיט
צו איין אופפיר אונ׳ וויא איך עש גישלאכט האב זוא איזט
עש ניט גיראטין זוא איזט עש פאר שטויסין פון איין אופפיר זוא
איזט עש אך ניט ביליך דאז מאן עש אויף דיא גאסין ווערפיט
דאר וייל איך עש גיהייליגיט האבי [זוא האבי] איך עש פאר
גראבין אין דיזין זאק אונ׳ דער קיניג גביטיט מאן זולט דען
זאק אויף מאכין אונ׳ אליז ארויש שיטלין אונ׳ זיא טעטין
אלזו אונ׳ שיטלטין איין טוטיש קאלפ ארויז אונ׳ זיא ווארין
פאר שעמיט דיא דרייא דינר פאר דען קיניגש זון אונ׳ ער
גביטיט מאן זאל זיא אין גיפענקיניש זעטצין אונ׳ מאן טעט
אלזו נאך דיזין לים דער קיניג זיין זון רופין אונ׳ ער זאגיט
צו אים זיך נון איצונד אייב אייניר פאר איין פריינט איזט
צו האלטין זונדיר פראבירט זוא ענטווערט דער זון, איך האב
פאר ווארי[1]) איצונד מעהר פאר שטאנט ביקומין אלש איך אין
דיא דרייאצעהן יאר גילערניט האבי אונ׳ איך האב נאר אן
מייני לייט ביפונדין אליש איינים הלבין אוהב דאז וואר דער
קאמיר דינר דער שמולט מיר אויף דער שולט וואכט[2]) נון
איצונד מיין ליבר הער פאטיר גיבט מיר איין גוטין ראט וואז
איך זאל מיט מייני דינר מאכין ער זאגיט דער קיניג איך
וויים קיין אנדרין ראט דוא זאלשט אל דיין דינר ארשלאגין
דאר מיט דאש דיין קאמיר דינר דער דיר אויף דאז וויניגשטי
שילט וואכט גיהאלטין דיא אום טרייא ניט פון אינין זאל אפ

---

1) fürwahr 2) der stand mir auf der Schildwacht.

עש איזט צוואַרין וואר דאש איך בין דיר שולדיג צו דינין דאר וויל דוא מיין הער בישט אביר איך האבי מיך ניט אין דינש געבין פאר איין טויטין גרעביר, אונ' איך טעט עש דיר אך צו גיפאלין גערין אביר איך פערכט מיך זער פאר דיינין פאטיר דער זוא געך צארניג[1]) איזט פיל לייכט מויכט ער עש גיוואר ווערדין אונ' ארשלאגיט מיך אונ' דיך דאך ביגראב דוא אין זעלבשט אויף דען ביגרעפטיניש דאז נאהנט היר בייא איזט אונ' איך וויל דיר שילט וואכין שטין צו זעהין אויב אימנט קומין מויכטי דיך אלש דען צו ווארנין אונ' זיא טעטין אלזו אונ' ער ביגראביטי דאש קאלב אין זאק אויף דאז ביגרעפטיניש אונ' עש גינג איין אידרירש ווידר צו הויז, צו מארגינש קומין דיא דרייא צו זאמין זוא ארצילט דער הויף מיישטיר פון דען ביזין שטיק וואז דאז קיניגש זון ביגעגניט האט אונ' וואלט פון אין האבין דען טויטין ארמארטין קירפיל[2]) ביגראבין, אונ' ער מוזט אים זוא אפ ענטפרין, זוא זגטין דער שרייביר אונ' קאמיר דינר ער איזט בייא אונש אך גיוועזין אונ' מיר האבין אך קיין טייל דראן האבין וואלין אונ' ער ביגראבינט אים אליינט אויף דען ביגראפטיניש, אונ' זיא ביראטיטין זיך צו זאמין דאז זיא עש דעם קיניג אן צייגין וואלין, דען זיא דורפטין עש ניט פאר שווייגין אונ' דער קיניג זולטי אונש דאז ניט פאר גוט האלטין אונ' אויז ליגין אונ' ווערט דען איביל אונגיצאגנין זון ארשלאגין אונ' אונש פאר גיטרייאי דינר אן נעמין, אונ' זיא טעטין עש אלזוא אונ' צייגטין עש דעם קיניג אן זוא שפראך [דער קיניג] בייא מיינר קרון ווען דאז מיין זון גיטאן האט זוא זאל עש אים זיין לעבין גילטין אונ' דער קיניג ליש רופין זיין זון אונ' הילטי אים דיא ווארטין אליש פאר אביר דער זון וואלטי עש ניט גישטין זוא שפראכין זיא צו אים דוא האשט אים יוא אין איין זאק גיטאן אונ'

1) jähzornig 2) ermordeten Körper.

זוא האבי איך נון דען טוטין אין איין זאק גיטאן וויא דוא דאר זיכשט זוא ביט איך דיך העלף מיר נון אין איצונד בייא דער נכט ביגראבין אלזו ווערשטו בלד פאר מערקין וואש דוא פאר פריינט אן אינין האשט, אונ׳ ער גינג דער זון אונ׳ טעט אלזו אונ׳ ער קאם מיט זיין טויטין אין זאק פאר זיין הויף מיישטירש טיר אין דער נכט אונ׳ ער קלאפיט אן, זוא קוקיט זיין הויף מיישטיר צום פענשטיר ארויז אונ׳ פראגיט ווער קלאפיט זוא שפאט אין דער נכט, אן מיין טיר דער קיניגש זון ענפירט איך בין עש דיין הער דעש קיניגש זון אינ׳ דער הויף מיישטיר לופט גישווינד אונ׳ מאכיט דיא טיר אויף אונ׳ זאגיט אייא וואש מאכיט מיין הער אל היא זוא שפאט אין דער נכט, דער קיניגש זון ארצילט אים אל דיא ריד דיא דאזיגין אונ׳ זאגיט צו אים וויל דוא מיין גיטרייאר הויף מיישטיר בישט זוא העלף מיר דאך דען טויטן ביגראבין איא עש טאג ווערט דאר עש נון דער הויף מיישטיר העריט זוא זאגיט ער ווייך אפ פון מיר מיט זולכי זכין, אונ׳ דער קיניגש זון באט זיין הויף מוישטיר גאר זער ער זולטי אים דאך העלפין דען טויטין ביגראבין, זוא ענטפירט דער הויף מיישטיר דעם קיניגש זון מיט גרושין צארין איך האב מיט קיין פויל זויפיר[1]) אונ׳ מערדיר עטוואז צו שיקן אונ׳ ווען איר מיך ניט האלטין וואלט פאר אייער הויף מיישטיר זוא זיינין מער העריז פאר האנדין אונ׳ ער שלוג דיא הויז טיר פאר אים צו אונ׳ ליז אים דרויסן שטין, דער קיניגש זון גיט ווייטר פאר זיין שרייבירש טיר אונ׳ ער אנטוואורטי אים אך אלזו, אונ׳ ער גינג אך פאן דאנין אונ׳ קאם פאר זיין קאמיר דינרש הויז אונ׳ ער ארצילטי אים אך אל דיא ווארטין אונ׳ ער ביגערטי פון אים דאז ער אים זולטי העלפין ביגראבין דען טויטין קורפיל אונ׳ ער ענטפירטי אים דער קאמיר דינר

1) Vollsäufer.

פון איין מוטיר גיבורין זיין ווארדין אביר ווען דיא מאל צייט אויז איזט זוא גינין זיא דאר פון אונ׳ ווישין[1]) דאז מויל אפ אונ׳ דענקין ווערשטו מיך מער רויפן זוא גיבט עש קיין צארין רופשטו מיך ניט מער זוא האב איך דיך גישורין אונ׳ ווען דוא זיא ניט רופשט אודיר זיא ביקומין בעשרי צעך ברידיר זוא ווערין זיא דיך ניט מער אכטין וויא אך דיין טרינקין אונ׳ עסין אונ׳ ווערין אך דיין ברידרשאפט גנץ פאר געסין, זוא ענטפירט דער זון צום קיניג העד פאטיר זאגיט מיר נון וועלכיש הייסט איין פריינד דאז איך מיך אויף אים פאר לאזין קאן זוא שפריכט דער קיניג דוא זאלשט קיינים פאר קיין פריינט האלטין זונדרין דוא האשט אים[2]) פאר העד פראבירט דער זון ענטפירט דען מלך מיט וואש זאל איך אין דען פרובירין, דאר מיט איך זיין זין אונ׳ גידאנקין ווייס אונ׳ אן זייניר פריינטשאפט פאר זיכירט בין, דאר זאגיטי דער קיניג צו זיינים זון נעם דוא איין קאלב אונ׳ שלאכט עש דאז קייניר ניקש פון וויים אונ׳ טוא דאז קאלב אין איין זאק אנין אונ׳ קום אין דער נאכט אונ׳ טראג עש איבר דיין אקסיל אונ׳ גיא דאר מיט פאר דען הויז פון דיין הויף מיישטיר אונ׳ קאמיר דינר אונ׳ שרייבר אונ׳ רוף אים צו דיר הראפף בייא דער נכט אונ׳ זאג צו איב אייא וואז איזט כיר נון גישעהין איך האב דען גנצין טאג גיטרונקין ביז אל העד זוא בין איך צארניק גיוואדין אין טרונק איבר מיין פאטירש הויף מיישטיר ווייל ער זוא הארט ווידר מיך גירעט האט אונ׳ איך קאנט זיין ווארט ניט גידולדין אונ׳ איך בזינט מיך ניט לנג צאך[3]) אויז מיין דעגין אונ׳ שטאך אים טויט, נון פירכט איך מיך פאר מיין פאטיר פיל לייכט מויכט ער עש גיוואר ווערדין אונ׳ ער איזט איין צארניגיר מאן פיל לייכט מויכט ער זיך אין זיין גישווינדין צארין אן מיך רעכינין[4])

---

[1]) wischen [2]) = du habest ihn denn [3]) zog [4]) rächen.

זיא וויל איין אידריר איינים זיין פריינט זיין אביר האט מאן דען פריינט ניטיג זוא גיט עש אליש וויא פולגינדיש מעשה אויז ווייזט וויא פולגיט אום דיא צייט צו פאסירין[1], עש וואר איין מאלט איין מלך דער שיקט זיינים זון אויז אין ווייטין לנד אליר הנט חכמות צו לערנין אונ׳ דער זון בליב דרייאצעהן יאר אויז אלזו שריב דער מלך אן זיין זון עש וועהר צייט ער זולט ווידר צו הויז קומין, דער זון דער טעט אלזו אונ׳ ער צוג אהיים צו זיינין פאטיר אונ׳ דער מלך שיקט אים פיל פאלק אנטקיגין אונ׳ אמפפינג זיין זון גאר ערליך מיט גרושי פריידין דער מלך שטעלטי פאר זיין זון איין גרושי סעודה אן אונ׳ מאכטין זיך זער לושטיג אליש עש נון וואר איבר[2]) דער מאל צייט שפריכט דער מלך ליבר זון האשטו אך פיל פריינט גיהאט אין דער שטאט דאר דוא אין גילערניט האשט דער זון ענטפירט[3]) הער קיניג אונ׳ פאטיר דיא גנצי שטאט וואריז מייני פריינט דער מלך שפראך מיין זון וואור אהער זענין זיא דייני פריינט גיווארין זוא ענטפירט דער זון איך האב אלי טאג סעודות גימאכט אונ׳ זיא וואריז אלי גוטי טרינק ברידר אונ׳ איך האב זיא אלי צייט גוטין ווין געבין דאר דורך ווארין זיא אלי מיין גוטי פריינט אונ׳ ער הערינט דער מלך דיא ווארטין פין זיינים זון אונ׳ ער זיפציט[4]) אונ׳ שיטילט מיט זיינין קאפף אויף אים אונ׳ דער מלך זאגיט איך האבי פר מיינט דוא האשט פיל חכמות גילערניט אונ׳ נון איצונד האב איך קיין חכמה פון דיר גיהערט אונ׳ דוא האלישט[5]) דיין זויף ברידר פאר אוהבים אונ׳ דאז איזט פעל[6]) דען דיא טרונק ברידר זענין פאר זאפני לייט עש איזט קיין טרויא אודיר גלויבן אן זיא זוא לנג דער טרונק גיוועריט ווערין קיין בעשרי פריינט אויף ערדין זיין אליש זולטין זיא

---

1) = pour passer le temps 2) nach 3) antwortet 4) seufzt 5) haltest 6) fehl.

בין בס״ד פיר גישטאנדין זוא פיל זאלכיש פון איין שוואכי פרא דיא בעו״ה פוליר בראשט[1]) אוני דאגות איזט זיך טון לאזט, לאחר השלושים איזט קיין ברודיר קיין שוועסטיר קרוב או גואל צו אונש גיקומין דער אונש גיפרעגט העט וואש מאכט איר אודיר וויא קומט איר צו רעכט זענין מיר לעתים יחדיו קומין איאיר השלשים זענין אויז גיוועזין איזט איר רידן אייטיל שבושים גיוועזין, מיר אודיר מייני יתומים צו אונזרין צוועק וויניק העלפין קענין, אפוטרופסי׳ האט בעלי זצ״ל ניט וואלין זעטצין וויא שונט גידאכט, וואש ער ע״ה ר׳ פייבש גיזאגט נון לאחר שלושים בין איבר מיין פנקס גנגין אוני נאך גיזעהין האבי איך גיפונדין דאז מיר כ׳ אלפים רייכישטאליר זענין הייב גיוועזין וועלכיש איך צווארין וואול גווישט [האב אוני מיר ת״ל אך ניט באנג גיוועזין בייא דען[2]) האב וואול גיווישט] דאז בכלל צאלין קאן אוני נאך זוא פיל איבריג איזט דאש איך ובניי היתומים קענין צו רעכט קומין עש איזט אביר דאך פאר איין ביטריפטי אלמנה איין שווארי זאך זוא איין כך עצום חייב צו זיין אוני קיין מאה ר״ט באר מעות בביתי גיהאט בני נתן ובני ר׳ מרדכי סג״ל זענין מיר אלש עהרליכי קינדר צו הילף קומין אביר זענין נאך יונג גיוועזין אלזו האב איך בכלל צו זאכין גימאכט אוני מיין בילאנש[3]) גימאכט אוני מיר גידאכט וויל איין אויז רויף מאכין גלייך אך גישעהן איזט נון מיין ליבי קינדר שי׳ ותי׳ העט איר גילייאנט וויא אייאר ליבר פרומיר פאטיר זצ״ל זיין אפ שייר פון דיזיר זינדיגי וועלט גינומין, אייאיר הירט אייאיר פריינט נון ליבין קינדיר גידענקט נון איין אידריר אויף זיך זעלבשטון, דען איר העט קיין מענשין קיין פריינט דאר איר אייך אויף פאר לאזין קענט אוני אויב איר שוינט פיל פריינט העט אוני איר זיא ח״ו אין דער נויט ברויכן זולט זוא קענט איר אייך דאך אויף קיין פריינט פאר לאזין דען ווען מאן דיא פריינט ניט ברויכט

[1]) Brest = Gebrechen [2]) bei = dabei, denn [3]) Bilanz.

הרעה נאסף הצדיק[1], אביר איך מיט מייני לידיגי אונ' אויז גיגעביני קינדר גילאזין אין צער יגון ואנחה, והוסיף צער ויגון בכל יום ויום שבר על שבר, ואוהבי וקרובי יעמדו מרחוק אביר מה אעשה ומה אקונן עוונותי גרמו זאת ועל זה אני בוכה ועיני יורדה מים אונ' ווער אין ניט פאר געסין כל ימי חיי כי הקוק בלבי, נון מיין ליבי מוטיר אונ' גישוויסטריג מיך גיטרישט וויא שונט גידאכט אביר מיט זאלכי טרישטונג איזט מיין מכה בעו"ה אלי יום גרעשיר גיווארין אונ' איזט נור מיט זאלכי טרישטונג איל[2]) אין דאז פייאיר גיגאסין גיווארין, כדי דיא פלאם[3]) מער גובר גיוועזין אונ' מייני ענוים ושברון לב פיל גרעשיר גיווארין זולכי טרישטונג אונ' צו שפרעכין[4]) גיווארט ב' ג' שבועות לאחר זה האט מאן מיך ניט מער גיקענט, אדרבה דעם מיר האבין גרושי טובות גיטאן אליש משלם רעה גיוועזין כסדר עולם צום וויניגשטין איזט זולכיש נאך מייניר אין בילדונג גישעהן דען דאז גמיט אונ' גידאנקין פון אייניר ביטריפטי אלמנה דיא זוא איין מלכות פאר ליהרט פתע פתאום וויא קאן מאן דאש פאר געסין אלזו בילדיט מאן זיך בעו"ה אפשר צו און רעכטין איך, דאז איין אידריר ניט וואול בייא איינים טוט גאט וויל עז מיר מוחל זיין, נון מיין הערצי ליבי קינדר דען טאג דאז איך דען הערציגין ליבן פריינד נאך האב טויטרהייט גיהאט פאר מיר ליגין איזט מיר ניט זוא וויא גיוועזין אליש נאך דער האנט איזט מיר כל יום ויום וויאיר גיווארין אונ' אלי יום מיין גרויש ביטריפטיניש אונ' חורבן ביטראכט אונ' מיין מכה אלי יום גרעשיר גיווארין אביר וואש האב איך טון זאלין דער גרושי גוטיגי גאט מכות זיין גרויש רחמנות אונ' השגחה פרטיות ער אויף אונש ארמי פאר לאזיני מענשין האט דער זעלבי מיך ברוב רחמיו ובדוב חסדיו צור גידולד גפירט דאז איך מייני יתומכיר שי' ותי'

---

1) Jes. 57, 1 2) Oel 3) Flamme 4) = Zureden.

מיט מייני י"ב יתומים לנג מיט ליפ[1]) פון אזאמין גישיידין זיין, מיר האבין תכף מנין קבועה גיקראגין נון מלמדים דיא מיר דאז גנצי שנה בישטעלט האבין צו לערנין בביתי יום ולילה ושארי זאכין דיא מיר גאט זייאי עש און פאר ווישין מיין קינדר האבין פלייסיג קדיש נאך גיזאגט עש איזט קיין איש או אשה גיוועזין דיא ניט אלי יום זענין גיקומין אונ' מנחם אבלים גיוועזין נון אן אונזרי טרערין האט עש אך ניט גיפעלט, דיא שבעה האבין מיר פאר בראכט וויא מאן וואול דענקין קן אכלתי לחם דמעה ותשקימו בדמעות שליש[2]) מי אדמה לך ומי אשוה לך בת ציון[3]), בין בעו"ה משמים על הארץ גיווארפין ווארין, מיין קינדר גישוויסטריג[4]) אונ' אנדרי פריינד מיך גיטרישט זוא גוט זיא גיקענט האבין, אביר איין אידריר איזט מיט דען ליבן זייניגין אין זיין הויז גאנגין אונ' איך מיט מייני יתומי' אין צער אונ' זורג זיטצין בליבין איך האב דען ליבן מאן ל' שני' גיהאט אונ' אליש גוטיש ממנו גיהאט וואש זיך איין ערליכי פרא ווינטשין מאג אודיר קאן אונ' מיך אפי' נאך זיין טויט וואול בידאכט, דאז איך העט וואול בכבוד קענין זיטצין בלייבין אביר וואש הילפט עש, וואש דער געטליכי שלוים איזט ניט צו ענדרין, נון מיין הערציגי ליבי קינדר אונזיר גיטרייאר פרינט איזט אליש איין צדיק גישטארבין נור ד' יום גילעגין אונ' אל זיין שכל גיהאבט עד שיצאה נשמתו וואש ער נון אין דער קארטצי צייט עמי גירעט ווער פיל פון צו שרייבין מי יתן שיהי' סופי ואחריתי כמוהו זכותו יעמוד לנו ולבניי ולבנותי שי' ותי' כפרחה נשמתו פרחי ממני כל הדרי וכל עשרי וכבודי אונ' ער האט הזכות גיהאט תוך עושר וכבוד פון דיזיר זינדיגין וועלט צו שיידין ולא ראה שברון לב או רעה בבניו ובבנותיו ועל זה נאמר מפני

---

1) Liebe 2) Ps. 80, 6. 3) Thr. 2, 13 4) Geschwister.

לעפצין[1]) גיריגט האבין דאז האט לערך איין חצי שעה גיווארט אלזו זאגיט ר׳ פייבש צו אברהם לופים מיין אברהם ליג דיין אור[2]) איין מאלט אויף ר׳ חיים זיין מויל אוב דוא קענשט הערין וואש ער זאגיט אלזו דאז אברהם לופים זיין אור נאהנט אן זיין מויל גילינט אונ׳ וויא ער זוא איין קלייני ווייל שטיל גילעגין אונ׳ הערין וואלין וואש בעלי זצ״ל זאגין ווערט זוא האט ער גיהערט דאש ער האט גיזאגט שמע ישראל ה׳ אלהינו ה׳ אחד דאר מיט איזט אים דער אטים בישטין גיבליבן ויוצאה נשמתו הטהורה אלזו ער בקדושה ובטהרה גישטארבין אונ׳ האט מאן גיזעהין בסופו וואש ער ע״ה גיוועזין איזט נון וואש זאל איך מייני ליבי קינדר פיל שרייבין פון אונזרין ביטרין צער, אלזו איין מאן צו פאר לירין בין איין זולכין גרושין ווערדין[3]) אצלו גיוועזין אונ׳ בין מיט ח׳ יתומי׳ וואור מנקין בתי אסתר תי׳ איין כלה גיוועזין איזט זיטצין בלייבין, אך וואש קאן אודיר זאל איך קלאגין אודיר זאגין גאט זאל זיך אונזיר ארבארמין אונ׳ זאל דער פאטיר פון מייני יתומי׳ זיין, דען דוא איינציגיר גאט דוא ביזט יוא דער פאטיר פון יתומי׳ נון איך וויל מיט מיין היילין אונ׳ יאמירין שטיל שווייגין איין וויניק דען איך זורג איך ווער דען ליבן פריינד וואול כל ימיו בוויינין מוזין אלזו איזט ער יו׳ א׳ ד״ד טבת תמ״ט[4]) בשם טוב לקבורה קומין עש איזט אלזו איין צער ובהלה אין דער גנטצי קהילה גיוועזין דאש עש אי אפשר איזט לכתוב דען דאז איזט בעו״ה זוא איין אור בליצליכני[5]) מכה גיוועזין אלזו האב איך מיך מיט מייני קינדרכיר רונד אום מיר הער אין דיא ביטריפטי שבעה גיזעצט אונ׳ נידענקט וואש דאש פאר איין ביטריפטר צו שטאנד אונ׳ איין אן בליק גיוועזן איזט איך ביטריפטי אלמנה בין דאר

---

[1]) Lippen [2]) Ohr [3]) Würden [4]) d. i. Sonntag den 16. Januar 1689 [5]) urplötzliche.

דען ער גימיינט דאז זיך דיא מכה זולט שיקן[1]) וויא דער ברויך שניידיר גיקומן איזט האט מאן תכף גיזעהין וואז דער מער גיוועזין איזט אלזו דער ברויך שניידיר הין וועק גנגין אונ׳ גיזאגט דאש בעו״ה קיין תרופה מער ווער אלזו זאג איך צו אים מיין הערץ זאל איך אייך אן גרייפין דען איך בין טריפה גיוועזין זוא זאגט ער צו מיר ח״ו מיין קינט עש ווערט יוא זוא לנג ניט גיוועהרין דאש דוא ווערשט טבילה גין, וועלביש ער בעו״ה ניט ארלעבים אלזו בין איך נאך איין וויניק בייא אים שטין גיבליבן אונ׳ מיט דען אברהם לופים גירעט וועלכיר גיזאגט מאן זאלטי ר׳ פייבש לוי רופין לאזין וועלכיר ע״ה איין וואקריר מאן בייא חולאים גיוועזין וויא דער זעלבי קומט האב איך גאר איין וואקרין מלמד בביתי גיהאט דען לאז איך אך אראפיר רופין איזט און גיפעהר גיוועזין אום קלאקי צווייא במ״ש וויא ר׳ פייבש קומט זוא גיט ר׳ פייבש צו אים ר׳ חיים וואלט איר ניקש ביפעהלין זאגיט ער ע״ה איך וויים ניקש צו ביפעהלין מיין פרא דיא וויים פון אלים לאז זיא טון וויא זיא האט פאר[2]) פלעגין צו טוהן אונ׳ זאגיט צו ר׳ פייבש מאן זאל אים געבין מהור״ר ישעי׳ זיין ספר[3]) וואור אויז ער לערך חצי שעה גילערנט דער נאך ווידר אין וועק געבין לאחר זה צו ר׳ פייבש אונ׳ אונזיר ר׳ אן גיפאנגין וויסט איר ניט וואש דער מער איזט לאט מיין פרא אונ׳ קינדר ארויז גין עש איזט הויך צייט, נון ר׳ פייבש אונש ממש מיט גיוואלט ארויש גישטוסין נון וויל איך אלי ביטריפטיר הערטציר דען אפ שייד צו ארקענין געבין, דאר נאך האט ר׳ פייבש נאך איין אונ׳ אנדיר[4]) מיט אים רידן וואלין אביר האט אים קיין אות וואלין משיב זיין אונ׳ אליש אין זיך גירעט דאז מאן נור גיזעהין האט דאז זיך זיין כשרה

[1]) schicken = [zur Operation] eignen [2]) vordem [3]) שני לוחות הברית, das Werk des R. Jesaja Hurwitz [4]) das Eine und das Andere.

בעלי זצ"ל מיט פרישין הערטצין ממש משיב גיוועזין אונ' גיזאגט מיין ליבר שוואגיר איך בין אייך מוחל אונ' אלי מענשין איך פרייא[1]) אייך אך מחילה, גיסי ר' יוסף סג"ל נאך דעם אין צו פרידין גירעט אונ' גיזאגט זולט זיך גידולדין הש"י ב"ה ווערט זיין הילף שיקן זוא האט ער גיזאגט ער ווער אליש צו פרידין וואש הש"י ב"ה טוט ער האט זיך קינן מיר בעו"ה ניט האלב זייני קרענק אויז גיטאן אונ' בני ר' ליב זצ"ל איזט איין בהור מן ט"ז שנים לערך גיוועזין דער האט אליש מוזין בייא אים זיין, אונ' ווען איך בין ארויז גאנגין האט ער דען יונגין צו זיך גינומין אונ' מיט אים גירעט אונ' מייסר גיוועזין זוא האט דער יונגיר מעכטיג זער גיוויינט אביר זוא בלדי אלש בעלי זצ"ל גימערקיט דאז איך אין דער שטוב בין גיקומין האט ער צו בני ר' ליב גיזאגט שוויג למען הרחמים דיא מעמה קומט ארין דאז זיא דיך ניט זיכט היילין אביר וואז הילפט עש ער איזט בעו"ה אין טויטיש נויט גילעגין אונ' נאך זורג פאר מיין צער גיהאבט אן שבת צו מארגינש נאך עסינז איזט אמי תי' צו אים גיקומין אונ' איבר אים גיפאלין אונ' גיקושט[2]) אונ' גידרוקט מיט טרענין אונ' גיזאגט מיין זון ווֹאלט איר אונש דען זוא פאר לאזין ווֹאלט איר מיר ניקש ביפעהלין זוא זאגט ער מיין ליבה שוויגר איר ווייסט איך אייך אליש איין מוטיר גליביט האב איך וויים אייך ניקש צו ביפעהלין ערשט מיין גליקליכי דאז איזט ע"ה זיין לעצטווארט גיוועזין דאז ער עם אמי תי' גירעט האט דאר נאך זענין יותר דאקטורים אונ' ברויך שניידירש גיקומין אביר בעו"ה אליש אום זונשט מוצאי שבת איזט קיינער מער בייא אים גיוועזין אליש איך אונ' דען אברהם לופים דען ער ע"ה האט קיינין וואלין בייא זיך האבין בחצות הלילה האט אברהם לופים נאך דען ברויך שניידיר גשיקט

---

1) prei ≐ bitte 2) geküsst.

דאקטיר פאנזעקי[1]) זוא זאגט עש צו מיר אליש איך מיט אים גירעט האב אונ׳ אים אלי אום שטענט פארצילט האב יוא וואש זאל איך פיל זאגין מיר האבין היר איין קארטצין פראצעז, דען בעו״ה דיא גידערים זענין אלי אין אננדיר גישלונגין אלזו קאן ער קיין אופין לייפ האבין אונ׳ וואש דאר האט זולין אונטין אויז גין, דאש האט ער זיך בעו״ה אובין אויז מיק״[2]) גיוועזין, אליש וואש מאן גיברויכט האט אליש ניקש העלפין וואלין אונ׳ דאך האט ער ע״ה ניקש פרעמדיש וואלין בייא זיך האבין אונ׳ אונש פאר באטין אליש אים סוד צו האלטין אביר איך האב מיין מכה וואול פאר שטאנדין אונ׳ פאר מיך גיזעהין דאז איך ווער זוא ביטריפט ווערין אלזו איזט יו׳ ה׳ דער טאג אונ׳ נכט אך אין זאלכי ביטריפטי צרות הין וועק גאנגין, אן יו׳ ו׳ ברענגיט דער לופים איין רופא וועלכיר פון ברלין איזט אונ׳ כמה שני׳ דען קורפערשטין זיין דאקטיר גיוועזין אונ׳ גיבט אים אך וואש אין אונ׳ ליגיט אים פלאשטיר אויף אביר גאט זאל זיך ארבארימן אליש ניקש גיהאלפין אם שבת למחרת האט עש גיסי ר׳ יוסף סג״ל ערשט גיוואר ווארין וועלכיר באותו פעם איזט מיט אים ע״ה אום איניש[3]) גיוועזין איזט בביתי גיקומין אונ׳ גיבעטין מאן זולטי אים דאך אין דער שטוב[4]) אנין לאזין אלזו בין איך לבעלי זצ״ל גנגין אונ׳ גיזאגט גיסי ר׳ יוסף סג״ל איזט דרויזן וויל גערין הרין צו אייך גין האט ער ע״ה גיזאגט לאשט אין ארין קומין וויא ער אין דער שטוב אנין גיקומין האט ער בעו״ה תכף זיין צו שטאנד גיזעהין אונ׳ גיסי זיין קאפף ווידר דיא וואנד גישטויסין אונ׳ זיך הענט פויל האר אויז זיין קאפף גרישין אונ׳ ביטיר אן גיפנגין צו רופין וויא[5]) מיר דאז איך זוא איין שוואגיר זאל פאר לירין אונ׳ איבר זיין בעט גיפאלין אונ׳ אין מיט ביטרי טרערין מחילה גיבעטין אלזו האט אים

[1]) Wohl Abraham de Fonseca, der Verf. von de peste (Leyden 1712) [2]) מקיא = erbrochen [3]) uneins [4]) Stube [5]) weh!

אונ׳ גיהייאלט אונ׳ גישריאן אונ׳ גיזאגט וואש רעט איר דאר ווארום זאלין עש ניט לייט ווישין איר העט עש יוא ניט פון זינט אודיר שנט ביקומין אליש זאגין האט אליש ניקש מיגין העלפין דען ער ע״ה האט זיך איין נערישקייט אין גבילט דאז זולכיש זייני קינדר מויכט הזיק טון דאז מאן זולטי זאגין דאז זולכיש בירושה ווער, דען ער זייני קינדר זוא גאר זער גליבט אלזו האבין מיר זיך דיא גנצי לילה אלזו מיט אין גיפלאגט אונ׳ אליר הנט זאכין אויף גיליגט אביר אליש בעו״ה צו זעהנדיגיר צייט[1]) ערגיר גיווארין אלזו איזט עש טאג גיווארין האב איך צו אים גיזאגט גילובט זייא גאט דאז עש נון טאג איזט איך וויל נון נאך איין דאקטיר אונ׳ איין ברויך שניידיר שיקן האט ער עש ניט ליידין ווארין אונ׳ גיזאגט מאן זאל רופין לאזין אברהם לאפים[2]) דאז איזט איין ספרדיא איין בלבירירר[3]) אונ׳ איין דאקטיר דאר בייא אלזו האב איך נאך דען זעלבין גשיקט, וויא ער קומין איזט האט ער דיא מכה בעו״ה גיזעהין אביר גיזאגט זורגט ניט איך וויל אים וואז אויף ליגין דאז עש באלדי ווערט בעשיר ווערין איך האב זולכי לייט כמה מאות גיהאבט אונ׳ איגין גיהאלפין דיזוש איזט גיוועזין יו׳ ד׳ למחרת אלזו האט ער דער אברהם לופים אים פון זייני זאכין אויף גיליגט אין מיינונג עש זולטי אים העלפין אביר דאז זאל גאט מרחם זיין וויא עש אום חצות היום גיקומין האט דער לופים גיזאגט איך זיך וואול מייני קור וויל אים ניט העלפין איך וויל הין גיהן אונ׳ וויל איין ברויך שניידיר הולין דער איין גרושיר אומן איזט אלזו איזט דער ברויך שניידיר גיקומין אונ׳ דען גנצין יום אויף גיליגט אין מיינונג דיא מכה צו ארווייכן אביר בעו״ה אליש יוא לענגיר יוא ערגיר גיווארין אן יום ה׳ האב איך נאך א׳ ברויך שניידיר אונ׳ ב׳ דאקטורים הולין לאזין אלזו איזט דער בייא גיוועזין

---

1) = zusehends 2) Lopez 3) Barbier = Chirurg.

אלזו איזט ער ע״ה אילענדליך אהיים קומין, איך בין בבית של אמי ת״י גיוועזן האט מאן מיך אהיים גירופין וויא איך לביתי גיקומין בין איזט בעלי זצ״ל אם אובין גישטאנדין אונ׳ גיקרעכצים איך האב מיך ארשראקין אונ׳ גיפראגט וואז אים שאט זאגיט ער איך בין גיפאלין אונ׳ האב מור[1]) דאז עש מיר ווערט פיל צו שיקן געבין, אלזו האט ער זיך בעו״ה ניט ריגין קענין אונ׳ האב אים מוזן אליש אויז דיא טעשין[2]) נעמין דען ווען ער ע״ה איזט אין מקום גאנגין האט ער בייא זיך גינומין אלי טעשין פול מיט יובלאטציא אונ׳ מיר האבין בעו״ה זיין מכה ניט פאר שטאנדין דען ער האט בעו״ה שוין כמה שנים איין ברויך[3]) גיהאט אונ׳ וויא ער גיפאלין איזט זוא איזט ער בעו״ה אויף דיא מכה גיפאלין אונ׳ דיא בני מעים בעו״ה זיך אין אנדר פאר שלונגין, נון מיר האבין איין בעט אלי צייט אין דער שטויב ליגין אביר ער האט ניט גיוואלט אונ׳ האבין אין מוזין הנויף ברענגין אויף דער קאמיר ובאותו הפעם איזט עש איין קעלט גיוועזין דאש הימיל אונ׳ ערד האט וואלין צו זאמין פרירין מיר זענין דיא גנצי לילה בייא אים גיוועזין אונ׳ אים גיטאן וואז מיר גיקענט האבין אביר האבין עש ניט לענגיר קענין צו קומין אונ׳ איזט אים אך זער שעדליך גיוועזין אין דער קעלט צו ליגין ענטליך האט ער ע״ה עצמו גיזעהין עש אים ניט גוט איזט האבין מיר אים ארונטיר גיבראכט איזט שונט נאך מיטיר נאכט גיוועזין דאז מיר זיך זוא גיפלאגט האבין אונ׳ בעו״ה אליש קיין בעשירונג גיוועזין איך האבי מיין ביטריפטי מכה וואול פאר מיר גיזעהין דאז דיזוש קאן קיין גוט טון האב אים אומש גאטיש ווילין גיבעטין זאל זיך לאזין איין דאקטיר רופין אונ׳ לייט לאזין צו זיך רופין האט ער ע״ה גיזאגט איאיר איך עש וואלט לייט מגלה זיין איך וואלט ליבר שטערבין איך בין פאר אים גישטאנדין

---

1) מורא = fürchte 2) Taschen 3) Bruch.

אויזגעבן אונ׳ ער ע״ה אן זיך זעלבירט איין וואקריר פאר נאנטיר מאן גיוועזין אונ׳ אלזו פון דיזיר וועלט אין עושר וכבוד גישיידין איזט זייני קינדיר גילאזין דאז זיא האבין קענין ערליך צו רעכט קומין אונ׳ קאן מאן אויף אים זאגין דאז ער גליקליך גישטארבין איזט, וויא סאלען אין זיין מעשה גיזאגיט האט[1] אונ׳ מיך בעו״ה גילאזין אין אילענד אונ׳ מיר צו קומין חדשים לבקרים וועלכיש איך ארינטליך[2] אליש אין מיין פינפטין בויך ווער אן פאנגין וועלכיש בעו״ה איין בויך פון איכה איזט אונ׳ איין ביטיר שרייאונג בוך[3], אויב מיר בעלי זצ״ל שונט האט געלט אונ׳ גוט גינוגין גילאזין זוא איזט דאך אליש קיגן דען גרוישן לושט[4]) ניקש צו רעכנין גיוועזין נון וואלין מיר דאז פיורדי בויך שליסין ה׳ ישמחנו כימות עניתנו אונ׳ דוא איינציגר גאט ווילש דיך איבר מייני יתומים מרחם זיין אמן ואמן.

## סליק ספר רביעי.

נון וויל איך דאז פינפטי ספר אן פאנגין צו מיינין גרוישין ביטריפטוניש[5]) מיין הערצי ליבה קינדר נון וויל איך אייך פאר צילין דען אמפאנג ביז צום ענד דאז אייער ליבר פאטיר איזט קראנק גיווארין אונ׳ גישטארבין עש איזט גיוועזין י״ט טבת תמ״ט איזט בעלי זצ״ל אייער ליבר פאטיר לעת ערב תוך מקום גנגין האט אים איין סוחר בישיידין האט מיט אים וואלין וואש האנדלין וויא ער נון באלדי ביא דען סוחר זיין בית קומט איזט דאר איין שפיציגיר שטיין דאר ער בעו״ה איבר גיפאלין איזט אונ׳ בעו״ה זיך זולכין מכה גיגעבין דאש מיר אלי נאך דריבר צו קלאגין האבין

---

1) S. oben p. 172 2) ordentlich 3) Buch der Wehklagen 4) Lust = Verlust s. Grimm VII, 1327 5) Betrübniss.

גיווארין עם בת של פ"ו הקצין ר' משה בר"נ[1]) בעלי זצ"ל
האט אים נאך געבין ב' אלפים ר"ט דענישי קרוינין אונ' ר'
משה בר"נ האט לבתו געבין ג' אלפים רייכיש טאליר אין
דענישי קרוינין החתנה האבין מיר יחדיו אויף אונזיר בידי
הוצאות גימאכט האט אונש יחדיו יותר אליש שלשה מאות
ר"ט גיקאשט מיר האבין אינין ב' שני' קאשט געבין אונ'
אין אצלי גיהאט עם אשתו אביר קיין חצי שנה דאר נאך
בעו"ה בעלי זצ"ל זיין צייט גיקומין אונ' אונזיר מאס פון
עבירות פול גיוועזין דאש המקום ב"ה שלקח בעלי החסיד
זצ"ל ממני עטרת ראשינו בשנת תמ"ט יבא עלינו חרון אפו
מן המקום ב"ה ולקח כל מחמדי דאז בעלי זצ"ל בעו"ה איזט
גישטארבין אונ' מיך מיט ח' יתומים האט לאזין זיטצין גם
דיא ד' אויז גיגעבני קינדר איר גיטרייאין פאטיר אך נאך
גאר ניטיג גיהאט, נון מה אומר ומה אדבר אלהי' מצאה
עווניני זוא איין ליבן מאן אונ' מיין קינדר זוא איין חשובין
כשרין פרומין פאטיר צו פאר לירין אונ' אונש גילאזין כצאן
בלא רועה, איך האב מיר אליש גידאכט איך ווער זוא
גליקזעליג אונ' דער ערשטי זיין דען גאט ווערט מיך אן
ערשטין צו זיך נעמין דען בין אלי צייט בחייו של בעלי
זצ"ל קרענקליך גיוועזין אונ' ווען מיר וואש גישאט[2]) האט,
האט זיך דער פרומי מאן אלי צייט גיוואונשין דאז ער
מוימטי דער ערשטי זיין דען אלי צייט גיזאגט וואז זולטי איך
מיט דען ליבן קינדרין טון וועלכי ער זוא גאר איבר אויז
הערטצליך גיליביט, אביר עז איזט שיינפארליך צו זעהין דאז זיין
פרומיקייט איזט גיוועזין דאז אין הש"י האט פריאיר פון דער וועלט
גינומין דאז ער ע"ה איזט גישטארבין אין עושר וכבוד אונ'
ניקש ביזיש פאר זיך גיזעהין ער האט גרויש עשירות גיהאט
אונ' זייני קינדר דיא ער האט אויז געבין תוך עושר וכבוד

[1]) Mose b. Nathan s. oben p. 177 [2]) gefehlt.

האבין וואש זאל איך פיל שרייבן וואש צווישן דער צייט פאסירט איזט דען אלי ב׳ שני׳ האב איך איין קינד גיהאט אונ׳ מיך פיל גיניט אליש דער סדר איזט דער זוא איין הייזכין מיט קינדר גב״ז יחדיו האט אונ׳ מיר אלי צייט גידאכט דאז קיין מענש שווארער לאש[ט] אונ׳ זיך מער מיט קינדיר גניט אליש איך אביר איך און פאר שטענדיגי האבי ניט גיוואושט וויא מיר זוא וואול גיוועסט ווען איך מיין קינדרכיר האב אום מיין טיש גיהאט זיטצין כשתילי זתים סביב לשלחניך נון מה לעשות את חטאי אני אזכיר נון מיין הערטצי ליבי קינדיר דאר זעכט איר התולדה מאביכם הר״ר חיים האמיל סג״ל זצ״ל מה טוב ומה נעים ווער עש גיוועזין ווען אונש המקום ב״ה העט יחדיו גילאזין דאז מיר אונזיר קינדרכיר העטין מכנים לחופה גיוועזין [אביר] מה אומר ומה אדבר עוונותי גרמו זאת איך זינדיגרין האב עש ניט זוכה גיוועזין אלזו אליש המקום ב״ה ביפעהלין וויא ווייטיר פאלגין ווערט בני ר׳ מרדכי סג״ל איזט אויף גיוואקסין גאר איין שיניר בחור גיווארין אונ׳ גאר איין גיראטין פיין קינד גאט דער זאל [עז] אים ביצאלין וויא ער האט כבוד אב ואם גיהאלטין אין סומי אין אלי זאכין וואול גיראטין גיוועזין ער איזט עם בעלי זצ״ל תוך לייפציג גיוועזין האט ער חולי קאליקא ביקומין האט כל עולם דיא תוך לייפציג גיוועזין ניט גיוואושט חידוש גינוגין צו זאגין וואש ער אצל אביו גיטאן דיא גנצי לילה איבר אים גילעגין ממש ניט גישלאפין ניט גיגעסין אודיר גיטרונקין איזט צווארין זיין שולדיקייט גיוועזן בייא זייני׳ פאטיר זוא צו טון, אביר בני איזט נאך גאר יונג גיוועזין נון הש״י ב״ה האט אין גיהאלפין דאז זיא יחדיו מיט שלו׳ אונ׳ גיזונד זיינין ווידר אהיים גיקומין, נון בעלי זצ״ל איזט קיין שטארקיר מאן גיוועזין משום זה זער גיאיילט דיא קינדר שי׳ ותי׳ אויז צו געבין אונ׳ דען יום ביזורגט דער אונש בעו״ה ביגעגניט איזט אלזו איזט בני ר׳ מרדכי סג״ל פאר קנסת

גנגין אלש איך עש נאר גיראבין האב אונ׳ למען הרחמים גיבעטין מיך אודיר דאז עסין אויז דען הדר צו טוהן, זוא האבי איך מיך גנצי ב׳ חדשים גיניאט[1]) דאז איך קיין קראפט אודיר מאכט אין מיר גיהאט אונ׳ מיר אופט גידאכט ליבר הער ווען מיין צייט קומין ווערט דאז איך מיין קינט האבין זאל זוא האבי איך יוא וועדיר קראפט אודיר מאכט אום מיר צו העלפין אביר אליש עש צו דער צייט גיקומין איזט דאש איך מיין קינד האבי זולין צו דער וועלט ברענגין זוא האט מיר דער גיטרייאר גאט זוא גינעדיגליך גיהאלפין דאז איך דאז קינט פאשט זונדיר שמערטצין גיהאט האב, אליש ווען עש פון מיר גיפאלין ווער אוב נון זאלכיש דיא גרושי היטץ גיטאן האט דיא איך שטעטץ אין מיר גיהאט האב אונ׳ דאז ליבי קינט זוא בלדי פון מיר גיטריבן דאז נון דאז ליבי קינד אויף דער וועלט גיקומין איזט עש צוואורין איין שין וואול גישטאלט קינד גיוועזין אביר דאז קינד נעביך האט תכף דאז קדחת ל״ע גלייך וויא איך גיהאט אויב מיר נון שוינט דאקטורים אונ׳ אלי מענשליכי הילף גערין אן גיווענט העטין זוא האט זולכיש דאך אליש ניקש העלפין וואלין אונ׳ זיך אלזו פירצעהן טאג אין דיזיר וועלט גיקוועלט אונ׳ דאר נאך האט עש המקום ב״ה צו זיך גינומין אונ׳ זיין חלק צו זיך ווידר אן זיין אורט גיבראכט אונ׳ אונש אונזיר ביטריפט לייםינדיג חלק[2]) פאר אונש ליגין לאזין אונ׳ מיך איין ביטריפטי קינד בעטרין זונדיר קינד גילאזין איך האב ב׳ או ג׳ פעמים נאך אן שטוים פון דען קדחת גיהאט אביר קודם איך בין אויז דער קינד בעט קומין פריש אונ׳ גיזונד גיוועזין לאחר זה בין איך עם בתי הענדילכן אין קינד בעט קומין ב׳ שני׳ דער נאך עם בני זנוויל גם בני ר׳ משה סג״ל בתי פריידכן ובתי מרים וועלכי ביידי יונגשטי אירן פאטיר ניט פיל גיקענט

[1]) genöthigt = gepeinigt [2]) lehmendigen = d. i. irdischen Theil.

איך ווידר מיט איין קינד טראגין ווארין וואר מיט עש מיר זער איבל גאנגין דען אליש איך בין אין זיבינדין חודש גיוועזין זוא האכי איך ב״מ ל״ע איין קדחת ביקומין וועלכיש איזט שלא בטבע העולם גיוועזין ווען איך עש למחרות ביקומין האב איך ד׳ גנצי שעות קעלט גיהאט לאחר זה ד׳ שעות היטץ ביקומין דאר נאך האב איך ד׳ שעות במחילה שוויים ביקומין וועלכיש מיר נאך ערגיר אליש היטץ אונ׳ קעלט גיוועזין איזט נון איזט וואול צו גידענקין וויא מיך דאז אפ גימארטירט האט עסין האב איך קיין ביסין גיקענט אויב מאן מיר שוינט אלי מעדני מלכים גיבראבט האט, פעם א׳ ביט מיך בעלי זצ״ל איך זולטי דאך עמו איין וויניק אופים וואל גין וועלכיר ניט ווייט מביתי גיוועזין איזט מאחר עש זומיר טאג אונ׳ גאר שין וועטיר גיוועזן אום מיך איין וויניק צו דופירדירין[1]) אויב מיר דער נאך דאז עסין איין וויניק שמעקין ווערט אלזו זאג איך איר ווישט יוא וואול דאז איך דען כח ניט האב צו גין זוא זאגיט דער ליבי מאן איך אונ׳ דיא וואַרטירין וואלין דיך פירין אלזו חאבי איך מיך איבר רידן לאזין אונ׳ האב מיך זוא אויף דען וואל פירין לאזין אונ׳ מיך אין דען גרינין גראז נידר זעטצין לאזין אין צווישין דאז מיר זענין אויז גיוועזין האט בעלי זצ״ל בישטעלט גיהאט טודרום וועלכיר איזט קוך אצל דישערי[2]) גיוועזין אונ׳ האט לאזין איין מאכל מאכין דאז ראוי איזט גיוועזין על שולחן של מלכים אונ׳ ביפולין ווען עש פערטיג איזט אונש היים צו רופין וועלכיש אך גישעהין איזט אונ׳ בעלי זצ״ל גידאכט ווען איך ווער לביתי קומין אונ׳ מיין טיש גאר שין בלתי ידיעתי גידעקט גיוועזין אונ׳ ווער פינדין זולכין חשוב מאכל ווער איך אפטיט קריגין צו עסין אביר מיין גאט אונ׳ הער זוא באלדי איך בין לביתי קומין אונ׳ אין דאז חדר דאר דאז עסין גישטאנדין איזט גיקומין בין איזט מיר תכף חלשות אן

---

[1]) divertiren [2]) die Scheere, Name des Gasthauses?

פאר דען אופֿין זעטצין אונ׳ אים איין ביזילכן פֿון דיא וואכי[1] ווישפילין זאל אים מויל שטרייכין, אויב מיך שונט כל העולם מיט מיין שטות האט אויז גילאכט זוא בין איך דאך דרויף פאר בליבין אונ׳ מוזין כנ״ל טון וויא דיא ווארטיש פרויא דעם קינד פֿון דיא ווייכי ווישפלין אים מיילכי שטרייכט טוט דאז קינד זיין מיילכין זוא ביגיריג אויף אלש ווען עש אליש מיט איין מאלט וויל הניין שלוקין אונ׳ זוניט אלזו ביגיריג הנאפ דאש ווייכי פון איינער גנצי ווישפיל דאר עש דאך צו פארין ניט וואלין זיין מיילכין עפנין אום איין טראפין מילך אודיר זונשטין איין צוקיר פעפכין[2]) וויא מאן דען קינדרין מאכט צו זיך ציאין לאחר זה גיבט מיר דיא ווארטק פרויא דאז. קינט אויף מיין בעט אום צו זעהין אוב עש זוגין וויל אלזו בלד אלז דאש קינד אן דער ברושט קומט פאנגיט עש אן שטראקס צו זויגין אליש וויא איין קינט פום רביעי׳ שנה אונ׳ פון דען מאלט אן ביזקין צו דער ברית מילה זענין אים אלי דיא פלעקין פון זיין גוף אונ׳ פנים הין וועק גאנגין מלבד א׳ פלעקין איזט אים אין זיין זייט שטין בליבין דער זוא גרויש איזט אלז איין ברייטי לינז איזט אונ׳ דאז קינט קיגן דער ברית מילה פֿריש אונ׳ גיזונד אונ׳ איין וואול גישטאלט קינד גיוועזין וועלכיש מאן ת״ל צו רעכטיר צייט גיודישט אונ׳ גאר איין חשובי ברית מילה גיוועזין דיא אין לנגי צייט אין המבורג ניט זוא גיוועזין איזט אונ׳ אויב מיר באותו פעם שונט איין פליטה מן אלף שוק בנקי האבין איין גינומין באותו יום מן ספארדי איזאק פאס, זוא האט זולכיש דאך בעלי זצ״ל אליש ניט גיאכט פאר דער שמחה דאז אים דער זון איזט גיבורין גיווארין אלזו מייני ליבי קינדר לראות דאז עש ניט לויטר שיבושים איזט מיט ווייביר גילושטין אונ׳ מאן זול עש ניט אלי צייט פאר אכטין, נאך דער צייט בין

[1]) weich [2]) Peppchen = Päppchen, Brei s. Grimm VII, 1422.

תי' איך האב מיך דיא גנצי צייט בידאכט וואש דאז דאך מיט דען קינד מיט דיא פלעקין אונ' דאש עש זוא שלאף איזט זיין מאג זוא האב איך מיך מיר גיטראכט אוב עש ניט דיא שולט איזט דאז איך בין מיט לושטין גיוועזין נאך דען ווישפולין אונ' האב זיא ניט ביקומן קענין אונ' באמת בין איך יוא דיא זעלבי לילה אים קינד בעט גיקומין איך וויל דיא פרויא הין שיקין זאל מיר פאר איין פאר שילינג דער ווישפלין הולין איך וויל דעם קינד איין ביזילכן אים מויל דאר פוין שטרייכין אולי ירחם ווערט השי' זיין הילף געבין דאז עש בעשיר ווערט, אמי תי' איזט זער ברוגז עלי גיוועזין אונ' גיזאגט איביג האשטו זאלכי פראטצין[1]) אין דיין קאפף עש איזט איין וועטיר אליש ווען הימיל אונ' ערד וואלט צו זאמין גין אונ' דיא פרויא ווערט גוויש אין דען וועטיר ניט הין גיהן אונ' עש איזט אך מאן אייטיל שיבושים אלזו זאג איך מיין ליבי מוטיר טוט מיר דען גיפאלין אונ' שיק דיא פרויא הין איך וויל איר געבין וואש זיא פאר לנגיט נור דאז איך דיא ווישפילין ביקום מיין הערטץ איזט זונשטין ניט גירויאיט אלזו האבין מיר דיא פרויא רופין לאזין אונ' זיא הין גשיקט זאל איין עטליכי ווישפילין הולין נון דיא פרויא איזט הין גילאפין איזט איין דרך רחוק אונ' איין וועטיר אין דער לילה גיוועזין דאז מאן קיין הונט זאל אויז יאגין, דיא צייט האט מיר גאר לנג גיווערט איאיר דיא פרויא איזט ווידר גיקומין וויא דער סידר איזט ווען מאן איין דינג גערין האט איינים אידריר רגע עין איין שעה לנג ווארט[2]) ענטליך איזט דיא פרויא קומין אונ' דיא ווישפלין גיבראכט נון וויים מאן וואול דאז דיא ווישפילין קיין עסין פאר זוא איין קינד איזט דען זיא שמעקין זייארליך אלזו האב איך מיין ווארטיש פריוא ביפולין זאל דאז קינד אויף וויקלין אונ' זיך מיט דעם קינד

[1]) Fratzen = Possen, Grillen s. Grimm IV, 1. 69
[2]) währt.

האב איך מיך גוט אונ׳ וואול מוטיש גיליגט אביר לאחר הצות
האב איך חבלי לידה ביקומין אונ׳ דיא מילדות מוזין הולין
לאזין אונ׳ איין יונגין זון ביקומין, מאן האט בעלי זצ״ל תכף
דאז בעטין ברויט[1]) גיזאגט וועלכיר איין גרושי שמחה גיהאט
[דאש ער חשם מאביו החסיד זצ״ל ווידר גיהאט] האט
אביר דיא ווייביר דיא אצלי אין קינדישניטין זיין גיוועזין
האב איך אן גיזעהן דאז זיא דיא קעפף האבין מעכטיג צו
זאמין גישטויסין[2]) אונ׳ מעכטיג זער גיסודתת[3]) איך האבי ניט
וואלין נאך לאזין אונ׳ ווישין וואלין וואז דער מער איזט
ענטליך האט מאן מיר גיזאגט וויא דאז קינד איבר זיין גנצין
לייב אונ׳ קאפף פול ברוני[4]) פלעקין ווער, האבין מיר מוזין
איין ליכט בייא מיין בעט ברענגין דאז איך עש גיזעהן האבי
ניט אליינט דאש דאז קינד איזט פול זאלכי פלעקין גיוועזין
עש איזט דאר גילעגין אליש איין שפיל לומפין אונ׳ ניט הנט
נאך פוים גירירט אליש ווען אים ח״ו תכף זולטי דיא נשמה
אויז גין אונ׳ ניט וואלין זויגין אודיר זיין מויל אויף טון בעלי
זצ״ל האט זולכיש אך גיזעהן האבין אונש גאר זער מצער
גיוועזין זולכיש איזט גיוועזין בליל ד׳ אליש ביום ה׳ דאר נאך
האט זולין דיא ברית מילה זיין, אביר מיר האבין קיין אפירענץ[5])
דאר צו גוזעהין, דען דאז קינד איזט אלי יום שלאפיר גיווארן
אלזו איזט גיקומין שבת האבין צווארין זכר צו נכט גימאכט
אביר קיין בעשירונג[6]) אן דען קינד גישפירט מוצאי שבת אליש
בעלי זצ״ל האט הבדלה גימאכט איזט אמי תי׳ אצלי, זוא
זאג איך לאמי תי׳ מיין איך ביט דיך לאז מיר מיין שבת
פרויא[7]) צו מיר קומין איך וויל זיא הין וועק שיקין אלזו פראגיט
מיך אמי תי׳ וואור איך וויל זיא הין שיקן זאג איך לאמי

1) s. oben p. 60 n. 6 2) F. נישטאכין = gesteckt 3) geflüstert (סודות) 4) braune 5) apparence = Wahrscheinlichkeit 6) Besserung 7) Vgl. über die »Samstags-Weiber« Schudt a. a. O. II*, 267 ff. und IV, 2, 359 ff.

האב גנץ קיין גלאבין דראן האבין וואלין אדרבה כמה וכמה פעמים ווען איך גיטראגין האב דאז איך בין איבר דען מארק גנגין אונ׳ אלי שיני פירות גיזעהין האב איך זיא וואול גימארקיט, אביר ווען זיא מיר צו יוקר גיוועזין שטין לאזין ובאמת מיר אך קיין היזק גיטאן אביר אין כל העתים שוות[1]) דאש בין איך לע״ע אליש איך עם בני ר׳ יוסף [גיטראגין האב פיל אנדרשט גיוואר וואר דין דען עש האט זיך צוגיטראגין אליש איך בין עם בני ר׳ יוסף] אים ניינטין חדש גיטראגין דאז אמי תי׳ וואש צו טון גיהאט בייא איין אטפיקאט[2]) דער אופים פפערט מארק גיוואונט האט זוא ביט מיך אמי תי׳ אויב איך ניט קענטי מיט איר גיהן וויא וואול זולכיש גאר איין דרך רחוק מביתי גיוועזין אונ׳ איזט סמוך למנחה גיוועזין איזט תחלת כסליו גיוועזין האב איך עש אמי תי׳ דאך ניט פאר זאגין קענין דען איך בין גנץ פריש נאך גיוועזין אלזו בין איך עם אמי תי׳ תוך מקום גאנגין וויא מיר בלדי בייא דען אטפיקאט זיין בית קומין קיגן איבר וואונט איין פרויא האט ווישפלין[3]) צו קאף איך האב דיא ווישפלין אלי צייט גאר גערין געסין אלזו זאג איך צו אמי תי׳ מעמה פאר נעם דאך ניט ווען מיר ווידר צו רוק גין, וויל איך וועלכי פון דיא ווישפלין קאפין נון מיר גינגין פארט בייא דען אטפיקאט אונ׳ פאר ריכטין וואש מיר האבין צו טון גיהאבט, וויא מיר אביר פערטיג זיין איזט עש זער שפעט גיוועזין אונ׳ שיר נאכט גיוועזין דאש מיר אלזו אונזיר וועניש זיינין פאר זיך גנגין אונ׳ בידי[4]) אן דיא ווישפלין פאר געסין האבין וויא איך נון לביתי קום פאנג איך אן צו גידענקין אן דיא ווישפילין אונ׳ דענק אין מיר זעלבירט אונ׳ טוט מיר בנג דאש איך האב פר געסין אן דיא ווישפלין צו קאפין דאך האב איך עש עבין ניט גרויש גיאכט[5]) ניקש מער אליש ווען איינר עטוואז גערין עסט דאז ער ניט האט, צו אובינדיש

[1]) Tamid I, 2 [2]) Advokat [3]) Wispeln = Mispeln [4]) beide [5]) = sehr beachtet.

גנגין, וברוך ה' אשר לקח ונתן אונ' דער גיטרייאר גאט אונזיר הזיקות אלי מאלט זוא רייכליך ווידר ארזעצט אונ' ווער וואלט דאז המקום ב״ה העט עטרת ראשי גילאזין ווער קיין גליקליכר פאר פאלק [בעולם] גיוועזין, אביר מרוב עונות אונ' אלי צרות וואש דער גרושי גינעדיגי גאט אויף אונש בישלאסין האט ער בעלי צו זיך אינ' דאז איביגי אין אלין פאר גניגליכקייט גינומין אונ' אונש אין דיא פאר גענקליכי מיא זעליגי וועלט גילאזין אונ' איזט דען בישעפיר צו ביטין דאז אונזיר ענד נאך זיינין ווילין אונ' וואול גיפאלין זיין זאל אונ' ווען עש דעם היכשטין דען בילִיבט אונ' וואול גיפעליג איזט אונ' צו אים אין גן עדן צו ברענגין אמן, נאך דעם דאש בעלי וויא איר גיהערט ווידר מן הנוביר גיקומין אונ' עזבין גיטיילט מאביו ז״ל איזט לערך י״ב שבועות לאחר מותו גיוועזין, זוא בין איך מעוברת גיוועזין עם בני ר' יוסף סג״ל דיא גנצי צייט דאש איך גיטראגין האב האט בעלי זצ״ל אליש גיהאפט איך ווער איין זון האבין כדי ער זיין פאטיר נאמין ווידר ביקומיט וויא אך ת״ל גישעהן איזט אונ' וויל מייני ליבי קינדר היר בייא איין עקסעמפיל שרייבין דאז אמת איזט באם יונגי הייבר טראגין אונ' זעהן וואש פון פירות אודיר זונשטין וואש יהי' מה שיהי' וואש זיא זעהן וואש דבר מאכל איזט אונ' זיא נור איכטשים[1]) איין גידאנקין דרויף האבין זולין זיא ניט דאר פון גין אונ' זאלין דאר פון עסין אונ' ניט איר שטות קעפף וואלין פאלגין אייא[2]) עש ווערט איר ניקש שאדין אביר עש קען ח״ו סכנות נפשות דרויף שטין מלבד דאז קינד אין מוטיר לייב ח״ו קענין אך גישענט[3]) ווערין גלייך וויא איך אן מיר עצמו ביפונדין האב איך האב כל ימי אויז דען ווייביר גישפאט[4]) אונ' גילאכט ווען איך גיהערט האב דאז איין אשה וואור נאך גילושט האט אונ' עש היזק גיטאן גיהאט

[1]) ichtsicht = etwas, irgend s. Grimm IV, 2037
[2]) oi! [3]) = entstellt [4]) gespottet.

ניט צו שיקן דען ווערין אונזיר קינד ניט זוא שייצליך[1]) מרמה זיין, אונ׳ שמא תאמר זיא וואלטין זיך גידענקין בנה דאך צו שיקן מאחר מיר אהן דעסין זוא נאהנטי פריינד אונ׳ מחותני׳ שונט זיין זולכיש ניט צו אכטין אונ׳ דאך גישעהן לאזין וואש שונט גישעהן איזט, אביר זולכיש טונין זיא יוא ניט וואש זולטי מאן טון ווען עש ח״ו יוא אמת איזט מוזטי מאן עש מצדי צדדים פאר שמערטצין אונ׳ זיא קענטין אלי חסרוני׳ שבעולם אן בתי תי׳ העגגין, [אונד דערי שמועות יותר נון קאן מאן זיך וואול גידענקען] דאר מחותנת [הקצינה] יאכיט דען כתב ביקומין האט וויא איר דער זעלביגי אין דער נאז גיגריבילט[2]) האט נון מה לי להאריך זיא האט ווידר זילזולים אונ׳ רוגז גישריבן אונ׳ העט בדיעה גיהאט בנה תכף לכלתו צו שיקן אביר נון זיא זעהן וואז מיר שרייבין ווען מיר בנה וואלין זעהן זולין מיר זעלבירט קומין אונ׳ איינים למיצש[3]) שיקן נון איזט דיא צייט לנג מיט איטיל פאר דריסליכי כתבי׳ ווערסילין הין וועק גנגין אונ׳ דאז מיר צו קיין שטאנד האבין קומין קענין ובפרט איזט גדול מלחמה בין מלך צרפות יר״ה ואשכנז גיוועזין דאז ניט [וואל] אייניר צו דען אנדרין קומין קענין, צווישין דעסין האבין תתנה לבתי הנה תי׳ גימאכט מיט אלי פאר גניגליכקייט, גם האבי איך פאר געסין לכתוב דאז החתנה של בני נתן סג״ל עם היתומה מרים בת ר׳ אלי׳ באלין ז״ל איזט לנג תוך ששון ושמחה צו פארין גיהאלטין ווארין אונ׳ חתני קאשמאן עם בתי צפור תי׳ ג״כ לשם קומין אונ׳ מיר האבין אינין אל איר הוצאות ווידר געבין אונ׳ נאך מתנות דאר צו געבין, גם איזט ר׳ יעקב הנוביר ע״ה עם זוגתו זיסה ג״כ על החתנה גיקומין אונ׳ זונשטין פיל פרעמדי לייט דאש עש גאר איין חשובי חתנה גיוועזין, דאש מיר אין דען זעלבין שנה יותר אלש עשרת אלפי׳ ר״ט בנקי איזט אויז הענדין

---

1) scheusslich 2) gekribbelt 3) nach Metz.

קענין וואול אן זעהין דאז כיר וואש שאט דאך ער אונ׳ איך
אונזרי גליקליכי צו זאמין קומשט[1]) ניט וואלין פאר שטערין
אלזו עטליכי יום הין גאנגין דאז מיר איינר דען אנדרין ניקש
פון דען שידוך גיזאגט צווישין דעסין קריגט בעלי זצ״ל ג״כ
כתבי״ פון זיין נאר גיטי פריינט וועלכיר אים ג״כ שרייבט
וויא ער גיהערט העט דאז מיר וואלטין דען שידוך טון,
אלזו זולטין מיר אים השמר ניט טון אודיר מיר זאלטין ערשט
הבחור זעהין, בעלי זצ״ל איזט דאר איבר זער ערשראקין
אונ׳ זאגט צו מיר בעו״ה גליקליכן דוא מוזט אך דאר פון
וויסין, דען איך האב עש אן דיין און מוט פאר מערקיט
אלזו האב איך בעלי זצ״ל אלי כתבי׳ גוויזין וועלכי איך קודם
ביאתו לביתו ביקומין האבי בעלי זצ״ל זיך זער ארשראקין
אונ׳ מצער גיוועזין דען מאן האט אויף דען מענשין גאר צו
פיל גישריבן דען קיין חסרון בעולם האט מאן אן דען יונגין
בישריבן, מיר האבין אונש ניט גיוואושט קיין עצה צו געבין,
השידוך איזט גישעהן גיוועזין אלזו האבי איך אן מייניר
מחותנת[2]) יאכט גישריבן גידענקיט מיך נאך ממש בזה הלשון
האב איר אונ׳ אלי פריינטליך מזל גיוואונשין נאך דעם גישריבן
מאחר עש ווערין אונש מצידי צדדי׳ כתבי׳ צו גיקומין וועלכי
אונש שרייבין דאז החתן כמה חסרונות האט וועלכיש מיר
האבין וואלין עש זאל שקר זיין ובאם כן הוא זוא ביטין מיר
זער זיא וואלין החתן על הקנם מאלט כנהוג לכלתו שיקין,
ובאם דאז מיר זעהין דאז זולכי אנשי מלשיני׳ ורוכלים שקר
האבין וויא מיר ניט אנדרשט האפין זוא ווערין מיר החתן
אין ששון ושמחה אונ׳ אלי פאר גניגליכקייט מקבל זיין אונ׳
ווערט אן השובי מתנות אונ׳ כל הכבוד ניט פעלין, זולטי
עש אביר ח״ו זיין דאז עש יוא אמת איזט זוא ביטי אין

---

1) Zusammenkumst = kunft 2) Jachet oder Agathe Schwab starb nach dem Todtenregister des Metzer h. Vereines am 19. Kislew 470 d. i. Donnerstag den 20. November 1709.

גוטי אלטיר העטין צו גיבראכט, אביר עש האט דען העכשטין אנדרשט גיפאלין, נאך דעם איזט בעלי זצ״ל לאמשטארד׳ גירייזט אונ׳ איזט אים גירעט וואַרין השידוך עם חתני משה קרומבאך[1]), נון בעלי זצ״ל האט זיך אל צו גישווינד גירייזילפירט לזו שידוך וויא נאך פולגין וועדט, וויא נון הקנס איזט גליגט גיווארין האט עש מיר בעלי זצ״ל גישריבן, הקנס איזט תוך קליף[2]) אצל מחותני ר׳ אלי׳ קליף[3]) גיליגט וואַרדין דען דער זעלבי האט כח והרשאה מן הקצין מחותני ר׳ אברהם קרומבאך[4]) גיהאט, אביר איאיר איך דיא כתבים מבעלי זצ״ל גיקראגין דאז בתי אסתר תי׳ איין כלה גיוועזין האבי איך מצידי צדדים כתבי׳ גיהאט דאז מאן אונש האט מזהיר גיוועזין דען שידוך השמר ניט צו טון דען הנער העט כמה וכמה חסרונות אביר קיין יום דאר נאך קבלתי כתבי׳ מבעלי זצ״ל דאש ער הקנס גיליגט אונ׳ זיך תכף על הדרך לכאן צו ביגעבין, נון קאן מאן זיך גידענקין וואול וויא מיר איזט צו מוט גיוועזין אונ׳ וואש פאר שמחה איך מיט דעם שידוך גיהאט האב, נון איך האב ניקש טון קענין ביזקין דאש בעלי זצ״ל לביתו גיקומין דיא אנדרי שבועה איזט בעלי זצ״ל לביתו גיקומין אונ׳ אין מיינונג גיוועזין וועד אים מיט גרושי שמחה מקבל זיין אונ׳ וועדין אונש יחדיו מיט דען שידוך זער משמח זיין, אביר בעלי זצ״ל האט עש קונטרארי ביפונדין אן שטאט דעסין בין איך אים מיט גרושיר שווארמוט[5]) אנטקיגן גאנגין אונ׳ קום מיין מויל קענין אויף טון בעלי זצ״ל האט מיר

---

[1]) Mose Sohn des Abraham Grumbach d. i. Krumbach-Schwab in Metz [2]) Cleve [3]) Elia Emmerich-Gomperz [4]) Abraham Grumbach-Schwab, der Gründer der Metzer Talmudklause (s. Revue des études juives 8, 260), war durch seine Frau Agathe der Schwiegersohn des Elia Gomperz in Cleve; seine Tochter, die gelehrte Gattin Samuel Weissbach's, des Rabbiners von Colmar schrieb 1706 cod. Gunzbourg 765. [5]) Schwermuth.

ניקש אנדרשט גיטאן אליש דרינן גילערניט, בעלי זצ״ל איזט
דאז גנצי שנה ניט חוץ לביתו גיקומין אליש אף גיווארט דאז
ער קיין קדיש פאר זוימט האט, י״ב שבועות לאחר מיתות
של חמי זצ״ל איזט גיסי מהור״ר איציק זצ״ל לוויזיל[1]) גיוועזין
בנו ר׳ שמואל לשם חתנה גימאכט אלזו איזט ער אויף קבר
אבות להנוביר גיצאגין אונ׳ זענין אלי ברידר ג״כ להנוביר
גיקומין אונ׳ לבעלי זצ״ל גישריבן זאל תכף ג״כ להנוביר קומין
אלזו איזט ער למחרת בהשכמה אויף גישטאנדין אונ׳ להארבורג
גיפאהרין האט זוא פיל לייט גיהאט דאז ער מנין גיהאט
לקצר ביזקין הנוביר קיין קדיש פאר פעלט אויב עש אים
שונט הרבה מעות גיקאשט האט וויא ער בהנוביר גיקומין
האט ער דיא צוואה גילייאנט איזט חידוש צו זעהן גיוועזן
וואז פאר איין צוואה מיט יראה וחכמה אליש דאש גיוועזין
איזט אלזו האבין זיא פאר צילט וויא חמי זצ״ל איין מיתה
אין גינומין מיט גרושי חכמה וממש בנשיקה, וויא אל זיין
פרומי קינדר זוא גישטארבין זיין, דען עזבון וואז חמי זצ״ל
גילאזין האבין זיא אליש לפי הצוואה מחלק גיוועזין קייניר
האט קיין און גבירליך ווארט ווידר דען אנדרין גירעט, בעלי
זצ״ל איזט נור ח׳ יום בהנוביר גיוועזין אונ׳ זייני ליבי מוטיר
גיטרשט זוא גוט ער גיקענט האט אוב ער צווארין זער אן
אמו אן גיהאלטין אונ׳ זיא גערין מיט זיך להמבורג גינומין
אביר דיא פרומי פרא קיין דיעה ניט גיוואלט אונ׳ זיך פון
אירין צדיק וחסיד ניט וואלין פורש זיין בחייו ובמותו, ב׳
שני׳ דאר נאך איזט זיא אך גישטארבין אונ׳ אצל חמי צו
קבורה גיקומין איזט איין בת פון פ״ב שני׳ גיוועזין לקצר
דאז איזט זוא איין ליפ גיבענשט פאר פאלק[2]) גיוועזין אליש
מאן איריש גלייכין ניט פינדין הש״י וויל אונש דאך איר זכות
גיניסין לאזין אונ׳ וועד וואלט דאז מיר אונזיר יאר אלזו אין

---

[1]) Wesel [2]) Paar Volk = Ehepaar.

בעט דאר מיר זענין אין גילעגין גלייך קינן איבר איזט נאך
איין קליין בעט גיוועזין דאר מיין קינדר זענין אין גילעגין,
אלזו איזט בתי הנה תי׳ דארין גילעגין איזט איין מאטכין
מן י״א שנים לערך גיוועזין אלזו בין איך למחרת צו שומר
לבוקר אויף גישטאנדין אונ׳ שולין גאנגין[1]) אלזו קומיט דאז
קינד בתי הנה תי׳ פון דער קאמיר אראפיר[2]) צו לאפין
ארשראקניר הייט אונ׳ זיך נעביך פאר גרושי ארשרעקנים ניט
ריגין[3]) קאן, דאז גזינט פראגין, הנה וואש שאט[4]) דיר ווארום
זיכשטו זוא ארשראקין ארויז זאגט דאז קינד אך גאט איך
בין אויף גיוואכט אונ׳ האב וואלין זעהן אויב דיא מעמה נאך
ליגט האב איך גיזעהין איין אלטין מאן אין דעם בעט ליגין
מיט איין גרושין בארט איך האב מיך זוא זער ארשראקין
אונ׳ אויז דען בעט גישפרונגין אונ׳ דיא טרעפף אראפיר
גילאפין אונ׳ מיך דאך נאך דען בעט אום גיזעהין האט דער
אלטי מאן זיין קאפף אויף גיהויבן אויז דען בעט אונ׳ אליש
נאך מיר אום גיזעהין, איך קום אויז דער שול אהיים איזט
נאך איין גילישפיר אונ׳ גישמועת[5]) מנקין מיין גזינט גיוועזין,
איך האב זיא גיפראגט אונ׳ ווישין וואלין וואז דער מער איזט
אביר האט מיר קייניר ניקש זאגין וואלין ב׳ יום דער נאך
איזט בעלי זצ״ל אהיים גיקומין אונ׳ קום ח׳ יו׳ בביתו גיוועזין
אלז ער כתבי׳ ביקומין שאביו ר׳ יוסף הצדיק מת[6]), נון זאל
איך שרייבין פון דער צער ובכיה דיא בעלי זצ״ל גיטאן האט
איזט ניט צו בישרייבין תכף לאחר השבעה זיך עשרה רבני׳
גידונגין אונ׳ איין אייגינין חדר בביתו גינומין, דאז מאן ניקש
אנדרשט אין גיטאן האט אליש מנין גימאכט אונ׳ יום ולילה

---

1) Schulen = in die Synagoge 2) hervor 3) regen 4) schadet = fehlt 5) Gelisper = Gelispel und Geschmuse 6) Nach dem Memorbuche von Hannover starb Josef Hameln Sonnabend den 27. Schewat 437 d. i. den 23. Januar 1677.

מיר האבין דאך אלי דען ליבן גאט היכליך[1]) גילובט אונ׳ גידאנקיט שנתן לנו ולא לעפרא המקום ב״ה האט אים זיין לעבין נאך ו׳ שני׳ פאר לענגירט אונ׳ נאך ב׳ קינדר אויז געבין וויא פאלגיט ווערט אביר איך האב פאר געסין אונ׳ העט זולין פיל פריאיר שרייבין מן מיתות של חמי זצ״ל וועלכי פיל פריאיר איזט גיוועזין אליש בעלי זצ״ל פון זיינר קרענק מלייפציג גיקובין איזט וואול ג׳ שני׳ ויותר צו פארין[2]) אליש חמי זצ״ל איזט קרנק גיווארין אן וועלכיר קרענק ער אך גישטארבין איזט אלזו האט מאן לבעלי זצ״ל גישריבן הנה אביך חלה[3]) אלזו איזט ער תכף זיך פונה מכל עסקיו גיוועזין אונ׳ איזט להנוביר בעצמו גיצאגין לבקר אביו בחליו אונ׳ איזט וואול ג׳ שבועות לשם גיוועזין חמי זצ״ל אליש איין מאן פון שמונים שנה דעם זייני כוחות אני דעם פאר גנגין זיין האט גימיינט ווערט שטערבין שטראקס ווען ער נור בעלי זצ״ל זעהן ווערט דען בעלי זצ״ל זיין יונגשט קינד גיוועזין אונ׳ אים זער גיליבט כי בן זקוני׳ הוא לו[4]) אביר אליש חמי זצ״ל גיזעהן דאז בנו ר׳ חיים ג׳ שבועות איזט אצלו גיוועזין אונ׳ עש האט המקום נאך ניט גיפאלין דאז ער אין העט צו זיך גינומין זוא זאגט חמי זצ״ל מיין זון איך האב דיך לאזין היר הער קומין בין אין מיינונג גיוועזין דוא זאלשט בייא מיר ענד זיין, אביר דוא בישט איין גרושיר בעל מו״ם אונ׳ בישט שונט ג׳ שבועות בייא מיר גיוועזין דוא האשט דאז דייניגי גיטאן, איך ביפעל מיך צו גאט ציא דוא אין גאטיש נאמין ווידר אהיים לביתך אויב בעלי זצ״ל שוינט זיך דרין גיוויגירט האט אונ׳ אצל אביו בלייבין זוא האט דאך אביו אויף אים גוזר גיוועזין דאז ער האט מוזין אהיים ציאין דיא אנדרי קינדר דיא אצלו גיוועזין זיין זענין אך ווידרום לביתם גיצאגין איאיר בעלי זצ״ל איזט לביתו גיקומין איזט דיזוש גישעהין מיין

[1]) höchlich [2]) zuvoren [3]) 1. Mos. 48, 1 [4]) ib. 37, 3.

ניט אונ׳ יששכר האט בעלי זצ״ל זוא׳ לנג גימיצרט[1]) דאז ער הכתב האט מוזין חתמן אביר דאר האט אייניר זולין איין חתימה זעהין, קיין מענש דער איין אות האט ארקענין קענין נון קאן מאן וואול דענקין וויא מיר אונ׳ מייני קינדר זיין צו מוט גיוועזין דען בריף האב איך אן ערשטין טאג שבועות ביקומן אן ע״ט זענין אל אונזיר ב״ב מלייפציג אהיים קומין אונ׳ בעלי זצ״ל ניט, קאן מאן וואול דענקין וואש מיר פאר בהלות האבין אין גינומין אפי׳ קיין בריף ביקומין אלי ב״ב וויא זיא קומין זיין איאיר זיא אין אירי הייזיר קומין זיין זיא אלי צו מיר קומין אונ׳ מיך גיטרישט זולטי מיך צו פרידין געבין עש ווערט אליש גוט ווערין אונ׳ איר בעשטיז גירעט דאש זיא מיך האבין וואלין צו פרידין שפרעכין אביר וואש האט עש מיגין העלפין, מאן קאן וואול דענקין וויא מיר איין יום טוב גיהאט האבין, נון עש איזט י״ט גיוועזן האב ניקש טון קענין אביר תכף איסור חג מיו״ט האבי איך תכף גינומן בני ר׳ מרדכי סג״ל אונ׳ יאקב בנו של ר׳ חיי׳ פאלאק אונ׳ חוה דיא האב איך להאלבירשטאט גשיקט אויב זיא בעלי זצ״ל נאך לעבינדיג פינדין מויכטין, איך האבי גאט זייא עש און פאר ווישין לאזין פאשטין לערנין ושארי זאכין מיט תשובה תפילה וצדקה גיטאן זוא גוט איך גיקענט האבי, המקום ב״ה האט זיך אך מרחם גיוועזין אונ׳ בעלי זצ״ל גיהאלפין דאז ער איין ביזלכין איזט צו רעכט קומין אונ׳ האט איין וואגין פאר זיך לאזין דינגין ער איזט אצל ר׳ איציק קירך האן בהאלבירשטאט גיוועזין האט אים איין בעט מיט גיגעבין דאז ער זיך אים וואגין האט ליגין קענין אונ׳ נאך איין וואגין דאר זייני ווארטירש זענין אויף[2]) גופארין, בייא אים אין זיינין וואגין איזט ניקש מעהר אליש אייניר גיזעסין דער נאך אים גיזעהין האט אלזו איזט בעלי זצ״ל קראנק אונ׳ קימירליך לביתו קומין אביר

---

1) s. oben p. 159 n. 3 2) darauf seine Wärter gefahren.

און׳ זענין אלזו נאך לייפציג גיצאגין בנו ר׳ אהרן איזט אצל אביו גיבליבן וועלכיר מיט אים לק״ו[1]) גיצאגין אביר איאיר זיא ללייפציג קומין זיין האבין זיא בעו״ה הבשורה רעה פאר נומין דאז ר׳ יוהנן ע״ה טוט איזט, נון קאן מאן וואול גידענקין וואש פאר איין ארשרעקנים מנקין דיא לייט גיוועזן איזט, אלזו האט זיך אך תכף תוך לייפציג גיליגט ר׳ מענדלי בן מהור״ר מיכיל שפייאר מק״ק פ״פ און׳ איין ז׳ ח׳ יו׳ גילעגין און׳ בעו״ה ג״כ גישטארבין, וואש פאר איין בהלה און׳ מהומה אין לייפציג גיוועזין איזט לייכט צו גידענקין מיר האבין אלי דיא ביטריפטי צייטונג להמבורג ביקומין לא די דאז זיא דיא צרה מוזין פאר זיך זעהין דאז דער יונגי וואקרי מענש וועלכיר נאך קיין ד״ד שני׳ אלט איזט גיוועזין זוא לידירליך פון דער וועלט גיקומין איזט, אך ורק חמיו ר׳ משה בר״נ איזט ג״כ תוך לייפציג גיוועזין און׳ ניט גיוואושט וויא ער אין צו קבר ישראל קריגט דען איזט זער ביז און׳ מסוכן תוך לייפציג גיוועזין לקצר מיט גרושי מיא ושתדלנות און׳ גרויש ממון האבין זיא משתדיל גיוועזין דאז מאן המת האט הין וועק גפירט, אלזו האבין זיא המת נאך דעסויא גפירט וועלכיש דיא נעגשטי קהילה מלייפציג גיוועזין איזט ו׳ פרסאו׳ מלייפציג האט יותר אליש אלף ר״ט גיקאשט און׳ האבין נאך גאט גידאנקיט דאז זיא אין האבין אויז לייפציג ביקומין, צווישין דעסין האט זיך בעלי זצ״ל און׳ ליב גאשליר ג״כ בלייפציג ממש צום טוט גיליגט און׳ גאר קראנק גיוועזין אלזו איזט ליב גאשליר ובעלי זצ״ל מיטין אויז דער מעס זיך פירין לאזין קראנקירהייט נאך האלבירשטאט בעלי זצ״ל האט בייא זיך גיהאט משה שנויטהאן און׳ יששכר וויא זיא זענין נאך האלבירשטאט גיקומין איזט בעלי זצ״ל גאר קראנק גיוועזין דאז מאן אין האט מייאש גיוועזין אלזו האט יששכר אן מיך גישריבן און׳ גיטרישט איך זולט מיך ניט ארשרעקין עש ווער זוא גיפעהרליך

[1]) Frankfurt.

זיטצין בלייבין אונ׳ מיט דען וויניק וואז זיא נעביך נאך האט איבר ביהאלטין זיך אליינט אין אירי שטיליקייט ביהאלפין אונ׳ זיך מיט דען וויניק זויבר אונ׳ שען ארנערט אונ׳ דאך אין איר אייגין הייסכין גיוואונט אונ׳ איר גרושי מייט בייא זיך גיהאט אונ׳ גירואיג אונ׳ וואול גילעבט אונ׳ איזט צו ביטין דעם גאט יוא שטראפיט דיא זעלביגי פרא דאז זיא אירן ערשטין מאן ח״ו פאר לירט דער זעלבי וואלי דאך דער גיטיגי גאט אך זוא איין דיעה אין געבין, זוא פאר גניגליך אליש דיא ליבי פרא לעבט אונ׳ זוא פיל גוטיש אליש זיא פון דען ביזילכן טוט אונ׳ וויא גידולדיג זיא אין אלים איזט וואש איר השי״ ב״ה צו שיקט ווער פיל פון צו שרייבין אונ׳ איזט זוא בכבוד זיטצין בליבין השי״ זאל געבין דאז זיא עש זאל אויז פירין עד ביאת משיחנו דיא פאר גניגליכקייט דיא מיר קינדר אונ׳ איר עניקליך פון דער ליבי פרא האבין איזט ניט צו רידין השי״ ב״ה וויל זיא עד מאה שני׳ גיזונד לאזין, לאחר זה האבין מיר בתי הנה תי׳ פאר קנסט עם בנו של גיסי מהור״ר אברהם סג״ל[1]) זצ״ל אויב מיר דען שידוך נון יוא גערין אודיר ניט גערין גיטאן האבין זוא איזט עש דאך פון השי״ ב״ה בישערט גיוועזין, דען חמותי ע״ה האט עש האבין וואלין, נון איזט עש גנגין נגד יריד פ״פ אן מיין אלזו איזט בעלי זצ״ל לשם גיצאגין גם ר׳ יוחנן אונ׳ ר׳ מענדיל אונ׳ ליב גאשליר[2]) אלזוא וויא היריד אויז איזט גיוועזין אלזו האבין זיא תכף מפ״פ אויף לייפציג גימוזט וויא זיא נון נאך ק״ק פולדא זיינין גיקומין אלזו איזט ר׳ יוחנן דאר קראנק גיווארין אונ׳ אין ד׳ ה׳ ימים גישטארבין בעלי זצ״ל אונ׳ ר׳ מענדלי גם ליב גאשליר האבין וואלין יחדיו בייא איהם בלייבין אביר דער פרומי חשובי ר׳ יוחנן ע״ה האט עש ניט ליידין וואלין

---

1) Samuel, Sohn des Abraham Hameln 2) Ueber die Familie Goslar in Halberstadt vgl. Auerbach, Geschichte der isr. Gemeinde H. 100 f.

פאר דען קיניג ברענגין וועלכיש אלזו פארט[1]) גישעהין איזט, וויא נון קרעזים פאר זיין איבר ווינדיר קומט פאלט ער אויף זייני קניא דער קיניג הייסט אין אויף שטין ער העט וואש מיט אים צו רידן אונ׳ פראגט אים מיין קרעזים מאן האט דיך אין דיינר טויטש נוט[2]) גפירט וואז האשטו גירעט אונ׳ זוא ביטירליך גישריאין אלזו פאר צילט ער אים אליש מיט זיין פילוספיא סאלען, וועלכי ריד ער אביר אלי פאר אכטיט אונ׳ אין פון זיך גישטויסן אונ׳ אין זיינר הופארט אונ׳ ביזי ווערקין פאר בליבין, ביז אין דיזור אנין בליק דאז איך דיא טוטיש נויט האב פאר מיר גיזעהין דאר האב איך אן מיין גיטרייאן קלוגין פליסופיא גידאכט דאז זיך זאל קיינר גליקזעליג פאר זיין ענד שאטצין אונ׳ אויז גרושיר טוטיש אנגשט דיזי עטליכי ווארט אים צו גירופין דער קיניג האט זולכיש גינעדיגליך אונ׳ ארבארימליך אן גיהערט אונ׳ גידאכט קרעזים איזט איין מאלט אך איין גרוישר קיניג גיוועזין אונ׳ גאט האט אין מיינר האנט גיגעבין ווער ווייס איך בין דאך אך נאך ניט גישטארבין עש מויכט מיר אך איין מאלט זוא גין אונ׳ האט דען קיניג קרעזים ווידר ביגנעדיגט אונ׳ אים זיין לעבין אונ׳ לנד אונ׳ לייט ווידר געבין, דארום ווען עש אונש מענשין שונט גנץ וואול גיט זולין מיר זיך ניט איבר נעמין אונ׳ אונש גידענקין דאז מיר ניט ווישין וויא אונזיר סוף איזט אודיר זיין ווערט אלזו וויא מיר אויז דען מעשה גילייאיט האט, נון אמי תי׳ האט איר קינדר אלי נון גיהאט אויז געבין תוך עושר וכבוד אונ׳ אין אלי פאר גניגליכקייט דאז אבי זצ״ל גישטארבן איזט אמי תי׳ לערך מ״ד שני׳ אלט גיוועזן אויב איר צוואַרין אונטרשידליכי גוטין פארטייאין זענין פיר גיקומין דאז זיא העט ווידר איין מאן נעמין קענין דאז זיא ווידר אין גרויש עשירות גיקומין ווער אביר דיא ליבי פרומי פרא זיך ניא מאליש דרין ביגעבין וואלין אונ׳ ליבירשט אלזו

1) allsofort 2) Todesnoth.

דען קרעזים [גיפאנגין גיגומין נאכדעם דער זעלביגי קיניג קרעזים] זיין גנץ לנד האט איין גינומין אונ׳ אליש וואול ביזעציט איזט ער מיט דען גיפאנגנין קיניג קרעזים ווידר אין זיין לנד גיצאגין אונ׳ זייני ראט אונ׳ קריגש אויברשטין האבין ראט גיהאלטין איבר דען קיניג קרעזים וואז מאן זאל אים פאר איין טויט אן טון אלזו האבין זיא ענטליך אים אלי איין טרעכטיג צום פייאיר פאר דאמיט, דאז מאן אים פאר ברענין זאל אלזו איזט אלי צו ריסטונג צו איין זולכין גרוישן ווערק גימאכט גיווארין אונ׳ נאר פיל פאלק פון וויט אונ׳ זייט דאר צו גיקומין צו זעהין דאז מאן דען מעכטיגין קיניג קרעזים פאר ברענין זאל, אלזו איזט איין גרוישר שייטיר הויפין פון האלטץ גימאכט גיווארן אונ׳ דאר בייא אליר הנט גיפאלסימירטי אילין[1]) אונ׳ וואול ריכינדי זאכין גישטאנדין דיא צו גלייך מיט דען קיניג קרעזים זולטין פאר ברענט ווערין דאר ווארטין[2]) ער קיניגליך זולטי פאר ברענט ווערין אונ׳ דער אנדרי קיניג דער קרעזים האט איבר וואונדן דער. איזט אם פענשטיר גילעגין אונ׳ צו גיזעהין דאז מאן דען קרעזים צו זייניר פאר ברענונג גפירט האט, וויא מאן נון דען קרעזים אלזו פירט זוא ווערט ער זיינין גיטרייאין קלונין פילוסופיא אין גידענק דאז ער אים גיזאגט האט עש זאל זיך קייניר גליקזעליג שעטצין אי ער גישטארבין איזט, אלזו פנגיט ער ביטירליך אן צו רופין אונ׳ צו שרייאין אה סאלען וויא וואר האשטו גיזאגט דאז זיך קייניר פאר זיין ענד זאלי גליקליך שעטצין, דער קיניג דער אים דאז ווארמי באד זונדיר וואשיר האט לאזין צו ריכטין איזט אים פענשטיר גילעגין אונ׳ גיהערט דאז קרעזים זוא ביטירליך גירעט אונ׳ גישריאין אלזו זייני דינר ועלכי בייא אים גישטאנדין גירופין דאז זיא פלוקס[3]) לאפין אונ׳ זאגין מאן זאל אלזו בלד דען קרעזים נאך איין מאלט

1) gebalsamirte Oele 2) derwarten = erwartend = da 3) flugs.

ניט אהן[1]), דער קיניג בזיצט גרושי רייכטום הערליכקייט אונ׳ ער, אביר אירי מייאשטאט זענין נאך איין יונגיר קיניג מאן ווייס ניט וויא זיין ענד ווערט זיין, עס קענט זיין דאש איין אנדיר קיניג אודיר אנדיר פירשט מיט דען קיניג איין מלחמה פירינין אונ׳ אין ביצוואונגין אונ׳ אים פון זיין רייכטום לנד אונ׳ לייט הין וועק יאגיטין אונ׳ אין פילייכט גאר אום זיין לעבין ברעכטיטין וואז[2]) ער עס דען פאר גליקליך דאר זיין ענד דאך גאט פאר זייא, זער מיסראביל אונ׳ און גליקליך ווער, זוא זאגט דער קיניג קרעזיס סאלען וואז גידענקיט איר איך דאז איר איין פריוואט פירשון מיט זייניר גליקליכקייט פאר אונזרי מייאשטאט ארפאר ציאיט איר קיניגליכי מייאשטאט זאגט סאלען ווייל יעניר גליקליך גישטארבין איזט אונ׳ עס זאל זיך קייניר רימין ביז דאז ער זיין ענד זיכט, עס קאן זיין אונ׳ איזט צו ווינשין דער קיניג אין זיין גליקזעליגקייט קאן ביז אין זיין ענד בלייבין עס קאן אויך זיין דאז עס גין קאן וויא איך דעם קיניג שוין גיזאגט האב אלזו ארצירנט זיך דער קיניג זער אונ׳ נעמיט זיין גילדינין שטאב אונ׳ שטויסט סאלען דאר מיט הין וועק אונ׳ ביפעלט אים נימיר מער אן זיין הויף צו קומין, אלזו איזט דער גוטי סאלען הין וועק גאנגין, עס איזט איין עטליכי יאר אן גישטאנדין דאז דער קיניג קרעזיס אין זייניר הערליכקייט אונ׳ גליקזעליגקייט איזט אלזו פארט גילעביט אונ׳ אן זיין [גוטין] קלוגין פלוספיא ניט מער גידאכט אביר צייט לנג דער נאך האט דער קיניג קרעזיס איין שטרייט ביקומין פון וועגין עטליכי גרענץ ליידונג אביר עס האט ניט לנג גיווארט דאז דיזיר שטרייט איזט צום בלוטיגין קריג אויז גישלאגין וועלכיר איין עטליכי יאר גיווערט אביר ענטליך קרעזיש דען קורצין ציאך[3]) מוזין אונ׳ דיא שלאכט פאר לארין אונ׳ זיין קינן פארט[4]) איין אנדריר קיניג

1) nicht ohne 2) F. ווש = weiss 3) den kurzen = den kürzeren ziehen 4) Gegenpart.

דער האט בייא זיך גיהאט אן זיין הויף אלי צייט איין פילוסופיא דער האט גיהייסין סאלען[1]) דער מלך האט פון דען פילוסופיא גאר פיל גיהאלטין וויא דער זעלבי אך באמת איין גרושיר חכם גיוועזין איזט איין מאלט גיט דער קיניג קרעזיש[2]) הין אונ׳ לאט זיך אן טוהן בבגדי המלכות אונ׳ לאט זיין גנצין הויף האלטונג אין גרוישר פראכט בייא אים קומין אויף צו ווארטין אלי אין אירי בעשטי קלידיר אונ׳ לאט זיין בעשטי אבנים טובות דאר הין ליגין אונ׳ אל זיין אוצרות עפנין אלזו לאט ער זיין פילוסופיא סאלען אך רופין דאז ער זאל צום מלך קומין וויא נון סאלען צום מלך קרעזיש קומט איזט ער כורעים ומשתחוים פאר דען מלך וויא זיך דאש גבירט אלזו זאגט דער מלך צו דען פילוסופיא מיין ליבר סאלען האשטו אך וואל אפזורפירט[3]) אל אונזיר עושר אונ׳ כבוד אונ׳ זאלכי גרושי הערליכקייט, אויב האשטו וואול דיין לעבי טאג איין גליקליכירין מענשין גיזעהן אליש איך בין זוא זאגיט דער פילוסופי׳ צום מלך מיין גינעדיגר קיניג איך האב אליש וואול אופסערפירט אביר איך קאן דיך דאך ניט זוא גליק זעליג שעטצין אליש איין בורגיר צו אטען גיוועזין איזט דער זעלבי גיהאט צעהן קינדר וועלכי ער בייא זיין לעבין וואול ערצאגין אונ׳ איזט גאר איין רייכיר מאן גיוועזין אונ׳ זייני קינדר אלי מיט ערין צו גרושי לייט גיגעבין ער אונ׳ זייני קינדר האבין דען פאטיר לנד גרושי טרייא אונ׳ דינשט גיטאן אלזו ניט אליינט דאז זיך דער בורגיר צו אטען האט אין גרושי אישטימציא[4]) גיזעהין דעסין גלייכין האט ער זייני קינדר ביזקין אין זייניר הויכי עלטיר אין גרוישן הערליכקייט אונ׳ רייכטום אונ׳ ער[5]) גיזעהין אונ׳ אלזו גליקליך גישטארבין דען זעלבין שאטץ[6]) איך גליקליכר אליש אירי קיניגליכי מייאשטאט, עש איזט צוואהרין

---

1) Solon 2) Crösus 3) observirt 4) Aestimation 5) Ehre 6) schätze.

גיוועזן, מאן האט מיינר ליבי פרומי מוטיר ניט אן גיזעהין אן איר חתנות מאכין דאז זיא נעביך איין אלמנה גיוועזן איזט אך ורק האט אליש זוא בכבוד אונ׳ הערליך צו גאנגין אלש וועז אבי זצ״ל נאך גילעביט העט אונ׳ איזט קיינר מן עיקורי׳ הקהילה אויז גיבליבן דער ניט איר לכבוד גיקומן וועד, לאחר החתנה איזט גיסי ר׳ ליב סג״ל ווידר לביתו גיצאגין אונ׳ קיין חצי שנה דאר נאך הולך בדרך כל אדם איזט צווארין אין עשירות ובשם טוב גישטארבין אביר דאר נאך איזט גיסי ר׳ שמואל בון עם אחותי לבון גיצאגין צו וואונין לשם בנחלת אביו זצ״ל אונ׳ אך וואול לשם גיוואונט אונ׳ איין אידרין גרויש גוטיש גיטאן, האבין אים אך צום פרנס במקום אביו ז״ל גימאכט אביר איזהו שנים דאר נאך מלחמה עם מלך צרפת יר״ה קיסר יר״ה והאלאנד גיוועזן זענין צרפתים פאר בון גיקומין אונ׳ בון אין גינומין[1]) אונ׳ זיין הויז נחלה מאביו ז״ל עם שארי הייזיר אליש פאר שרפת אונ׳ גיפלינדירט גיווארין אלזו ער נעביך אום כל אשר לו גיקומין אונ׳ האט זיך ניט לענגיר לשם קענין אויף האלטין אלזו ער להמבורג גיקומין ווער פיל פון צו שרייבין וויא ער ווידר צו רעכט קומין איזט, אונ׳ ווידר בעו״ה צורוק קומין איזט ניקש נוטץ לכאן צו שרייבן ער איזט נעביך איין רעכטיר פרוימר מענש אונ׳ איין גרושיר ירא אלהי׳ השי״ ב״ה וויל אים אונ׳ כי״ אויז אל אירן צרות העלפין אונ׳ זייני קינדר אך דיא תוך עושר וכבוד זיין גיבארין אונ׳ ארצאגין אך אויז געבין גיווארין, אונ׳ טייליש בעו״ה דאז גליק גאר ניט גיוואלט השי״ ב״ה ברחמיו וברוב חסדיו וויל זיך דאך ווידר איבר אינין אלין מרחם זיין על זה נאמר עש זאל זיך קיינר גליקזעליג נענין ביזקין דאז ער גישטארבין איזט וויא איין מעשה הירויף פאלגין ווערט עש איזט איין מאלט איין מעכטיגר מלך גיוועזן

[1]) 1689 im dritten Raubkrieg.

מהור"ר מאדיל דיין[1]) זיין בן אונ׳ החתנה כאן המבורג גיוועזין איזט וויסינטליך וואז דער ר׳ מאדיל דיין פאר איין איש חשוב גיוועזין איזט ואשתו פעסלי[2]) הצנועה אשר אין דוגמתה בכל העולם בוודאי זינטר אמהות שרה רבקה רחל ולאה זיין גיוועזין ממש קיין אשה גיוועזין דיא אירש גלייכין גיהאט האט אין פרומקייט וחסידות ובפרט דאז זיא איין אשת חיל גיוועזין אונ׳ המו"מ גפירט ובעלה ובניו רייכליך מחיה גיוועזין זוא וואול תוך ווין[3]) אליש דאז זיא צו ברלין גיוואונט האבין דען הקצין מהור"ר מאדיל איזט אלי צייט איין בעטליגדיגיר מאן גיוועזין דער וויניק מו"מ האט טון קענין דאך איין חכם מחוכם ע״ה גיוועזין דאר דיא גנצי וועלט האט ווישן פון אים צו זאגין אונ׳ איזט אך זער אן גינעם גיוועזין אצל הקורפירשט יר"ה מבראניבורג[4]) וועלכר פעם א׳ גיזאגט באם דען מאן זיין פים זוא ווערין אליש זיין קאפף איזט זוא העטי ער קיין גלייכינש, ער אונ׳ זיא זענין תוך ברלין תוך עושר וכבוד גישטארבין עש איזט חירושי׳ צו לייאין גיוועזין אין דער צוואה דיא זיא ע״ה גימאכט האט, מאג ניקש דער פון שרייבין דער זיא לייאין וויל קאן זיא נאך בייא אירי קינדר פינדין דען זיא בוודאי זעלבי ניט האבין הין וועק גיווארפין, נון איזט נאך מיין יונגשטי שוועסטיר רבקה נעביך איבר גיבליבן וועלכי צווארין אך גאר איין גוטין שידוך גיטאן אונ׳ ניקראגין בנו של גיסי ר׳ ליב בון וועלכיר ע״ה גאר איין וואקריר מאן גיוועזין אונ׳ כמה שנים פרנס תוך המדינה גיוועזין אונ׳ אך איין היפשן עושר גיהאט וועלכיר ר׳ ליב הנ"ל עם בנו ר׳ שמואל סג"ל לכאן גיקומין אונ׳ החתנה כאן גימאכט אונ׳ אליש בכבוד תוך ששון ושמחה נגמור

---

1) s. Kaufmann, die letzte Vertreibung 211 2) Ib. 212 n. 2. 3) Vor der Vertreibung von 1670 s. ib. 87 n. 2. 4) Ib. 211.

אונ׳ אליש פאר אמי ת׳׳ אונ׳ אירי יתומי׳ שטין לאזין אונ׳ בעלי זצ״ל וגיסי ר׳ יוסף סגל האבין אחי ר׳ וואלף א׳ שנה דאר נאך אליש אבי זצ״ל גישטארבין איזט איין קנס גילינט עם בת של אברהם [יאקב .l] ליכטין שטאט איזט נאר איין חשוביר וואקריר מאן פאר נאנט[1]) גיוועזין איזט עד יום מותו פרנס המדינה גיוועזין אונ׳ מופלג בעשירות גיוועזין אביר לבסוף האט ער מחלוקת גיהאט עם בנו הורגו ר׳ אברהם ל״ש[2]) דאז ער סוף ימיו יורד מנכסיו גיוועזין גיסי ר׳ יוסף סג״ל איזט עם אחי ר׳ וואלף אויף דען קנס מאלט[3]) גיצאגין אונ׳ בעלי זצ״ל איזט עמו דיא אנדרי לייפציגר מעס אויף זיין חתנה גיצאגין עם יששכר וועלכיר באותו פעם משרת אצלינו גיוועזין אונ׳ גיסי ר׳ יוסף סג״ל ובעלי זצ״ל אליש אויף איר איינני און קאשטין גיצאגין אונ׳ אמי ת׳׳ קיין פרוטה הוצאות לחשבון גיבראכט, גיסי ר׳ יוסף סג״ל בבואו עם החתן מקנס מאלט פלאים פאר צילט פון דען קנס מאלט וויא חשוב אליש אלי דינג גיוועזין אונ׳ וויא הערליך אליש הער גנגין איזט דען באותו פעם איזט ר׳ יאקב ליכטין שטאט ע״ה נאך אין´זיינר מעלה גיוועזין, נון איזט בעלי זצ״ל מיט החתן על החתנה גיצאגין וועלכיש ג״כ מיט אלי כבוד איזט פורט גאנגין אונ׳ בעלי זצ״ל ווידר אהיים גירייזט אונ׳ אחי עם אשתו נאך זמן מה לשם פאר בליבין, דאר אבי זצ״ל גישטארבין איזט האט ער אל דאז זייניגי אליש פאר שטעקט גיהאט אין יובלאטציא האט זיך בעלי זצ״ל וגיסי ר׳ יוסף סג״ל מטריח גיוועזין אונ׳ אויז רויף[4]) גימאכט אונ׳ הכל פאר קאפט דאז אמי ת׳׳ האט קענין דיא יתומי׳ אויז געבין ווען איר וואש גוטיש איזט פיר קומין וויא אך ניט לנג דאר נאך האבין זיא אחותי מטה תוך לייפציג פאר קנסת עם בנו הקצין מ״ו

---

[1]) bekannt [2]) vgl. Hock-Kaufmann, die Familien Prags 192 n. 1 [3]) Verlobungsmahl [4]) Ausruf = Licitation.

מיין טיר צו קלאפין אליש ווען דאז גנצי בית זולט אום פאלין איך שפרינג תכף אויזם בעט הרויז אונ׳ פראג תכף ווער דאר קלאפט אביר אין קול ואין עונה איזט קיינר דער ענפירט זוא ווערף איך תכף מיין ראב[1]) איבר אונ׳ לאף בבית של אבי זצ״ל וואור איך גיפונדין וויא שונט גידאכט נון קאן מאן וואול דענקין וויא מיר איזט צו מוט גיוועזן אונ׳ וואז פאר צער מיר יחדיו גיהאט האבין אביר וואש האט אליש גיהאלפין האב מיין ליבן פאטיר מיסין[2]) מוזין וועלכיר אביר בשם טוב ובשיבה טובה גישטארבין איזט ד״ד טבת גיוועזין ושבק חיים לנו ולכל חי האב מיך לגני צייט ניט קענין צו פרידין געבין ביזקין דאז מיר המקום ב״ה לאחר שלושים איין יונגין זון בישערט האט אונ׳ זיין נאמין ליב איזט ווידר גיבארין ווארדין אביר שיינט זיין גיבורט אן גיצייגט פיל ווידר ווערטיקייט דען אליש ער אויף דיא ביטריפטי וועלט גיקומן ביז ד״ד שעות אליש גילעגין אונ׳ גיקרעכטיש[3]) דאז המילדות אונ׳ אלי וייבר ניט אנדרשט גימיינט דאז מאן דאז קינד ווערט ניט קענין אויף ברענגין, אביר דען ליבין גאט דען האט עש זוא גיפאלין דאש דאז קינד אלי טאג זיך גיבעשירט אונ׳ אויף גיוואקסין דאז איך מיך אלזו מיט דען קינט אלזו אן ישטאט מייניש ליבן פאטיר גיטרישט האב, אונ׳ בין זער ארפרייאיט מיט דען זון גיוועזין, מייני ליבי מוטיר איזט מיט ג׳ יתומים זיצין בליבן אבי זצ״ל האט דאך אמי תי׳ איין כתובה מן ט״ז מאות ר״ט אונ׳ איין אידריר יתום לערך ד״י מאות ר״ט אונ׳ דיא יתומי׳ העטין כער גיהאט אך ורק זענין יותר אליש אום אלף ר״ט גיקומין וויא איך אפשר נאך שרייבין ווערדי, בעלי זצ״ל גיסי ר׳ יוסף סג״ל האבין ניקש ביגערט צו ירשון וויא וואול זיא איין אידריר שטר חצי חלק זכר גיהאט האבין דאך זיך דאר נאך ניט ביגערט אום צו זעהין

---

[1]) Robe = Kleid [2]) missen [3]) gekrächzt = gestöhnt.

דיא גידולט דען ווען גאט דער אלמעכטיגי וויל קאן ער אליש גאר באלד פון אינש אפ נעמין, נאך דער זעלבי צייט איזט אבי זצ"ל גאר קראנק גיוועזין בחולי ציפורלי[1]) בטוב תקראו אביר איזט איין קרענק צו זיינין טוט גיוועזין אונ' אן גיפאנגין צו גישוואלין איזט יותר אליש רביעי' שנה מוטל על ערש דוי גלעגין מיר זענין אלי נכט בייא אים גיוועזין אופט ביזקין מיטר נכט דאז מיר אלי מאלט גימיינט האבין איט דאז ענד אפ צו ווארטין לבסוף וויא ער נון בלדי אן דער צייט איזט גיוועזין דאז המקום ב"ה אים האט אויז דען צייטליכן אינש איביגי נעמין וואלין אלזו פעם אחד בלילה דאז מיר בעלי זצ"ל אונ' איך ואמי תי' יחדיו זיטצין איזט עש גאר שפאט אין דער נכט גיוועזין אונ' איך בין הויך מעוברת גיוועזין זוא האט אמי תי' גימאכט דאש איך עם בעלי זצ"ל זענין אהיים 'גנגין וויא מיר און גיפער איין שעה זיין גילעגין קומט אימיץ[2]) אויז אבי ז"ל זיין בית צו קלאפין בעלי זצ"ל זאל דאך תכף לבית אבי ז"ל קומין, נון זענין מיר גיוואונט גיוועזין דאז זאלכיש גאר אופט גישעהין איזט אלזו האט בעלי זצ"ל ניט לײדין גיוואלט דאז איך זולטי מיט גין אונ' מיך איבר רעט דאז איך זולט ליגין בלייבין ווען ער זעך דאז עש ח"ו נוט[3]) העט וואלט ער נאך מיר שיקן איך האב מיך איבר רידן לאזין אונ' בין ליגין גיבליבן אונ' תכף הארט אין גישלאפין וויא נון בעלי זצ"ל לבית אבי קומט איזט ער לזו הרגע פאר שידין גיוועזין עש איזט לערך אום מיטר נאכט גיוועזין בעלי זצ"ל האט ניט לײדין וואלין דאז מאן מיך זאל אויף וועקין אונ' גיזאגט ווער צייט גינוגין ווען מן מיך אין ב' או ג' שעות [ערשט] אויף וועקט אביר וויא איך אין מיין בעשטין שלאף בין גיוועזין קומט עטוואש ג' פעמי' אן

---

[1]) Zipperlein = Podagra [2]) Jemand [3]) Noth.

גילאנגיט אונ׳ זולכין גוטי יריד גיהאט אליש ער כל ימיו ניט גיהאט האט, ובאותו יריד כמה אלפים פאר דינט וואר פיר דען היכשטין גידאנקיט דער זיין גינאד אונ׳ בארימהערציקייט ניט פון אונש אפ גיטאן אונ׳ אלי צייט צו דער מכה איין רפואה גשיקט הגם איך מיר באותו פעם גידאכט דאז קייניר בעולם איזט דער מער דאגות אונ׳ אינירליכי זורג העט אליש איך אונ׳ ניט ביטראכט דאז דיא גנצי וועלט איזט פול פיין, איין אידריר פינט דאז זיין, גלייך איין פילוסופיא איזט גיוועזין וועלכיר אויף דער גאס איזט גנגין בינעגנים אים אייניר פון זיין גוטי פריינט וועלכין ער גריסט אונ׳ פראגיט וויא עש אים גיט דער פריינט דאנקיט אים אונ׳ זאגיט מיין ליבר פריינט עש גיט מיר זער שלעכט איך האב מער זורג אונ׳ אן לעגינש[1] אלש אייניר אין דער גנצי וועלט זוא זאגט דער פילוסופיא נון מיין גוטיר פריינט ווען דוא ווילט זוא קום מיט מיר אויף דען טאך זוא וויל איך דיר אלי הייזיר אין דער גנצי שטאט ווייזין אונ׳ וויל דיר זאגין וואז איין אידיר הויז פאר צרות אונ׳ און גליק שטעכיט אונ׳ ווען עש דיר בליביט זוא נעם אל דיין צרות אונ׳ וועךף עש מאנקין אלי דען צרות אונ׳ נעם דיר אייניש ארויז וואז דוא ווילשט פיל לייכט קאנשטו וואש פינדין דאז דיך פאר גניגיט אלזו גינין זיא צו זאמין אויף דען טאך דער פילוסופי׳ ווייזט אן זיין פריינט אין דיזין הויז דאש אונגליק אונ׳ יענים הויז איזט יענים און גליק טוא נון אלזו וויא איך דיר גיזאגט האב אלזו האט דער זיין פילוסופי׳ פרינד גיזאגט איך זיך דאך וואול דאז איין יעדיר הויז אונגימאך אונ׳ צרות שטעקיט זוא פיל אונ׳ פילייכט מער אלז דאז מייניגי איך וויל דאז מייניגי האלטין אלזו איזט אונזיר מענשליכי גידאנקין דאז איין אידריר מיינט דאז ער אן מיינשטין צו לײדין האט דארום איזט ניקש בעשיר אליש

---

1) Anliegen.

האב אין גיטרישט זוא גוט מיר גיקענט האבין עש איזט עבין גיוועזין נגד יריד פ״פ דמיין דאז בעלי זצ״ל דאר האט זיין מוזין דען ער אלי יריד לשם גיוועזן ער איזט ע״ה אן יו׳ ה׳ למחרות משטאטין גיקומין אונ׳ תכף יו׳ ו׳ האט ער ווידר פארט גימוזט לפ״פ אלזו ער פון מיר גנגין מיט טרויאריגין גימיט, איאיר ער איזט הין וועק גיצאגין האבי איך יששכר אומש גאטיש ווילין גיבעטין זולט מיט אים ציאין וויל ער ע״ה זוא גאר און מיטיג גיוועזין האב איך אין ניט גערין וואלין לבד ציאין לאזין, אביר יששכר וויא ער אליר וועגין זיין רשעות ביוויזין ער דאר אך גיטאן אונ׳ ניט וואלין מיט ציאין אם לא בעלי זצ״ל אים מוזין פר שפרעכין וויל אים ב׳ למאה געבין פון אלים דאש ער איין קאפט אודיר פאר קאפט וואש האט מאן טון זאלין איך האבי בעלי זצ״ל ניט מיגין לאזין לבד ציאין משום זה יששכר אל זיין רצון מוזין מאכין בעלי זצ״ל מיט מיר גירעט אונ׳ מיך אום גאטיש ווילין גיבעטין זולט וויטיר ניט דראן גידענקין דען עש איזט יוא גון ניט צו ענדרין אונ׳ איך האבי אים מוזין דיא האנט געבין דאש איך עש פאר געסין וויל, אונ׳ בעלי מיר ג״כ צו גיזאגט וויל ניט מער דראן גידענקין וויא וואול מיר פון דיא ה״כ וויניג גיהאלטין האבין וויא מיר אך פון אל דען מעות ניט מער אליש דען איינין ח״כ ביצאלט ביקומן, דיא אנדרי האט ער אלי זיין יד גילייקניט[1]) אונ׳ האט אונש נאך כמה מאות הוצאות גיקאשט אלזו בעלי זצ״ל עש״ק להארבורג גיקומין אונ׳ שבת לשם גילעגין ביזקין מ״ש דיא פאשט מהארבורג אפ פארט אונ׳ האט מיר מהארבורג גישריבן איין גדול כתב אייטיל תנחומה דז מיך דאך זולט צו פרידין געבין הש״י ב״ה ווערט אונש אליש במקום אחר ווידר ממלאה זיין וועלביש אך גישעהן איזט אונ׳ בעלי זצ״ל לק״ק פ״פ אן

[1]) seine Unterschrift verläugnet.

בעלי זצ"ל ביצאלט ווער וואלטי ער שונט וייטיר מאכין דז ער זולטי וואול צו פרידן זיין וכדברים האלה יותר דיא ניט ווערט זיינין דא פאפיר מיט אן צו פילין, אויב דיזוש שונט בעלי זצ"ל ניט גישמעקט האט אונ' יששכר לויטר רוגז גיוועזין אונ' מיט גיוואלט האבן גוואלט דאז בעלי זצ"ל עמו משפטן זאל זוא האט עש דאך בעלי זצ"ל ניט טון וואלין דאז ער האט זולין פאר דען טריבונאל תוך שטאטין זולין משפטן איזט שווידין איין ביז אורט אלזו איזט בעלי זצ"ל ביטריפטיר הייט מיט זיין ח"כ הין וועק גיצאגין אונ' אלזו להמבורג גיקומין אונ' מיר דיא ביטריפטי ציטונג גיבראכט אוב ער ע"ה מיר זולכיש שונט ניט גערין האט זאגין וואלין זוא האט זולכיש דאך ניט קענין פאר מיר פאר שוויגין בלייבין, באותו פעם האב איך עבין גיטראגין עם בני ר' ליב, בין איך מכולה גיוועזין אונ' ניפאטירשט[1], מאן קאן וואול דענקין וויא אונש צו מוט גיוועזין דען קיין ד"י יום צו פארין האבין מיר פליטה תוך פראג ט"ו מאות ר"ט איין גינומין, אן איין סוחר מהמבורג אלף ר"ט בני נתן סג"ל איזט איין חתן גיוועזין האט לערך תוך חצי שנה זולין חתנה האבין אונש איבר ג' אלפי' ר"ט גיקאשט, לקצר מיר האבין גירעכינט דאז מיר דיזוש שנה יותר אליש י"א אלפי' ר"ט בנקי זענין אויז האנדין גנגין אונ' זענין צו זאגין[2]) נאך יונגי לייט גיוועזין האבין ערשט נור איין קינד אויז גיהאט געבין אונ' אונזיר הייזכין מיט קינדר גב"ז[3]) גיהאט דאז אונש זער וויא גיוועזין אונזרין עהרליכן נאמין צו ערהאלטין אונ' האבין נאך מוזין אליש אין סוד האלטין, איך בין גנץ קרענקליך דאר פון פאר צער גיוועזן אביר זולכיש איך פאר דען עולם פון מיין טראגין וועגין פיר גיוועדיט, אביר אש תוקד בקרבי בעלי זצ"ל האט מיך גיטרישט איך

---

1) Tendlau, Sprichwörter 626 2) zu sagen = so zu sagen, eigentlich 3) = Gott behüte sie.

אויב איך נון שוין דיא גנצי אשטוריא[1]) מן יששכר זולטי פיל פריאיר גישריבן האבין דען ער יותר אליש פאר י׳ שני׳ בייא אונש גיוועזין זוא וויל איך עש שפאהרין אונ׳ אים אפ זונדירליך[2]) בישרייבן אזט ניקש גילעגין אויב זייניר פריאיר אודיר שפאטיר גידאכט ווערט אלזו האט בעלי זצ״ל צו יששכר גיזאגט דוא מוזט מיט מיר לשטאטין מוז זעהין וואז דארטין דער מער איזט, אלזו זיינין זיא יחדיו לשטאטין גיקומין אונ׳ מיט ר׳ משה העלימשטאט וואלין חשבנן אביר האט זיא אויף גיהאלטין פון איין יום צום אנדרין אונ׳ בעלי זצ״ל לקצת חילופים על המבורג געבין אונ׳ לקצת מרגליות וזהב, לקצר בעלי זצ״ל האט זיך ניט לעגגיר וואלין אויף האלטין לאזין ר׳ משה העלימשטאט האט מוזין מיט אים חשבונין, דאר איזט גיפעלט ה׳ אלפי׳ [ת״ק] ר״ט בנקי דאז ער בחשבונו ניט האט קענין ארבייא ברענגין נון קאן מאן וואול גידענקין דאז בעלי זצ״ל גאר וויא[3]) דאר בייא גיוועזין איזט אלזו ער צו בעלי זצ״ל גיזאגט הער צו ברודיר איך זיך וואול דיר דער חשבון ניט גיפאליט וויא איך דיך אך ניט פאר דענקין קאן, איך האב גיפעלט דאז איך דיר דאז דייניני פאר שטאכין[4]) האבי, זורג ניט איך וויל דיר ח״כ מידי געבין זאל קיין שנה וחצי ווארין זאלשטו דיין פוליגין תשלום האבין אונ׳ דאר קום מיט מיר ארויף אין מיין שויל בעלי זצ״ל גיט מיט אין אנויף אין זין שויל וועלכיש ער בביתו גיהאט האט זוא נעמט ער דיא הייליגי ס״ת אויז דען ארון הקודש אונ׳ נעמיט זיא אין זיין ארים אונ׳ שווערט בייא אלי אותיות קדושת ושארי דברים דיא איך ניט בתנם שרייבין מאג ער וואלט לזמניהם ווען דיא ח״כ פאר פאלין זיין לבעלי זצ״ל ערליך ביצאלין דען ער האט וואול צו ביצאלין ער ווער נור פאר שטאכין[5]) אונ׳ ווען

[1]) Historie [2]) besonders [3]) wehe [4]) verstochen = verbraucht [5]) in Stockung.

ווייזין וואז איך פאר איין מאן גיווארין בין אונ׳ זיך זיין קלעש עם ד׳ סוסי׳ גינומין אונ׳ ב׳ או ג׳ אלפי׳ ר״ט אן דריטילש מיט גינומין כלומר אן אונש גישריבן ער וואלט תוך ברלין דיא דריטילש קינן טוקאטינש פאר חילפין[1]) אונ׳ אונש מברלין דיא טוקאטין שיקן על הפאשט וועלכיש נון גאר שכיח איזט דען עש שעלט[2]) אים א׳ פראצענטי דאז ער בעשיר טעט מיט טוקאטין לשלוח צו דעם ווערין דיא הוצאות על הפאשט בייא ווייטים ניט זוא גרויש אליש מיט דריטילש דאז וואר אליש גוט אונ׳ וואול צו טון גיוועזין אביר אליש מיין גוטיר ר׳ משה העלים שטאט איזט לברלין גיקומין האט ער אן גיפאנגין מיט זיין מעות צו קלעפרין[3]) דען אטיר[4]) אונ׳ געלט לאזין זיך ניט בערגין דיזוש האבין זייני קדידוטריש יהודי׳ ואינם יהודי׳ גיוואר גיווארין אונ׳ מיינין גוטין ר׳ משה לאזין אין ארעשט נעמין לקצר מה לי להאריך ער האט ניט אויז ברלין גיקענט עש האט אים גיקאשט ח״י מאות ר״ט דאר מיט איזט דעם גוטין ר׳ חיים האמיל זיין געלט הין וועק גנגין ער איזט ווידר לשטאטין גירייזט אביר האט אן ר׳ חיים האמיל קיין טוקאטין אודיר דריטילש גשיקט, באותו פעם האט ער יותר אלש י״ב אלפי׳ ר״ט בנקי פון אונש גיהאט ענטליך האבין מיר ווידר גיקראגין פאר ב׳ אלפי׳ ר״ט בנקי אן דריטילש אונ׳ ר׳ משה אליש גישריבן מאן זאל כסף שיקן דיא מטבע מוז לידיג[5]) שטין בני נתן סג״ל האטשי ער האט גיזעהין דאז אים העסק ניט אן שטיט האט ער דאך ניקש דערפין שרייבין דען אל זייני כתבים אויף גיבראכין ווארין האט אונש דאך ענטליך מיט סוחרי׳ אנטביטין[6]) לאזין דאז בעלי זצ״ל ניט אנדרשט טון זאל אונ׳ לשטאטין קומין באותו פעם איזט יששכר עבין מן קור לאנד לכאן גיקומין

---

[1]) gegen Ducaten einwechseln [2]) schelen = differiren [3]) klappern [4]) eine Thür [5]) müssig [6]) entbieten.

פון אן גיפאנגין דאש ער דען קומיסאריום אודיר קאסיריר
האט וואלין טעות מאכין אלף ר״ט דהיינו דאז זיך דער
קאסיריר האט טועה גיוועזין וועלכיש ער צוואריך ניט האט
גישטין[1]) וואלין אונ׳ ביהויפטין וואלין דאז ער רעכט האט,
אונ׳ מיט דען קאסיריר אן גיפאנגין צו משפטן בייא דען
טריבינאל צו שטאטין[2]) וועלכיש גרויש מעות גיקאשט דאר
נאך איזט ער איין אויף גיבלאזיניר דיקיר אויז גישטאפטיר
גוותיניר[3]) רשע גיוועזין האט עשרת אלפים ער י״ב אלפים ר״ט
באנקי שטעטיש[4]) אונטיר האנדין גיהאבט האט ער זיך קיין
חשבון גימאכט דאז זעלבי מעות ניט זיין איזט אונ׳ ער עש
אך דען יעניגן מוז ווידר צו שטעלין דער עש אים קרודיטירט
האט וויא זיך איין עהרליכיר מאן גיהערט צו גידענקין אביר
זייני גידאנקין מוזין ניט ווייטיר גנגין זיין אליש דאש ער זוא
פיל מעות פאר זיך גיזעהין אלזו וויל ער זיך לושטיג דאר
מיט מאכין ווייל ער עש האט אונ׳ זיך צו גיליגט איין חשובי
קלעש[5]) מיט ב׳ דיא בעשטי סוסים זוא אין שטאטין זענן צו
ביקומין גיוועזין אונ׳ ב׳ ג׳ משרתים אונ׳ משרתת גיהאבט
גילעביט אליש איין שר אונ׳ דיא רווחי׳ זענין דאך ניט זער
גרויש גיוועזין ומכ״ם וויא איך שונט גישריבן[6]) האט ער דאר
פיר[7]) איאיר ער לשטאטין קומין איזט תוך ברלין גיוואונט[8]) אונ׳
פון חובות אונ׳ און אייניקייט משם מוזין עוקר דירה זיין
אביר דער אויף גיבלאזיני נאר דאר ער דען גוטין ר׳ חיים
האמיל זיין מעות בידו גיהאט ער זיך ניט לעגגיר ענטהאלטין
קענין אונ׳ אפשר גידאכט איך מוז מייני שונאים תוך ברלין

---

[1]) gestehen [2]) Stettin [3]) hochmüthiger [4]) stets [5]) Kalesche [6]) s. oben p. 158 [7]) vorher [8]) Auf der Gründungsurkunde der Berliner Chewra kadischa von Dienstag dem 13. Sivan 1677 ist Mose Helmstädt als Siebenter unterschrieben.

לאזין, ער ווינשטי הקצין ר׳ שמואל עם בתו אך זיין פארטייא אין אלי פאר גניגליכקייט זולטי אן טרעפין אביר מיין גאט וואז פאר איין תשובה איזט אויף דיזין כתב גיקומין מן גיסי ר׳ איציק זצ״ל וואז פאר איין רוגז האט דער מאן ע״ה בכתבו ארוויזין דאז מאג איך ניט שרייבין, נון גישעהני דינגין זיין ניט. צו ענדרין מיר זיינין דאך מיט אונזרין שידוך גנץ וואול צו פרידין גיוועזין דען איזט באמת איין פרינציפאל שידוך גיוועזין מחותני ר׳ אלי׳ ע״ה גאר איין וואקריר ערליכר מאן גיוועזין דער מנקין נימולים ואינם נימולים איזט זער פאר נאהנט גיוועזין כמה וכמה שני׳ פרנס בקהילתינו עד יום מותו גיוועזין אונ׳ ד׳ אלפי׳ בנקי מעות איזט אך איין שיני נדוני׳ גיוועזין ובאם המקום ב״ה הזוג העט זוא דיא מערכה געבין דאז זיא ווערין זוא עולה גיוועזין אליש הקצין ר׳ שמואל מידי יום ויום איזט אליש יוא מער יוא לענגיר עולה למעלה גיוועזין זוא ווער אליש גוט גיוועזין אביר דער גרוישי בארימהערציגי גאט דער טיילט זייני גאבין אונ׳ זייני מילדיקייט אויז אן וועם עש זייני הערליכקייט ביליבט וואור פון מיר און פאר שטענדיגי מענשין ניקש רידן קענין אונ׳ מוזין דען גוטין בישעפיר פאר אלין דנקין וויא נון בני נתן סג״ל איין חתן גיוועזין האבין מיר אים לאזין אהיים קומין דאז ער לכלתו מתנה גיביט וועלכיש אך גישעהין איזט מיט איינער פרינציפאל חשובי סעודה אונ׳ דיא התחלה ת״ל תוך גרושי שמחת מצידי צדדי׳ נישעהן איין ד״י יום דאר נאך איזט בני החתן ווידר לשטאטין גיצאגין מיר האבין אליש פורט ניהאנדילט עם ר׳ משה העלימשטאט אביר ער איזט פאלש גיוועזין אונ׳ דאש פאלשי הערטץ קאן ניט גידולדין ווען זיא מעות האבין חאטשי עש מאג אינין גיהערין אודיר ניט ווען זיא נור מיינשטיר דאריבר זיין אונ׳ זיא עש אין הענדין האבין שרייבין זיא זיך עש שוינט אין איר איגניש צו וויא מיר גאט ארבארימט זענין צו ביפונט קומין אונ׳ האט זיך זיין ערשט שלימזל דאר

בת של הקצין ר׳ שמואל אופינהיים[1]) אביר מה׳ יעכב הדבר דאז ניט גישעהן איזט דען מיר האבין זולין אלי בידי אונזיר נדוניות לק״ק פרנקפורט אן גיסי החסיר מהור״ר איציק סג״ל אין ליגין מיר. האבין נון אלי צייט כמה אלפי׳ אצל גיסי הנ״ל אן אבנים טובות ליגן גיהאט אונ׳ הקצין ר׳ שמואל הנ״ל האט זולין זיין נדוני׳ ג״כ לק״ו[2]) שיקין וויא ער אך גיטאן האט, אביר עש איזט בזמן התירף גיוועזין דאז איין גרויש גיוועשיר איזט גיוועזין אונ׳ וואול ד״י יום לענגיר אונטיר [וועגין] גיוועזין [אליש דער בישטימטי זמן גיוועזין] איזט, צווישן דעסין האבין אונדיר שדכנים זער גימיצירט[3]) אונ׳ ניט וואלין אפ לאזין עם שידוך מהיתומה הנ״ל, נון בעלי זצ״ל גידאכט איך ביקום קיין כתבי׳ מאחי ר׳ איציק מק״ק פרנקפורט דאז ער המעות לויט אקארט[4]) ביקומן האט, בוודאי ווערט הקצין ר׳ שמואל אופינהיים האבין אנדרי גידאנקין ביקומן אונ׳ זולין מיר השידוך עם היתומה ג״כ פארין לאזין זא זעצין מיר צווישן צווייא שטיל עם [.l איס] דרעק אלזו האבין מיר זיך רעזולפירט למז״ט דען שידוך צו טון עם היתומה הנ״ל אמו של היתומה האט זיך פאר שריבין ארבעה אלפים ר״ט באנקי נעבין אלי אויז ריכטונג[5]) אונ׳ מיר האבין לבני נתן סג״ל געבין ד״ד מאות ר״ט בנקי אלזו איזט הקנס גיליגט וואררין למז״ט, ח׳ יום דאר נאך קריגין מיר כתבים מן גיסי ר׳ איציק זצ״ל דאש המעות ווער אן קומין בעלי זצ״ל זולטי תכף ומיד בלי איחור כח והרשא׳ שיקין אביר איזט צו שפאט גיוועזין בעלי זצ״ל לאחיו גישריבן אונ׳ זיך עקסקוזירט דאז מאחר ד״י יום ווער איבר זמן גיוועזין ער גימיינט דאז הקצין ר׳ שמואל אנדרשט ווער גזינט גיווארין ומאחר אים דיזי פארטייא ווער אן שטענדיג גיוועזין זוא העט ער אויף ספק ספיקא דיא פארטייא ניט מיגין צו רוק גין

1) Samuel Oppenheimer in Wien s. Kaufmann, Samson Wertheimer 3 n. 1. 2) = לקהל ורנקפורט 3) gedrängt (מֵצַר) 4) laut Accord 5) Ausstattung.

נייאליניבורגיר אונ׳ בראניבורגיר דריטילש[1]) קענין פאר חילופין[2]) אלזו האט אים בעלי זצ״ל גישריבן וועז ער זיך ערליך אונ׳ רעדליך האלטין וויל זוא וואלט בעלי זצ״ל מיט אים חברות׳ מאכין איאיר ער לשטאטין איזט צו וואונין גיקומין האט ער איזהו שני׳ תוך ברלין גיוואונט אונ׳ לשם הרבה מעות חייב גיוועזין וועלכיש מיר אביר בעו״ה ניט גיוואושט האבין מיר האבין וואול גיוואושט דאז ער קיין עושר איזט אך ורק מיר האבין גזעהן ער דאר איין מעכטיגין ישוב האט אונ׳ גאר חשובי קיומים האט אונ׳ דיא גנצי מדינה איזט פאר אים אופין דאז ער אונ׳ זייניר צעהן העטין קענין צום גרוישן תכלית קומין אביר מיט אונזרין גרוישן היזק זענין מיר עש צו ביפונד[3]) גיקומין וויא ווייטר פאלגין ווערט בני נתן סג״ל באותו פעם איין יונגיר לערך מן ט״ו שני׳ אלט גיוועזין וועלכין מיר לשטאטין גשיקט אום איין וויניק מיט צו צו זעהין אלזו האבין מיר אים אן גיפאנגין גרושי פארטייאן[4]) כסף צו שיקן אונ׳ ער האט זיא אך תכף על מטבע גליפירט אונ׳ אונש תכף דיא שטאטינשי דריטיל גשיקט וועלכי מיר אך קענין אין איין בערש צייט תכף פאר קאפין איזט אך היפשיר ריווח אן גיוועזין לפעמי׳ ב׳ למאה אך יותר לפעמי׳ אודיר לקצת וויניגר נאך דעם דער קורש על הבערש דריטילש גיוועזן איזט, האבין אך אונטר שידליכי פרטייכיר[5]) מרגליות ביקומן איזט ג״ב היפשי רווחי׳ אן גיוועזין דאז מיר גנץ פרידליך זיין גיוועזין, לקצת זמן מה דאר פיר בין איך עם בתי אסתר תי׳ אים קינד בעט קומין לערך א׳ שנה דאר פיר, נון איזט אונש לבני נתן סג״ל כמה שידוכים גירעט וואורדין איזט אך דאר מאנקין[6]) גיוועזין היתום מן הקצין פ״ו ר׳ אלי׳ באלין, איזט אונש אך גירעט וואורדין אונ׳ ממש נגמור גיוועזין עם

---

1) Lüneburger und Brandenburger Drittels = 1/3 Thaler 2) einwechseln 3) zu Befund gekommen 4) Partieen 5) = 4) 6) darunter.

מו״ם גיזעסין וברוך ה׳ אשר לא עזב חסדו ואמתו מאתנו ויעזרנו עד כה בס״ד נון זענין מיר נאך אויז גישטאנדניר מיא[1]) ווידר אין אונזיר הויז גיוועזין אלזו האט איינר גיהיישין ר׳ משה ווערכיר בהעלימשטאט זמן מה גיוואונד האט איזט במדומה לי ה׳ פרסאות מן הילדסום ולשם איזט איין הויכי שויל[2]) דאז עש איין ביז אורט איזט, אונ׳ דער ר׳ משה העלים שטאט האט איין גירוש ביקומין האט מן העלים שטאט הין וועק גימוזט אלזו איזט ער גיצאגין לפאמרין[3]) אונ׳ זיך אויז גריכט שטאטין[4]) צום ישוב אונ׳ מעכטיגי קומים[5]) ביקומין אונ׳ האט אך דיא מטבע ב(י)שטאטין ביקומין דאש ער אונ׳ זונשט קיינר ב(י)ש[טא]טין דארף ניט ליפרין אונ׳ דרין גישטאנדין וויא יוקר זיא דיא מארק פיין אן נעמין זאליך אונ׳ פון דער רעגירונג איין קומיסאריום דאריבר גיזעצט ווארין, נון האט דער ר׳ משה העלימשטאט ניקש זיין איינין גיהאבט צו זוא איין גרוישן ווערק אויז צו ריכטין אלזו האט ער אן בעלי זצ״ל גישריבן אונ׳ זייני קומי׳ מיט גשיקט אונ׳ אן גיהאלטין אויב אים בעלי זצ״ל וואלטי מיט כסף פאר זעהין זוא זולטי בעלי זצ״ל חילק האבין אן דער מטבע אונ׳ אן אלי יובלאטציא דיא ער קאפין אונ׳ פאר קאפין ווערט איזט איין מעכטיגיר אורט גיוועזין אונ׳ אפשר תוך מאה שני׳ ויותר קיין ב״י דארין גיוואונט אביר [זענין] אופט גאר פיל יהודי׳ הין גירייזט וועלכי גרושי מציאות אן מרגליות ושארי אבני׳ טובות ביקומן האבין, גם פיל מן אבנים טובות פאר קאפט אונ׳ בעלי זצ״ל האט אך זיין חשבון גימאכט דאז אן דיא דריטילש דיא ב(י)שטאטין גישלאגין ווערדין היפשין ריווח אן איזט, אונ׳ ווען מאן מאה אלפים זאלכי דריטילש גיהאט העט מאן קענין זוא גוט אליש

---

1) Mühe 2) Hochschule; die Universität von Helmstädt in Braunschweig, gegründet 1576, aufgehoben 1809 3) Pommern 4) Stettin 5) Schutzbriefe.

אויז גישטאנדני אין רוא אונ' זורג אונ' צרות, אלזו זענין מיר אין גוטיר פארגניגליכקייט פאר הנוביר גיקומין איזט אונש חמי זצ"ל אנטקיגן גיקומין אלש איין מלאך וויא אלי' הנביא מיט איין שטעקין אין דער הנט אונ' איין שני ווייסין בארט ביזקין אן זיין גערטיל אונ' זיין באקין ריצי רויט[1], לקצר ווען מאן איין אלטין שינין מאן זולטי אפ מאלין העט מאן אין ניט שיניר קענין אפ מאלין, וואז מיר נון זעמפטליך פאר איין נחת רוח פון דיזין אן בליק גיהאט האבין אונ' וויא פאר גניגליך מיר דיא ערשטין טעג סוכות גילעבט האבין איזט ניט צו בישרייבן אביר תכף חה"מ זענין מיר וויטיר להמבורג גיפאהרין, אויב חמי וחמותי ע"ה שונט גערין גיהאט העטין דאז מיר וועריו גנץ י"ט בייא אינן גיבליבן [זוא האט עש אונזיר גילעגינהייט ניט גיגעבין[2]] אונ' איניך דברי' של טעם גיזאגט אלזו זענין מיר גנץ פאר גניגיט פון אינן גיצאגין אונ' איך זיא אך אלי בידרי אין דיזין עולם ניט ווידר גיזעהין השי"ת זאל מיך לאזין זוכה זיין ווען ער מיך אויז דיזיר זינדיגין וועלט בייא אינן אין גן עדן צו זיין, אויב מיר שוין אונזיר קארפיראל גערין פון אונש גשיקט העטין אונ' אים וואול לונין וואלין אלזו האט ער אונז גאר זער גיבעטין מיר מויכטין אים דאך מיט נאך המבורג נעמין דען ער העט זוא פיל פון המבורג גיהערט אונ' ווער כל ימיו ניט דאר גיוועזין, אלזו מאחר ער זיך זוא גאר וואול על הדרך גיהאלטין האט עש אים בעלי זצ"ל ניט פאר זאגין קענין אונ' אים מיט להמבורג גינומין זענין אך בשלום אן עי"ט להמבורג קומין אונ' ת"ל אלי אונזיר גנצי פומיליא אין גוטיר גיזונדהייט גיפונדין וואור פיר דען היכשטין צו דנקין אביר דיא רייז מביתי עד בבואי לביתי אונש איבר ת' ר"ט גיקאשט אביר האבין עש ניט פיל גיאכט דען זענין ת"ל אין גרושין

---

[1]) ritzroth [2]) doch haben es unsere Umstände nicht gestattet.

אונ׳ גיוויבילט פון ריקות[1]) איזט אונש ווידר ניט וואול גיוועזין אונזיר וואגין דען מיר פון וויטמונד האבין מיט גינומין האט ניט ווייטיר מיט אונש פארין וואלין ווען מיר אך איהן העטין כל הון דעלמא געבין, אלזו איזט בעלי זצ״ל גילאפין אונ׳ גיזעהין דאז איין וואגין ביקומין אויף ב׳ פרסאות אויף איין דארף אונ׳ אין מוזין בדמים יקרים ביצאלין נון זענין מיר אויז אלין בורג הרויז גיצאגין אונ׳ לעת ערב בשלום אין דען דארף גיקומין אונ׳ איבר נכט אך דארין גיבליבין אונ׳ פון דען דארף וואלין איין וואגין ווייטיר נעמין אלזו זיטצין מיר בייא נכט בייא דען פייאר אונ׳ [אונזיר ווירט ושארי כפרים זיטצין ג״כ בייא דען פייאר אונ׳] שמיקין[2]) טובאק, זוא קומט מאן צו רידין הין אונ׳ ווידר פון מקומות אונ׳ איין אונ׳ אנדיר זוא קומט איין כפרי אך צו רידין פום דוכס מן הנוביר אונ׳ זאגט זיין הער האט אך צוועליף טויזינד מאן אין האלאנד גשיקט, אלזו איזט בעלי זצ״ל זער פרויא גיוועזין דאש ער גיהערט האט דאז ער אין דען הנובירשין מדינה איזט דען דיא ליניבורגשי דוכסים[3]) האלטין איר מדינה גאר ריין דערף קיין ריק קיין הון קרע[נ]קן פאר שווייגין דען וואש אנדירשט[4]) אלזו האט בעלי זצ״ל גיפראגט וויא וויט אליש הנוביר פון דיזין דארף ווער זאגיט דער כפרי ח׳ פרסאות אלזו האט בעלי זצ״ל מיט דען כפרי זיין חשבון גימאכט דאז ער נאך גוט צייט האט אונ׳ פאר סוכות קאן תוך הנוביר זיין ווען ער למחרת אויז ציאיט, אלזו האט בעלי זצ״ל תכף איין עגלה גידונגין אונ׳ זיינין דען אובינט הין וועק גיצאגין בעלי זצ״ל האט זוא איין שמחה דאז עש זיך יושט זוא טרעפין זאל דאז ער עם אשתו ובניו קאן מקיים זיין כיבוד אב ואם אונ׳ י״ט בייא זיין פאטיר אונ׳ מוטיר זיין זאל, נאך אל אונזיר

[1]) gekribbelt und gewibbelt = gewimmelt von Militär [2]) schmecken, schmauchen [3]) Lüneburger Herzöge [4]) es darf kein Soldat ein Huhn kränken, geschweige etwas Anderes.

איין קאפיראל[1]) איין וואקרין ערליכין מענשין מיט גיבראכט דער מיט אונש ביזקין המבורג גיצאגין איזט, תכף לאחר י"כ האבין מיר מוזין איין וואגין גידונגין[2]) ביזקין אלטין בורג[3]) דאר האבין מיר שיר מוזין וואגין אונ' טפערט ביצאלין דען עש האט זיך קייניר וואגין וואלין איין אידריר פוהר מאן האט מור(ה)[א] גיהאבט פאר זייני סוסי' נון איזט בעלי זצ"ל אך אין גרושי דאגות גיוועזין וויא וואול צו דענקין שטיט אונ' גאר און מוטיג גיוועזין איך האב מוזין מיין גוטי רייז קלייד אויז טון אונ' אלטי לומפין מוזין אן טון ר' מאיר וועלכין איך שונט גידאכט איזט אצלינו גיוועזין האט לבעלי זצ"ל גיזאגט מיין ר' חיים ווארום זייט איר זוא און מוטיג אונ' ווארום פאר קליידיט איר אשתך זוא שייטצליך זאגט בעלי זצ"ל ה' ידועה דאז איך מיך ניט אכט גם וואז איך אן ממון בייא מיר פיר ג"כ ניט אך ורק איך האב פאר דאש ווייבשפאלק פאר אשתי תי' אונ' דער מייט, זוא זאגט ר' מאיר דאר פיר הופשטו[4]) קיין דאגה צו האבן און קטאוות[5]) ר' חיים איר זייט אייך אן אשתך טועה, איר העט זיא ניט הויפין זוא שייצליך ארויז צו קליידין מאן העט איר דאך ניקש גיטאן, בעלי זצ"ל איזט זער ברוגז איבר ר' מאיר גיוועזין דאז ער קטאוות גיטריבן אונ' אים ע"ה איזט זער וויא גיוועזין נון זענין מיר נאך כ"טר נכט אויז וויטמונד אויז גיצאגין אונ' דיא בורייני אונ' אלי לייט אין וויטמונד זענין איין גוט שטיק ווענ"ש מיט אונש גנגין אונ' אירן בעשטין זעגין אונש נאך גיזאגט אלזו זענין מיר בשלום נאך אלינבורג גיקומין וואז הויף איך צו שרייבין וואז מיר בייא ברעמיר טפארט[6]) ושארי פלאטצין האבין אויז גישטאנדין אביר אונזיר גיטרייאר קאפיראל אונ' גוטיר פאס גאט צו פאר האט אונז ביז דאר הער גיהאלפין וויא מיר נון צו אלין בורג זיינין אן גיקומין האט דאז גנצי מקום גיקריבילט

---

1) Corporal 2) gedungen 3) Oldenburg 4) brauchst du 5) ohne Spass s. oben S. 59 n. 4 6) Bremervörde.

אונש דער שופט וואר וואלט איר לייט הין זאגט בעלי זצ״ל מיר וואלין נאך המבורג זאגט דער שופט השמר והזהר איר קענט ניט פארט קומין דען דאז גנטצי ים איזט פול קאפירש[1]) זיא נעמין אליש הין וועק וואז זיא קריגין קענין נון איזט עש נאהנט אן י״כ גיוועזין אונ׳ מיר האבין דען שיפיר שונט י׳ ר״ט אויף דען שיף געבין האבין אליש מוזין פאר פאלין[2]) לאזין אונ׳ אונש ווידר לוויטמונד געבין אונ׳ י״כ מוזין צו ווינד מוט [וויטמונד] זיין זענין גאשט גיוועזין אצל בריינלי איזט ג״כ שני בשני עם בעלי זצ״ל גיוועזין אלזו האבין מיר מיט אינן גירעט וויא מיר קענטין פארט קומין דען צו וואשיר האבין מיר ניט קענין פורט קומין וועגין קאפירז אונ׳ צו לנד וואור מאן הין גיקומין איזט פול ריקות[3]) גיוועזין אלזו האבין מיר אונש מיט דיא לייט אין וויטמונד בירעט דיא אלמנה בריינלי איזט פון המבורג ר׳ ליב אלטנה ע״ה זיין טאכטיר גיוועזין אונ׳ גאר איין קלוני פרומי פרא ובפרט זוא נאהנדי קרובה עם בעלי זצ״ל אונ׳ זענין אלי צייט גוטי פריינט אונ׳ ביקנטי גיוועזין האט גיטאן וואז מיגליך גיוועזין איזט אום אונש פארט צו העלפין ענטליך דאך דער שלוים[4]) גיבליבן דאז מיר לאחר י״כ זאלין צו לנד אהיים פאהרין אונ׳ בעלי זצ״ל זאל נאך אוריך[5]) אונ׳ פון דען יענראל בודיטץ איין פאם נעמין דען דער יענראל בודיץ האט בייא אונטרשידליכי מלכים אונ׳ דוכסים גדינט אונ׳ זער גליבט בייא אלין גיוועזין דאז מיר מיט זיינין פאס קענטין זיכר דורך קומין אונ׳ צום איבר פלוים ווערט מאיר אוריך מאכין דער יענראל בודיץ אונש איין וואקרין אופציריר מיט גיביט דער אליש פאר איין זאלוויקווארדי[6]) מיט אונש ציאיט אלזו בעלי זצ״ל נאך אוריך גירייזט אם ע״כ אונ׳ אך ווידר קומין אלז מיר האבין וואלין אן פאנגין צו עסין אונ׳ אליש לפי בקשתו אויז גריכט אך

---

[1]) Kaperschiffe [2]) verfallen [3]) Militär [4]) Schluss [5]) Aurich [6]) Salvaguardia.

גיהאט, אונ׳ מיט שמחה צו אונש גיקומין אונ׳ אונש אין דען בית גיבראכט אביר חזיר[1]) קיין עסן אודיר טרינקן גיהאבט דען איזט אליש שוין צו בעט גיוועזין האבין נאך איין ביזלכין לחם בייא אונש גיהאט האבין מיר דיא קינדר געבין, נון איך האבי גאט גידנקט דאז בין צו בעט גיקומין האב גאר איין גוט בעט גיהאט, דאז אונש בעסיר אלז עסין אונ׳ טרינקין גיוועזין למחרת צום זכור ברית האבן מיר איין השכמה גימאכט אונ׳ זענין לעמדין גיצאגין אונ׳ גאשט גיוועזין אצל ר׳ אברהם מן שטאט האגין[2]) דער זעלבי אונ׳ בעלי זצ״ל זיינין נאהנד קרובים גיוועזין אביו של אברהם עמדין ר׳ משה קראמיר משטאט האגין איזט דודו של בעלי זצ״ל גיוועזין אלזו זיינין מיר ראש השנה תוך עמדין גיוועזין אונ׳ גאר איין גוטין יום טוב גיהאט אונ׳ גאנץ אונ׳ גאר אן אונזיר דוליר[3]) פאר געסין, דער ר׳ אברהם איזט איין אדם חשוב ניט אליינט דאז ער אונש וואול טראקטירט אונ׳ אלי כבוד שבעולם אן גיטאן האט אך ורק ער האט על שולחנו גיהאט זיטצין ו׳ פלעטין[4]) געשט דיא האבין מוזין פון אלין עסין אונ׳ טרינקן גלייך מיר אך אונ׳ קאן איך וואול זאגין דאז איך זאלכיש פון קיין עושר ניט גיזעהן האב, במוצאי ר״ה זענין מיר יחדיו ווידר מעמדין הין וועק גיצאגין אין מיינונג וואלטין נאך יום כיפור זיין דאר היים גיוועזין אונ׳ זענין מיר גנץ פריא נאך וויטמונד[5]) גיקומין, צו וויטמונד האבין מיר איין ספינה גידונגין עד המבורג אונ׳ פון וויטמונד א׳ יום רייז ליגט איין אורט הייסט וואנגירוד[6]) מוזין דיא ספינות אן ליגין אונ׳ מכס געבין אך זיך ארפרישין וויא מיר נון נאך וואנגירוד קומן זאגיט

---

1) Betheuerungsformel = אסור 2) Abraham Stadthagen war als Sohn Mose Kramers, des Bruders von Josef Hameln, Chajjim Hamelns Vetter 3) Dollart 4) Pletten [= Billeten] — Gäste, geladene Arme 5) Wittmund 6) die Insel Wangeroog.

מתודה גיוועזין אונ׳ אל כיין אן דאכט להמקום ב״ה גידאכט אלזו בעלי זצ״ל גילעגין אונ׳ גילאכט, איך האבי דאז גיהערט אונ׳ גידאכט איך ליג דאר אין טויטש נויט אונ׳ מיין מאן ליגט דאר אונ׳ לאכט אויב איך שוין צווארין דאר איבר זער ברוגז בין גיוועזין זוא איזט עש באותו פעם קיין צייט גיוועזין עם בעלי זצ״ל דאר איבר צו צענקין האב אך דען כח דיבור ניט גיהאט איין ווארט צו רידן אלזו האב איך נעביך אין מיינר קרענק מוזין ליגן בלייבין וועלכיש לערך נאך חצי שעה גיווארט האט דאז מיר זענין אם לנד גיקומן אונ׳ אויזים ספינה גישטיגין אלזו אונזיר קרענק ת״ל ביחד הין וועק גיוועזין נון איזט עש גנץ נאכט גיוועזין אליש מיר זיינין לדעלף זיל גיקומין האבין אין קיין ווערטץ הויז קומין קענין, אך אין קיין בר ישראל זיין בית אונ׳ איזט גאר מיאוס וועטיר גיוועזין דאז מיר זיך הבין גיהאט מייאש גיוועזין מוזטין הלילה ברחוב ליגין בלייבין אונ׳ דען אנדרין יום האבין מיר מוזין תענית האבן איזט זכור ברית גיוועזין מיר זענין דען גנטצין יום אין ספינה גיוועזין אונ׳ קייניר קיין ביסין געסין אונ׳ קראנק אונ׳ מאט פון דען ים אלזו האט עש אונז ניט שמעקין וואלין דאז מיר זולטי זונדיר גיגעסין אודיר גיטרונקין אויף דער גאס ליגין בלייבין, בעלי זצ״ל איזט ענטליך בלילה אין איין יהודי זיין בית גנגין וועלכיר זיין ברודר האט גיהאט חיים פירשטין ע״ה זיין טאכטיר אונ׳ גיבעטין מויכט אונש דאך איבר נכט בביתו נעמין דאז מיר נור מיט דען קינדר אונטר טאך קענין קומין דער בעל בית הכף גיזאגט קומט אין גאטיש נאמין ביתי איזט פתוחה פאר אייך איין גוט בעט קאן איך אייך געבין אביר עסין האב איך ניט דען עש איזט אל שפאט גיוועזין אונ׳ אשתו איזט ניט בביתו גיוועזין איזט צו עמדין גיוועזין, אלזו איזט בעלי זצ״ל פרוי[1] גיוועזין דאז מיר נור לינת לילה

---

[1]) froh.

דריבר גיפארין, אביר בעלי זצ"ל איזט כמה וכמה פעמים איבר דען דוליר גיפארין אונ' איזט גניט דרין גיוועזין, איך האבי בעלי זצ"ל צוואהרין גיפאלגיט אונ' מיך שטיל היין גלינגט אביר אין דען רויף איזט מיין משרתת מיט מיין זייגינדיג קינד אין גיוועזין אונ' מיר האבין גאר איין ביז וועטיר אונ' קונטראריי ווינד[1]) גיהאבט, דאז הספינה זעהר הול גנגין אונ' אלי דיא אין דעם ספינה גיוועזין זיין טוטי קראנק גיוועזין אונ' אלי במחילה מוזין מקיא זיין, ובאמת איזט זוא קיין קרענק בעולם גיוועזין איך האלט ניט[2]) דאז טויטיש נויט[3]) קאן גרעשיר זיין איך האבי עש צוואהרין ניט גישפירט זוא לנג איך בין שטיל גילעגין אך ורק מיין מייט איזט אך חולה גיוועזין האט זיך ניט ריגין קענין אונ' האט מיין קינד נעביך בייא זיך גיהאט דאש קינד אפשר אך ניט וואול גיוועזין אונ' אן גיפאנגין צו היילין אונ' צו קריישין[4]) דיא מייט האט זיך ניט ריגין קענין אונ' דאז קינד נעביך היילין אונ' קריישין לאזין אביר איך אליש איין מוטיר דיא רחמנות איבר אירן קינד האט האב עש ניט קענין לענגיר צו הערין אונ' האב מוזין פון מיין גילעגיר[5]) אויף שטין אונ' דאז קינד צו דעם לאך ארין צו מיר גיצאגין אונ' עש בייא מיר אן דער ברושט גילינגט אביר מיין גאט וויא איזט מיר זוא וויא גיווארין איזט מיר שטראקס טוטיש נויט אן גנגין איך האב מיר גידאכט בוודאי ווערט דאר מיין ענד זיין אונ' אן גיפאנגין מתודה צו זיין זוא גוט איך גיקענט האב, אונ' זוא פיל איך אויז וויניק[6]) גיוואושט האבי, בעלי זצ"ל איזט אויף זיין גילעגיר שטיל גילעגין אונ' וואול גיוואושט דאז דיזוש קיין שטערבליכי קרענק איזט, אונ' זוא בלדי מאן נור דיא פיס אויף דער יבשה שטעלט זוא איזט דיא קרענק היין וועק, וויא איך נון זוא

[1]) conträren Wind [2]) ich glaube nicht [3]) Todesnoth [4]) kreischen [5]) Geläger = Lager [6]) auswendig.

האט הינטר לאזין א׳ בן אונ׳ א׳ בת דער בן איזט גאר איין
השוב בחור גיוועזין אונ׳ [גאר] וואול גילערניט אביר בעו״ה יונג
אונ׳ נאך בבחרותו גישטארבין וועלבין פרינט אונ׳ פרעמדי
זער בידויארט האבין, נון יו׳ א׳ לאחר החתנה האבין מיר
זיך ווידר אויף אונזיר רוק רייזי מיט אליר פאר גניגליכקייט
ביגעבין אונ׳ ווידר אויף אמשטארדאם צו גיצאגין כדי דאז
מיר אונזרן דרך ווידר נעמין וואלין וואור מיר זיין הער קומין
כמו שנאמר וילך למסעיו[1], אלזו זענין מיר ווידר גיקומין
לאמשטארדאם אונ׳ זענין לערך נאך איין ד״י יום לשם
גיוועזין דאז בעלי זצ״ל נאך לשם לקצת גיהאנדילט האט
לאחר זה מיר גיצאגין מן אמשטארדאם לדולף זיאל[2]) מוז מאן
איבר ים דאז הייסט דען דוליר[3]) דען דער שטערקשטי מענש
דער דאז ים ניט גיוואונט איזט מוז דאר טוטי קראנק ווערין
דען איזט גאר איין הולים[4]) אונ׳ דאז ספינה ווערט זער
גירומפילט[5]) אלזו זענין מיר אין דאז ספינה גיקומן אונ׳ האבין
אונזיר גזינד אין דען רויף[6]) גילאזין דאז איזט אלזו פיל אלז
אים הויז אונ׳ איך ובעלי זצ״ל האבין אונש פון דען ספין איין
קטן קעמירכין גידונגין דאז מיר דרין וואלטין לבד זיין, אונ׳
אין דער וואנט פון דען זעלבין קעמירכין איזט איין לאך אויז
גיוועזין האט מאן קענין אויף אונ׳ צו מאכין אויז דען לאך
האט מאן קענין אין דען רויף הנ״ל זעהין אונ׳ הרויז אונ׳
הרין טון וואז מאן ביגערין איזט, וויא מיר נון אין אונזיר
קטן קעמירכין קומין זיין דרין ב׳ בענק גיוועזין דאז מאן זיך
האט אויף ליגן קענין אלזו זאגט בעלי זצ״ל צו מיר גליקליכין
דאר ליג דיך היפש אויף איין בנק אונ׳ איך וויל דיך וואול
צו דעקין אונ׳ השמר והזהר ריג דיך ניט אונ׳ ליג גנץ שטיל
זוא ווערט דיר דאש ים ניקש שאדין, איך בין ניא מאלש

1) I. Mos. 13, 3 2) Delfzÿl 3) Dollart 4) Walm = Wasserwirbel 5) gerüttelt 6) Roef = Kajüte.

איזט איין יובלירירר[1]) גיוועזין וועלכיר האט גאר איין יפה גילדין אוהרכין גיהאט מיט דימאנטין ביזעצט איזט גיקומין על ת״ק ר״ט, מחותני ר׳ אלי׳ האט דאז אוהרכין פון דען מוקאטי גיפארדירט אונ׳ עש דעם פרינצין וואלין שענקין אביר איזט דאר בייא איין גוט פרינט גישטאנדין דער זולכיש פאר הינדירט האט, אונ׳ גיזאגט וואור צו זאל דיר דאש דוא ווילשט זוא איין גרושי מתנה אן דען יונגין פרינטצין געבין ווען עש נאך דער עלשטי קורפרינץ וועד זוא ליס עז זיך נאך טוהן אביר וויא שוין גידאכט דאז דער עלשטי קור פרינץ איזט גישטארבין אונ׳ דער יונגי קור פרינץ אן זיין שטאט גיקומן, וועלכיר נון אך קור פירשט איזט, אביר מחותני ר׳ אלי׳ ווען ער בייא דען פרינט קומין איזט דער אים גיוועדט[2]) האט דיא מתנה ניט אן דען יונגין פרינץ צו געבין האט ·ער עש אים אלי מאלט מיט איין גרושין רוגז פאר וויזין[3]) ובאמת ווען מחותני ר׳ אלי׳ דען יונגין פרינטצין דיא מתנה געבין העט עש אים אפשר אין איביגקייט ניט פאר געסין דען זולכי גרושין הערין דיא פאר געסין זולכי זאכין ניט, נון הצועק על מה שעבר וכו׳[4]) אביר דער יונגי פרינץ זאמט פירשט מאריטץ אונ׳ אלי חשובים זענין בכלל גאר פאר גניגט הין וועק גנגין אונ׳ קיין יהודי אין מאה שנים זאלכין כבוד גיהאבט, אלזו איזט החתנה תוך ששון ושמחה נגמור וואדין, לאחר ההתונה בין איך לעמריך גיפאהרין על קברה של אחותי הענדיל ע״ה, וואש איך פאר צער ושברון לב גיהאט האבי איזט להמקום ב״ה ביקאנד אונ׳ איזט אימיר מער שאד דאז זוא איין יונג אונ׳ אויז ערמאסין שין[5]) מענש דיא שווארטצי ערד האט קייאין[6]) זולין איזט קיין כ״ה שני׳ אלט גיוועזין, אביר וואז הילפט עז וואז רצונו של המקום ב״ה איזט מוזין מיר זיך גיפאלין לאזין

---

1) Juwelier 2) verwehrt 3) vorgeworfen 4) Berach. IX, 3 5) ausser = über die Maassen schön 6) kauen.

זיין נדוני' תוך כיסי' גיטאן אונ' פאר התמנת דאז מאן זיא לאחר החתונה צילין זולט וויא מאן נון עם חתן וכלה שי' אונטר דיא חופה גיוועזין האט מאן אין דער גרושי מהומ' פאר געסין דיא כתובה צו שרייבין נון וואש האט מאן טון זאלין אלי חשובי' מיט דען יונגין [פרינצין] זענין דאר גישטאנדין אונ' וואלין צו זעהין אלזו האט דער אב״ד מהור״ר מאיר[1]) גיזאגט החתן זולט איין ערוב קבלן שטעהלין אונ' מקבל [קנין] זיין דאז ער תכף לאחר החתנה וואלט לבלתו איין כתובה שרייבין לאזין אונ' דער אב״ד האט הכתובה אויז איין ספר גילייאיט אלזו איזט החופה גישעהן נאך דער חופה האט מאן אלי חשובים אין מחותני' ר' אלי' ז״ל זיין גרויש פרונק חדר גיפירט וועלכי מיט גילדין לעדיר איזט בישלאגין גיוועזין אונ' איזט איין גרוישר טיש דרינן גישטאנדין וואור אויף כל מעדני מלך גיוועזין אלזו האט מאן דיא חשובים לפי כבודיהם טראקטירט, בני ר' מרדכי איזט איין קינד לערך מן ה' שני' גיוועזין איזט קיין שינר קינד תוך עולם ארזעהן ווארדין אונ' מיר האבין אין גאר שין אונ' זויבר גיקליידיט אלי דאז חשיבות האבין אין שיר אויף גיפרעסין ובפרט הפרינץ יר״ה אין שטעטיש בייא דער האנד גיהאלטין וויא נון דיא חשובי' האבין פון דיא קומפעקטין אונ' פריכטין גיגעסין גם וואול פון יינות גיטרונקין האט מאן דען טיש לאזין אפ נעמין אונ' הנויז גיטאן זוא זענין וועלכי פאר שטעלט[2]) הנין גיקומין אונ' זיך פריזינטירט, גאר שין אונ' אליר האנט פאסין[3]) גימכט, דיא צו אייניר ארגעצליכקייט גידינט האבין צו לעסט האבין דיא פאר שטעלטי איין טויטין טאנץ[4]) גימכט איזט זער ראר[5]) גיוועזין אויף דער חתנה זענין אך גיוועזין [פיל פארנעמי פארטיגיזען וואר מנקין[6]) אייניר] האט גידיישין מוקאטי[7])

1) R. Meir Raudnitz, nachmals in Wesel 2) verkleidet 3) allerhand Possen 4) Todtentanz 5) rar = herrlich 6) Portugiesen, worunter 7) Mocatti.

אונ׳ אין אלי מאנירין וואול מאבלירט[1]) גיוועזין אליש וויא איין שר בית נון דען גאנטציין יום האט מאן קיין מנוחה גיהאט פאר תקיפים שרים ושרות דיא אלי קומין זיין אונ׳ דיא כלה זעהין וואלין ובאמת איזט בתי תי׳ גאר שין גיוועזין האט קיין דמיון גיהאט נון איזט גרויש צו רישטונג צו דער חתנה גיוועזין אונ׳ איזט באותו פעם תוך קליף גיוועזין דער פרינץ[2]) אונ׳ באותו פעם האט נאך גילעבט דער עלשטי פרינץ וועלכיר קור פרינץ איזט גיוועזין אונ׳ דיזיר איזט איין יונגיר הער מן י״ג שני׳ לערך אן צו זעהן גיוועזין אביר ניט לנג דער נאך זוא איזט דער עלשטי קור פרינץ גישטארבין[3]) אונ׳ דיזיר איזט במקומו קור פרינץ גיווארין גם איזט לשם גיוועזין פרינץ מוריש[4]) ושארי שרים ונכבדים אלי האבין בישטעלט גיהאט דאז זיא בייא דער קופילאציאן[5]) זיין וואלין, אלז[ו] בוודאי זיך מחותני ר׳ אלי׳ קליף שונט פאר הער איין גריכט אויף זאלכי הויכי געשט אונ׳ ביום החתנה תכף לאחר החופה צו גריכט אויף איין חשובי קאליטציאן[6]) פון אליר הנט קומפעקטורין[7]) אונ׳ אליר הנט חשובי פרעמדי וויין אונ׳ פרעמדי פריכטין, נון קאן מאן וואול גידענקין וואז פארי איין מהומה אונ׳ וועזין אליש דאר גיוועזין איזט אונ׳ דאז מחותני ר״א ע״ה אונ׳ אל זייני לייט אל איר מחשבה גיהאט האבין אויף זולכי חשובי׳ צו טראקטירין אונ׳ וואול צו אקומעדירין[8]), אונ׳ אפי׳ ניט צייט גיהאט איינר דען אנדרין הנדוני׳ צו ליפרין אונ׳ צו צילין[9]) כנהוג אלזו האבין מיר אונזיר נדוני׳ אונ׳ מחותני ר׳ אלי׳ ע״ה

---

1) In jeder Beziehung wohl möblirt 2) Friedrich III, Kurfürst von Brandenburg, geb. am 11. Juli 1657, seit 1701 König von Preussen 3) Karl Emil, Kurprinz, gest. in Strassburg am 7. Dezember 1674 4) Fürst Moritz von Nassau, seit dem 19. October 1647 Statthalter des Herzogthums Cleve 5) Copulation 6) Collation 7) Confituren 8) accomodiren 9) zählen.

מיט קינדרכיר גיהאט אביר וואז דער היכשטי בישליסט דאז
מוז זיין אונ׳ מוז דאך גישעהין אויב עש מענשין [שונט] ניט געריין
זעהן אונ׳ ווערט ארבעים יום קודם יציאת הולד בשמים אויז
גירופין דער פלוני זאל נעמין בת פלוני[1]) אלזו האט בעלי זצ״ל
זיך משדך גיוועזין עם הקצין ר׳ אלי׳ קליף בעלי זצ״ל האט
נאך געבין לבתי תי׳ ד״ב מאות ר״ט האלענדיש מעות אונ׳
האבין דיא חתנה א׳ שנה וחצי אויף גישלאגין אונ׳ החתנה
זולטי בקליף זיין, בעלי זצ״ל מוזין נ״כ מאה ר״ט לסיועת
החתנה געבין, וויא נון זמן החתונה גיוועזין איזט זענין מיר
יחדיו לקליף גיצאגין איך ובעלי זצ״ל אונ׳ איין זייגינדיג קינד
האב איך גיהאט אונ׳ בתי ציפור הכלה תי׳ ר׳ מאיר מקלויז
וועלכיר אב״ד דק״ק פרידבורג לע״ע איזט אונ׳ אונזיר משרת
דען פיינין שמואל אונ׳ משרתת אלזו זענין מיר מיט איין
גרושי שוויד[2]) נאך דער חתנה למז״ט גיצאגין אונ׳ מן אלטונה
תוך ספינה עם חברותה מן מרדכי כהן אונ׳ מאיר איליוש
אונ׳ אהרן טודילכי וואש מיר פאר איין לושטיגי רייז גיהאט
האבין קאן איך ניט ארשרייבין אלזו זענין מיר בשלום אין
אליר לושטיגקייט אונ׳ פאר גניגליכקייט לאמשטארדאם קומין
עש איזט אביר נאך וואול ג׳ שבועות פאר החתנה גיוועזין
מיר זענין גיוועזין בייא גידאכטין ר׳ ליב האמבורגיר מיר
האבין אלי שבועה יותר אליש י״ב דיקיטון[3]) פאר צערט אביר
מיר האבין דאז זעלבי ניט גיאכט דען אין דיא ג׳ שבועות
דאז מיר קודם החתנה זענין באמשטארדאם גיוועזין האט
בעלי זצ״ל דיא חצי׳ נדוני׳ פאר דינט גיהאט ד״י יו׳ קודם
החתנה זענין מיר בתופי׳ ובמחולות מיט יותר אליש ב׳ מנינים
לייט לקליף גירייזט אונ׳ זענין וואול ובכבוד אן גינומין ווארדין
אונ׳ זענין אין איין בית גיקומין דאז ממש דירת מלך גיוועזין

---

1) Sota f. 2 a 2) Suite 3) Dukaten.

גיהאט אונ׳ דיא גוטי לייט האבין גיזעהן דאז קיין תכלית
פאר זיא איזט בהילדסום אלזו זענין זיא מהילדסום להנוביר
גיצאגין אצל גיסי הקצין ר׳ ליפמאן בביתו וואור זיא אך
גיבליבן זענין אונ׳ אליביידי בהנוביר בשם טוב ובשיבה
טובה גישטארבין וואור פון איין מעהרירש בריכטין ווער,
אלזו זענין אין גוטין מו״מ גיזעסין מיין עלשט קינד איזט בתי
ציפור תי׳ גיוועזין וועלכי נון באלדי י״ב שנים איזט אלט
גיוועזין אלזו האט ר׳ ליב בנו של ר׳ אנשיל באמשטארדאם
גיוואונט אונ׳ אונש גירעט השידוך חתני קאשמאן בנו של
ר׳ אלי׳ קליף[1]) זצ״ל נון מאחר דאז דאך בעלי זצ״ל אלי שנה
ב׳ פעמים לאמשטארדא׳ גיצאגין אלזו האט זיך מקדים
גיוועזין אונ׳ איזט וואול ו׳ שבועות פריאיר גיצאגין אלז ער
פפלעגט צו ציאין אונ׳ אם שדכין גישריבן ער מוזטי דאך
לאמשטארדאם ציאך אלזו וואלטי ער זעהן וואז צו טון ווער,
ובאותו פעם איזט מלחמה גיוועזין דאז ר׳ אלי׳ קליף האט
מוזין עוקר דירה זיין אונ׳ מיט זיין לייט לאמשטארדאם גיצאגין
צו וואונין וויא נון בעלי זצ״ל לאמשטארדאם גיקומין איזט
תכף הקול לכאן גיקומין דאז בעלי זולטי זיך משדך זיין לר׳
אלי׳ קליף דיזוש איזט גיוועזין אם פאשט טאג דאז דיא לייט
הכתבים על הבערש גיליואנט האבין אונ׳ פיל לייט דיא עש
ניט האבין גילאבין וואלין אונ׳ איזט הרבה מעות איף דער
בערש פאר ועט גיווארין זה אומר כה וזה אומר כה דאז
פיל ניט האבין גלויבן וואלין דאש השידוך זולט גישעהין דען ר׳
אלי׳ קליף איין גרווישר קצין גיוועזין אונ׳ איין שם גיהאט פאר
עושר מן מאה אלפי׳ ר״ט ויותר, גלייך אך האמת גיוועזין
איזט אונ׳ בעלי זצ״ל איזט נאך איין יונגיר מאן גיוועזין אונ׳
זענין ערשט אויף גיקומין אונ׳ גאט בהיט זיא איין הייזכין

---

1) Elia Cleve d. i. Gomperz aus Emmerich.

י"ב שנים ווייטר ניט גיזעהן איך בין עש צו פרידין גיוועזין האבין אונזיר מייט אונ' יונג גינומין אונ' ג' קינדר זיינין להילדסום גיצאגין איך האב בני ר' מרדכי סג"ל גיזייגט איזט נאך קיין שנה אלט גיוועזן דער יונגיר דער מיט אונש גיוועזין איזט האט שמואל גיהיישין איזט גאר איין שינר יונגיר גיוועזין האט מאן אים דען פיינין שמואל גיהיישין דען מיר האבין נאך איין יונגין בייא אונש גיהאט האבין דיא קינדר דען זעלבין דען גראבין שמואל גיהייסין אלזו זענין מיר להילדסום גיקומין חמי וחמותי זצ"ל האבין גרושי שמחה מיט אונש גיהאט דען בעלי זצ"ל זיין יונגשט קינד גיוועזין אונ' איזט אונש ת"ל זער וואול גנגין, נון מיר האבין מיט גינומין וואז מיר גימיינט האבין דאז איין כיבוד בהילדסום איזט גיוועזין אונ' איניך מיט גיבראכט, זענין אין דיא דריטי שבועה לשם גיוועזין, אונ' אונש יחדיו משמח גיוועזין דאר נאך זענין מיר לחיים ולשלום ווידר אהיים גירייזט, חמי זצ"ל אונש איין קענבין גישענקט לערך ד' ר"ט ווערט גיוועזין וועלכיש אונש דאך זוא ליפ גיוועזין אליש וואן ער אונש העט מאה ר"ט געבין אונ' חמי זצ"ל איזט באותו פעם איין עושר גיוועזין יותר אלש ד' אלפים ר"ט אונ' זיין קינדר בכלל גיהאט אויז געבין אונ' דיא רייז האט אונש איבר ק"נ ר"ט גיקאשט אונ' מיר זיינין זוא פאר גניגט גיוועזין מיט דען קענבין פון ד' ר"ט דאז אונש חמי זצ"ל גיגעבין אלז ווען עש מאה ר"ט גיוועזין זוא זענין מיר פאר גנינט גיוועזין ניט אליש וויא דיא קינדר לע"ע זיין דיא פון דיא עלטרין גערין אליש הויט אונ' האר הין וועק נעמין אליש אונ' פראגין ניט אויב זיא עש מון קענין אודיר ניט אלזו זענין מיר ווידר לביתי קומין אונ' אונזיר קינדרכיר יחדיו גיזונד גיפונדין חמי זצ"ל האט איזהו שני' בהילדסום גיוואונט האט אים תוך ד' או ה' שנים בייא עשרת אלפים גיקאשט אויב זיא שוין קיין גרושי הויז הלטונג גיהאט האבין, זוא האבין זיא דאך גרושי הוצאה

אונ׳ גוט טרינקין אונ׳ אן גאט אונ׳ זיין גיבאט ניט גיאכט אלזו ווערין דיא אך גיפראגט ווארום זיא האבין קיין תורה גילערנט אונ׳ זיך ניט במיאיט מיט מצות אלזו געבין זיא צור תשובה דאז זיא וועגין אירי גרושי עסקי׳ אונ׳ עשירו׳ ניט האבין צייט גיהאט, זוא פראגיט מאן זיא העט איר דען גרעשיר עשירות גיהאט אליש אליעזר בן חרסום דער האט זוא פיל שטעט אויף דער יבשה גיהאט אונ׳ ווידר זוא פיל שטעט אויף דען ים אונ׳ זוא פיל שיף אופים ים גין[1]) גיהאבט אונ׳ האט זיך דאך ניקש הינדרין לאזין אין זיינר תורה אלזו מאכט דער נוטי אלעזר מתחייב דיא עשירים אלזו זיכט מאן וואול דאז אונזרי תירוצים אויף יעניר וועלט ווערין וויניק העלפין אונ׳ דאז בעשטי איזט תמי׳ תהי׳ עם ה׳ אלהיך[2]), נון ווידר צו אנפאנגין פון אונזרי זאכין איך בין אין קינד בעט קומין עם בני ר׳ מרדכי סג״ל, ומי יתן דאז סופתו [l. שיבתו] אלזו גליקליך אונ׳ וואול ווער כמו ילדותו אביר וואש הילפט עש דער היכשטי האט שוין אליש בישלאסין וויא עש זיין זאל, איך האבי שוינט אין מיין דריטין בויך גישריבן[3]) פון וועגין דער גאולה דאז מיר אויף גיהופט האבין אונ׳ שונט גידאכט(ט), דאז חמי זצ״ל אונש ב׳ פעסיר צו גשיקט אונ׳ פאר מיינט דאר מיט נאך אי״ צו ציאין בקיבוץ כל ישראל אביר דאר ער נון גיזעהין האט דאז ניקש דרויז גיווארין איזט האט ער עוקר דירה מהאמיל גיוועזין אונ׳ זיך ביגעבין צו וואונין עם חמותי תי׳ לק״ק הילדסום זעלבי איזט איין היפשי פרומי קהילה גיוועזין אונ׳ נור ה׳ פרסאות כמן האמיל גיוועזין אלזו זיא זמן מה לשם גיוואונט אונ׳ בעלי זצ״ל זיין עלטירן גאר זער גיליבט אונ׳ גאר בכבוד גיהאלטן אלזו האט ער מיך ע״ה גיבעטין, מיין גליקליכן לאזין מיר להילדסום ציאין אונ׳ אבי ואמי בזוכין, דוא האשט זיא תוך

---

1) gehen 2) 5. Mos. 18, 13. 3) s. oben S. 82.

זיין דלות פאר ליפ גינומין אונ׳ זיך גנץ אויף המקום ב״ה
פאר לאזין אלזו הילל מתחייב עניים, דאר נאך ברעננט מאן
דיא רשעים דיא זיך בעה״ז היפש גפירט האבין אונ׳ זעניך
רועה זונות גיוועזין אונ׳ זיך היפש קינן זיא גצירט אונ׳ זעניך
אין אלי עבירות ביגריפן ברעננט מאן זיא אך לדין אונ׳
פרעגט זיא ווארום זיא זוא פיל ביז גיטאן אונ׳ זולכי רועה
זונות זיין גיוועזין, זא זאגים ער רבש״ע איך בין גאר איין
היפשיר מענש גיוועזין אונ׳ דערינט וועגין האט מיך דער יצר
הרע אך פאר פירט אונ׳ ווייבר האבן זער נאך מיר גילושט
דאז איך האב מוזין איר רצון טון אלזו זאגט מאן בישטו
דען שיניר אלז יוסף הצדיק אונ׳ האשטו גרעשרין אן רייטצונג
גיהאט אליש יוסף הצדיק דאש ער בייא זייניש הערינש וויב
איזט אים הויז גיוועזין דיא אים אבינש אונ׳ מורגינש זייני
וויסי העמדיר גשיקט אונ׳ איין גילדינין שטרעל[1]) דאר ער
זיין האר זאל מיט אויז שטרעהלין ושארי תכשיטו׳ מלבד דיא
גרושי אן רייצונג אונ׳ווארט וואז זיא אים געבין האט אונ׳
דער גוטי יוסף הצדיק דאך ניט גיוואלט אונ׳ זיין יצה״ר
כובש גיוועזין כדי ער זיך ניט האט וואלין מטמא זיין שנאמ׳
ולא שמע אליה לשכב אצלה להיות עמה[2]) דאז איז צו פאר
שטין ער האט ניט וואלין בייא איר ליגן אויף דער וועלט
כדי ער ניט מיט איר זיין זולט אויף יעניר וועלט אונ׳ נעביך
דאר איבר זוא יעמירליך אין דער תפיסה גיקומן ואלמלא
ברוב רחמיו מן המקום ב״ה העט ער קענין אומש חיות אך
קומין דאך האט ער אליש ניט גיאכט אונ׳ זיין יצר הרע
ניט קענין אן אים שולט זיין אלזו איזט יוסף הצדיק מחייב
דיא רשעים וואז זאל איך לנג דער פון שרייבן כבר כתב(נ)ו
הז״ל בספרי מוסר הכל, דאר נאך ווערין גיבראכט דיא דיקי
פעטי[3]) עשירים דיא איר צייט אליש פאר בראכט אין גוט עסין

---

[1]) Kamm [2]) 1. Mos. 39 10 [3]) fette.

קינדיר האבי מחייה גיוועזין זוא זאגט הקב״ה בישטו דען איין
גרעשריר עני גיוועזין אלז הילל דאש מיר גפינדין גישריבן
דאז אלי דיא דאר האבין וואלין אים בית המדרש גין לערנין
האבין מחין דען שמש אלי יום א׳ גראשין געבין איין מאלט
אן פרייאטאג האט דער גוטי הילל גיוואלט גערין אין ב״ה
גין אונ׳ האט קיין גראשין גיהאט דען שמש צו געבין אלזו
האט ער זיך אן דיא פענשטיר גיהאנגין דאר ווארטין דאז
ער וויל דיא הלכה צו הערין לערנין אלזו איזט אויף דען
גוטין הילל נעביך איין גרויש שניא גיפאלין דער אין גנץ
בידעקט האט, איזט עש קיגן שבת גיוועזין האבין דיא לייט
אים ב״ה ניט גוויסט ווארום אליש עש זוא פינשטיר איזט
גיוועזין זוא האט מאן ארויז איף דיא גאס גיזעהן האט מאן
ארזעהן דאש דער גוטי הילל נעביך גנץ מיט שניא צו
גידעקיט איזט אונ׳ ארפרארין גיוועזין זוא האט מאן גיזאגט
דער שמש זאל פלוקס פייאר אן מאכין אונ׳ דען הילל דאר
בייא לינן אויב מאן קאן אים ווידר צו רעכט ברענגין, זוא
האט דער שמש גיזאגט עש איזט שוין שבת האבין דיא חז״ל
גיזאגט אייא הילל איזט וואול ווערט דאז מאן זיינט וועגין
זאל מחלל שבת זיין אלזו האט מאן אים ווידר ארקוויקט,
אלזו איזט דאז ב״ד של מעלה מחייב דיא עניים דיא קיין
תורה לערנין אודיר ניקש גוטיש טון, דען הילל איזט זוא
איין עני גיוועזין דאז ער אפילו דען גראשין דען שמש ניט
האט גיהאט צו געבין אונ׳ דאך ניט פאר פעלט תורה צו
לערנין ובפרט הילל איזט זולכין ת״ח גיוועזין וועז ער העט
וואלין בעה״ז פון זיין תורה וועגין וואש גניסין אונ׳ פון לייטין
ניר וואלין מתנות נעמין העט מאן אים זיין הויז פול כסף
וזהב גשיט[1] דען ער אייניר פון אונזירי גרעשטי תנאים גיוועזין
בידועה, אביר ער ניקש ביגערט אליש תורה צו לערנין אונ׳

---

[1]) geschüttet.

די‌א עשירות גיהאט האבין און זענין פון אייטיל עשירים אויז גישפראצט זולטי כאן מיינין אונ׳ אירי מעשים ווען זיא לפעמים וואז טונין פון מעות וועגין צו פאר שוינן ח״ו דאז מאן זולט דרויף גידענקין אך ורק דער דלפון דער אביון דער יורד מנכסיו איזט בכלל זולין גידענקין דאש זיא אירין שכר וואז זיא בעה״ב גיווערטיג זיין ניט זולין מאכין צור גין מיט זיין עבירות בעולם הזה דאז דער דלפון זיך וואלט גידענקין איך וויל דען עושר זיין כמון גנבין ער האט זוא גאר פיל אונ׳ איך האב יוא נישט אונ׳ איך בין זוא וואול איין מענש אליש דער עושר איך מוז יוא אך לעבין הש״י ב״ה האט אונש צו זאמין בישאפין אלזו וואלט זיך נעביך דער אביון אך גידענקין איך האבי פיל געלט גיהאט בין דרום גיקומין וויל זעהין געלט ווידר צו ביקומין עש מאג מיט רעכטין אודיר און רעכטין זיין גאט זאל זיך איבר די‌א זעלביגי לייט אר בארמין אונ׳ זיא פון ביזין צום גוטין וועג ווייזין דאז זיא דאש איביגי פאר דאז צייטליכי אן נעמין, אונ׳ אליש מקבל באהבה זיין וויא איך שוינט גישריבן אונ׳ גידענקין המקום ב״ה זה משפיל וזה ירים אלזו האט זיך איין אידריר וואול פיר צו זעהין ובפרט בעלי מו״מ דאז זיא ניט איביג יום ולילה אויף איר מו״ם הענגין אונ׳ קענין לערנין אונ׳ די‌א הייליגי תורה דאריביר פאר געסין גלייך שטיט רבות מחשבות בלב איש ועצת ה׳ הי״א תקום[1]) זוא מאכט די‌א ה׳ הלל אונ׳ די‌א י׳ יוסף אונ׳ די‌א א׳ אליעזר פון די‌א דרייא אותיות הי״א האב דען פשט הערין זאגין לעתיד לבוא ווערט המקום ב״ה למשפט ברענגין אלי עניים אונ׳ ווערט זיא פראגין ווארום זיא קיין תורה גילערינט האבין אויף דען עולם ענטווערט דער עני רבש״ע דוא ווייסט יוא וואול איך בין איין עני גיוועזין אונ׳ האבי מיך מוזין מיאין דאז איך מיך אונ׳ מיין פרא אונ׳

---

1) Prov. 19, 21.

אין דער יצר הרע יוא וויל פאר פירין אונ׳ ער זיכט ממון דאז ניט זיין איזט אונ׳ דאר דוירך פיל ביז קומין קן אפי׳ סכנות נפשות דרויף שטיט אונ׳ דער בן אדם איזט זיך מסכין זיין גוף ונשמה פון ממון ווענין דאז פינדין מיר בעו״ה אלי טאג אלזו איזט אך רעכט דאז אונזרי חכמי׳ גיזאגט האבין דאש מעניכיר ליבירשט האט דאש ביטריפטי ממון אלש דען גוף אונ׳ אפילו נשמה הענגט ער אך אן דאז פאר פלוכטי געלט, וויא דעם מענשין דעם הקב״ה געלט גיבית אונ׳ אים צום גבאי מאכט אונ׳ וויים ניט דאר מיט אום צו גין, זיין ביטריפטיש פאר שטאקטיש הערטץ אונ׳ דער לידיגי יצר הרע לאזין אים עש בעו״ה ניט צו דאז ער זיין געלט בייא זיין לעבין אויף גרושי רווחים טון קאן, דיא קיין שיעור וערך האבין אונ׳ ער ליבירשט האט דאז ער נאך זיינים טויט זיין קינדר גרויש עשירות לאזט אליש דאז ער זיך זעלבירט איין חלק פאר זיך נעמט דאז דאך שטיט אדם קרוב לעצמו[1]), נאך איין גרעשרין הבל זיכט מאן אין דען עולם זענין לייט דיא גאר קיין קינדר האבין אונ׳ זענין דאך זוא פאר פיכט[2]) אויף דאז מעות אונ׳ שליסין איר הנט זוא צו פון עניים ואביונים אונ׳ דאז זיא דאך ווישין זיא גרוישן עושר האבין דאז זיא אל איר טאג גינוגין האבין אונ׳ דאך זורגין זיא אונ׳ וואלין ניט גערין פון איר ממון נעמין אונ׳ האבין נימיר גינוגין ועליהם נאמר אין אדם מת וחצי טובתו [l. תאותו] בידו[3]) אויף דיא זעלביגי לייט האט שלמה המלך ע״ה אך גיזאגט וויא אין קהלת שטיט יש אחד ואין שני גם בן ואח אין לו ואין קץ לכל עמלו[4]) נון דיזוש איזט גיזאגט אויף לייטין דיא קינדר אודיר קיין קינדר האבין אונ׳ האבין גרויש עשירות, וואז זאלין מיר זאגין פון דען דלפנים נעביך אודיר פון דיא לייט

---

1) Jebamoth f. 25 b 2) erpicht 3) Koheleth r. I, 13. 4) Koh. 4, 8.

איין [פרומים] ערליכן מאן גיהאלטין מוז זיין פון דען אנדרין פאר פירט גיוועזין וועלכיר כל ימיו ניקש גוטיש גיוועזין אלזו האט זיין סוף בעו״ה זוא זיין מוזין, ובוודאי איזט נשמתו בג״ע גיקומין דען ער קונה עולם הבא גיוועזין ממש בשעה אחת איך מאג מפני כבוד משפחתו ניט נענין אביר תוך המבורג וואש מאן וואול דאז גנצי מעשה, המקום ב״ה ווערט בוודאי זיין קידוש השם האבין אן גינומין אונ׳ דאז ער האט מוסר נפש גיוועזין פאר המקום ב״ה אונ׳ זוא וואול העט קענין דער פון קומין אליז זיין חבר אביר מקיים גיוועזין בכל נפשך אלז בוודאי מיתתו איין כפרה על כל עוונותיו גיוועזין, דארום זאל זיך איין אידריר איין עקסעמפיל נעמין אונ׳ זיך ניט פום יצר הרע לאזין פאר פירין פון וועגין דען ביטריפטין געלט אונ׳ איזט ניט גינוגין דאז מאן גידענקיט וויל המקו׳ ב״ה דינין בכל נפשו ווען עש דער צו קומט מוסר נפש על קדושת המקו׳ ב״ה צו זיין דאז איזט צווארין גנץ גוט אונ׳ גיהערט אך איין אידריר בר ישראל זולכיש צו גידענקין אונ׳ צו טוהן כמו שאמר ר׳ עקיב׳ ע״ה מתי יבוא לידו ואקיימנו ועכשיו שבא לידו לא אקיימנו[1]) אביר עש שטיט אך דער בייא ובכל מאודך דאז איזט דאז געלט דארמיט זאל מאן המקום ב״ה אך דינין דאז איזט ניט אליינט גיזאגט דאז מאן זאל גרושי צדקות געבן פון זיין געלט וואור מיט מאן הש״י דינט אונ׳ המקום ב״ה גאר ליב איזט אביר נאך מיין נערישין שכל איזט דיזוש בוודאי זוא וואול אליש מאן מוסר נפשו איזט פון הש״י ב״ה זיינט וועגין [אלזו גיהערט מאן אך מוסר ממון צו זיין פון הש״י ב״ה זיינט וועגין] כי יש אדם שחביב ממונו יותר מגופו[2]) אונ׳ דאז איזט רעכט גרינט בכל נפשך ובכל מאודך ווען מאן דאז ביטריפטי געלט ניט אכטיט אונ׳ דעם גאט גיביט עושר דאז ער עש רעכט אן ליגיט אונ׳ זיין גבאות גוט פאר זיכט וויא איך שונט גישריבן ובאם דאז

---

1) Berachoth f. 61 b 2) ib.

ביקומין אונ׳ דיא גנבים אך גיזעהין דאז מאן זיא פאר פאלגיט זענין זיא גנגין אונ׳ דען גנטצין אוצר אינש ים הניין גיווארפין, לקצד דער בורגיר האט זיא אין גיהולט אלזו האבין זיא מיט אים מוזין צוריק פארין אויב דיא גנבים שונט זער מיט דען בורגיר גיצעקנת האבין גידענק וואש דוא טושט מיר זענין עהרליכי לייט עז ווערט זיך ניט בפינדין דאז מיר פון דען דייניגין וואש האבין אונ׳ דוא טושט אונש זוא איין שימפף אן מיר ווערין עש ווישין אן דיר צו זוכין דען זיא האבין עש דארום אינש וואשיר גיווארפין דאז זיא פאר מיינט האבין בעשיר צו לייקנין[1]) אביר עש שטיט גישריבן אין אונזיר עשרת הדיברות לא תגנוב, אלזו האט המקום ב״ה אינין אך ניט גיהאלפין אונ׳ זענין ווידר אן דען אורט גיבראכט ווארדין וואור זיא זענין הער קומין האבין צווארין אליש גילייקניט נאך דען מאן זיא נאקיט אויז גיצאגין אונ׳ אליש וואול ביזוכט אביר דאז האט אינין ניקש גיהאלפין מאן האט אינין שטארקי עינות אן גיטאן דאז זיא ענטיליך האבין מודה גיוועזין דאז זיא עש גיטאן העטין אונ׳ דאר זיא גיזעהן האבין דאז מאן אינין ווער נאך גיקומין העטין זיא עש אינז ים גיווארפין אין מיינונג ווען מאן זיא ביזוכטי אונ׳ ניקש בייא אינין גיפונדין העט זוא העטין זיא מיט אירין לייקנין קענטין דאר פון קומין, אביר וויא שוין גידאכט גאט האט עש ניט האבין וואלין נון זענין זיאביידי צו דער תליי׳ פאר דאמט ווארדין, דער אייני גנב האט זיך תכף דען קריסטין גלויבן אן גינומין, דער אנדרי אביר איזט כל ימיו איין פרוימר מענש גיוועזין אונ׳ אך פרוים פאטיר אונ׳ מוטיר גיהאט איזט פון וואנזי בעק[2]) גיוועזין דער זעלבי האט זיין גלויבן ניט שארשירין[3]) וואלין אונ׳ גאר זער מקדש השם ברבים גיוועזין איך האב אין אונ׳ זיין עלטירן וואול גיקענט אונ׳ זיך כל ימיו אליש

---

1) läugnen 2) Wandsbeck 3) changiren.

ב"י האבין גיוואושט דאז איין בורגיר תוך נור וועגין[1]) האט איין גרושי פארטייא פון זולכי דימאנטין גיהאט, אלזו האבן זיא בעו"ה איר עצה רעה יחדיו גיהאט אונ׳ מיט אנגדיר חברותא גימכט אויף דען ביית דאר דיא דימנטין זענין אין גיוועזין כמדומה לי איזט עש איין בעקיר גיוועזן דען זיא גאר וויניק גיקאשט אלזו זענין דיא בידי טרפה חברותה נאך נאר וועגין גיקומן אונ׳ תכף חקירה ודרישה גיהאט נאך דען בורגיר דער דיא דימנטין גיהאט אונ׳ זיך בביתו גימאכט, אונ׳ ענטליך מיט אים ביקאנט גיווארין דאז זיא זיינין גיואר גיווארין וואור דער בירגיר זיין אוצר האט אונ׳ זיינין אים דאריבר גיקומין אונ׳ הכל בכל הין וועק גינומין, דער בורגיר האט זיא בביתו גיהערבירגט גיהאט, למחרתו בהשכמה זענין זיא אויז דען בית גנגין אונ׳ זיך איין שיפכן גידונגין אונ׳ אין מיינונג גיוועזין העטין איר זאך גאר וואול פאר ריכט אביר גאט דער אלמעכטיגר האט זאלכיש ניט האבין וואלין אונ׳ דער בארגיר למחרת אויף גישטאנדן אונ׳ נאך זייני ב׳ געשט גיפראגט האט דער הויז קנעכט גיזגט זיא ווערין למחרת גנץ פריא אוזים הויז גאנגין דען בארגיר האט עטוואז אויף זיין לב גילעגין דען דער זוא איין אוצר האט איזט אלי צייט ביזורגיט דאר פיר אלזו איזט ער איבר זיין קיסט גנגין וואו ער זיין אוצר אין גיהאט אביר ניקש גיפונדין אלזו תכף זיך וואול גידאכט דאז אים דאש זיין בוידי געשט גיטאן אונ׳ איזט פלוקס אם ים גילאפין אונ׳ גיפראגט אן ספנים אויב זיא ניט ב׳ ב"י זעהן הין וועק גיפאהרין, אלזו האבין זיא אים גיזאגט יוא דער אונ׳ דער ספון האט זיא פאר איין שעה הין וועק גפירט אלזו דער תכף איין שיף גידונגין אונ׳ דאז מיט ד׳ רודירש ביזעצט אונ׳ זעגין גאך גיפאהרין אונ׳ ניט לנגי צייט האבין זיא דאז שיף מיט דען גנבים אינש גזיכט[2])

---

1) Norwegen 2) in Sicht

גאר דאר נידר גילעגין זיין דאר אונש דאך דער גרוישי גאט אלי צייט אלזו גינעדיגליך אונ' בארימהערצליך ווידר גיהאלפין מיט ר' משה העלימשטאט[1]) וועלכיש איך אין מיין פירדין בויך וויל אן פאנגין אונ' אלזו מיין דריט בויך היר מיט בישליסין דער גרוישי לעבינדיגי גאט דער וויל זיך דאך איין מאלט איבר אונש מרחם זיין אונ' אונש אויז דען גלות ארליזין כדי מיר המקום ב"ה רעכט קענין דינין וויא עש גיהערט צו זיין אונ' דאז אלי פעלקיר ארקענין אונ' ווישין דאז מיר דיין גליפטיש פאלק זיין אונ' דוא גרושיר גאט דוא בישט יוא אונזיר פאטיר זוא ארבארים דיך אך אליש וויא איין פאטיר זיך ארבארימט איבר איין קינד אונ' בישט אך אונזיר הער אונ' מיר זיין דייני קנעכט אונ' מיידין[2]) אלזו ווארין מיר ניט אויף הערין צו בעטין אן אונזרין גינעדיגין גאט ביז ער זיך איבר זייני קנעכט מרחם איזט אונ' איך דען גרושין גאט דייני דינשט מאט ביט[3]) אליש אייני מיט אן אירי ווערטין, דען אונזרי אויגין אונ' הערטץ העננגיט אליש אן דיך.

## סליק פון מיינין דריטין בויך

### אונ' וואלין אן פאנגין בס"ד אונזיר פירדיש בויך.

---

נון בתי הנה תי' איזט אויף גיוואקסין אונ' איזט גאר איין קלוויג קינד גיוועזין אפשר ווייטר פון בריכטין ווער אין דער זעלבי צייט איזט איין אושטיניש שיף[4]) וואור אויף גאר פיל רוואי דימאנטין גיוועזין המלך מדעני מרק צו הנדין גיקומן וועלכיש תוך גליקשטאט גיוועזין אונ' איין אידריר בויטש גיזעל[5]) האט דימאנטין גיהאט אלזו זענין ב"י לגליק שטאט גיצאגין אונ' גיקאפט אך שינין ריווח אן גיוועזין ב'

---

1) Helmstädt 2) Knechte und Mägde 3) deine Dienstmagd bete 4) ostindisches Schiff 5) Bootsgesell.

ער אויף גישטאנדין אויז זיינער עש[1]) אונ׳ זיך לאזין וואשיר לנגין אונ׳ זייני קנעכט ביפולין זיא זולין אים עסין אונ׳ טרינקין געבין אונ׳ האט אך גיגעסין אונ׳ גיטרונקין אלזו האט זולכיש זייני קנעכט גאר זער פאר וואונדירט ענטליך האט זיך איינער דאז הערטץ גינומין אונ׳ גיזאגט אדוני מלך דאר דאז קינד נאך גילעבט האט זוא האשטו זולכין צער גיטריבן ניקש גיגעסין אונ׳ ניקש גיטרונקין בישט טאג אונ׳ נאכט אין דער אשין גיזעסין אביר זוא בלדי דוא גיהערט האשט דאז דיין זון גישטארבן איזט האשטו גיזאגט אונ׳ מצדיק דין גיוועזין וויא אך רעכט איזט אונ׳ גיזאגט ברוך דיין אמת ה׳ נתן וה׳ לקח יהי שם ה׳ מבורך מעתה ועד עולם אונ׳ בישטו תכף דער נאך אויף גישטאנדין אונ׳ דיר לאזין עסין אונ׳ טרינקן געבין אליז ווען דאז קינד נאך לעבטי זוא זאגט דער מלך צו אינין איך וויל אייך מיין גיטרייאי דינר זאגין דאר דאש קינד איזט נאך קראנק גילעגין אונ׳ דיא נשמה נאך אין זיך גיהאט, האב איך אליש גיטאן גיהיילט גישריאן אונ׳ תשובה תפילה צדקה גיטאן אונ׳ גידאכט אולי ירחם ווערט הש״י זיין רפואה שיקן אביר נון דאז אליז ניקש האט העלפין וואלין אונ׳ המקום ב״ה זיין פקדון האט ווידר צו זיך גינומין וואש העלפיט אל דאז שרייאין אונ׳ וויינין מיין זון קומט נון ניט ווידר צו אונש מיר מוזין צו אים אלזו זעכט וויא זיך דער פרומי דוד ע״ה האט נוהג גיוועזין[2]) דאר פון זאלין מיר לערנין אונ׳ אליש דעק ליבין גאט אהיי׳ שטעלין[3]) אלזו האבין מיר בעו״ה גרושי עבירה גיטאן, לאחר זה זוא לנג איך בעלי זצ״ל גיהאט האב אליר האנט נאך אונזרי און פאר שטענדיגי אין בילדונג אליר האנט אן שטוים גיהאט דאז איך זינדיגרין איך פאר צווייפילטי ביזי נאטויר האב גימיינט ווען מיר אן געלט אודיר זונשטין פאר לושט איין היזק גיהאט, האב איך גימיינט דאז מיר

---

1) Asche 2) II. Sam. 12, 16—24 3) anheimstellen.

וואז נאך וואז העלפין זולט אביר עש איזט אליש אום זונשט מיר קרענקין אונזרין גוף אונ׳ טונין אונזיר נשמה אך צו קורטץ מיט דעם דאז מיר זיך זוא מצער זיין שוועבין מיר אונזיר גוף אונ׳ קענין מיט איין טרואריגין גוף דען היכשטין ניט רעכט דינך דען דיא הייליגי שכינה רויאט אויף קיין טרויאריגין גוף[1]) אליש וויא פאר צייטין דיא נביאים האבין וואלין דאז דיא שכינה אויף זיא רואין זאל זוא האבין זיא גינומין אליר הנט כלי זמרים אונ׳ האבן לאזין פאר זיך הער שפילין דאז דער גוף זאל לושטיג זיין וויא אין אונזרי ספרים איין מעהרירש פון[2]) שטיט, איך אייער מוטיר האב בייא דען לעבין מן בעלי זצ״ל איין קינד פון ג׳ שני׳ לערך פאר לארין וועלכיש קיין דמיון גיהאט וויא איך שוין גישריבן אונ׳ בין ניט זוא פאר שטענדיג גיוועזין אלז איך האב אן החסיד דוד המלך ע״ה גידאכט דער זיין ערשטין זון עם בת שבע האט קראנק גיהאט ובתוך חולי גרוישן צער גיטריבן מיט תעניתם וצדקה ותפילה אביר המקום ב״ה דאז קינד צו זיך גינומין וויא דאז קינד טוט איזט גיוועזין, האבין דאז מלך זייני קנעכט אליש שטיל גיוועזין אונ׳ אים סוד גיהאלטין דען זיא זאגיטין דער מלך האט זוא גרושן צער גיטריבן דאר דאז קינד איזט קראנק גיוועזין אונ׳ איזט נאך האפינונג גיוועזין דאז עש מויכט נאך לעבין בלייבין, פאר שווייגין וואז וועדט דער מלך נון איצונדירט טון וועז ער ווערט גיוואר ווערדין דאז דאש קינד טוט איזט אונ׳ ווייטיר קיין האפינונג צום לעבין איזט אלזו האט קייניר ניקש זאגין וואלין אביר דער פרומי קיניג דוד האט אן אירן שטיל שווייגין פאר שטאנדין דאז דאז קינד טוט איזט אלזו פראגיט ער אן זייני קנעכט אויב דאז קינד טוט איזט, זוא האט אים קייניר גיענטפירט אלזו ער וואל פרשטאנדין דאז זיין ליב קינד טוט איזט אלזו איזט

---

[1]) Sabbath f. 30 b [2]) davon.

קינד שריא איין ביטיר גישרייא אונ׳ יעמירליך אונ׳ זיא ארשראקין אל דיא לייט אונ׳ זיא לויפין אלי צו גלייך צו דען קעסיל אונ׳ דער פאטיר וואלט עש גישווינד הרויז ציאין זוא בליב אים איין פינגיר פון דאז קינדיש הענטכין אין זייניר הנט דען עש וואר אל שונט צו קאביט[1]) אונ׳ ער שלאגיט זיין קאפף ווידר דיא וואנד אונ׳ ער ליף אין דאז בית המדרש אונ׳ ער שריא צו זייני תלמידים טרויארט אויף מיין לײדיגין שטערין דאז איזט נון דאז ביינדיל פון מיין צעהנדיש קינד דאז איך אויף גיברויכט האב צום אופפיר פאר גאט אונ׳ פון דאז מאלט אן הענגט ער זיך דאז ביינדיל אן זיינין האלז פאר איין גידעכטיניז אונ׳ ווען איין פרעמדיר למדן צו אים קאם זוא ווייזיט ער אים דאז ביינדיל פאר איין נחת רוח, אליש ווען ער אים זיין קינד ווייזין וואלט[2]), נון מיין ליבי קינדר ווען דאז דען פרומין חשובין ר׳ יוחנן ע״ה איזט גישעהן וואז זאל איינים אנדרין ערשט גישעהין, דען דער ר׳ יוחנן איזט איין גרוישר ת״ח גיוועזין האט גילערנט מקרא משנה וגמרא האט אך פאר שטאנדין מעשה מרכב׳ אונ׳ מעשה בראשית קאנט אך משביע זיין דיא מלאכים אונ׳ שידים וואר איין גרוישר בעל קבלה, פאר שטונד וואז דאר אויז ווייזין דיא שטערין אים הימל אך פאר שטונד ער וואז דאר ביטייט דאז פאר וואגלין פון דיא בלעטיר[3]) פון דיאביימיר אונ׳ קאם אים דאך זולכיר צער צו אונ׳ ער נעמט עש אן פאר גוט, אונ׳ בליב איין חסיד ביזקין אין זיין ענד, אלזו מיין הערציגי קינדיר איך וויים עש וואול דאז עטליכי אופט גידרוקט האט מיט געלט פאר לירין אך קינדיר פאר לירין אביר וואז הילפט אל אונזיר צער אונ׳ יאמיר ווען עש

1) schon zerkocht 2) Berach. f. 5 b; vgl. R. Nissim מפתח ed. Goldenthal und Juchassin ed. Filipowski p. 151 a 3) das Schwanken der Blätter = שיחת דקלין (was sich die Bäume erzählen).

זיך דער זעלבי מענש שונט דיכט[1]) זער פרום צו זיין אונ׳ וואלט זיך דענקין אייא ליבר גאט ווארום שיקשטו מיר דיזש זא יעמירליך צו איך וייסי יוא ניט וואור אן איך זולכיש פאר זינדיגט האב דאז זעלבי זאל דער מענש ניט טון וויא דען על כל צרה שלא תבוא זאל דער מענש אליש מקבל באהב׳ זיין אונ׳ מצדיק הדין זיין אונ׳ ברוך דיין אמת זאגין אליש וואש דער גרושי גאט טוט, טוט אליש מיט גריכטיגקייט מי יאמר מה תעשה אונ׳ מאן מוז דאך ווישין אליש וואז המקום ב״ה דען מענשין טוט גשיכט אים אליש צו גוטין ומי יודע אויב אופט דען מענשין ניט בעשיר איזט וויא טאג אונ׳ יסורים פאר לושט אן קינדר פריינט געלט ח״ו אונ׳ כדבריי האלה יותר אליש ווען עש דעם מענשין גנץ וואול גיאיט המקום ב״ה איזט איין רחמן ווער קענט זונשטין בישטין פאר הדין בעה״ב נון מה לי להאריך וויא צום אופטרין גידאכט דאז אונזרי חז״ל אליש בישריבן אליש וויא ר׳ יוחנן ע״ה איין גרושר תנא גיוועזין אונ׳ זיין אים בחייו ניין זין גישטארבין, אונ׳ ער ביהילטי אויף זיין עלטיר גור איין קליינין זון פון דרייא יארין נון גישאך עש איין מאלט דאז זיין לייט וועשיטין איר גיצייק[2]) אונ׳ זיא שטעליטין איין קעסיל מיט וואשיר איבר דען פייאיר דרויז צו וועשין אונ׳ ער זידיט אונ׳ שטרוידילט איבר אונ׳ דיבר[3]) אונ׳ עש וואר איין באנק בייא דען קעסיל דאש מאן דיא וועש וואלט דאר אויף ליגין אונ׳ זיא זעציטין דאז קינד אויף דער בנק אונ׳ העטין קיין גידונקין אויף אים אונ׳ דאז קינד שטונד אויף אונ׳ וואלט זעהין אין דען קעסיל אליש דער קינדר איר סדר איזט אביר דיא באנק שטונד ניט גלייך זוא, זוא שנאפיט זיא מיט דען קינד אויף אונ׳ דאז קינד פיל אין דען זידיגין קעסיל מיט וואשיר אונ׳ דאז

---

[1]) dünkt [2]) wuschen ihr Zeug [3]) sprudelt über und über.

שפילן וואלין אביר אין דעם אליש זיא זולכיש האבין פאר גיהאט אונ׳ זאלכיש מייני לייט צו פאר שטין געבין אונ׳ ניט אין מיינונג גיוועזין איך עטוואז דרפון וויסטי אודיר פרשטונדי האב איך לבעלי זצ״ל ולאמי שתי׳ געזאגט איך דיא זעלבי ארציניייא ניט וואלט אן נעמין וועלכיש זיא אן דען דאקטורים גיזאגט, אויב נון דיא דקטורים שונט איר בעשטיז גיטאן אום גימיינט מיך צו ברידין זולכיש אין צו נעמין זוא האט אל אירי רידן ניקש גיהאלפין אונ׳ איך גיזאגט מיגין רידן וואש זיא וואלין איך נעם נון גאר ניקש מער אין וויל מיר דער גיטרייאר גאט העלפין קאן ער זעלבי אהן ארציניייא טון איזט עש דען אין שלויס[1]) פון דען גרוישן גאט וואש הילפט דען אלי ארטציניייאין, אין סומא איך האבי בעלי זצ״ל גיבעטין זולטי דאך אלי דאקטורים אפ שאפין אונ׳ זיא לונין[2]), וועלכיש אך גישעהן איזט אונ׳ הש״י ב״ה מיר דיא קראפט געבין דאז איך צו ה׳ שבועות נאך דעם איך אין קינד בעט קומין בין, שולין גנגין[3]) וויא וואול זער קימירליך אביר דאך מיין גאט זוא גילוביט אונ׳ גידאנקט עש איזט אלי טאג לקצת בעשיר עמי גיוועזין דאז איך ענטליך מייני ווארטירש מייני זאג אם[4]) אליש אפ גישאפט אונ׳ מיט הילף דען היכשטין צור נויט ד(רוי)[ויר]ף[5]) וואז צו מיינר הויז האלטונג גיהערט עצמו אין אכט גינומין אונ׳ ענטליך דאז ליבי קינד פאר געסין מוזין וויא דיא גזירה מן המקום ב״ה איזט נשכחתי כמת מלב[6]) וויא איז פולגינדיז מעשה לראות וואז גרושי חסידי׳ גישעהן איזט אלזו איזט ביליך דאז מאן זיך אין אלין גידולדין זאל אונ׳ זיך אין אל זיין לייט מעסיגין וועז ח״ו איין בן אדם איין צרה צוקומט עש זייא אן קינדר עש זייא אן גוף אודיר ממון, אונ׳ אויב

---

[1]) ist es jedoch ein Rathschluss [2]) honoriren [3]) in die Synagoge gegangen [4]) meine Wärter, meine Säugamme [5]) Nothdurft [6]) Ps. 31, 13 und Pesachim f. 54 b; vgl. Raschi zu 1. Mos. 37, 35.

וואור איך גיבליבן בין. בתי מטה ע״ה איזט נון אין דאז
דריטי יאר אלט גיוועזין איזט קיין שיניר קלוגיר קינד ניט
ארזעהן וואריז ניט אליינט דאז מיר עש זער גיליבט האבין
זונדרין אלי מענשין דיא דאז קינד נור גיזעהן אונ׳ גיהערט
האבין איין וואול גיפאלין אן דעו ליבן קינד גיהאבט, אביר
דער ליבי גאט האט עש נאך ליבר גיהאט אונ׳ אליש עש
אין דען דריטן שנה איזט גנגין איזט דעם קינד ארבלעצליך[1]
הענט אונ׳ פיס גישוואלין אויב מיר נון שונט פיל רופאים
גיהאט אונ׳ אליר הנט ארטציניאין גיברויכט זוא האט עש
דאך דען ליבן גאט אלזו גיפאלין דאז עש נאך דעם אין דיא
ד׳ שבועות אין זיינר קרענק מיט גרושי בישווערנים אונ׳
יסורים האט צו גיבראכט המקו׳ ב״ה עש צו זיך גינומין
אונ׳ זיין חלק צו זיך גינומין אוג׳ אונזיר חלק צו אונזיר
גרושי ביטריפניש אונ׳ הערץ לייט פאר אונש ליגין לאזין
וואור איבר מיר זיך אהן בישרייבליך זוא וואול בעלי זצ״ל
אליש איך האבין מצער גיוועזין אונ׳ פורכט איך זער מיך
אן דען היכשטין גאט זער פאר זינדיגט אונ׳ ניט ביטראכט
דאז מעשה פון ר׳ יוחנן דאז נאך פולגין ווערט אונ׳ דאז
נאך גרעשרי שטראף זענין פאר האנדין וויא איך אין מיין
טייליש גאט ארבארימט וואול בין גיוואר ווערדין, אונ׳ בעלי
זצ״ל אונש זוא מצער גיוועזין דאז מיר אליביידי לנגי צייט
גרושי קרענקין האבין אויז גישטאנדין דאז האבין מיר מיט
אינזרין צער אויז גריכט, איך בין מעוברת גיוועזין אונ׳ עם
בתי חנה שתי׳ עם קינד בעט גיקומין אונ׳ משום גרוישן צער
וועגין דען ליבין קינד זעליג דאז איך מיך ניט האב קענין
צו פרידין געבין, בין איך דיא גנטצי קינדבעט לנג אין איין
גיפעהרליבי קראנקהייט גיפאלין דאז אלי רופאים אן מיין
ווידר אויף קומשט[2] גיצווייפילט אונ׳ מיט מיר טישפראט[3]

[1] urplötzlich [2] Wiederaufkommen [3] desperat.

דער איזט דער זעלבי דער דען מלכים אליש גיבט אונ׳ אים בלב גיבט להיטב מיט וועם דאז זיין היילינר וויל איזט כי לב מלכים ביד ה׳[1], אונ׳ דיא מתגות פום מלך בשר ודם איזט אליש ניקש קינן דעם וואש המקו׳ ב״ה זייני פארכטיר[2] גיבט דאז איזט דיא איבינקייט דאס קיין מאס נאך ציל אודיר פאר[3] גאנג האט, אלזו מיין הערטציליבה קינדיר זייט גיטרושט אונ׳ גידולדיג אין אייער ליידין אונ׳ דינט גאט דען אלמעכטיגין מיט גנץ הערטצין זוא וואול וועןעש איך ח״ו איביליג אלש וואול גיאיט דען אויב מיר שוין מיינין דאז אונש דער גרוישי גאט אויף ארליגט גאר צו שווער איזט דאז מיר עש פאשט ניט ארטראגין קענין זוא מוזין מיר דאך וויסין דאז דער גרוישי הער זיין קנעכט ניט מער אויף ערליגט אליש מיר ארטראגין קענין אונ׳ וואול דעם מענשין דען גאט וואז צו שיקיט זוא וואול אן זיך זעלבשטין אליש אן זייני קינדר דאז ער אליש מיט גוט אונ׳ גידולד אן נעמיט וואור פיר איך מיין בישעפיר אך ביט ער וויל מיר נור דיא גידולט געבין אונ׳ אליש וואש אונש אין דיזר וועלט קונטרארי גיט גשיכט נאך אונזרי ווערקין זולכיש דארום אך כיט גידולט אויז צו האלטין כשם שמברכין על הטובה כך מברכין על הרעה[4], איין גיטרייאר דינר בייא איין מלך בשר ודם וואגיט לייב אונ׳ לעבין אום זיין הערינט האלביר צווארין דאז אים זיין הער קאן בילונין מיט רייכטום אונ׳ וואול האבינדי גיטיר אין דיזיר פאר גענקליכי צייט וויא שוין גידאכט דאש מאן דאך ניט וויים וויא לנג עש גיווערט אביר דיא בילונונג פון אונזרן גאט ווארט[5] אימיר אונ׳ איביג אלזו וואול אליש ער איזט חי וקים איזט אלזו אך זיין גרושי בארימהערציקייט, נון וואלין מיר אליש גאט ביפעהלין אונ׳ ווידר אן גיפאנגין

---

[1]) Prov. 21, 1 [2]) denen, die ihnen fürchten [3]) Vergänglichkeit [4]) Berach. IX, 5 [5]) währt

פיל וויניגר אפי' ניט מזון לסעודה אחת אונ' דיא איך עצמי קען דאש עש אויז בונטי פרומי[1]) לייט זיינין וויא זולטי איך מיין בישעפיר גינוגין לובין אונ' דאנקין קענין פאר אלי חסדים דיא ער אן אונש טוט, אהן אונזיר פאר געלטיניש וויא שונט גישריבן וועז מיר ארמי זינדיגי מענשין נור דיא גרווישי בארים הערציקייט ארקענין מיגין דאז דער גרושי בישעפיר אונש אויז איין שטיק לאם[2]) צו מענשין גימאכט האט זיין גרויישן פארכט זאמין[3]) הייליגין נאמין אונש צו ארקענין געבין דארום דאז מיר אונזרין בישעפיר מיט גנטצין הערטצין דינין זולין, דען מיין ליבין קינדר זעכט דאך וואש טוט איין זינדיגר מענש דאז ער קאן אן קומין אום צו ערלאנגין דאז מלך זיין גינאד דער דאך ניקסן מער איזט אליש בשר ודם שהיום כאן ומחר בקבר אונ' ווישין ניט וויא לנג אלש דער מלך בשר ודם לעביט, דאז מאן ממנו טובת מקבל איזט אודיר וויא לנג דער זעלבי מענש לעביט דער דיא טובות ביקומיט אונ' וואש איזט עש דאז ער מקבל איזט פון איין מלך בשר ודם פאר טובות ער קאן אים השוב מאכין ער קאן מאכין דאז ער פיל געלט ביקומיט, אביר דאז איזט אליש אויף איין צייט לנג אונ' ניקש אויף איביג וועז ער אליש שונט האט בידו עד יום המיתה איזט דאך אליש ניקש דען דער ביטרי טויט מאכט אליש פאר געסין אונ' העלפט אים אל זיין עושר וכבוד ניקש, כי אין שלטון ביום המות אונ' דער מענש וויים דאז אליש אונ' דאך טראכט ער דאז ער דען מלך בשר ודם זויל וואול דינין כדי ער דאז צייטליכי ביקומיט, על אחת כמה וכמה גיהערין מיר טאג אונ' נכט צו טראכטין וויא מיר הקב"ה מלך מלכי המלכי' שהוא חי וקים גיהערין צו דינין דען ער איזט דעריעניגי אליש וויא מיר טובות פון איין מלך בשר ודם האבין קומט אליש פון אים אונ' המקו' ב"ה

---

[1]) ausbündig fromme [2]) Lehm [3]) furchtbaren.

תוך בנקי צו אמפאנגין האט זיא הסוחר ח״כ ווידר געבין, אונ׳ דאר איבר זיך אופט מאלט ניט צו העלפין גיוואושט, נון דוא גרושיר איינציגר גאט איך בית דיך פון גרונד מייניש הערטצין וואלשט מיר עש מוחל זיין כי יכול להיות איך דען זעלבין און רעכט גיטאן דאר מייני גידאנקין אויף גיוועזין זיין, אונ׳ קאן וואול זיין וואש ער גיטאן האט דאש אליש לשם שמים גיוועזין איזט אלזו מוז מאן אליש דען גרוישן גאט ביפעהלין אונ׳ זיך גידענקין דאז דיזיר עולם הבל באלד פאר איביר גיאיט וויא וואול דוא גרוישר גאט דוא ווייסט עש וויא איך מיין צייט אין גרושן זארגין אונ׳ ביטריפטינים מייניש הערטץ צו ברענג, איך בין איין פרא גיוועזין דיא אין גרושן אישטימציא אצל בעלי החסיד זוא לנג גיוועזין איזט, אונ׳ פון אים גיוועזין כבבת עינו אביר מיט זיין אפ שטערבין איזט מיין עושר מיין כבוד אליש מיט הין וועק גאנגין וועלכיש איך כל ימי ושנותי צו ביאמרין[1] אונ׳ צו ביקלאגין האבי, הגם דאז איך וואול וויים אונ׳ מיין שוואכהייט אונ׳ דאז איך איין גרוישן פעליר בגיא ביקעגין מוז דאז איך מיין צייט אין זולכין אילנד אונ׳ יאמיר צו ברענג פיל בעשיר ווער עש דאז איך אלי טאג אויף מיין קני פאלטי אונ׳ דען גרוישן גינעדיגן גאט לויבים אונ׳ דאנקים פאר דען גרוישן חסד דען ער מיר און ווירדיגי טוט, איך זיטץ נאך ביז דאטי איבר מיין טיש, עים[2] וואז מיך גילושט ליג מיך צו אובינטש אין מיין בעט, האב נאך איין שילינג צו צערין זא לנג עש דען גרוישן גאט ביליבט, איך האבי מיין ליבי קינדר אוב עש צו צייטין דען איינין אודר דען אנדרין ניט גיט וויא עש גין זאל זוא לעבין מיר דאך אונ׳ ארקענין אונזרין בישעפיר, וויא פיל לייט זיין אין דיזיר וועלט דיא בעשיר פרומיר אונ׳ גירעכטיר אונ׳ וואר האפטיגר זענין אליש איך אונ׳ האבין

---

1) bejammern 2) esse

מייני קינדר זולכי יונגי לייט דיא אירן פרומן פאטיר בעו"ה זוא פריא פאר לארין האבין אונ' זענין נון כצאן בלא רועה מויכטין אינן איין וויניק פארט העלפין, יוא דאז זיך זאל גאט ארבארמין גראד דאז ווידר שפיל[1]), הלוואי מיר מויכטין קיין גוטיש נאך ביז פון זיא האבין אדרבה מייני קינדר אום אלפים גיבראכט אונ' גימאכט דאז מיין קינדש מעות בני ר' מרדכי האט מוזין אונטר דאז גימייני פאלק קומין, דאר ראש עיצה אונ' דאז גנצי משפט גיזאגט האבין דאז עש איין ערליכר מו"מ איזט אונ' מאן ניט ניטיק האט דען סוחרי' עטוואז פון אירי סחורה ווידר צו געבין, דען האט עש ערליך אונ' רעדליך גיקאפט האט מאן אים דאך וואלין קיין מנוחה לאזין אן עי"כ מוזין דאז זייניגי ממש הין וועק ווערפין אונ' מיט דען סוחרים מוזין פשרה מאכין וואור דורך בעו"ה זיין עיקור כליון איזט פון הער קומין וויא מיר אונ' אים נון צו מוט גיוועזין זאל דער גרושי גאט נאך פאר זיך נעמין אונ' זאל איין כפרה פאר אונזיר עוונות זיין, נון איזט זאלכיש לשם שמים גישעהין דאז מאן בני זוא נוגש האט גיוועזין ישלם ה' להם כמעשיהם איך קאן דען זעלביגין מאן דאר איך גידאנקין אויף[2]) האב ניט בישולדיגין דען איך וויים זייני גידאנקין ניט אדם יראה לעיני וכו', אביר דאז וויים איך וואול מיין קינדר זענין יונגי לייט גיוועזין אונ' לקצת קורדיט ניטיק גיהאט כסדרה של כו"מ דאז זיא אייניגי ח"כ פאר קאפין וואלין אונ' סוחרי' הח"כ פון אינין גינומין אונ' זיא הייסין נאך דער בערש צייט[3]) ווידר קומין אונ' נאך מיין גידונקין[4]) דער זעלבי סוחר אן ב"י גיפראגט דאז ער זער פיל אויף גיהאלטין[5]) אביר דאר מיין קינדר נאך דער בערש צייט להסוחר צו גין אונ' מיר מעות גגד גוטי ח"כ עם גוטי אטיזמענטין[6])

---

[1]) gerade das Gegentheil! [2]) auf den [3]) Börsezeit [4]) Bedünken [5]) auf den er sehr viel gehalten [6]) Endossements.

בעלי זצ״ל חברותה גימאכט אונ׳ בעלי זצ״ל זיא לענגילאנד גשיקט אונ׳ אינין קורדיט כתבי״[1]) אך מעות מיט געבין אביר דיא רייז איזט ניט פורטיג גנגין דען האבין ניט לענגילאנד קומין מחמ׳ מלחמה, אלזו אירי רייז נאך ענגילאנד נאך גיבליבן האבין דאך שטיק מעות תוך אמשטארדאם עם גוטי רווחי׳ אן גיליגט פון דען מאלט אן האט ש״ב מרדכי כהן נאך האלאנד ובראוואנד[2]) גירייזט אונ׳ נאר גוטי רווחי׳ גימאכט, אונ׳ דיזי רייז איזט זיין ערשטיר אן פאנג פון מו״מ אונ׳ עשירות גיוועזין הקצין ר׳ יודא האבי שונט גידאכט דאז ער בס״ד דורך אונש צום מאן גיווארין גיסי ר׳ אלי׳ סג״ל[3]) איין יונגיר אונ׳ גניטיר מאן גיוועזין אונ׳ קיין מו״מ פאר שטאנדין האט אים בעלי זצ״ל תכף גרושין קורדיט געבן אונ׳ אים ענטליך לאמשטארדאם גשיקט אונ׳ קורדיט על כ׳ אלפי׳ ר״ט געבין פיל היזיגי ב״ב דיא לע״ע עיקורים[4]) ממש זענין האבין גאט גידאנקיט וועז מיר אינין קורדיט האבין געבין וואלט נאך פיל מער גענין העלפט מיך אביר אליש ניקש אביר וואור איזט החסד דאז דוא ערליכר וואקריר מאן ר׳ חיים האמיל זצ״ל גיטאן האשט אן כל עולם אונ׳ גערין איין אידריר פארט גיהאלפין אונ׳ מיט איין אידרין גומל הסד גיוועזין לפעמים עם רווחי׳ ולפעמי׳ עם היזק ולפעמי׳ דאש ער ע״ה גיוואושט האט דאז אים קיין רווחי׳ גאר אויף שטין קאן אונ׳ דאך גמילות חסד של אמת גיטאן נון זענין אביר דיין ליבי פרומי קינדר באם דיא זעלבי לקצת אן שטויז האבין אונ׳ זענין דאך זוא ערליך דאז זיא ליבירשט שטערבין זולטין אליש אימיץ צו קורטץ טונין, אביר אלי דיא מיר גרויש גוטיש גיטאן האבין דענקין דאז אלי ניט אונ׳ קענטין לעתים

---

1) Creditbriefe 2) Brabant 3) Elia Ries in Berlin, s. Kaufmann, die letzte Vertreibung der Juden aus Wien p. 211 4) Hauptmitglieder der Gemeinde.

מענכים דיא לאג ניט אופים קאפף גיקומן[1]) אונ׳ ווער דער זעלבי בוודאי אך צו איין גרוישן מאן גיווארין, דאר נאך האבין מיר גרין משה גיהאט מיט זעלבין האט מיר צווארן ניט זוא פיל מו״מ מיט גיטאן אביר דאך וויא שונט גידאכט היפשי פארטייאין אן אונטצין מרגליות עמו גיטאן ער איזט גאר למרחקים גירייזט אונ׳ האט אשתו ובניו לכאן גיהאט האבין מיר מוזין אשתו ובניו מפרנס זיין דאר מיר דאך ניט גיוואושט האבין איוב הרווחי׳ זוא פיל ווערין איבר שיסין על זה נאמר שלה לחמך על פני המים ברוב ימי׳ תמצאינה[2]), לקצר מיר האבן עבין אך קיין גרושי רווחי׳ אן[3]) גיהאט אביר דאך אין אלין גוטן פון אזאמין קומין[4]) אונ׳ ווערין אך נאך לענגיר יחדיו גיבליבן באם ער ניט העט עוקר דירה גיוועזין מהמבורג אונ׳ האט זיך ביזעצט על שאטלאנד[5]) זעלבי איזט דיכט אצל דנציק איזט לשם ניט איבל גיפארין אונ׳ אים זער וואול גנגין, אברהם קנטור מקאפין האגין וועלכין איך שונט גידאכט[6]) פאר איין יונגין בייא אונז גדינט זיך ערליך אונ׳ וואול גוהאלטין לאחר זה האבין מיר אים איזה פעמי׳ לקאפין האגין גשיקט ולשם התעשר, דען איזט לאחר זה עם אשתו ובניו גיצאגין צו וואונין דאר נאך האבין מיר קיין הברות׳ יותר עמו גיהאט וויא דער מאמר ניט איזט ער היינט איין מאן כן ט״ו אלפי׳ ר״ט אונ׳ זיצט אין זיין גוטין מו״מ ניביט זייני קינדר אלפים נאך ווער פיל פון צו שרייבן וואש מיר בייא אים גיטאן האבין אביר ווער ערקענט עז מיר מענשין זיינין און דאנקבארי בישעפניש[7]), ש״ב מרדכי כהן איזט איין יונגיר מאן גיוועזין אונ׳ ליב בישערי האבין זיא עם

---

1) = getroffen 2) Kohel. 11, 1 3) daran 4) auseinandergekommeu 5) Schottland bei Danzig auf dem Gebiete des Bischofs von Cujavien; vgl. Frankel'sche Monatsschrift VI (1857), 242 6) s. oben S. 73 f. 7) Geschöpfe.

ישׂשכר זיין מ(רע)[ער]כה דאז מיר האבין מוזין מיט ר' יודא אפּ שניידין אונ' ישׂשכר זיין מ(רע)[ער]כה אן גיפאנגין צו בליאין גלייך שונט ווערט בריכט ווערדין, אוב שונט אן דען עסק ניקש גילעגין וויא אך אן מיין נגצין בויך, אלזו זאלכיש דאך גישעהין מייני מיסיגי מאליקולישי גידאנקין דאר מיט צו ברענגין, ווען מיך דיא ביטריפּטי גידאנקין זוא גיפּלאגיט אונ' איזט אך היר אויז צו זעהין וויא זיך אלי מענשליכי דינגין מיט דער צייט פאר קעריט והמקום ב"ה עשׂה סולמות זה משפּיל וזה ירים[1]), ר' יודא איזט צו אונש גיקומן אונ' ממש גאר ניקש גיהאט והמקי' ב"ה אין גיהאלפין דאז איך וואול האלטי דאז ער זיך היום ניט לאזט אויז קאפין מיט מאה אלפים ר"ט בנקי, אונ' זיצט נאך אין זולכין מו"ם ואישטימציא[2]) אצל קוהר פירשט[3]) ירה דאז איך האלט באם ער זוא פארט אונ' המקו' ב"ה אים ניט צו ווידרין איזט ווערט ער דער רייכישטי מאן אין גנץ אשכנז, לזמנו שטערבין, איזט אך צו זעהן וויא מיר כמה וכמה גאט צו פאר[4]) האבין צו רעכט גיהאלפין אונ' אלי דיא מיט אונש מו"ם גיהאט האבין זענין עשירים מלכי' גיווארין אביר דיא מיינשטי זונדיר פאר געלטיניש[5]) כסדר העולם אדרבה כמה דיא מיר האבן אליש גוטיש, האבין אונש אודיר אונזירי קינדר מיט ביזין ביצאלט גאט דער אלמעכטיגי איזט גירעכט מיר זינדיגי מענשין קענין ניקש זאגין ואפילו ווישן מיר ניט וואש אונז גוט אודיר ביז איזט, איין מענש מיינט אופט ווען אים וואש ווידר ווערטיגש אן שטויזט[6]) דאז אים דאז זעלבי גאר ביז זייא עש קען זיין דאז אונש דאז זעלבי וואז מיר מיינין גאר ביז צו זיין אונש גראד לטובה איזט, נון ווער דער ערליכי רעדליכי מרדכי הי"ד[7]) לעבין גיבליבן ווער אפשר

---

1) Gen. r. sect. 68 2) Aestimation 3) Friedrich Wilhelm von Brandenburg, der grosse Kurfürst 4) Gott zuvor! 5) ohne Vergelten 6) zustösst 7) s. oben S. 78 Z. 18 f.

דיך אין גידולד אונ׳ מאך פשרה זוא גוט דוא קאנשט השי״
ב״ה ווערט דיר עש ווידר בישערין וויא אך גישעהן איזט,
אונ׳ ווייטיר פאלגין ווערט וואש האט בעלי זצ״ל טון זאלין
ר׳ יודא האט דאז זייניגי תחת ידו גיהאט איזט שוואר להוציא
צו זיין גיוועזן האט בעל כרחו מוזין פשרה מאכין נון קאן
מאן וואול גידענקין וואש דאש פאר איין פשרה איזט הרויז
גיקומין, דאז איזט אביר ווישיקליך דז מיר ניט שני פעמי׳
זוא פיל אונזיר אייגניש גיהאט אליש עש אונש אין אלים
גיקאשט, גיב[1]) ר׳ יודא ניט זוא פיל שולט אליש דיא אים
דאר צו גיהאלפין האבין כי אין אדם רואה את חובו לעצמו,
נון לקצר איזט פאר בייא מיר האבין עש אינין אלי מוחל
גיוועזין זוא וואול ר׳ יודא אלש זיין העלפיר אונ׳ האבין קיין
תרעומת אודיר ווידר ווילין אויף ר׳ יודא דען ער בוודאי
גימיינט העט רעכט אונ׳ גבירט אים פון אונש זונשטין העט
ער עז אפשר ניט גיטאן נון האט עז בעלי זצ״ל צוואַרין זער
וויא גיטאן אביר ווער האט אים העלפין קענין הצועק על
מה שעבר הרי זה תפילה שוא[2]), דער ליבי גאט אביר דער
אונזיר און שולט אן גיזעהין האט אונש איאיר[3]) ד׳ שבועות
זענין הין וועק גאנגין איין מו״מ בישערט דאש מיר פאשט
אונזיר הזיק זענין נאך קומין אונ׳ בעלי זצ״ל האט נאך דעם
עם ר׳ יודא אין גוטיר אייניקייט אונ׳ פאר טרויליכקייט
גילעביט, גלייך איך אך נאך בריכטין ווער בהיותי תוך ברלין
וואש מיר מן ר׳ יודא ואשתו פאר כבוד גישעהין איזט אונ׳
אך שטעטש מיט מייני קינדר מו״מ גיהאט דאש מיר זיך
עליו זונדירליך ניט צו בישוועהרין קענין באם נור המו״מ עם
גוטי רווחים ווערין פורט גנגין זוא האלט איך ניט דאש מיר
וואש ווידריגש יחדיו גיהאט העטין, אביר דיזוש שיינט צו זיין

---

[1]) ich gebe [2]) Berachoth IX, 1 [3]) bevor.

אים יששכר כהן צו גוויזין וועלכר איזט גיוועזין בעו"ה דער רעכטי הורדוס צו מיינין גנטצין הויז וועלכיש צו זיינר צייט אונ' אן זיינים אורט יותר מעלדונג זאל גישעהין, היריד איזט אויז גיוועזין בעלי זצ"ל איזט מיט זיינים בורר להילדסום גיצאגין צו משפטין, לקצר מה לי להאריך וער מאה ביגין מזו מטערי' לכתוב וואש אליש היר אינין[1]) פאר גנגין איזט, אונזיר בורר האט ניט פארט גיקענט דען ער איזט לבד גיוועזין אונ' האט צווייא איבר זיך גיהאט אונ' דער ר' אשר האט זיך אך וואלין קיין כח טון לאזין דאז ער העט זאלין מסכים זיין מיט איין דין שלא כהוגן אונ' האט גוויסט וועז ער מיט זיא ניט זולטי אייניש ווערין זולט ער תפוס ווערין אודיר צום וויניגשטין אים דאר מיט גידרייאיט[2]) גיווארן אלזו מיין גוטיר ר' אשר אים סוד מהילדסום הין וועק גיצאגין אביר צו רוק גילאזין אונ' גישריבן גרושי שאלות ותשובות לזכות בעלי זצ"ל אביר דאז אליש ניט העלפין וואלין לקצר אב"ד מהילדסום ופרנס אחד וויל אביר קיינים ניט נענין זענין אלי אין דער ווארהייט[3]) זענין מיט לייב אונ' לעבין ר' יודא בייא גישטאנדין אונ' מיט גיוואלט האבין וואלין בעלי זצ"ל זאל פשרה מכין אונ' זוא איין פשרה דיא בעלי זצ"ל איזט צו שוואר גיווארן, נון בעלי זצ"ל האט זאלכיש ניט וואלין אין גין[4]) אונ' ווער עש גאר וייט ליפטיק[5]) בדיניהם גיקומין אביר חמי זצ"ל באותו פעם להילדסום גיוואונט וויא זולכיש אך אן זיין אורט זאל גידאכט ווערין ווא ער לשם איזט צו וואונין גיקומין אלזו האט חמי זצ"ל בעלי זצ"ל גיבעטין דאז[6]) מיט וויינדיגין אויגן אונ' גיזאגט מיין ליבר זון דוא זיכשט יוא וואול וואש היר דאר מער איזט איך ביט דיך אום גאטיש ווילין גיב דיך ווייטיר אין קיין וייט ליפטיגקייט גיב

---

[1]) hierinnen [2]) gedräuet [3]) in der Wahrheit = Ewigkeit [4]) eingehn [5]) weitläufig [6]) F. ממש.

גיטאן, אונ׳ זולין זוא ביצאלט ווערין נון כל מה דעביד רחמנא לטב עביד[1]), עש איזט גנגין נגד יריד פרנקפורט דמיין דאז בעלי זצ״ל האט מוזין לירוד רייזין וויא ער אך אלי יריד גירייזט אלזו ער לשם גיוועזן אצל אחיו מהור״ר איציק זצ״ל[2]) אלש ער לאחיו כל דבר פאר צילט וואש מיט ר׳ יודא פאסירט אונ׳ אים גיבעטין זולטי אים איין וואקרין למדן צו וויזין דען ער מוזט אום דען זמן תוך הילדסום זיין אונ׳ מוזט איין אידריר זיין בורר מיט ברעננין באיבוד זכיות אלזו גיסי החסיד מהור״ר איציק זצ״ל תכף לבעלי זצ״ל גיזאגט דוא בישט אום דאז דייניגי דאז דוא ווילשט מיט אים משפטן אין זייניר קהילה, בעלי זצ״ל גיזאגט וואש האב איך טון זאלין האב עש ניט בעשיר מאכין קענין, נון בעלי זצ״ל האט לגיסי ר׳ איציק זצ״ל אלי זיין זכיות אונ׳ טענות פאר צילט והשיב יוא ברודיר דוא האשט אליש רעכט אונ׳ קענשט אך וואול רעכט האבן אונ׳ קריגן וועז איר אונפארטייאשי דיינים העט אונ׳ אן פארטייאשין אורט משפטים, זוא זאגיט בעלי זצ״ל דאז איזט נון ניט צו ענדרין עש מאג גין וויא דער ליבי גאט וויל איך מוז דאר פון קומין, ווייז מיר נאר איין גוטין מאן צו, נאך לקצת בידענקין זאגט גיסי זצ״ל היר איזט איין יונגיר וואקריר מאן בשמו ר׳ אשר איזט דיין בקהלתינו דער זעלבי איזט גוט גינוגין, אביר וויא שונט גידאכט, נון בעלי זצ״ל איזט צו דעם גאנגין אונ׳ זיין שטרות ופטורים אליש גוויזין אלזו ר׳ אשר צו בעלי זצ״ל גיזאגט זורג ניט דוא האשט איין גירעכטי זאך איך וויל מיט דיר ציאין וויא זיא אך לאחר יריד גיטאן האבין, תוך יריד האט בעלי זצ״ל עם אחיו גירעט אויב ער אים וויסטי איין וואקרין יונגין צו צו וויזין דען ער קענט צו זיין מו״מ ברויכן, לקצר האט

---

[1]) Berachoth f. 60 b [2]) Isak Hameln in Frankfurt am Main.

גיפאנגין צו רעכט צו קומין אונ׳ גאר וואול אין אונזיר מו״מ גיזעסין אונ׳ זאל אונש זוא איין גיוועהר[1]) צו קומן האבין אונש ניט וואול דרין פינדין קענין, מעבר לדף לראות דאז בעלי זצ״ל פטורים מן ר׳ יודא גיהאט דאז השותפות אויז איזט אונ׳ בעלי זצ״ל מהילדסום איזט לכאן גיקומן איזט איין צרפות[2]) כאן גיוועזין וועלכיר אליר הנט סחורות גיהאט אלזו בעלי זצ״ל מיט אים גיטוישט אונ׳ גוטין מו״מ עמו גיטאן אביר זויא סידר מן ב״י איזט ווען מאן ק׳ ר״ט פאר דינט מאכט מאן אלפים דרויז, אלזו צעקה נאנגין בעלי זצ״ל העט כמה אלפים פאר דינט אונ׳ דאז איזט תכף לאחר הפטורים משותפות גיוועזין אונ׳ זאלכיש בוודאי ר׳ יודא צו אורין קומין אלזו ער זיך אפשר איין גבילד אודיר גימכט אין בילדין בעלי זצ״ל זו מו״מ גיוואושט דאז ער נאך בחברות׳ עם ר׳ יודא גיוועזין, ובפרט דאז מאן גיזאגט ווער כמה אלפים אן זו מו״מ פאר דינט גיווארין אויב דאז ר׳ יודא זוא פויל הערטציג גימאכט אודיר אויב ער חרטה גיהאט דאז ער עם בעלי זצ״ל האט אפ גישניטין אודיר אויב ער ניט גערין וואלין זוא איין שטיק מעות אויז הענדין געבן מאג אליש גאט ווישין וואש דיא אור זאך איזט, דען מיר האבין דען מאן זונשטין ניקש אין גבירליכיש אודיר און רעכטיש גישפירט אליש דאז ער אונש אין דען שטיקין זער פור פולגיט אונ׳ ניט גערין אויז הענדין געבין וואז ער גיהאט האט אדם יראה לעינים יה׳ יראה [ל]לבבב[3]) ער אפשר זיך איין גבילט העט רעכט אונ׳ דארין פאר הארט[4]) אין אדם רואה את חובו לעצמו[5]), אונש איזט זאלכיש נאך פיל שווארער אונ׳ זויארער אן גיקומין דען מיר האבין אונזיר אמת גיוואושט דאז מיר מיט דען מאן זוא באמיתות ובאמונה זענין אום גנגין, אינ׳ אים זוא פיל גוטיש

---

[1]) Gewähr, Wahrnehmung [2]) Franzose [3]) I. Sam. 16, 7 [4]) verharret [5]) Sabbath f. 119 a.

דאז קיין גרעשריר תקיף איזט אלז דער אוחז בידו האט אלזו איזט בעלי זצ״ל מיט זאלכיר פר ריכטונג ווידר לביתו גיקומין אונ׳ מיר אליש ארצילט מיר האבין אונש זער מצער גיוועזין דען האבין גיוואושט דאז מיר זוא באמיתות ובאמונה מיט דען מאן גיהנדילט האבין אונ׳ זוא פיל גוטיש גיטאן וועלכיש אונש המקום ב״ה ביצאהלין זאל בעלי זצ״ל לקצת מיט מיר גימורט מאחר איך יוא אורזאך פון דען שותפות גיוועזין בין, אבר ה׳ ידועה [l. יודע] דאז איך עש אומש בעשטין ווילין גיטאן אונ׳ גידאכט דאז בעלי זצ״ל ניט זוא שווארי רייזין צו טון דערפטי האב ניט גידאכט דאז עש זולטי אלזו הרויז קומין אונ׳ זאלכיש פון ר׳ יודא ניט פאר מויטן גיוועזין דען איך האב אין פאר איין רעדליכין מענשין גיהאלטין, אויב נון קומין איזט דאז ר׳ יודא בעלי זצ״ל האט חושד גיוועזין דאז ער בלא ידיעתו אודיר וואז צום שותפות גיהערט גיהנדילט קאן איך ניט ווישין אונ׳ אפשר אך פולגינדר מו״ם איין צונטיר[1]) דען פייאיר גיוועזין וויא ווייטיר פאר נעמין ווערט נון מה לעשות נאך גישעהני דינגין איזט ניקש צו ענדרין ר׳ יודא האט גרויש שטיק מעות פון אונש בידו גיהאבט עש איזט אונש ניט וואול בייא גיוועזין איך האבי לבעלי זצ״ל גיזאגט ווארום ער המשפט תוך הילדסום גישטעלט העט עש זאלין אין און פארטיישי אורטיר שטעהלין והשיב לי בעלי זצ״ל תוך רוגז ווען דוא ווערשט לשם גיוועזין העשטו עש קענין בעשיר שטעלין יעניגיר האט דאז מייניגי אין הענדין מוז איך וואול וויא ער אונ׳ ניט וויא איך וויל, נון לקצר אונזיר שטרייט איזט אך צום ענד גנגין מיר האבין זיך מוזין דרין גידולדין אונ׳ אליש דען ליבן גאט ביפעהלין דער אונש אויז זו פיל ביזי עסקי׳ אונ׳ צרות גיהאלפין האט, ווערט אונש דאר פון אך העלפין, מיר זענין יונגי לייט גיוועזין אונ׳ ערשט אן

1) Zunder.

איזט דאש דער דאנק על כל הטובות שעשיתי עמך, דוא בישט צו מיר קומין ערום ועריי נאך זמן קצר פון מיך גיבראכט ט' מאות ר״ט מזומני' איך האב דיר כמה וכמה אלפי' גיטרויאט האב דיר מראה מקום אן אלי פלאטצין גיוועזין וואור איך נור גיוואושט דאש וואש צו טון איזט ובפרט איך האב דיך פאר איינין פיינין בריה אונ' ערליכן מענשין אן גיזעהין אונ' גימכט דאז דיר אחי מהור״ר שמואל סג״ל בתו געבין האט, ועל כל אלה האשטו יוא השטר עצמו גיבראכין אן שטאט דאז דוא האשט זולין שני אלפי' ר״ט ליגין האשטו נור ת״ק ר״ט גיליגט צו דעם איזט יוא אין אונזרין שטר גישטנדין באם דאז ניט אלי שנה אין דען שותפות שני אלפי' ר״ט פאר דינט ווערט זוא איזט אונזיר שותפות אויז נון ווייסטו וואול דאז מיר בדוחק אלף ר״ט פאר דינט האבין אונ' בשטר שטיט יוא בפירוש באם ניט סך הנ״ל פר דינט ווערט האב איך יוא הברירה להחזיר צו דעם ענד איזט עש פאר אונש אלי בידי ניט דינליך גיוועזין אלז מיר זיך איינר דען אנדרין ברצון טוב ובדעת שלמות מוחל גיוועזין לויט אונזר פטורים וואז ווילשטו דוא נון ווייטיר האבין איך ביט דיך מאך דען עולם קיין מויל שפיל כי אנשים אחי' אנחנו מיר קענין אי״ה יותר יחדיו האנדלין וכדבריי האלה אביר האט בייא מיין גוטין ר' יודא אליש ניקש העלפין וואלין איזט בייא זיינר גייג גיבליבן, נון וואש האט בעלי זצ״ל טון זולין נאך פילין ווארט ווערקסלין אונ' צנקין וואז צו דער זאך גיהערט האט האבין זיך לייט דאר צווישין גיליגט, אונ' איינר דען אנדרין תקיעות כף געבין דאז זיך איין אידריר איין בורר זאל נעמין אונ' להילדסום קומין אצל אב״ד צו משפטן אונ' הזמן איזט על ד' חדשי' גישטעלט גיווארין בעלי זצ״ל האט זיך מוזין אליש גיפאלין לאזין כי מי יוכל לדין עם מי שתקיף ממנו[1]) אונ' איזט וויסיקליך

[1]) Koh. 6, 10.

השותפות האבין מוחל גיוועזין ברצון טוב אונ׳ אין גנטציר גוטיר פריינדשאפט בעלי זצ״ל האט פטורי׳ גישריבן פאר זיך איניש אונ׳ פאר ר׳ יודא איניש וועלכי זיא בידי כנהוג אונטר חתכנת האבין, נון איזט נאך איזהו אלפי׳ ר״ט אן טבעתי׳ ושארי יובלאציא דאר גיוועזין וועלכי בעלי זצ״ל ר׳ יודא בכלל גילאזין דז ער זיא פולינטליך[1] פאר קאפין זאל אונ׳ בעלי זצ״ל המעו׳ דאר פיר צו געבין, איזט אך איין זמן גיזעצט ווארין וועלכי צייט דיא ביצאלונג זאל גישעהן אביר הזמן איזט קומין אונ׳ התשלום איזט ניט ארפאלגט, מיר האבין ר׳ יודא ארינטליך אונ׳ בישיידליך[2] גישריבן ער וויסטי וואול וואז ער זיך פאר שריבן העט הזמן ווער פאר בייא בייא מויכט דאך המעות להמבורג רימיטירין ר׳ יודא ווידר אך כהגון משיב גיוועזין העט צווארין נאך ניט אליש פאר קאפט וואלט דאך זעהן מיט ערשטין ח״כ לכאן צו רימיטירין סוף כל סוף דיזוש האט יותר אלש א׳ שנה גיווערט דז מיר ניקש פון ר׳ יודא האבין ביקומין קענין, בעלי זצ״ל ווידר להילדסום גיצאגין אין מיינונג זיין מעות מן ר׳ יהוד׳ צו ביקומין, אביר אן שטאט דעסין קריגט ער וואש אנדרשט צו ווישין, דען נאך דעם ר׳ יודא בעלי זצ״ל איזהו ימי׳ אום גפירט[3] קומט הירויז דאז ר׳ יהודא לבעלי זצ״ל גיזאגט איך גיב דיר ניט א׳ פשוט מעות, אונ׳ עז וועהר מיר ליפ ווען איך נאך שני פעמי׳ זוא פיל פון דיר ביהאלטין העט דע; אונזיר שותפות מוזין ווארין לויט אונזיר שטר עשרה שנים אונ׳ האט נאר גיווארט א׳ שנה איך פריטינטיר[4] ממך כמה וכמה אלפים אונ׳ אל דאז דייניגי ויאז דוא האשט איזט מיין דוא קענשט מיך מיט אל דען דייניגין ניט ביצאלין בעלי זצ״ל איזט זער ארשראקין גיווארין אונ׳ גיזאגט ר׳ יודא וואש רעשטו דאר

---

[1]) vollentlich = völlig [2]) ordentlich und bescheidlich [3]) herumgeführt [4]) prätendire.

אלזו האב איך עש אים אויז גירעט זוא גוט אלש איך גיקענט האב אונ׳ גיזאגט וויא דער אמת איזט ר׳ יודא איזט איין יונגיר מאן וויא פיל האט ער גאר צו נדוני׳ ביקומין ת״ק ר״ט אונ׳ ח׳ או ט׳ מאות ר״ט האט ער גיהאט דאר ער פון אונש קומין איזט, אונ׳ דאז איזט אל ב׳ שני׳ דאז ער און מיגליך ניט האט קענין ב׳ אלפי׳ ר״ט אויף ברענגין לאט אייך דיכטין[1]) ער העט גאר ניקש אונ׳ מאן שיקט אים כמקדמות הין וועק אונ׳ פאר טרואטי אים כמה אלפי׳ וויא מיר שונט גיטאן האבין ער האט יוא אליש בידו ווען המקום ב״ה וויל מזל געבין קאן זוא וואול מיט וויניק אליש מיט פיל געבין, נון וואש האט ער טון זאלין עש מאג אים יוא אודיר ניט גישמעקט האבין מיר זענין נון דרין גיוועזין מן האט דאז באד מוזין אויז באדין אלזו איזט זמן מה הין גנגין ר׳ יודא אך לקצת פאר דינט וויא ער אונש כל פעם גישריבן אביר אין הקומץ משביע את הארי[2]) לקצר מה לי להאריך דאז שנה איזט בלד אום גיוועזין אונ׳ עז האט אונש בײדי ניט גישמעקט, דען מיר האבין גיזעהין דז ניט זוא פיל פאר דינט איזט גיווארדן אלז אייני הויז האלטונג קאן פון ערהאלטין ווערין פאר שווייגין דען[3]) ב׳ הויז האלטונג ענטליך לאחר השנה משותפות איזט בעלי זצ״ל להילדסום גיצאגין אונ׳ מיט ר׳ יודא גיחשבונת אונ׳ כנ״ל גיפונדין דאז זיא בידי ניט בישטין[4]) קענין אלזו בעלי זצ״ל עם ר׳ יודא גירעט כאיש עם אחיו, דוא זיכשט וואול דז מיר ביידי עם זו השותפות ניט בישטין קענין לויט השטר זאל בשותפות לפחות אלי שנה שני אלפי׳ ר״ט פאר דינט ווערדין אונ׳ דוא זיכשט וואול דאז קיין אלף ר״ט איזט פאר דינט גיווארין אלזו ר׳ יודא ג״כ ביפונדין דאז זיא בידי ניט בישטין קענין אלזו זיך בידי אייניר צו דען אנדרין

[1]) dünken [2]) Berach. f. 3 b [3]) geschweige denn [4]) bestehen.

שריבן האט אונ׳ תוך ב׳ או ג׳ שבועות יהדיו לאמשטארדאם צו ציאין בעלי זצ״ל זיך פערטיג גימאכט צו זיינר רייז האט זיין מעות נאך אמשטארדאם רימיטירט[1]) עש האט ניקש מעהר גיפעלט דאז ר׳ יודא שי׳ מיט זיין מעות ג״כ קומין איזט, וועלכיר אך לזמן המוגבל קומין איזט אונ׳ ח״כ מן ת״ק ר״ט מיט גיבראכט האבין מיר גיזאגט ר׳ יודא וואש איזט דאש עש זאלי יוא ב׳ אלפי׳ ר״ט זיין והישב איך האב לאשתי זהב גילאזין זאל פאר קאפין אונ׳ מהילדסום מיר דען רעשט רימיטירין מיר זענין פרידליך[2]) גיוועזין אלזו זענין זיא יחדיו בשם אלהי ישראל גליקליך לאמשטארדאם גיקומן בעלי זצ״ל אן גיפאנגין צו קאפין אין קלייני קייט וויא באותו פעם הסידר גיוועזין אלי פאשט[3]) האט בעלי זצ״ל גיפראגט האשטו דיין ח״כ גיקראגין, לקצר אלי פאשט גיזאגט דאר קריג איך, דאר ווער איך קריגין אביר ניקז דרויז גיווארין האט ניקז ביקומן, נון וואז האט בעלי זצ״ל טון זאלין ר׳ יודא אים גוטי ווארט געבין אונ׳ שמועות פיר גיזאגט בעלי זצ״ל זיין מעות תוך אמשטארדאם נעבין דיא ת״ק ר״ט מר׳ יודא אן גיליגט גלייך מאן תוך אמשטארדרם באלדי צו[4]) קומין קן מעות אן צו ליגין, דער נאך איזט בעלי זצ״ל ווידר לביתו גיצאגין אונ׳ ר׳ יודא להילדסום האט אליש וואז בעלי זצ״ל אין גיקאפט מיט זיך גינומין אונ׳ הין אונ׳ ווידיר[5]) גירייזט אום צו פאר קויפין אונ׳ האט דאר מיט גיהאנדילט כאוות נפשו, דאר נון בעלי זצ״ל איזט לביתו גיקומין האט ער לקצת עמי גירעט אונ׳ גימורט איבר השותפות עם ר׳ יודא דאז איך אים צו איבררעט האב דען ר׳ יודא העט תכף דיא התחלה ניט גיהאלטין וואז ווערט דאר נאך ערשט הרויז קומין וואז ווערט דער סוף זיין, מאן קענט ח״ו בייא זולכי עסקי׳ קריפירין,

---

1) remittirt 2) zufrieden = einverstanden 3) bei jeder Post 4) dazu 5) hin und her.

הער קומין אלזו זאג איך לבעלי זצ״ל מאן קאן עש א׳ שנה פאר זוכין, איך וויל פעם אחד קטן כתב אויף זעטצין אונ׳ וויל עש אייך זעהין לאזין וויא עש אייך גיפעלט אלזו בין איך לבד בלילה זיטצין גנגין אונ׳ שטר אויף גיזעצט ור׳ יודא אליש גידרונגין אונ׳ גיזאגט מיר זולטין ניט זורגין זולטין נור אל אונזיר מו״מ אויף אים שטין לאזין דען ער וויסט זולכין וועג אונ׳ שטעג דאז ער גינוגין מו״ם וויסטי דז מאן וואול צו רעכט צו קומין, זוא זאג איך וויא קענין מיר דאז טון אל אונזיר מו״ם אויף אייך צו שטעהלין אלזו זאגיט ר׳ יודא איך וויים וואול דאז איר פאר כמה אלפים יוועלין האט דיא ווערט איר ניט הין וועק ווערפין, אלזו וואלין מיר מאכין, דאז איר זעלבי יוועלין מויכט פאר קאפין אודיר פאר טוישן זוא גוט איר קענט אודיר וועלט, דיזוש איזט דיא אייני פונקט שנית זאל השותפות אויף י׳ שנים גיוועהרין אונ׳ אלי שנה זאל מאן חשבון האלטין באם דאז תוך השותפות ניט אלי שנה לפחות שני אלפי׳ רייכיש טאליר פאר דינט ווערט זוא האט בעלי זצ״ל דיא ברירה דאז ער השותפות מאג אויף זאגין דען מיר האבין זונשט ניט וואלין שותפות מאכין אונ׳ ווען השותפות אויף הערט זאל אליש פאר קאפט ווערין דאז איין אידריר זיין מעות קריגט, שלישי׳ זאל בעלי זצ״ל א׳ או ב׳ פעמי׳ [עם ר׳ יודא] לאמשטארדאם ציאין אונ׳ ר׳ יודא בכל דבר אונטר ריכטין וויא מאן איין קאפט אונ׳ ר׳ יודא זאל אלי סחורות תחת ידו האבין אונ׳ פאר קאפין, רביעי׳ צו ביהויף המו״ם זאל בעלי זצ״ל ה׳ או ו׳ אלפי׳ ר״ט ליגין וואור בייא ר׳ יודא זאל ב׳ אלפי׳ ר״ט ליגין אונ׳ אלי סחורות וואו בעלי זצ״ל אן יוועלין או שארי סחורות גיהאט האט ער מענין אויף זיין בעשטין פאר קאפין אודיר פאר טוישן היר אויף איזט איין שטארקיר שטר גימאכט גיווארין אונ׳ אויף אלי אופנים וואול פארווארט גיווארדין אלזו איזט ר׳ יודא ווידר להילדסום גיצאגין אונ׳ גיזאגט וואלט זיין מעות יחדיו מאכין וואז ער זיך פאר

צו פרידן געבין אלזו האט גרין משה הין וועק גריטין איך בין נאך[1]) איין מאן גילאפין דער סוסי׳ צו הייער גיהאט דער זעלבי האט תכף זיין קנעכט גשיקט מיט איין סוס אויף איין אנדיר זייט, וויא איך בין ביטריפטיר הייט ווידר היים גנגין קום איך לביתי זיצט מיין ליבר מאן אין דער שטיב אונ׳ ווארימט זיך אונ׳ טרוקינד זייני נאסי קליידיר איזט גאר איין שייצליך[2]) וועטיר גיוועזין אונ׳ אליש וואז דיא בריף טרעגרין גיזאגט האט איזט לוטיר שקרי׳ גיוועזין, דאז איך נון שרייב דאש מיר בייא דען רייזין אלי צייט גרושי דאגות אונ׳ בהלות גיהאט האבין אונ׳ איך יוא גערין גיזעהין העט דאש מיר עש העטין זא גישטעלט דאז בעלי זצ״ל העטי קענין בביתו בלייבן דערינט וועגין בין איך ניט און גינייגט גיוועזין החברות׳ עם ר׳ יודא אלזו ר׳ יודא ווידר מיט אונש גירעט אונ׳ זיין בעשטי פיר שלאק[3]) גיטאן זוא זאג איך צו ר׳ יודא׳ אליש וואש דוא רעטשט איזט גנץ גוט אונ׳ רעכט אך ורק דוא זיכשט[4]) וואול דיא גרושי הויז האלטונג אונ׳ איבר לאשט דיא מיר האבין מיר מוזין אלי שנה יותר אליש אלף ר״ט אין אונזיר הויז האלטונג האבין, מלבד וואז מיר צו אונזיר מו״ט אן רבותים האבין מוזין ושארי הוצאות אונ׳ איך זיך ניט וואור דאז וויל הער קומין, והישב ר׳ יודא זורגשטו דאר פיר דאז וויל איך מיך פאר שרייבן וועז ניט לפחות אלף ר״ט בנקי כל שנה פאר דינט ווערט זוא זולט איר מכט האבין דאז דיא חברותה זאל ניקש זיין אונ׳ כדברים האלה ויותר הבטחות גיטאן דאז צו פיל צו שרייבין איזט, אלזו האבי איך עם בעלי זצ״ל גירעט אונ׳ גיזאגט וואש איך עם ר׳ יודא גירעט אונ׳ וואש ער פון גרויש שטיק גרימט האט אלזו זאגיט בעלי זצ״ל צו מיר מיין ליב קינד דאש זאגין איזט אליש גוט איך בין איין גרושיר בעל הוצאה זיך ניט וואור דאז וויל עם ר׳ יודא

---

[1]) nach = zu [2]) scheusslich [3]) Vorschlag [4]) siehst

אים אמת האט מיר דאז רייזן ניט וואול אן גישטאנדין דען
אופט גרושי סכנו׳ אויז גישטנדן דאז בעלי זצ״ל בלייפציג
איזט קראנק גיוועזין אונ׳ שונט פאר דעם איזט בעלי זצ״ל
מיטין אין דער מעם אהיים קומין אונ׳ איך האבי קיין אות
דאר פון גיוואושט, זיך[1]) אויף מיין טיר הרויז קומט בעלי זצ״ל
צו פארין, קאן מאן זיך וואול מסיג זיין וואז פאר איין בהלה
איך אין גינומין האבי, אונ׳ זונשטין זאכין יוהר ווער קאן
אליש ארשרייבן, פעם אחד איזט בעלי זצ״ל אין דער קאלטי
לייפציגר מעם גיוועזין דהיינו איזט שנה חדשה יריד גיוועזין,
אלזו איזט בעלי זצ״ל אונטר וועגין עם שארי ב״י גיוועזין
דאז זיא האבין זזלין לכאן קומין, אביר זענין ניט באותו יום
קומין דאז איך מיין חשבון גימאכט האב אלזו קומט דיא פרא
דיא בריף אום טראגט אונ׳ ברענגיט מיר כתבי׳ פון פרנקפורט
זוא זאגט זיא אים קייזירליכן פאשט הויז האבין זיא גאט
בעשיר עש[2]) ביזי צייטונג גיהאט דען ב׳ וועגין מיט יהודי׳
וערלי׳ האבין זיך וואלין צום צאלין שפיקיר[3]) איבר דיא עלב
זעטצין אונ׳ איזט אליש פאר זויפן ווייל דאז אייז זוא שטארק
גאנגין איזט אונ׳ דאז אייז דען פראמין[4]) צור בראכין, נון מיין
גאט כמעט פרחה נשמתי, האב אן גיפאנגין צו רופין אונ׳
צו צעקנין אונ׳ צו יאמרין וויא וואול צו דענקין שטיט, אלזו
קומט גרין משה וועלכין איך שונט גידאכט[5]) אין דער שטוב
אונ׳ פינדיט מיך אין זאלכין שטאנד אונ׳ פראגט וואז דער
מער איזט[6]), איך פאר ציל עש אים אונ׳ זאג ביט דיך למען
השם נעם פלוקס איין סוס אונ׳ רייט נאך דען צאלין שפיקיר
אונ׳ זיך וואז דער מער איזט, אויב מיר נון שונט גרין משה
ושארי האבין וואלין אויז רידן האב איך מיך דאך ניט קענין

---

[1]) sehe [2]) Gott bessere es [3]) Zollenspiker, elbaufwärts von Hamburg in den sog. Vierländern [4]) Prahm, ein flaches Flussfahrzeug [5]) erwähnt s. oben S. 98 [6]) was der Mähr' ist = was vorgeht.

חברות׳ מאכין ער ווער איין יונגיד מאן וואלט דיא גנצי וועלט אויז רייזין אונ׳ שוינט געלט גינוגין פאר דינין דאש זיאביידי רייכליך פון לעבין קענטין, בעלי זצ״ל האט אים משיב גיוועזין איך קאן דיר היר אין לייפציק קיין תשובה זאגין, איך בפינד מיך נאך גנץ ניט רעכט איך מאג ניט לענגיר בלייפציג בלייבין דען איך פערכט מיך עש מעכט ח״ו ערגיר מיט מיר ווערין, אלזו וויל איך מיר איין איינינין פור[1]) דינגין אונ׳ לביתי פארין, ומאחר עש שונט דיא צאל וואוך[2]) איזט דאז אהן דעם בירידי[3]) וויניק צו טוהן איזט קנשטו בחנם מיט קומין אויף מיין וואגין ווען מיר דען אי״ה לביתי זיין קענין מיר יחדיו רידן, אונ׳ אליש דען איזט מיין גליקליכן אך דאר בייא ווערט זיא אך איר גוט גידאנקין דאר פון זאגין, דען דער ליבי מאן ע״ה האט ניקש גיטאן בלתי ידיעתי, בזו הזמן האט ר׳ יודא שונט חתנה גיהאט, דען בעלי זצ״ל האט גימאכט דאז אים אחיו החסיד מהור״ר שמואל זצ״ל[4]) האט זיין טאכטיר גיגעבין אונ׳ אים חמש מאות ר״ט לנדן גינעבין, אלזו זענין זיא יחדיו מלייפציג לכאן קומין, בעלי צ״ל איזט נאך ניט רעכט בייא זייני קרעפטין גיוועזין, דאך האט ער ניט דערפין אין בעט ליגן, נון מכח גוטי אויף ווארטונג והעיקר סעדי׳ [l. סיעת׳] דשמיא דער בייא גיוועזין דאז ער גאנץ בעשיר גיווארין, דיזוש האט וואול ח׳ יום ויותר גיווארט[5]) איזט מיר ר׳ יודא אליש אין אורין גילעגין איך זולטי מאכין דאז בעלי זצ״ל מיט אים חברותי מאכטי, אונ׳ וואז איך מיר דאכטי איך ווער יוא ניט יוצא דאז איך בעלי זצ״ל זוא רייזין ליס, ווען אים ח״ו בלייפציג ווער וואש אן גיקומין זוא ווער ער יוא אום גוף וממון, גון

---

1) eine eigene Fuhr 2) Zahlwoche 3) ohnehin auf der Messe 4) Jost Liebmanns erste Frau war Malka, die Tochter Samuels, des Rabbiners von Hildesheim, die Nichte des Chajjim und der Glückel Hameln 5) gewährt.

גיוועזין, אביר הרעש איזט נאך נים רעכט גישטילט גיוועזין אונ׳ נאך היך אונ׳ ווידר לקצת ניצופט[1]) אביר המקום ב״ה זייא גידאנקים בייא יהודי׳ אליש גוט גיוועזין אונ׳ אך גיבליבן המקום ב״ה וויל ווייטר אונש אונ׳ כ״י משמר זיין אונ׳ אויז אלין צרות ארליזין, אלזו זענין מיר ווידר אין אונזיר ליב המבורג גיוועזין והאמן לי מיר זענין חצי שנה זוא פון המבורג גיוועזין דאז מיר האבן בירעכנין קענין עם הזיקות פון דיא מרגליות וריבותי׳ אונש איבר י״ב מאות ר״ט גיקאשט האט דאך דען היכשטין גילוביט אונ׳ גידנקט דש מיר פון דער צרה מיט אלי אונזיריגי זיין ניצול גיווארין, איזט וויניק אן געלט גילעגין תן לי הנפש והרכוש קח לך הש״י האט אלי מאלט ווידר בישעריט, לאחר זה זענין דיא לייט וועלכי מהמבורג לאלטנה מפני הדבר גיצאגין זיין, ענטצלין[2]) איינער נאך דען אנדרין ווידר זיין אין מקום גיצאגין, אונ׳ איין אידריר אן גיפאנגין זיין מו״ם נאך צו גיאין, דען בשעת הדבר ב״ה איזט וויניק מו״ם גיוועזין דען מאן האט נירגינץ קענין הין קומין, זמן מה דאר נאך איזט בעלי זצ״ל לירידת לייפציג גיצאגין אונ׳ איזט בלייפציג זער קרנק גיווארן אונ׳ באותו פעם איזט עש זער מסוכן גיוועזין תוך לייפציג, דען ווען ח״ו איין ב״י לשם גישטארבין ווער העט עש אים כל אשר לו גיקאשט, באותו פעם איזט ר׳ יודי׳[3]) ג״כ תוך לייפציג גיוועזין אונ׳ אצל בעלי זצ״ל פיל גוטיש גיטאן אונ׳ אים זער אויף גיווארט אונ׳ דאר ער נון לקצת בעשיר עם בעלי זצ״ל גיוועזין האט ער עם בעלי זצ״ל גירעט אלש וויא איין גוט פריינד מיט דען אנדרן רידן זאל אונ׳ גיזאגט צו בעלי זצ״ל וואש ער זיך גידענקט דאז ער זיך אין זאלכי שווארי רייזין גיביט[4]) ער ווער קיין שטרקיר מאן, בעלי זצ״ל זולטי מיט אים אינש יענרי[5])

---

[1]) gezuckt [2]) einzeln [3]) Jost Liebmann [4]) begiebt [5]) in genere, überhaupt.

האבי איך אים בדינין מוזין, נון עש איזט טאג גיווארין דאז
דיא פורלייט האבין דיא וועגין גיבראכט דאז מיר האבין ווידר
פורט גיזאלט, אלזו האבי איך מיך מיט מיין קינדר אונ׳ מייט
ומשרת צו וואגין גיזעצט אונ׳ צו מייגין יאקב גיזאגט ער זולט
זיך אך נון זעטצין אונ׳ עש ניט ווידר מאכין וויא ער עש
שונט גימכט האט זאגט ער ניין, איך וויל מאן אין דער
שטויב גיהן אונ׳ צו זעהן דאז ניקש איזט ליגן בליבין, איך
מיין עש ווער אלזו אביר מיין גוטיר יאקב זיך היפש ווידר
אין ווערטץ הויז גיזעצט אונ׳ ווידר אן גיפאנגין צו זויפין פון
אבין אראפיר[1]), איך האבי דיא פוהר לייט הנין גשיקט זיא
זולטין דאך נון הרויז קומין מיר ווערין אין דען מיאוסין וועטיר
זוא לנג שוין אויף דיא וועגין גיזעסין, דיא פורלייט האבין
אך אן גיפנגין צו צעקגין וואש דאש ווערי אירי טפערט
ווערדין מכולה דאז זיא זוא לנג אין דען וועטיר שטין מוזין,
אביר דאז האט אליש ניקש העלפין וואלין, דען דער שליח
איזט מיינשטיר[2]) גיוועזין אונ׳ דיא פור לייט וואול ווארטין
מוזין אלזו זענין מיר ווידר ב׳ שעות גיזעסין אונ׳ ניט איאיר
הין וועק גיפארן ביזקין דיא בידי גנץ שיכור זיין גיוועזין אונ׳
זיך ענטליך צו וואגין גיזעצט, נון מה לי לכתוב דיא הענדיל
האבין מיר ממש אין אלי הערבורג גיהאט נון הש״י האט
אונש בשלום להארבורג[3]) גיהאלפין, וואור אבי ובעלי זצ״ל
גיוועזין זיין אונ׳ אונש אנטקיגן קומין וועלכיש נור א׳ פרסאה
מן המבורג איזט, נון קאן מאן זיכט לייכט אין בילדין דיא
שמחה דיא מיר יחדיו גיהאט האבין אלזו זענין מיר ביחד
צו וואשיר נאך המבורג גיפאהרין אונ׳ המקום ב״ה גידאנקיט
דאש איך אל אונזיר פריינד גיזונד גיפונדן אך ת״ל זונשטין
וויניק הייזיר פון ב״י מטמא גיווארין ווייל[4]) איך בין אויזן

---

[1]) von oben herab = von Neuem [2]) Herr [3]) Harburg
[4]) während.

ער פאר זיך גיפאהרין איזט דער פאשטיליאן טוט זיין פאר ענטפירונג[1]), זוא גוט ער קן, דער ווירט קומט אך הרין אונ׳ מאכין דאז זיך דער שליח ענטליך צו פרידין גיביט, איך בין נעביך גיזעסין אין ווינקילכן אונ׳ גיטאשט[2]) אליש אין מייזכין, דען דאז איזט איין שיכור אונ׳ משוגעה גיוועזין, אונ׳ איך בין דאך אין אייטיל אנגשט גזעסין, דאז איך דען יאקב ניט גיזעהן האב, איין ווילכין דער נאך האט זיך דער שליח גיזעצט פרעסין האב איך גיזעהן דאז אים דער רוגז עטוואז פאר גנגין איזט, בין איך צו איהם גנגין אונ׳ גיזגט הער פיטירשין וואר העט איר דען מיין יאקופ גילאזין, וואור זולט איך אין גילאזין האבין. ער האט ניט וויטיר קענין פורט קומין איזט ער אן איין צוין דיכט אין איין וואשיר ליגין בליבין אויף דער שטונד מאג ער אל פאר זאפין זיין, גון דאש האט מיך זער ארשרעקט האב ניט גיוואושט וואז איך טוהן זאל איזט איין ב״י אוג׳ איין נפש גיוועזין אונ׳ בין אליינט גיוועזין, האב דען ווערט גיבעטין זול מיר ב׳ כפרי׳ שיקן דיא זולין זעהין דאז זיא אין פינדין אונ׳ הער ברענגין אלזו זייגין דיא ב׳ כפרי׳ גיריטין אונ׳ איין חצי שעה פום דארף האבן זיא מיין גוטין יאקב אליש איין הורג גיפונדין אפ גימארטירט גיוועזין פום וועג אונ׳ שכורת, האט איין גוטין מנטיל אן גיהאט אונ׳ נאך לקצת מעות בייא זיך גיהאט אליש הין וועק גיוועזין, אלזו האבין דיא כפרי׳ אין אויף איין סוס גיזעצט אונ׳ אין דער דער הערבארג גיבראכט, אוב איך שונט זער ברוגז איבר אים בין גיוועזין, זוא האבי איך דאך גאט גידנקט אלש איך אין האב ווידר צו זעהן ביקומן, האט מיך איבר ז׳ ר״ט גיקאשט, נון האב אים וואש צו עסין געבין אונ׳ מיין שינין משרת דער דא האט זאלין אויף מיך אונ׳ מייני קינדר פאסין[3])

---

[1]) thut seine Verantwortung = vertheidigt sich
[2]) getastet? oder geschwiegen [3]) aufpassen.

קומין מיגין זיא איין אידריר איין טפערד[1]) נעמין, אונ׳ נאך רייטין, איר בלייבט דאך אין דער הערבערג איבר נכט ליגין, נון וואש האט דער פאשטיליאן טון זולין האט מיט אונז מוזין פארט פארין, אלזו זענין מיר צווארין אין דען בעזין וועטיר פארט גיפאהרין, אביר זענין היפש בייא גוטיר צייט אין דער הערבערג גיקומין, דאר מיר איין גוטי ווארמי שטויב גיפונדין אונ׳ אלין גוטין ווילין אין גיהאט האבין אוב צוואהרין דיא שטויב פול אן גישטעקט גיוועזין מיט פור לייט אונ׳ אנדרי עוברי׳ ושבי׳ דאז עש גאר ענג אין דער שטויב איזט גיוועזין, אביר דיא לייט אונש אלין גיטין ווילין ארצייגט אונ׳ רחמנות איבר דיא קינדר נעביך גיהאט, האבין נעביך קיין טרוקנין פאדים[2]) אן זיך גיהאט, האב זיא איר קליידירכיר היין גיהענקט דאז זיא האבין גיטריקנית, אונ׳ דיא קינדר נעביך זענין ווידר צו זיך זעלבשטין קומין, מיר האבין גוט עסין בייא אונש גיהאט, אונ׳ אין דעם ווירטש בית איזט גאר גיטיר ברייא האן גיוועזין, אלזו האבין מיר אונזיר מיא זעליגי רייז ווידר אונש ארקוויקט מיט גוט עסין אונ׳ טרינקן אונ׳ זענין גיזעסין נאך גאר לאנג אין דער נאכט אונ׳ פאר מיינט דאז אונזיר ביידי זויף ברידר זולטין קומין, אביר עש איזט נימיץ קומן אלזו האב איך מיר לאזין איין שטרייא מאכין אונ׳ מיך מיט מיין קינדרכיר דרויף גיליגט, איך האב נאך ניט שלאפין קענין, האב איך גאט גידאנקיט דאז איך מיין קינדרכיר האב אין דער רוא גיקראגין[3]), אלזו בין איך זוא אין גידאנקין גילעגין ביז לערך אום מיטיר נאכט, קומט איין צעקה אין דער שטויב, אלזו איזט גיוועוין דער שליח קומט שיכריר הייט מיט איין בלויזין דעגין אין דער שטויב צו לאפין איבר דען פאשטיליאן הער, אונ׳ וויל אים הרגין אונ׳ ראטצין[4]) דאז

1) Pferd 2) keinen trockenen Faden 3) in Ruhe gekriegt = gebracht 4) tödten und morden (רצח).

אונש גיפאלין איזט עש גיפראריןץ קינדר נעביך האבין גרווישן צער גליטין אונ׳ איך זעלבשטין, האב דען פאשטיליאן נאך איין מאלט גיבעטין זולט דאך פארט פאהרין ער זיכט יוא זוואל וואז דאז פאר איין ווערטיר איזט דאז מיר דאר אוגטירם בלוישן[1]) הימיל זוא שטין מוזין, אלזו זאגיט דער פאשטיליאן איך דערף היר ניט וועק פאהרין ביזקין אליש דער פאשט באט קומיט, דער האט מיר ביפוהלין איך זאל היר זוא לנג ווארטין ביז דאז ער מיט יאקב צו אונז קומיט, וואש האב איך טוהן זאלין מיר זענין זוא נאך ב׳ שעות גיזעסן ביזקין דער מוכסין[2]) קומין איזט אונ׳ איבר אונש רחמנות גיהאט אונ׳ אונש לאזין פום וואגין שטייגין אונ׳ אין זיין ווארמי שטויבן גינומן דאש זיך דיא קינדר נעביך האבין ווידר דורך גיווארמיט, נון דאר האבין מיר אך א׳ שעה צו גיבראכט, זוא זאג איך צו דען מוכסין איך ביט דיך אדוני מאך דאש דער פאשטיליאן פארט מאך אונ׳ דאז מיר פאר נכט אין דער הערבערג קומין מיט מיינין קלייני קינדר, דען דער הער זיכט יוא וואול וואש דאז פאר איין ווערטיר איזט דאש מאן בייא טאג ניט קאן פארט קומין וואור זאל מאן דען אין דער פינשטירני נכט היןץ וועןגאט פאר זייא[3]) אין דער נכט איין וואגין זאלט אום שלאגין וועהר עש יוא איטיל האלז ברעכין ערביט[4]), אלזו זאגיט דער מוכסין צום פאשטיליאן ער זולט שטראקס פארט פארין דער פאשטיליאן זאגט אדוני ווען איך זולטי פארט פאהרין דער שליח פיטירשין[5]) דער צו ברעך מיר מיין האלז, אונ׳ איך קריג קיין טפעניג פאר מיין פוהר לון, אביר דער מוכסין איזט גאר איין וואקריר גוטיר מאן גיוועזין אונ׳ דען פאשטיליאן כופה גיוועזין דאש ער מיט אונז איזט פורט גיפארין אונ׳ גיזאגט ווען דיא ביידי פאר זופני שעלימש[6])

---

1) blossen 2) Mauthner 3) Gott sei davor 4) eitel halsbrecherische Arbeit 5) Petersen 6) Schelme.

דאז זיא גין ווערן ביזקין אויזם טור[1]) דער נאך ווערדין זיא זיך בייא אונש אויף דיא וועגין זעטצין, וויא מיא נון אויזם טור זענין זאג איך צו יאקב ער זול זיך נון מיט דען שליח אך זעטצין כדי מיר אונש ניט זיימין אונ׳ בייא צייטין אין דיא הערבארג קומין, אלזו זאגט דער יאקב פארט איר מאן אין גאטיש נאמין פאר אייך איך אונ׳ דער שליח וואלין אום דאז דארף גין אונ׳ דער שליח וויל נור איינין אין דאז דארף שפרעכין, מיר וואולין זהא האשטיג גין אלש איר פארט, אונ׳ תכף ווידר בייא אייך זיין איך האבי אביר דען סוד ניט גיוואוסט, דאז דארף ליגט דיכט בייא הנוביר הייסט לנגין האגין[2]) איזט איין גנצי מייל לנג אונ׳ אים גנצין לנד איזט קיין בעשיר ברייא האן[3]) אליש אין דען זעלביגין דארף אלז מיין גוטיר שליח יאקב אונ׳ דער פאסט שליח זיך היפש אין לנגין האגין דען גאנטצין יום אונ׳ איין גוט שטיק פון דער לילה זיך גיזעצט זויפין וויא ווייטיר פולגין ווערט, איך האב דאר אליש ניקש פון גיוואושט, מיר זענין פאר אונש גיפארין, אונ׳ איך האב מיך אלי אגין בליק אום גיזעהין נאך מיין יאקאב אביר דער ניט קומין איזט יאקב גיוועזין[4]) אלזו זעני מיר פורט גיפאהרין ביז קין איין פאס[5]) איזט ב׳ פרסאות מהנוביר דאר מאן מוז מיכס[5]) געבין אלזו זאגט דער פאשטיליאן דער דיא פאשט פירט היר מוז מאן מיכס געבין אלז האב איך מיכס ביצאלט אונ׳ דען פאשטיליאן גיזאגט ער זולט פארט פארין דאז מיר בייא צייטין אין הערבארג קעמין דען עש איזט איין וועטיר גיוועזן דאז מאן קיין הונט זולטי אויז יאגין עש איזט גיוועזן קיגן פורים צייט האט עש זוא קליין גירעגינט אונ׳ גישניט אונטר אנאנדיר אונ׳ וויא עש פום הימיל אויף

---

[1]) bis ausser dem Thor [2]) Langenhagen [3]) Breihahn, Weizenbier [4]) aber wer nicht gekommen, ist Jakob gewesen [6]) Einpass [6]) Mauth.

זצ"ל איין ב"ב גשיקט האט גיהיישן יאקב ע"ה איזט נאר איין ניטרייאר מאן גיוועזין אביר דען חסרון גיהאט דאז ער גערין גיטרונקין האט, אונ' זיך ממש ניט קענן אנט האלטין אלזו איזט מיין גוטיר יאקב גיקומן נאך הנוביר אונ' לשם ליגן בליבן אונ' מיר גישריבן דאז איך זולטי מיט מיין קינדר להנוביר קומין דען משם נעמט מאן דיא פאשט להמבורג אלזו האבי איך תכף להילדסום גשריבן אן הנער אברהם קנטור וועלכיר מקדמת בייא אונש גדינט האט דאז ער זאל תכף צו מיר להאמיל קומין אונ' מיט מיר להמבורג ציאין זאל אלזו זענין מיר גיצאגין להנוביר אונ' אונזירק גישאסינין יאקב דאר גיפונדין, נון איזט ער תכף נאך דען שליח גאנגין וועלכיר זיין גישווארניר זויף ברודיר גיוועזן איזט, אונ' אונש יחדיו אויף גידונגין אן פרייאטאג אונ' מיר זענין שבת צו הנוביר גיבליבן, עש איזט גאר איין מיאוס וועטיר גיוועזין אונ' האבי ג' קלייני קינדר בייא מיר גיהאבט, גנץ שבת האט גיסי ר' ליפמן וגיסתי יענטי מיט דען יאקב גירעט אונ' גיבעטין זולט דאך וואול אכטונג אויף אונש געבין אונ' השמר והזהר זיך ניט שיכור זויפין וויא זיין סידור גיוועזין איזט, האט ער ר' ליפמן אונ' יענטי מיט האנד אונ' מויל צו גיזאגט זיך ניט שיכור צו טרינקן, נור צו טרינקן לפי ספוקו, אביר וויא ער עש גיהאלטין האט ווערט איר ווייטיר פאר נעמין, אם זונטאג פריא זענין מיר פון הנוביר הין וועק גיצאגין איך אונ' מיין קינדיר גב"ז[1]) גם מייט ומשרת אונ' מיין גשיקטר שליח יאקב, נון ציאט אלי מאלט דער שליח דער דיא פאשט פאר וואלט, עצמו מיט, אונ' וויא שונט גידאכט דעם יאקב זיין זויף ברודיר גיוועזין אלזו האט אונש דער יאקב אויף דיא וועגין גיהאלפין אונ' אליש צו רעכט גימאכט אונ' ער אונ' השליח זענין בייא דיא וועגין הער גאנגין, איך האבי גידאכט

---

1) Gott beschütze sie.

אין מיין נעשטכין[1]) קומין דען בין עש גאר מיד גיוועזין, אויב
מיר שוין קיין מנגיל אין קיינירלייא זאך גיהאט האבין זוא
בין איך דאך נון בהמבורג גיוואונט גיוועזין אונ׳ אין אונזיר
מו״מ גיזעסין, אלזו איזט בעלי להמבורג גיקומן אונ׳ תכף
מיט זיין מרגליות וועלכי וואול ששה אלפי׳ ר״ט בנקי[2]) אן
גיטראפין אצל סוחרי׳ מושקאפיא פארירש[3]) גנגין אונ׳ זיין
מרגליות זעהן לאזין, איזט וואול בייא ו׳ סוחרים גיוועזן אביר
אים אלי ניט וואול גיבאטין דאז וויניק ריווח ווער דראן
גיוועזין, זולכיש איזט גיוועזין אין שבט, נון האט בעלי זצ״ל
ניט גיוואוסט וואש ער טון זאל, ער האט ח״כ צו ביצאלין
גיהאט [דאס מאן צו המו״ם המרגליות האט נויטיג גיהאט],
נון אין אפ [.l אב] ציאין דיא מושקאפישי שיף אלי מהמבורג
הין וועק זוא איזט אין תמוז דיא בעשטי צייט צו פאר קאפין,
וויל נון איזט שלעכטי פרייזין גיבאטין ווארין אלזו האט זיך
בעלי זצ״ל ריזילפירט אונ׳ דיא פארטייא מרגליות פאר זעצט
אונ׳ ו׳ אלפי׳ ר״ט דרויף גינומין ביז ר״ח תמוז אונ׳ גידאכט
וועט דערנאך בעשרי פרייזין ביקומן, אביר עש האט אים
ווייט גיפעלט דען עש זענין כתבי׳ גיקומין אויז מושקאפיא[4])
דאז גרושי מלחמה לשם איזט אלזו סוחרי׳ אן גיפאנגין אונ׳
איר מוט עם מרגליות צו קאפין צו פאר לירין, נון וואש
האט מאן טון זאלין האט מוזין פאר קאפין אונ׳ יותר אלש
ת׳ ר״ט וויניגר ביקומן אלש אום מקדמת[5]) איזט גיבאטין גיווארן
מלבד איין חצי שנה ריבות מוזין צלין, דארום איזט אלי צייט
דער ערשטי סוחר דער בעשטי וועלכיש מאן זאל אין אכט נעמין
אונ׳ איין סוחר מוז ווישן זוא באלד יוא אליש ניין צו זאגין.
נון איזט בעלי זצ״ל תוך המבורג גיוועזין אונ׳ זיך אינקורירט[6])
וויא עש שטיט, אלזו האט אים כל עולם גיזאגט עש ווער
שטיל, ובאמת איזט עש אך זוא גיוועזין אלזו האט מיר בעלי

---

[1]) Nestchen [2]) Banco [3]) (Moscavia =) Moskau-Fahrer
[4]) = Russland [5]) als früher darum [6]) enquérirt.

איזט אים קאלטן ווינטר גיוועזין אונ׳ האט איין קורפוטזי[1])
איברים קאפף גיהאט גיצאגין מיר האבין אים שטראקז ארקענט
אונ׳ גיוואונקין ער זאל הרויז גין, דען עש איזט קיינער אין דער
שטויב גיוועזין, דער אין גיזעהן האט אליש (ער)[מיר] ובאם חמי
וחמותי ז״ל העטין גיוואושט דאז איינר פון המבורג ווער צו
אונש גיקומין זוא העטין זיא אונש מיט אין הין וועק גיאגט,
ובאמת איזט עש איין גרושי סכנה פאר דער שררה גיוועזין,
ממש חיות זאכין גיוועזין ווען מאן איינים פון המבורג העט
בייא זיך גיהאבט אונ׳ אויף אלי פלאטצין אונ׳ אונטר אלי
טאר אלי רייזינדי לייט גאר שארף עקסאמנירט גיווארן, מיר
האבין דען גרין משה גיפראגט וויא בישטו אים מקום קומין
האט ער גיזאגט איך האב גיזאגט איך בין איין שרייבר בייא
דען אמטמאן פון האכים[2]) איזט איין דארף ניט וייט פון
האמיל, נון וואש האבין מיר טון זאלין ער איזט נון דאר
גיוועזין אונ׳ האט אלי דיא מרגליות בייא זיך גיהאט, נון האבין
מיר דאך ניט קענין נערגינץ[3]) פאר שטעקין דאש עש חמי
וחמותי ניט גיוואושט העטין, מיר האבין עש אינין זאגין מוזין
אויב עש אינין שונט ניט גיפאלין עש איזט ניט צו ענדרין
גיוועזין, נון האט דער גרין משה ניט וואלין נאך לאזין בעלי
זצ״ל זולט מיט אים ציאין אונ׳ דיא מרגליות פאר קאפין כדי
ער קן ווידר הין וועק ציאין אונ׳ וואש פרישי סחורות קאפין,
נון וואש האט בעלי זצ״ל טון זולין עש איזט אך גרויש מעות דרין
גישטאכין אונ׳ זולכי סחורה לנג ליגין צו לאזין דינט אך
ניט דען איזט קיין גרושי רווחי׳ דראן אונ׳ ווען זיא לנג ליגין
פרעסט דער ריבית דיא רווחי׳ אויף, אלזו ער זיך ריזולפירט,
מיט גרין משה להמבורג צו ציאין אונ׳ צו זעהין דיא פארטייא
מרגליות צו פאר קאפין אונ׳ אך צו זעהין וויא עש אין
המבורג שטיהן טוט, דאז איך מיט דען קינדרין קענט ווידר

---

1) Kapuze 2) Hochheim 3) nirgends.

נעמין וויא איך שונט גישריבן האבי, נון וויל איך ווידר אן פאנגין פון מיין יומפירי[1]) פון פיין האלטץ אלזו האבין מיר ת״ל גאר איין גוטין שמחת תורה גיהאט אונ׳ אונש משמח גיוועזיין דאז אונש השי״ו אויז אונזיר צרה גיהאלפין האט דער וויל אונש אונ׳ כ״י ווייטיר אויז אלון צרות העלפין אמן, מיר זענין נאך ביז קין ר״ח חשון תוך חנוביר גיבליבן דער נאך זענין מיר מיט אונזיר קינדרכיר אונ׳ מאט להאמיל גיצאגין אונ׳ אונש פאר גינומין בהאמיל לבד צו בלייבין ביז קין עש ווידר במעמוד הטוב תוך המבורג ווערט, נון האבין מיר דאך קיין גרויאטי[2]) שעה גיהאט, דען מיר זענין אין גרושי מו״מ גישטאכין[3]) אונ׳ האבין איינין תוך פולין גיהאט דער האט גרין משה גיהיישן דאר האבין מיר כתבי׳ פון גיהאט דאז ער בייא אנאנדיר גיהאט יותר אליש ת״ר לויט אונצין מרגליות אונ׳ דער זעלביר איזט דאר מיט להמבורג קומן אונ׳ אן בעלי זצ״ל גישריבן דאז ער זוא איין פארטייא[4]) מרגליות מיט גיבראכט האט, בעלי זצ״ל זול ניט אנדרשט טון אונ׳ תכף להמבורג קומין, אלזו איזט בעלי זצ״ל ניט תכף הין וועק גיצאגין אונ׳ נאך די״ ימי׳ לערך בהאמיל גיבליבן דען עש איזט גאר שלעכט בהמבורג גישטאנדין אונ׳ חמי וחמותי האבין ניט לידין וואלין דאז בעלי זצ״ל זאל זיך מסכן זיין אונ׳ להמבורג ציאין אפילו ניט לידין וואלין דז מיר איין כתב זולטין אן נעמין, וועןמיר יוא איין כתב ביקומן האבין, האט מאן איהם ב׳ ג׳ פעמי׳ ביראכירין[5]) מוזין, אונ׳ וועןמיר אין קום גילייאיט[6]) האבין האט אין מוזין אין דאז וואשיר דיא לאין[7]) גוהיישין ווערפין, פעם א׳ זיטצין מיר זוא בייא אנאנדיר אונ׳ שמועתן[8]) קומט גרין משה אין דער שטויב ניין צו גין

---

1) Jungfer 2) geruhte = ruhige 3) gestochen = gesteckt 4) Partie 5) beräuchern 6) kaum gelesen 7) Leine 8) sprechen.

זייא גיפרייזט, אוב אביר היר קיגן זולכי הויכהייט ארינטליכר וויז[1]) אן דיך גיקומין שטיט צו דיינר פאר אנטוואורטונג אונ׳ זוערשטו נאט דערינטוועגין צו זייניר צייט רעכין שאפט געבין מוזין וואז מיר אביר דאז וועגין אונטרשידליכי מאלט איזט פאר גיקומן וויים איך אם בעשטין עז העט מיר אך אן מיטלין ניט גימנגילט בייא גוטיר צייט דיין פאר נעמין צו הינדרין אונ׳ מיט דיינר פרשון אלזו אום צו גיאין וויא אירי פיל דיא זיך דעזין גלייכין אונטר שטאנדין פאר דיזין בינעגינט איזט, דען נאך אביר דוירך מיין גלינדיקייט איך מיר זעלבשט צו דיזיר ענדירונג אורזאך געבין אונ׳ דאז איך אלזו זעלבשטין האב ביפאדרין[2]) העלפין וואז איך פאר אגין זעה, אונ׳ נון מער ניט צו ענדרין איזט, זוא ביט איך דיך צום פלייסיגשטין דוא זאלשט מיין פירשון שונין אונ׳ מיר פאר גינין דאז איך דיא איבריגי צייט מייניז לעבינש אין דעם פון מיר ארבויטין פאלאשט אין פריד אונ׳ רוא צו ברענגין מאג, ניקיבורוז ארקלארטי זיך צוואר איר ביט אונ׳ ביגעהרין רוים אונ׳ שטאט צו געבין[3]) וואור פערין זיא אים איין לייפליכן אייט שוועהרין ווערט דאז זיא אלי קייזרליכי שאטץ אויפין בארין אונ׳ אים איין הנדיגין וואורדי אונ׳ אים גרינגשטין ניקש דראן פאר לאקנין[4]) וואלט[,] אליש זיא אביר דען אייט גיטאן אונ׳ אים דיא קייזרליכי שאטץ אלי צו גישטעלט האט ליס ער זיא בייא דאז קייזירש קארלי מאנגני אפ גיזנטין אן וועזינהייט איניז עלענד[5]) פאר ווייזין אונ׳ אין דער אינזיל ליזיפון[6]) שיקין, דארין זיא אך אלזו באלד אין פולגינדין יאר אויז גרוישר ביקימירניש גישטארבין אלזו צו זעהין זוא איין הויכי קייזרין זולכיש גישעהין איזט אונ׳ מיט גידולט אן גינומין היר פון צו לערנין דאז איין אידריר אין זיין ליידין זאל גידולדיג זיין אונ׳ אליש [וואש איינים השב״ה צו שיקט גידולדיקליך] אן

[1]) ordentlicher Weise [2]) befördern [3]) Raum — und stattzugeben [4]) verläugnen [5]) in die Fremde [6]) Lesbos.

נעמשטי הערין דאז רייך זאמפט אלי דען פאלק, זיא דער
בישוועהרליכי קייזירליכי רגירונג גערין בינעמיך[1]) וואלין
אונ' זיא אין רואיגין שטאנט צו זעטצין היר קיגן אין מיט
דען בישוועהרליכן רייכיש זורגן וויא וואול ער זיך גאר און
ווירדיג דאר צו ארקענטי צו בילאדין צו זאמין בישלאסין
האבין זוא האטי ער ענטליך גרויז אין גליק אוני' אלירהנט
און גילעגין הייט צו פאר היטין זיינין ווילין אך דרין גיגעבין,
אונ' דיא אויף גיטראגיני הויכהייט[2]) אן נעמין מוזין פאר האפטי
אך ניט דאז זיא היר אן אייגיניש מיספאלין העטי אודיר
עטוואז פון דאז רייכיש היימליכקייטין אונ' דען קייזירליכן
שאטצין אים פאר בורגין אודיר פיר אנט האלטין וואורדי,
ביפאר אב וייל ער ארביטיג[3]) ווער איר אים נרינגשטן קיין
און גימאך צו פינין לאזין זונדרן פיל מער זיך אלי צייט בייא
זיינר גנצי ריגירונג קיגן איר אלזו צו פאר האלטין דאז זיא
זונדיר בארי בליבונג אונ' וואול גיפאלין טראגין זולט הירויף
האט אים דיא קייזירין אירענא מיט גאר ביוועגליכי ווארטין
גיאנטווארט, ליבר ניקיבור נאך דעם דער היכשטי דער איבר
אלי מענשליכי קיניגרייך גיוואלט[4]) האט אונ' זיא ניביט וועם
ער וויל אן נאך זיין וואול גיפאלין קיניג אפ' אונ' קיניג איין
זעצט, צו פארין מיך אליש זיין און ווירדיגי דינרין אהן אל
מיין פאר דינסט אין דיזין העכשטין ערין שטאנט גיזעצט
אונ' ביז אל הער גינעדיג דארין ארהאלטין. אביר נון מעהר
וועגין מיין פילפעלטיגי זינד אונ' מיסטאטין דאז רייך זאמפט
אלי גיוואלט פלאטצליך פון מיר גינומין זוא מוז איך אלי
צייט זיין נאמין דעש וועגין לויבן אונ' אליש איין רעכטשאפני
מיטרון[5]), מיט דען גידולדיגין איוב זאגין דער הער האט עש
גיגעבין דער הער האט עש גינומן דער נאמין דאז הערין

---

[1]) überheben [2]) Hoheit [3]) vor Allem, weil er erbötig
[4]) gewaltet [5]) Matrone.

גינייגט גיוועזין, אונ׳ גיזאגט יאלט איגין אין עטליכי טאג [גוטי]
בישייר זאגין, דיא אפ גיזאנטין פון דען קייזיר זענין גאר
פריליך איבר דיא אנטווארט גיוועזין אונ׳ זיך גריכט אויף
גוטיר אנטווארט דאז זיא אירן קייזיר באלדי ווערדין זוא איין
גרוישן שאץ צו פירין, אונ׳ פאר מיינט אין דער שטאט
קונשטאנטינאפיל גרושי פריידין צו ריכטין, אונ׳ דאש זעלבי
זיא אך פון דער גנטצי שטאט ווידרום אמפאנגין ווערין, אלזו
זיא אויף דער שלוים אנטווארט פון דער קייזערין גיווארטיט
אביר מין גאט וויא איין גרויש פאר ענדירונג האט זיך אין
קארצין טאגין מיט דער פרומין קייזרין צו גיטראגין, אונ׳ אן
דער שטאט דאז דיא גיזאנטין מיינטין דען שלוים פון דער
פאר האבינדין הייאראט צו ערווארטין, אביר היר קיגין מיט
איר אגין איין גאר טרויאריגין צו פאל זעהין מוזין וויא נאך
בייא אירן אן וועזינהייט דיא קייזירן אירעני פון אירין קייזירליכן
שטול גיהאבין ווארד אונ׳ דאש רעגימענט געגנטצליך אנטזעצט
ווארד דען איין פאר נעמיר הער אויז דען פוטריציוס[1])
צו קונשטאנטינאפיל ניקי בורש[2]) נינאנט דער זיך זעלבירט
צום קיסר אויף גיווארפין, אונ׳ זיך איין גרושין אן האנג
גימאכט אל דיא קייזירליכי דינר אויף זייני זייט גיבראכט
אונ׳ זיך אין גרושי איל צום קיסר לאזין קרינין, שטראקס
נאך פאר ריכטיר קרינונג האט ער דיא קיסרתי אירעני
פארשענליך[3]) צו גישפראכין אונ׳ איר אויז פאלשין הערטצין
גוטי ווארט געבין אונ׳ זיך גאר וויטליפטיק[4]) אן גיפאנגין צו
אנטשולדיגין אונ׳ גיזאגט דאז אליש וואז היר איגין פאר
גאנגין ווער, ווידר זיין ווילין גישעהן ווער, אונ׳ ווער איהם
ניקש ליבירשט גיוועזין דאז ער אין זיינר פאריגין נידריגין
שטאנט גיבליבין ווער אונ׳ איר אלי צייט אליש איין גיטרייאין
דינר גבירט איר אויף ווארטין קענין, וויל אביר דיא פאר

1) Patricier 2) Nikephoros 3) persönlich 4) weitläufig.

דאז זאלכי הובות אויף אונזרי מעשים זיין דען מיר זינדיגין אלי יום אלי שעה אלי רגע עין אונ׳ דינין דעם העכשטין ניט וויא מיר גיהערין אונ׳ זולטין דען נאך טוט אונש המקום ב״ה אליש גוטיש וואור פיר מיר אים אימיר איביקליך דנקין אונ׳ ביט דען גרושין בישעפיר ניקש מער אלש אום גוטי גידולד, דאז מיר ארמי זינדיגי מענשין אל אונזיר צו שיקזאלש[1] מיגין באהבה אן נעמין אונ׳ דען גרוישן גאט פאר אלין לויבן אונ׳ דנקין, דען עז קומט אליש פון דען הערין, גאט גיביט אונ׳ גאט נעמיט דער הער זייא צו איביג גילויבט אונ׳ גיפרייזט, היר בייא איזט איין היפש מעשה צו זעהן וואש איין קיסרתי גישעהן איזט אונ׳ זוא גידולדיג זיא איר אילינד האט אן גינומין אונ׳ וואז ארפאלגיט, קיסר קאריל מאגני[2] איזט איין מעכטיגיר קיסר גיוועזין וויא מאן אין אלי טייטשי ביכר גישריבן פינדיט, אלזו האט ער צור זעלבין צייט קיין גימאלין גיהאט אלזו האט ער אונ׳ זייני רעט פאר גוט אן גיזעהין דאז ער מיט דער קיברתי אירעני וועלכי קיסרתי אין דיא מורגין לענדיר גיוועזין אונ׳ דיא זעלבי האט קיין מאן גיהאט אונ׳ דאש גנצי מארגין לאנדיש קייזירטום אליינט גפיהרט, אלזו האט דער קייזיר איין גאר אן זעהנליכי גיזאנדשאפט נאך דער קייזירין גשיקט אונ׳ זיא פאר איין גימאלין ביגערט, דאר ווארטין[3] דאז דיזוש אריאנטאלישי אונ׳ טייטשי קייזירטום צו זאמין אין ליב אונ׳ פריינדשאפט אונ׳ אייניקייט זיין מאג אלזו זענין דאז קיסר קאריל מאגני זיין קעסטליכי גיזאנטין נאך קונשטאנטינאפיל אן דער קיסרתי גשיקט אונ׳ פון זיינטוועגין אן פודרין לאזין אונ׳ זיא פאר איין קיסרתי ביגערט, אונ׳ איין בישטענדיגין פרידן מיטביידן רייכין זולטין אן ריכטין, אלזו איזט דיא קיסרתי גנץ ניט און

---

1) Zuschicksale = Verhängnisse 2) Magne, der Grosse
3) in der Erwartung.

פול שריב ניט אליש ארשרייבין קאן, דען אליש וואז מיר דער גרוישי גינעדיגי גאט צו שיקט שפיר אונ׳ זיך[1] איך דאך זייני גרושי גנאד אונ׳ בארימהערציקייט בייא איזט[2] איך וויל פאר שווייגין וואש פאר גרושי חלאי׳ ל״ע אופט מאלש מיט מייני ליבי קינדיר בין אויז גישטאנדין דאז מיר אופט גיוואונשין ווען איך דיא העלפט פון דען מייניגין העטי קענין פיר געבין, אוני מיין קינט צו זיינר גיזונדהייט העט קענין העלפין, אביר דער איינציגי גירעכטיג גאט מיט זייני בארימהערציקייט בהרף עין ממש, זוא גינעדיגליך גיהאלפין דאז איך ניט גיוואושט האב וואור עש גיבליבן איזט דאר מיר זיך כמה שני׳ מיט גישלעפט אונ׳ גיאנגשט האבין אונ׳ גיפלאגט, האט דער גרעכטי גאט מיט איין מאלט פון אונש גינומן אונ׳ אונש איין גיזונד פריש קינד געבין וואור פיר דען היכשטין אימיר אונ׳ איביג זייא גידאנקט דער גרושי גאט וויל[3] עש דאר בייא ארהאלטין, זעכט נון וואש דער גיטרייאי גאט טוט ווען מיר מיינין דאז מיר גנץ הילף אונ׳ טרושט לויז זיין זוא שיקט ער זיין הילף אם ערשטין דאז מיר ניט דרויף דענקי׳ן, אוני׳ אויב זולכיש שונט ניט נאך אונזיר פאר דינשטין זיין זוא איזט עש דאך פון דען הימילשין פאטיר זיין בארימהערציקייט, דען איך בפינדי מיך זינדיגרין אונוועדיג גינונגין חסד פון אונזרין גיטרייאן גאט דאז ער מיר דאז לעבין גיביט אונ׳ מיך ביז דאטי בכבוד גישפייזט האט אהן אנדרי טויזנד חסדים דיא ער דער גרושי גאט זוא מילדיקליך גיגעבן ווען איך אלי טאג פיל אויף מייני קניא אונ׳ דען בארים הערציגין גאט אן רופטי איזט עש דאך אליש ניקש פאר דעם, וואש ער אן אונש זינדיגי מענשין טוט אונ׳ אויב עז שונט לעתים ניט נאך אונזיר ווילין גיאיט אונ׳ מיר מענשליכי פאר דרויז האבן זוא וואול מיט קינדיר אליש מיט פרעמדי זוא בילד איך מיר איין

---

[1]) spür' und sehe [2]) dabei ist [3]) = wolle.

חברותה האבין עש גיהולט דאר בעלי זצ״ל מיט זיין חברותה זענין ווידר הין וועק גנגין, נון דאז האט גיווערט ביזקן שמיני עצרת, דער אלטיר מאן אונ׳ פרא האבין בייא זיך גיהאט פלאסטיר אונ׳ זאלב וואז צו איין שוועהרין גיהערט צו היילין האבין דען קינד דען שוועהרין אך היפש אויז גיהיילט אונ׳ דאז קינד איזט אך פריש אונ׳ גיזונד גיוועזין אונ׳ אויף דען פעלר אליש איין יונג הירשכן הירומיר גישפרונגין, אלזו האבין מיר צו דיא הנובירשי גיזאגט וואז ווערט אויז אייער שטות ויערין איר זעכט יוא דאז מיין קינד ת״ל פריש אונ׳ גיזונד איזט אונ׳ דאז ת״ל קיין סכנה בעולם מער האט לאט מאן דאז קינד נעביך לאזין ווידר הרין קומין, אלזו האבין זיא ווידר קונסיליא גיהאלטין אונ׳ גיבליבין מאן זאל דאז קינד איאיר ניט אלש שמחת תורה מיט זיין חברות׳ לאזין אין הנוביר קומין, נון וואז האבין מיר טון זאלין האבין אונש זאלכיש אך מוזין גיפאלין לאזין, אלזו איזט ר׳ מיכיל אן שמחת תורה הנויז גנגין אונ׳ דאז קינד מיט דען לייט ווידר אין הנוביר גיבראכט דער באותו פעם ניט גיזעהן האט פון מיר ובעלי זצ״ל אונ׳ אלי אן ווענזינדי דיא שמחה דיא מיר יחדיו גיהאט האבין דז מיר אלי פאר גרושי שמחה האבין מוזין שרייאין עין בוכה ולב שמח איין אידיר מענש האט דאז קינד גערין אויף גיפרעסין דען גאר איין שין לייטיש[1] קינד גיוועזין דאז קיין גלייכניש גיהאט האט אלזו האט מאן דאז קינד לנגי צייט ניט אנדרשט גיהיישין אלש דיא יונגפיר פון פיין האלטץ, אלזו מיין ליבה קינדר איזט דיזי צו שיקונג ת״ל גליקליך אפ גילאפין אונ׳ הסיף תוך ששון ושמחה גיוועזין וואור פיר דען היכשטין ניט גינוגין לויבן אונ׳ דנקין קענין, דער אן מיר אליש זיין און ווירדיגי מיט זוא פיל גוטיש אונ׳ בארים הערציקייט ארצייגט דאז ווען איך י׳ ביכיר

---

1) liebes.

אויז דער שול איזט גיוועזין האט ר' ליב אונש רופין לאזין
צו דער סעודה וויא שוינט גידאכט דאז ער אונש עי"ט האט
לאזין פרייאין אביר מאן קאן וואול דענקין וויא אונש איזט
צו מוט גיוועזין בעלי זצ"ל גיזאגט איאיר מיר וואז עסין מוז
איך מיין קינד אונ' דיא אנדרי וואז צו עסין ברענגין עש
איזט ימ זיא זאגין יוא פשיטה, דוא האשט אך רעכט מיר
וואלין קיינער ניקש עסין ביזקין דיא דרויזן וואש האבין דען
עש איזט גאר נאהנט אן הנובר גיוועזן אלש וויא אלטנה
אצל המבורג, אלזו האט מאן צו זאמין גיבראכט עסין, איין
אידריר האט וואז אויז גיטאן ווער זאל עש נון ברענגין איין
אידריר האט זיך גישייאט אלזו האט ר' יודא גיזאגט איך
וויל עש אינין ברענגין ר' מיכיל האט גיזאגט איך וויל ג"כ
מיט גין אונ' בעלי זצ"ל ג"כ מיט גנגין, דען ער האט ע"ה
דאז קינד גאר זעהר ליב גיהאט האט אלז האבין דיא הנובירשי
בעלי זצ"ל ניט טרויאן וואלין דען האבין גידאכט ווערט בעלי
זצ"ל הרויז גין מויכט ער עש ניט לאזין בייא דען קינד צו
גיהן, אלזו האט גיסי ר' ליפמן ג"כ מוזין מיט גין אלזו זענין
זיא יחדיו גנגין אונ' דאז עסין הנויז גיבראכט אלזו איזט דיא
מייט מיט דעם קינד אונ' איר חברותה יחדיו פאר רעב
נעביך אויף דען פעלד שפאצירין גנגין פאר גרוישן רעב אליש
דאז קינד נעביך בעלי זצ"ל גיזעהן האט איזט עש נעביך
כלא שמחה גיוועזין אונ' צום פאטיר וואלין צו לאפין אליש
איין קינד, אלזו האט גיסי ר' ליפמן גיצעקנת מאן זאל דאז
קינד צו רוק הלטין אונ' דער אלטי מאן זאלטי קומין אונ'
דאז עסין הולין, בעלי זצ"ל האבין זיא ג"כ ממש אליש בייאים
שטריק מוזין הלטין דאז ער ניט צו דען ליבין קינד קומין
איזט, אלזו האט ער אונ' דאז קינד גיהיילט, דען בעלי זצ"ל
גיזעהין דאז קינט ת"ל פריש אונ' גיזונד גיוועזין אונ' ניט
דערפין צו אים קומין, אלזו האבין זיא דאז עסין אונ' טרינקן
נידר גישטעלט אויף דען גראז אונ' דיא מייט מיט אירי

וועק מארשירט נאך דען דארף, מאן קאן וואול דענקין וואז
פאר איין ברכת כהני' מיר דען ליבן קינד האבין נאך גיזאגט
אונ' וויא פיל מיט הונדירט טרענין מיר עש האבין פון אונש
נשיקט, דאז קינד אביר איזט לושטיג אונ' פריליך גיוועזן
אליש איין קינד דאז נעביך נירגינץ פון וויס אביר מיר בכלל
זוא פיל אונזריר אין הנוביר גיוועזין אלי בוכה ומתחנן
גיוועזין אונ' בעו"ה דען הייליגין י"ט אין איטיל צער צו
גיבראכט, נון דיא זענין נאך דען דארף גנגין, זענין אך וואול
אין אירי הערבערג אין איין כפרי בית אן גינומין ווארין דען
האבין מעות בייא זיך גיהאט, אונ' זוא לנג מאן דאז האט
מאכט זיך עש דער זעלבי צו נוטצין, דער כפרי האט זיא
גיפראגט עש איזט יוא אייאר י"ט ווארום זיא ניט בייא יהודים
ווערין האבין זיא צור תשובה געבין דאז שונט פיל ארמי
לייט אין הנובר ווערין אלזו העט מאן פארבאטין זיא ניט אין
צו לאזין אביר זיא מיינין דאך דאז דיא יהודים פון הנוביר
ווערין אינין איבר דיא פייארטעג עסין הרויז שיקין, נון זענין
מיר צווארין יחדיו ווידר אין ב"ה גנגין אביר מאן האט אל
אויז גיאורט[1]) גיהאט, ובאותו פעם איזט בהנוביר גיוועזין ר'
יודא ברלינר איזט נאך לידיג גיוועזן האט שוינט. מיט אונש
גיהאנדילט גיהאט, גם איזט לשם איינער גיוועזין בשמו ר'
מיכיל איזט איין יונגיר אויז פולין גיוועזין האט מיט דיא קינדר
גילערינט דאר נאך האט ער איין אשה מן הילדסום גינומין
אונ' וואונט לע"ע בהילדסום תוך עושר וכבוד איזט פרנס תוך
הילדסום, דער זעלביגר ר' מיכיל האט זוא פאר איין האלבין
משרת ג"כ גיוועזין וויא דער סידר אין אשכנז איזט ווען
זיא זוא בחורים האבין בייא זיך צו קנעלין,[2]) וויא מאן נון

---

1) zu Ende gebetet 2) unterrichten s. Güdemann, Quellenschriften zur Geschichte des Unterrichts und der Erziehung bei den deutschen Juden 264 n. 1.

טעטין אלזו האט זיך גיסי מהור״ר אברהם אונ׳ גיסי ר׳ ליפמן וגיסי ר׳ ליב אין קונסיליא גיזעצט אונ׳ דען מלמד בהנוביר וועלכיר ג״כ איין גרושיר למדן גיוועזן האבין דרויז גילערניט אויב מאן דערף מחלל י״ט זיין דאז מאן אים אם י״ט געלט גיביט אלזו האבין זיא ביחד מסכים גיוועזן מאן זאל איני׳ דאז מעות געבן דען האבין גיזאגט עש איזט בשעת סכנה, אונ׳ ממש סכנות נפשות אלזו האבין מיר מוזין אונזיר ליב קינד אם היילינגן י״ט מוזין פון אונש שיקן, אונ׳ אונז מוזין לאזין איבר רידן אונ׳ איין בילדין לאזין אליש וואן דאש קינד ח״ו וואש אן זיך העט, איך וויל דערינט וועגין[1]) איין אידריר פרוים פאטיר אונ׳ מוטיר יודיצירין לאזין וויא אונש איזט צו מוט גיוועזן בעלי זצ״ל האט זיך אין איין ווינקיל גישטעלט אונ׳ בוכה ומתחנן גיוועזן אונ׳ איך א״ם אנדרין ווינקיל בוודאי מיין פרומין מאן ע״ה זיין זכות גיוועזן, דאש אים המקום ב״ה ארהערט שנאמר ויעתר לו, איך האלט ניט דאז אברהם אבינו איזט וויאיר[2]) גיוועזן בייא דער עקידה אליש אונש באותו פעם גיוועזן איזט, דען אברהם אבינו האט זאלכיש גיטאן בצוה של המקום ב״ה ומאהבתו אליו אלזו ער זיין צרה מיט שמחה פאר בראכט, אביר אונש איזט זוא איין היבה אונטר פרעמד צו קומין[3]) וועלכיש אונש גאר זער איזט צו הערטצין גנגין, נון מה לעשות מאן מוז זיך אין אלין גידולדין כשם שמברכין על הטובה כך מברכין על הרעה האב מיינר מיט איר קליידיר אום גיוועגט אן גיטאן אונ׳ דעם קינד זיין גיצייק אין פינטילכן גיבונדין אונ׳ דער מייט איין פינטיל גלייך איין געשטין[4]) אויף גיבונדין דעם קינד נעביך אך אלטי צו ריסני הודילכר[5]) אן גיטאן אונ׳ אלזו מיין גוטי מייט מיט מיין ליב קינד אונ׳ דער אלטי מאן אונ׳ פרא הין

---

1) derentwegen 2) weher 3) zugekommen 4) wie einer Bettlerin 5) Hudelcher = Lappen, Hadern.

הלז געבין ווען דאז קינד ניט וואש ביז[1]) אן זיך האט, וואש האבין מיר טוהן זאלין איך האב גיבעטין למען הרחמים לאט מיך בייא דען קינד בלייבן וואור מיין קינד בלייבט וויל איך אך בלייבין לאט מיך נור הרויז צו אים דאז האבין זיא אך ניט ליידין וואלין, לקצר תכף האט זיך גיסי מהור"ר אברהם סג"ל אונ' גיסי ר' ליפמן וגיסי ר' ליב עם נשותיהם אין קונסיליא יתדיו גיזעצט וואש צו טון איזט, וואור מאן דיא מאט מיט דען קינד הין טוט, אונ' דאז אליש בסוד בלייבט פאר השררה יר"ה דען שטינד אונש ח"ו גרושי סכנה דרויף ווען ה"ו הדוכס זולטי וואש גיוואר ווערדין, אלזו איזט עש דאר בייא גיבליבן מאן זאל דאז קינד מיט דער מאט אן טון אין אלטי צוריסני קליידיר אונ' זאלין אויף איין דארף גין דאז קיין תחום שבת מן הנוביר איזט דאז זעלביגי דארף האט גיהיישן פיאין האלטיך[2]), אונ' זאלין זיך אין איין כפרי בית[3]) אין געבין אונ' זאלין זאנין, דאש דיא יהודי' בהנוביר יום טוב ניט האבין וואלין ביהערבי(גר)[רג]ין, ווייל זיא שוינט זוא פיל ארמי לייט העטין אונ' העטין זיא ניט וואלין אין הנוביר איין לאזין. אלזו וואלטין זיא אויף דען דארף דיא פייאר טעג איביר האלטין[4]) בייא אינין בלייבין אונ' אינין פאר איר מיא ביצאלין, אך ווישין מיר גיוויש דאז זיא אונש פון הנובר ווערדין עסין אונ' טרינקן שיקן, דען זיא ווערין אונש איבר דיא פייאר טעג ניט אהן גיגעסין אונ' הונגיר ליידין לאזין, בהנוביר איזט איין אלטיר מאן איין פאלאק גיוועזין גאשט דען האבין זיא גידונגין אונ' דיא אלטי פאלעקין הנ"ל דיא זעלבי בײדין זולין איזהו ימי' בייא זיא בלייבין ביזקין מאן זיכט וויא עש אפלאפט[5]), דיא ביידי האבין אביר ניט אויז דער שטעל גין וואלין מאן זאל אינין לי"ר"ט מעות געבין דאז זיא זיך אין זוא איינער סכנה

---

[1]) etwas Böses [2]) Peinholz [3]) Bauernhaus [4]) halten = also [5]) abläuft.

ווערדין, איך דענק אויף קיין ביז, פיר דאז קינד צו איר דיא בזיכט דאז קינד אונ׳ לאפיט פון דען קינד הין וועק אונ׳ לאפיט ווידר הנויף צו דיא ווייבר אונ׳ מאכט איין צעקה אונ׳ זאגיט צו דיא ווייבר פליגט אלי הין וועק ווער נור פליגין אונ׳ לויפין קאן דען איר העט בעו״ה דען רעכטין דבר אים הויז, דאז מידלי האט בעו״ה דען רעכטין איפוש[1]) ב״מ אן זיך, נון קן מאן זיך וואול גידענקן וואז דאז פאר איין בהלה איזט גיוועזין אונ׳ וואז פאר איין יללה מנקין דיא ווייבר גיוועזין איזט, ובפרט בייא זולכי גרושי פחדנים; נשים ואנשים איזט אליש אויז דער שויל גילאפין אונ׳ בעו״ה אין דיא בעשטי תפילות ארויז גילאפין אן היילינן י״ט אונ׳ תכף דיא מייט מיט דען קינד גינומין אונ׳ פאר דער טיר גישטויסן אונ׳ זיא קיינר וואלין אים בית נעמין אודיר גין לאזין מאן קען זיך וואול מ(ס)[ש]יג זיין וריא אונש צו מוט מוז זיין גיוועזין, איך האבי אליש גיהיילט אונ׳ גישריאן אונ׳ אום גאטיש ווילין גיבעטין אונ׳ גיזאגט רבותי זעכט גאט אן וואש איר טוט מיין קינד שאט ניקש איר זעכט יוא וואול דאז מיין קינד ת״ל פריש אונ׳ גיזונד איזט דאש קינד האט נעביך אינן פליסינדיגין קאפף גיהאט קודם נסיעתי מהמבורג האב איך עש גישמערט האט זיך דער פלום פום קאפף צום גישוויר גיצאגין וועו ח״ו איינר זוא וואז אן זיך האט ער י׳ ארלייא סימנים אן זיך זעכט מיין קינד לאפיט דאך אויף דער גאס הרומיר אונ׳ עסט איין שטוטין[2]) אויז דער האנד, אביר דאז אליש האט ניקש העלפין וואלין אונ׳ גיזאגט בעו״ה ווען דאז זאלטי לאור קומין דאז עש אונזיר דוכס יר״ה זולטי גיוואר ווערדין דאז מאן אין זייניר רעזידענט שטאט זולכין ווערק ח״ו זיין זולט וואש פאר איין אילנד זולטי עש געבין, אונ׳ דיא אלטי איזט מיר אין מיין פנים גישטאנדין זיא וויל איר

---

1) עיפוש = Pest 2) Stute = Weissbrot.

און׳ לאז אים איין פלעסטיר אויף ליגן איך האב אויף ניקש
ביזיש גידאכט דיא מייט גיט אין דער שול און׳ פראגיט
בעלי זצ״ל וואור דער באלביריר וואונט זאגט ער ע״ה וואור
ער וואונט און׳ דיא ווייבר שול מוז מאן דאר דורך גין ווען
מאן אין דער מאנין שול גין וויל, וויא דיא מייט וויל הרויז
גין זיצט גיסתי יענטה סולקה אסתר ע״ה תוך ב״ה און׳ פראגין
דיא מייט וואש האשטו אין דער מאנין שויל גיטאן זאגט דיא
מויט אך כפשוטה און׳ ג״כ אויף ניקש ביזיש גיטראכט
אונזיר קינד האט איין שוועהרין אונטרים ארים האב איך
מיין ב״ב גיפרעגט בייא וואש פאר איין באלביריר ער זיין
שוועהרין האט היילין לאזין וויל איך מיט דען קינד אך הין
גיהן, דיא ווייבר ארשראקין זיך תכף מעכטיג זער מאחר זיא
אהן דעסין[1] גרושי פחדנים זענין אין זולכי דינגין גיוועזין און׳
דאר ווייל מיר מן המבורג אויז זולכין חשש קומין זיין אלזו
האבין זיא דיא קעפף זער צו זאמין גישטויסין און׳ גירעט
דאר פון, אלזו איזט ג״כ תוך ב״ה גיוועזין איין געשטין איין
אלטי פלעקין[2]) דיא הערט ג״כ דיא שמועה און׳ זיכט דאז זיך
מיין שוועגירש הנ״ל אלזו ארשרעקין אלזו זאגט זיא צו דיא
ווייבר ארשרעקט אייך ניט עש ווערט ניקש זיין איך בין וואול
ד׳ שני׳ מיט זאלכי עסקים אום גאנגין ווען איר עש האבין
וואלטיט זוא וויל איך הנאפ גין און׳ וויל דאז מיידלי ביזעהין
און׳ אייך תכף זאגין אויב עש ח״ו מסוכן איזט און׳ ווער
אייך זאגין וואש איר טון זאלט דיא זאגין יוא למען הרחמים
גיט אראפיר[3]) און׳ זעכט וואול צו דאז מיר זיך ניט ח״ו מסכן
זיין איך האב פון דיא שמועות אליש ניקש גיוואוסט דיא
אלטי פאלעקין קומט אראפיר און׳ זאגט וואור איזט דאז
קלייני מיידיל, איך זאג ווארום אייא זאגט זיא איך בין איין
רופאנית איך וויל דעם מיידיל וואש ברויכן זאל בלדי בעשיר

[1]) ohnehin [2]) Polakin [3]) hervor.

גידנקין אויז מיין ביטריפטין לב אליש וויא[1]) מיין ליבר הערציגיר פריינד אך אין זיין טוטיש ניט[2]) גיזאגט האט קיין חצי שעה קודם יציאת נשמתו הטהורה דאז מיין פרומי מוטר איזט איבר זיין בעט גיפאלין אונ׳ מוריד דמעות גיוועזן אונ׳ צו אים גיזאגט מיין ליבר אדים וואלט איר כיר ניקש זאגין אודיר ביפעהלין האט ער משיב גיוועזין מיין ליבי כישיר איך וויים ניקש צו זאגין אודיר צו ביפעהלין אליש טרישט מיין ביטריפט גליקליכן דאר מיט האט ער ווייטיר קיין דברי׳ בעלמא ווייטיר רידן וואלין וויא אין זיין אורט שונט ווערט ווייטיר פאלגין ווער איזט נון מיין טרישטיר וועם זאל איך נון מיין ביטרי נויט קלאגין אונ׳ וואור זאל איך מיך הין קערין אודיר ווענדין בעו״ה לע״ע פאר זויף איך ממש אין מיין צרות אונ׳ שווארי גירנקן מיר האבין יוא מעניכי אן שטיש גיהאט גלייך דיזוש פולגינדי אך איין גרוש צרה גיוועזין דיא דער גרושי גיטיגי גאט בחסד וברחמי׳ באלדי פון אונש גיווענט, אונ׳ ווידר אן צופנגין וואיר איך אויז גילאזין האבי דאז איך בתי ציפור תי׳ האב אן גיצאגין אלזו האט זיך דאז קינד זער גיקרימט ווען איך האבי עש אן גיריגט[3]), אלזו זאג איך ציפור לעב וואש שאט דיר[4]), זאגיט דאז קינד מעמה לעב אונטיר מיין ארים טוט עש מיר זער וויא, זוא זיך איך צו וואש דעם קינד שאט, האט דאז קינד איין שוועהרין[5]) אונטיר דען ארים, איך האבי מיין משרתת בייא מיר גיהאט אלזו בעלי זצ״ל האט איין קטן גישווירכין אן זיך גיהאט, האט אים איין באלביריר תוך הנוביר איין פלעשטירכין אויף גיליגט זוא זאג איך צו דער מיט גיא נאך חיים איזט אויבן אין דער שול אונ׳ פראג איהם בייא וואש פאר איין באלביריר ער גיוועזין איזט אונ׳ וואור ער וואונט גיא מיט דען קינד הין

---

1) als wie 2) Todesnöthen 3) = angerührt 4) = was fehlt dir? 5) Schwär = Geschwür.

ריזילפירט אום נאך האמיל צו ציאין מיט אונזיר קינדרכיר דען חמי זצ״ל האט באותו פעם לשם גיוואונט אלזו זענין מיר תכף אס(ור)[רו] חג מן יום כיפור מהמבורג הין וועק גיצאגין אונ׳ זענין א׳ יום פאר חג הסוכו׳ בהנוביר אן גלנגיט זענין בבית של גיסי מהור״ר אברהם גאשט גיוועזין וועלכיר צור זעלבי צייט נאך בהנוביר גיוואונט האט אלזו האבין זיא אונש ניט וואלין ציאין לאזין ווייל עש זוא נאהנט[1] אן יו״ט איזט גיוועזין אלזו זענין מיר סוכות בהנוביר גיבליבן איך האב אצלי גיהאבט בתי צפור תי׳ איזט איין קינד מן ד׳ שני׳ גיוועזן אונ׳ בני נתן שי׳ ב׳ שני׳ אונ׳ ילדי מטה ע״ה ח׳ שבועות לערך, גיסי ר׳ ליב הנובר האט אונש דיא ערשטי טעג סוכות גיפרייאט[2] גיהאט אונ׳ אין ר׳ ליב הנ״ל זיין הויז איזט דיא ב״ה גוועזין, אם יו״ט וויא בעלי זצ״ל למחרתו אים ב״ה איזט, זוא בין איך אונטין אין דער שטיב גיוועזין אונ׳ בתי ציפור וואלין אן טון[3] איך מוז שרייבן איין קליינין אן שטוים וועלכיש בחייו של בעלי זצ״ל גיהאט האבן אונ׳ זונשטין אנדרי שווארי דאגות דאר בייא דיא מאן אופט ניט קאן פון זיך זאגין ובפרט לע״ע בעו״ה וועם זאל איך עש קלאגין אודיר וועם זאל איך עש לע״ע זאגין מיר האבין נימוץ[4] על מי שנשען רק על אבינו שבשמים שהוא יהי׳ בעזרינו ובעזר כל עמו ישראל ושמחנו כימות ענותינו. צווארין בחייו של בעלי זצ״ל אך הין אונ׳ ווידר גינוגין דאגות גיהאט עם צער גידול בני׳ טייליש מן זאגין קן אונ׳ טייליש דאז מאן ניט זאגין דערף או זאגין קן, אביר אל מיין צרות האט מיר דער ליבה פריינד קענין אויז רידין אונ׳ ווען איך אל מיין צרות גיהאט האבי איזט מיר אליש מיט זיינין צו שפרעכין גרינג אן קומין, אביר נון ווער איזט מיין טרישטיר ווער שפרעכט מיר נון מייני שווארי

---

[1]) nahe [2]) gepreit eingeladen s. Grünbaum a. a. O. 35, 111 [3]) ankleiden [4]) Niemand.

גיט טון, דען נאך דוא ליבר הער גאט וואז דוא אונש האשט צו גיזאט דאז ווערשטו קינינגליך אונ׳ גינעדיגליך האלטין אויב עש זיך שונט וועגין אונזרי זינד ווילין זוא לנג פאר ציאיט זוא ווערין מיר עש דאך גוויש האבין, וועז דיין גיזעצטי צייט איזט אונ׳ דרויף וואלין מיר האפין אונ׳ ביטין צו דיר גרושין גאט דאז דוא אונש איין מאלט מיט דער גאולה שלימ׳ זולשט משמח זיין, אלזו פאר דאז מאלט פון דער מאטעריא[1]) בישליסין אונ׳ ווידר אן פאנגין וויא איך נון עם בתי מטה תוך קינד בעט גילעגין איזט תיך המבורג האט מאן אן פאנגין צו מומלין אליש וועז ל״ע דבר ב״מ[2]) תוך מקום ווער האט ענטליך איבר הנט גינומין דאז ג׳ או ד׳ יהודי׳ הייזיר בעו״ה זענין טמא גיווארין אונ׳ ממש אלי דיא דרין גיוועזין זיין אויז גישטארבין דאש דיא זעלבי בתים פאשט זיין לעדיג גישטאנדן איזט איין גרושי עת צרה אונ׳ אילינד גיוועזין וועז מאן רחמנא ליצלן מיט דען מתים זוא אילענד איזט אום גאנגין אלזו זענין דיא מיינשטין ב״ב מהמבורג לאלטנה גיצאגין אונ׳ דיא לייט האבין גיהאט פאר איזה אלפי׳ ר״ט וואור אינין מנקין גיוועזין משכנות מן י׳ ר״ט עד ל׳ ר״ט וגם ק׳ ר״ט דען וועז מאן תוך מו״מ איזט גיוועזין עם משכנות האט מאן מוזין זוא וואול לינין משכנות מן ח׳ שי׳ אליש משכנות מן ד׳ ר״ט אלזו איזט דער דבר ב״מ אים גנצין מקום גיוועזין אונ׳ מיר האבין קיין מנוחה גיהאט פאר דען פאלק חאטשי דאז דאז מיר גיוואושט האבין דאז טמא זענין האבין מיר דאך אינין מוזין אירי משכנות צו ליזין געבין אונ׳ וועז מיר שוינט ווערין לאלטנה גיצאגין, ווערין זיא אונש דאר נאך קומין, אלזו האבין מיר זיך

---

1) von der Materie = von diesem Gegenstande 2) mummeln [= munkeln], als wenn, behüte (= לא עליכם) die Pest בר מנן.

טייליש האבין נעביך אל דאז איריגי פאר קאפין[1] הויז אונ
הויף אונ׳ אליש גיהויפט[2] דאז זיא אלי יום זולין ערליזט ווערדין,
חמי ע״ה האט צו האמיל גיוואונט אלזו האט ער משם עוקר
דירה גיוועזין אונ׳ זיין הויף אונ׳ הויז וכלי בית מלאה כל
טוב אליש שטיהן לאזין אונ׳ איזט לק״ק הילדסום גיצאגין צו
וואונין אונ׳ האט אונש לכאן המבורג ב׳ גרושי פעסיר מיט
אליר הנט לייניג צייק גשיקט אונ׳ דרין איזט גיוועזין פון אליר
הנט עסין שפייז כגון ערביזין [בונין] דערפלייש[3] אונ׳ זונשטין
אנדרי גראמפילשפייז פון קוועטשיך שניץ[4] אליש זוא וואש
זיך וואריז[5] קאן, דען דער גוטי מאן ע״ה האט גידאכט מאן
ווערט כפשוטה מן המבורג לארץ הקדושה פארין, דיזי פעסיר
זענין וואול יותר אליש א׳ שנה בביתי גישטאנדין ענטליך
האבין זיא מוראה גיהאט דער פלייש ושארי זאכין ווערין
מכולה גין האבין זיא אונש גישריבן זולין דיא פעסיר אויף
מאכין אונ׳ וואש עסין שפייז איזט הרויז נעמין, דאש דאש
לייניג ניצייק ניט מכולה ווערט אלז עש וואול ג׳ שני
גישטאנדין אונ׳ אליש גימיינט זולטי עש צו זייניר רייז ברויכן
אביר דעם היכשטין האט עש נאך ניט גיפאלין, מיר ווישן
וואול דאז עש אונש דער היכשטי צו גיזאגט אונ׳ ווען מיר
גנץ פרום ווערין פון גרונד אונזיר הערטץ אונ׳ ניט זוא ביז
ווערין, זוא ווייס איך גוויז דאז זיך המקום זולט איבר אונז
מרחם זיין, דאז מיר נור זולין האלטין ואהבת לרעיך כמוך,
אביר גאט זאל זיך ארבארמין וויא מיר דאש האלטין דיא
קנאה דיא שנאות חנם דיא מנקין אונש[6] איזט דאז קאן קיין

---

1) Vgl. Schudt II, 41, נחלת שבעה II RGA. 81, Kaufmann a. a. O. 93. 2) gehofft 3) Erbsen, Dörrfleisch 4) Grämpel [= Kram] — Speise von Quetschich, d. h. wohl Pflaumenmus und Schnitz = geschnittenem Backobst 5) wahren = halten 6) unter uns.

נאך אל איר שמערטצין אונ׳ וויא טאג קומט ניקש אנדרשט אלז דאז זיא איין ווינט גיהערט, אלזו מיין גרויזר גאט אונ׳ קיניג איזט אונש אך גישעהן מיר האבין גיהערט אונ׳ אל דיין ליבי קנעכט אונ׳ קינדיר האבן זיך זער גימיט מיט תפילה תשובה וצדקה דורך דער גנצי וועלט אונ׳ דיין ליפ פאלק ישראל זענין אויף דען גיווין שטיל גיזעסין אונ׳ גימיינט נאך אל איר שווארי תשובה תפילה וצדקה דאש זיא ב׳ ג׳ שנים זיינין אין גיווין שטיל גיזעסין איזט דאר נאך ניקש אליש ווינט הרויז ניקומין לא די דאז מיר האבין דאז קינד ניט זוכה גיוועזין צו זעהין, דאר מיר זיך זוא זער אום גמיט[1]) האבין אונ׳ זוא ווייט זענין גיקומין דאז מיר אונש גנץ פאר זיכירט האבין גיהאלטין זענין מיר בעו״ה שטעקין בליבין, מיין גאט אונ׳ הער דערינטהאלבין פארצאגין דיין פאלק ישראל דאך ניט אונ׳ האפין טאגליך אויף דיין בארימהערציקייט דאז דוא זיא ארליזין ווערשט אפי׳ שיתמהמה אחכה בכל יום שיבא ווען עש דיין הייליגיר וויל ווערט זיין, זוא ווערשטו דיין פאלק ישראל שונט גידענקין, דיא שמחה וואז גיוועזין איזט ווען מאן כתבי׳ האט גיקראגין דאז איזט ניט צו בישרייבן, דיא מיינשטי כתבי׳ דיא קומן זיין, האבין דיא ספרדיי׳ ביקומן, זוא זענין זיא אלי צייט מיט אין איר בית הכנסת גנגין אונ׳ לשם גילייאיט זענין טייטשי יונג אונ׳ אלט אך אין איר בית הכנסת גנגין אונ׳ דער פורטיגיזין יונגי גיזעלין האבין זיך אלי מאלט אין איר בעשטי קליידיר אן גיטאן אונ׳ איין אידריר האט זיך איין גרינין בראטין[2]) זיידין באנד אום זיך גיבונדין דאז איזט שבתאי צבי זיין ליברייא[3]) גיוועזין אלזו זענין זיא אלי בתופי׳ ובמחולות אין איר ב״ה גנגין מיט שמחה כשמחות בית שאיבה דיא כתבים גילייאיט,

---

[1]) darum gemüht [2]) breites [3]) Livrei = Livrée.

גרויש עשירות גיקומין אונ׳ זאלכיר גרושיר מאן גיווארן איזט אלזו איזט ר׳ יודא זמן מה בדנציק גיוועזין אונ׳ גוטי מו״ם גיטאן דהיינו אליש אונטצין מרגליות גיקאפט אביר איזט ניט זער גילאפין נאך מו״ם צו דעם תוך המבורג הקורדיט נאך ניט זוא גרויש גיוועזין אלש לע״ע אונ׳ מיר זענין נאך יונגי לייט גיוועזין דיא זוא גרויש עשירות ניט גיהאט האבין, דאך האבין מיר אים פאר זעהין מיט קרודיט כתבי׳ אך לפעם ח״כ[1]) גשיקט דאז ער אן מעות קיין מנגיל גיהאט האט, אלזו ער אין ב׳ שני׳ לערך דרינן גיוועזן אונ׳ ווידר הרויז גיקומן, בעלי זצ״ל מיט אים גיחשבונת אונ׳ אים ח׳ או ט׳ מאות ר״ט רווחי׳ על חלקו גיגעבין איזט דאר מיט גיצאגין להנוביר אונ׳ זיך דאר הרומיר[2]) אויף גיהאלטין אונ׳ וואלין איין שידוך טון, צווישן דעסין בין איך אין קינד בעט קומין עם בתי מאטי ע״ה איזט גאר איין שין קינד גיוועזין וויא ווייטיר פאלגין ווערט, אין דער זעלביגי צייט האט מאן אן גיפאנגין צו רידן פון שבתאי צבי אביר אוי לנו כי חטאנו אונ׳ דאז מיר עש ניט ארלעביט האבין אונ׳ וויא מיר גיהערט האבין אונ׳ וויא מיר זיך פאשט איין גבילט האבין, ווען איך גידענק אן דער תשובה וואז פון יונגי אונ׳ אלטי גישעהין איזט דאז ניט צו ערשרייבן וויא עש ידועה ומפורסם איזט דורך דען גנצין עולם אָה רבש״ע אין דער צייט דאז מיר גיהאפיט האבין דאז דוא דיך בארים הערציגיר גאט דיך ווערשט איבר דיין ארים פאלק ישראל מרחם זיין אונ׳ אונש ארליזין, אלזו האבין מיר וואול גיהאפט אליש וויא איין אשה דיא דאר זיצט אויף דען גווין שטויל[3]) אונ׳ ערביט זיא מיט גרושי שמערטצין אונ׳ וויא טאג אפ, אונ׳ פאר מיינט נאך אל איר שמערטצין אונ׳ וויא טאג ווערט זיא מיט איר קינד ארפרייאיט ווערין אביר

---

[1]) = חלוף כתבים Wechselbriefe [2]) da herum = in dieser Gegend [3]) Gebärstuhl s. Grünbaum a. a. O. 116.

איין שדכין גיוועזין אונ׳ האט לר׳ יודא הנ״ל גירעט בת של פנחס הארבורג, נון זאלכיש איזט יוא מן המקום ב״ה ניט בישערט גיוועזין, אן וועמין עש אפ גאנגין האטווייס איך ניט אלזו איזט דיזיר ר׳ יודא זמן מה בביתי גאשט גיוועזין דען איזט מחותן עם בעלי זצ״ל גיוועזין דער ר׳ יודא איזט שני בשני עם גיסי ר׳ ליפמן[1]) גיוועזין וויא ער נון איזהו שבועות אצלינו גיוועזין אלזו האט ער אונז בכל דבר [זעהר] וואול גיפאלין איזט איין היפשיר ידעון[2]) גיוועזין אונ׳ אך היפש אין מו״מ ווישין צו רידין אונ׳ אך גאר קלוג גיוועזן אלזו זאגט בעלי זצ״ל צו מיר גליקליכי וואז דיכט[3]) דיך וועז מיר דען יונגין צו אונש נעמין אונ׳ שיקטין אין לדנציג, איך זיך אין פאר איין קלוגין יונגין אן, זוא זאגי איך לבעלי זצ״ל איך האבי אך שונט איזהו פעמי׳ דרויף גידאכט מיר מוזין דאך איינין ווידר האבין, אלזו האבין מיר מיט אים גירעט איזט ער אך תכף פרידליך גיוועזין אונ׳ קיין ח׳ יום דאר נאך איזט ער לדאנציק גירייזט, וואז ער אצלו גיהאט האט דאז זעלבי איזט גיוועזין כל אשר לו איזט בישטאנדין אין בארין שטיין לערך פאר ד׳ או ל׳ ר״ט, דאז זעלבי האט ער לבעלי זצ״ל גילאזין זאל עש אים פאר קאפין אודיר פאר ווארן נון מיין ליבן קינדר זעכט וועז דער גיטרייאר גאט איינים העלפין וויל וויא ער אויז וויניק קאן פיל מאכין אונ׳ אויז דען קטן קאפיטאל דאז ממש ניקש גיוועזין, אלזו ר׳ יודא צו זולכין

---

1) Jost Liebmann, der Hofjuwelier des grossen Kurfürsten, war der Vetter des hannöverischen Kammeragenten Leffmann Behrens, d. i. Liepman Cohen, da Lea, Liepmans Mutter, eine Schwester von Josts Vater Elieser Liepman aus Göttingen war, s. Landshuth תולדות אנשי השם p. 2.
2) über das Lehrhaus, das nachmals Jost Liebmann in Berlin erhielt, s. Kaufmann, die letzte Vertreibung 217 n. 2
3) däucht.

אונ׳ אין זיין יונגין בלויט גיוואלצט האט, זענין לייט פון הילדסום ארויז גאנגין אונ׳ אין זוא אילינדיגליך בעו״ה גיפונדין אונ׳ האבין אין תכף ארקענט דען ער גאר ביקאנט אין דער גנצי מדינה גיוועזין איזט אלזו האבין זיא משתדל גיוועזין אונ׳ תכף צו קבורה גיטאן וואש פאר צער אונ׳ וויא קלאגין[1] אין דער גנצי מדינה גיוועזין איזט קאן מאן ניט גינוגין ארשרייבן אביר וואז מאג דאז אליש העלפין זייני יונגי יארין זענין הין וועק גיוועזין, מאן האט עש פון הנוביר אונ׳ הילדסום אן אונש תכף גישריבן דען זיא האבין וואול גיוואושט דאז ער הי״ד האט חברות׳ מיט אונש גיהאט אונ׳ פאר מיינט דאש ער פיל פון אונש האט בייא זיך גיהאט, אביר ער האט ניקש בייא זיך גיהאבט אליש עטליכי ר״ט צער מעות[2], נון דאר מיר הכתבים ביקומין האבין בין איך מעוברת גיוועזין עם בתי מאטי ע״ה נון קאן מאן וואול גידענקין וואז בעלי זצ״ל אונ׳ איך האבין פאר שרעקין אין גינומין אונ׳ וואז פאר צער מיר גיהאט האבין, דען וויא שוינט גידאכט גאר איין פרומיר ערליכיר מענש גיוועזין אונ׳ מיר העטין גרושין מו״ם קענין מיט אים אן שטעלין, נון אלי דינגין וואז גישעהין איזט שטיט ניט צו ענדרין ובפרט וואז טוט פעל[3] זיין מוז מאן אליש דען העכשטין אהיים שטעהלין, אויב מאן שונט בהנוביר גם בהילדסום פיל חקירה גיהאט דאז מאן גימיינט איין נקמה צו טוהן אביר איזט ניקש פאר ריכט גיווארין, דאן דער רוצח ימ״ש איזט הין וועק גילאפין אך דאר זינטר[4] ניט ווידר גיזעהן ווארדין ה׳ ינקום את דמו עם שארי קדושים ותסידים, אלזו האבין מיר קיינין גיהאט, דען מיר צו זולבין מו״מ קענטין גיברויכן, אביר עש איזט זמן קציר אן גישטאנדין, אלזו איזט הקצין ר׳ יודא ברלינר לכאן גיקומין עם ר׳ יעקב איברין קירכהאן[5], דער ר׳ יעקב איזט

---

1) Wehklagen 2) Zehrgeld 3) Todesfälle 4) = seither, seit damals 5) ? Kirchhain.

איזט גאר איין קארגיר מענש גיוועזין דאז ער זיך ניט ניצעמט[1])
האט פון הנובר אויף הילדסום אויף דער פאשט צו פארין
אודיר פיל מעהר דאז עש המקום ב״ה ניט האט האבן וואלין
אלזו איזט ער צו פוס גנגין דען הנוביר איזט נור ג׳ מייל
וועניש פון הילדסום אלזו איזט ער לבד צו פוס גנגין
להילדסום, וויא ער פאר הילדסום קומט קיין תחום שבת
דארפון, ביגעגינט אים איין כפרי איין ווילדשיטץ אונ׳ זאגיט
צו אים יוד גיב מיר איין טראנק געלט[2]) אודיר איך ארשיס
דיך דער מרדכי הי״ד לאכיט אים אויז דען צווישן הנוביר
אונ׳ הילדסום איזט עש זוא זיכיר אליש צווישן המבורג אונ׳
אלטנה אלזו זאגיט דער שיטץ ווידר צו אים דוא יהודישיר
נבילה וואש בידענקשטו דיך לנג זאג יוא אודיר ניין ענטליך
נעמיט דער שיטץ זיין גיוועהר אונ׳ שיסט דען מרדכי הי״ד
גלייך אים קאפף הנין דאז ער שטראקס נידיר פאלט אונ׳
טוט איזט, נון איזט עש אויף דען וועג קיין רביעי׳ שעה
שטיל, אונ׳ דאך האט עש בעו״ה זוא צום שלים מזל שיקן[3])
מוזין דאז קיין עוברי׳ ושבים דאר זענין גיוועזן אלזו דער
ערליכי וואקרי רעדליכי יונגיר זיין ענד אונ׳ יונגי יארין דאר
נעמין מוזין, אונ׳ אן שטאט זיין חתנה אונ׳ ערין טאג[4]) אין
דער פינשטירני ערד מוזין קריכין אונ׳ זוא שענט לוז[5]), מיין
גאט ווען איך נאך דראן גידענק שטינין מיר מיין האר צו
בערג, דען איזט איין רעכט פרום גוט גאטיש פערכטיג קינד
גיוועזין, אונ׳ העט אים גאט זיין לעבין גיגינט וועהר ער צו
גרושי דינגין גיקומין אונ׳ ווער פאר אונש אך וואול גיוועזין
גאט דער וויים וויא הערטצליך עז מיר אונ׳ בעלי זצ״ל
גישמערצט האט, אונ׳ וואז פאר צער מיר גיטריבן וויא
ווייטיר פאלגין ווערט וויא ער נון ניט לנג דאר גילעגין איזט

---

1) gezähmt = über sich gebracht hat 2) Trinkgeld
3) = sich schicken, fügen 4) Ehrentag 5) und noch dazu
so schuldlos.

איזט איין גזר מן השמים גיוועזן דאז ער ניט גיוואלט לדנציק ציאין אונ׳ גיזאגט עש איזט קיין חצי שנה מער צו מיינר חתנה איאיר איך הין אונ׳ הער ציא גיט דיא צייט הין וועק איך וויל ציאין אין טייטש לנד אונ׳ וויל יין קאפין, זוא זאגט מיין מאן ע״ה וויא פאלשטו אויז אויף יין צו קאפין איך ביגער קיין חלק צו האבין אן דיין מו״מ מיט יין, זוא זאגט דער מרדכי הי״ד וואלט איר קיין חלק האבן דראן וויל איך לבד פאר מיין מעות קאפין, אויב בעלי זצ״ל זולכיש שונט ניט גערין גיהאט אונ׳ אים אליש אין גירעט מיט גוטין אונ׳ ביזין אביר בעו״ה אליש ניקש העלפין וואלין אונ׳ ער זיך דיא ביטריפטי רייז זוא פאשט פיר גינומן דאז אים קיין מענש האט קענין פון אפהאלטין, בעלי זצ״ל האט זיין צו קומינדרין שווערהר[1]) אן אים גשיקט אום מיט אים צו רידן פון דער שלימזלדיגי רייז אפ צו האלטין אביר אליש ניקש העלפין וואלין האט זיך דאז זוא פעשט אין זין גישטעלט דאז אים קיין מענש דאר פון האט ברעגנין קענין אונ׳ עז שייגט דאז דער גוטי מענש אנדרי האט מוזין אויז ריימן[2]) דען ווען אים גאט זיין לעבין גילאזין העט זוא וועהר אפשר ר׳ יוד׳ אונ׳ יששכר כץ צו איר עשירות ניט גיקומין וויא ווייטיר פאלגין ווערט, אלזא וויא שונט גישריבן זיך מרדכי הי״ד ניט וואלין לאזין אפ רידן אונ׳ בעלי זצ״ל אך ניט וואלין שותפות עמו אויף דען וויין האנדיל מאכין אלזו איזט ער פאר זיין רעכנונג לבד גיצאגין אונ׳ לערך ת״ר ר״ט מיט גינומין וויא ער תוך הנוביר גיקומין איזט האט ער זיין מעות לגיסי ר׳ ליפמן געבין זאל אים המעות איבר מאכין אן דען אורט דאר ער האט וואלין הין ציאין אונ׳ יין קאפין, וויא ער נון מן הנוביר האט וואלין הין וועק ציאין האט ער אויף הילדסום צו גימוזט אונ׳ הי״ד

---

[1]) seinen zukünftigen Schwiegervater [2]) Raum machen.

דאז מייניגי אך בייא גיטאן אונ׳ שרייב מיר עש ניט צום רום דאז בעלי זצ״ל קיין עצה פון קיינים גינומין אליש וואז מיר זיך יחדיו אונש ברעט[1]) האבין, באותו זמן איזט איין יונגיר גיוועזין תוך הנוביר בשמו מרדכי הי״ד איזט אצל גיסי ר׳ ליפמן גיוועזין דער זעלביגי יונגיר איזט קומין להמבורג אונ׳ בייא אונש גאשט גיוועזין, לקצר דער יונגיר האט אונז וואול אן גישטאנדיק, מיר האבין אין צו אונש גינומין דאז ער פאר אונז רייזין זאל אונ׳ וואור מיר מיינין אין הין צו שיקן דאר וואש מו״מ צו טון איזט דער יונגיר איזט אויז פולין גיוועזין, אונ׳ גאר נוט פולניש גירעט אלזו איזט ער גיצאגין לדנציק, מאחר מיר גיהערט האבין דאז לשם זאל פיל אונצין[2]) מרגליות צו קאף זיין ובאותו פעם איזט דער עיקר מו״ם פון יובלאטציא אין אונטצין מרגליות בישטאנדין אלזו האבין מיר אים איין קרודיט כתב[3]) מן איזה מאות ר״ט מיט געבין לדנציק אונ׳ אים אונטר וויזין לקצת וויא ער זאל מרגליות אין קאפין, אונ׳ ווען מיר באותו פעם זוא גיטראכט העטין בדנציק אין יובלאטציא צו פאר קאפין אליש אין צו קאפין העטין מיר פיל מער טון קענין אביר מאן איזט זוא גאר זער אויף המו״מ מן אונטצין מרגליות גיהאנגין דאז מאן קיין מו״ם זונשט גידאכט האט, אלזו איזט דער מרדכי הי״ד נאך דנציק גיצאגין אונ׳ אן גיפנגין מרגליות צו קאפין אונ׳ זיא לכאן גשיקט אונ׳ אך גאר וואול אין גיקאפט דאז שיניר ריווח איזט אן גיוועזין, דער מרדכי הי״ד איזט איין יונגיר צו זיינע יארן גיוועזין אונ׳ ניט לענגיר וואלין תוך דנציק בלייבין האט וואלין איין פרא נעמין אונ׳ איזט לכאן גיקומין אונ׳ זיך לאזין תכף איין קנס ליגין עם בת של לנג נתן ז״ל אונ׳ הקנס נור חצי שנה לאזין אויף שלאגין, בעלי זצ״ל האט האבן וואלין ער זאלי דאר וייל עד לזמן חתנותו ווידר לדנציק ציאין אביר בעו״ה

---

1) besprochen 2) Unzen 3) Creditbrief.

אונ׳ תוך המבורג גיוואונט מיר האבין אים מעות פאר שאסין[1] אונ׳ לקאפינהאגין גשיקט, לקצר איזט היינט איין מאן וויא מאן זאגט מן עשרת אלפים ר״ט ויותר וויא בתי ציפור איזט נון ב׳ שני׳ אלט גיוועזין בין איך ווידר אין קינד בעט קומין מיט מיין נתן שי׳ וואז פאר איין שמחה אליש בעלי זצ״ל גיהאט האט איזט ניט צו בישרייבן הש״י זאל געבין מיר פיל שמחות אן אלי קינדר ארלעבין זולין, אונ׳ וואז פאר איין חשובי ברית מילה בעלי זצ״ל גימאכט האט איזט ניט צו בישרייבן[2], אונ׳ דאר וויל איך נון מער בעו״ה קיין ישועה ונחמה מער האבי אליש וואז איך האף אן מייני קינדיר צו ארליבין זוא ביט איך דען גרווישן גאט זיין גינאד אונ׳ בארימהערציקייט דאר צו געבין היר מיט וויל איך נון מיין אנדיר ספר אך בשליסין אונ׳ ביט דאך אל דיא דאז לייאין[3] מיר מיין שטות אין גוטין אויז צו ליגין וויא שונט גידאכט פון צרות אונ׳ זורג גישעהן, נון מיט דער הילף דאז גרושי גאט דער מיר נאך בייא אל מיין זורג גיביט דאז איך עש קאן אויז שטיהן, ברוך הנותן ליעף כח אלזו וויל איך מיט הילף דאז העכשטין מיין דריט בוך אן פאנגין.

## סליק ספר שני.

---

ווער קאן אודיר דערף אליש שרייבן אודיר זאגין וואז אונז זינדיגי מענשין אליש בייא אונזרין לעבין פאסירט אונ׳ וואז פאר וואונדירליכי זאכין [אונז] אליש פיר קומט, איך בין לערך כ״ה שני׳ אלט גיוועזין אלזו איזט בעלי זצ״ל גאר פלייסיג אין זיין מו״מ גיוועזין אונ׳ איך אויב איך שונט נאך יונג בין גיוועזין

---

[1]) vorgeschossen [2]) F.: וואז פאר איין שמחה אליש בעלי זצ״ל גיהאט האט אונד וואז פאר איין חשובי ברית מילה בעלי זצ״ל גימאכט האט איז ניט צו בישרייבין הש״י זאל געבן מיר פיל שמחות אן אללי קינדר ארלעבין זאלין [3]) alle, die das lesen s. Grünbaum a. a. O. 43 f.

אמי תי׳ איר קינד געבין אונ׳ מיינש גינומן דאז גנטצי בית איזט דאריבר וואך גיווארין אונ׳ אין שרעקניש קומין, אביר דער נאך איזט דיא שרעקניש אין גילעכטיר פאר קעריט גיווארין אונ׳ גיזאגט בלד העטן מיר שלמה המלך ע״ה ניטיק גיהאט, אלזו זענין מיר א׳ שנה אצל אבי ואמי גיוועזין אונ׳ מיר האבין צווארין ב׳ שנים קאשט גיהאט, אביר מאחר עז אונז גאר זער ענג גיפאלין בבית אבי זצ״ל האט בעלי זצ״ל ניט לענגיר בלייבין וואלין אונ׳ ניט פון מייני עלטרין פרוטה אחת האבין וואלין פאר דען שנה מזונות, אלזו האבין מיר זיך איין יפה בית גיהייארט אונ׳ נ׳ ר״ט היאר[1]) דאז שנה געבין אונ׳ זענין [למז״ט] מיט מייט אונ׳ קנעכט אין אונזיר בית גיצאגין, וואור אונש אך דער היכשטי זוא גינעדיגליך דאר בייא ערהאלטן ביז דאטי אונ׳ וועז גאט דיא מכה ניט אויף אונש גשיקט העט דאז ער זוא גאר פריא עטרת ראשי פון מיר גינומן האלט איך ניט[2]) דאז איין גליקליכר אונ׳ ליבר פאר פאלק[3]) אים עולם ווער גיוועזין אלז מיר מאן מוז מיט אלין גידולט טראגין נור צו ביטן הש״י זאל זיך ווייטר מרחם זיין אונ׳ אונז מיט גינאדין אונ׳ בארימהערציקייט שטראפין דען זיין געטליכי גינאד איזט גאר גרויש, אלזו האבין מיר אין אונזיר אייגיניז גיוואונט אליש יונגי לייט אונש קצת קארג אונ׳ גינוא ביהאלפין דאך אליש רעכט צו זייניר צייט אונ׳ איין היפשי ערליכי הויז האלטונג גיפירט, אונזיר ערשטיר משרת דען מיר בייא אונז גיהאט האבין איזט אברהם קנטור מהילדסום גיוועזין וועלכין מיר פאר ערשט בייא אונז גיהאט די קינדיר צו ווארין[4]) איזה שני׳ לאחר זה איזט ער איזהו שני׳ פון אונז גיוועזין אונ׳ איין וויניק פאר זיך גיהאנדילט דאר נאך כאן איין אלמנה גיוועזין זאלבי גינומין, וועלכי ער ניט לנג גיהאבט אונ׳ גישטארבין, ווידר איין בתולה מאמשטארדאם גינומין

---

1) Miethe 2) glaube ich nicht 3) Paar Volk = Eheleute 4) pflegen.

איך אויף און גיפעהר אום דיא קלאג דרייא, זאגי איך לבעלי זצ"ל, וואז מאג דאז בטייטין דאז מיר דיא מייט דאז קינד נאך ניט גיבראכט האט, מיין מאן ע"ה גיזאגט דאז קינד ווערט גוויש נאך שלאפין איך אביר האב דאר מיט ניט צו פרידן גיוועזין אונ' בין אראפיר[1]) אין דער שטויב גילאפין אונ' נאך מיין קינד זעהן וואלין אונ' גיא איבר דער וויג פינד מיין קינד ניט אין דער וויג איך בין זער ארשראקין אונ' האב דאך קיין צעקה מאגין אן פאנגין דאז אמי תי' ניט זאל אויף וואכין אונ' זיך ארשרעקין אלזו האבי איך דיא מייט אן גיפאנגין צו שיטלין אונ' העט זיא גערין אין שטילים אויף גיוועקט אביר דיא מייט איזט זער פער פאפין[2]) גיוועזין איך האב הויך מוזין אן פאנגין צו צעקנין איאיר איך האב זיא קענין אויז דען שלאף קריגן, אלזו פראג איך זיא וואור האשטו מיין קינד דיא מייט וויים ניט וואז זיא רעט אויזים שלאף אמי תי' ארוואכט אך דאר איבר אונ' זאגט צו דער מאט בעו"ה וואור האשטו גליקליכיש קינד[3]), אביר דיא מייט איזט זוא פאר שלאפין גיוועזין דאז זיא קיין אנטווארט האט קענין געבין אלזו זאגי איך צו מייני מוטיר מעמה תאמר האשטו מיין קינד בייא דיר אין בעט זוא זאגט זיא ניין, איך האבי מיין קינד בייא מיר אונ' האלט עש זוא פעשט אן זיך אליש זוען מן איר דאז קינד וואלט אין וועק נעמין, אלזו פאלט מיר איין דאז איך איבר איר וויג בין גאנגין אונ' נאך איר קינד גיזעהין איזט איר קינד אין דער וויג גילעגין, אונ' זעניפט[4]) גישלאפין זאגי איך מעמי גיב מיר מיין קינד הער דיין קינד ליגט אין דער וויג, האט זיא עש דאך ניט גלאבין וואלין, אונ' איך האב איר איין ליכט מוזין ברענגין אונ' איר קינד ברענגין דאז זיא עש רעכט ביזעהין האט אלזו האב איך

---

[1]) hervor [2]) verpoffen = verschlafen [3]) Glückelchens Kind [4]) sanft.

אין קינד בעם קומין כדי זיא מיר נאך אליש זוא איין יונג קינד איין וויניק אכטונג קאן געבין, ח׳[1]) יום דער נאך איזט אמי תי׳ ג״כ מיט איין יונגי טאכטיר אינז קינד בעט קומין אלזו איזט קיין קנאה אודיר פיר ווארף צווישן אונז גיוועזין אונ׳ זענין בייא אנאנדיר אין איינר שטוב גילעגין, מיר האבין קיך מנוחה גיהאט פאר פאלק זענין קומין צו לאפין אונ׳ דאז חידוש וואלין זעהין דאז מוטיר אונ׳ טאכטיר אין איין חדר אין קינד בעט ליגין, איך מוז דאך פאר דיא לנג וייל שרייבין איין היפשין שפאז וואז אונש גישעהין איזט אום דאז בוך איין ביזילכן מיט[2]) צו פאר לענגירין וויא אמי תי׳ און איך זענין ביחד אים קינד בעט גילעגין איזט איין קלייני שטוב גיוועזין אונ׳ ווינטירש טאג געוועזין אונ׳ אבי זצ״ל איין גרויש גזינד גיהאט דאז עש אונש גאר ענג אין דער שטוב גיפאלין איזט דען נאך אליש עלטרין אונ׳ קינדיר איינר מיט דען אנדרין גערין פאר ליפ נעמין, איך בין ח׳ יום איאיר אויז דער קינד בעט גנגין אלש אמי תי׳ אליש אום דיא שטוב איין וויניק גרוימיר[3]) צו מאכין בין איך הינויף אין מיין קאמיר גנגין ליגין אביר מאחר איך נאך גאר יונג בין גיוועזין, האט אמי תי׳ ניט לײדין וואלין דאז איך בייא דער נאכט מיין קינד זאלט מיט מיר נעמין אין מיין קאמיר, אלזו האבי איך דאז קינד אין איר שטוב דאר זיא גילעגין איזט, אונ׳ דיא מייט בייא זיך גיהאט האט ליגין לאזין, אמי תי׳ צו מיר גיזאגט זולט מיך ניקש אום מיין קינד בקימרין, ווען עש היילין ווערט זולטי מיר עש דיא מייט הרויף ברענגין דאז איך אים צו זויגן גיב, אונ׳ עש דען ווידר פון מיר נעמין אונ׳ אין דיא וויג ליגן וועלכיש איך וואול בין צו פרידן גיוועזין, בין אלזו עטליכי נכט גילעגין דאז מיר דיא מייט אלי צייט דאז קינד זוא פאר מיטרנכט גיבראכט צו זויגן, איין מאלט בייא דער נכט, וואך

---

[1]) F.: ד׳ [2]) ein bisselchen damit [3]) geraumer = geräumiger.

וויא זיין פאטיר אונ׳ ברידר אך גיזועזין זיין, איך וויים וויניק ווען ער אך שונט גרושי רבני׳ זיין גיוועזין דיא איר תפילה זוא בכוונה גיטאן גלייך ער וויא מיר וואול ביוואושט איזט ווען ער ע״ה אין זיין חדר גיוועזין אונ׳ זיין תפילה גיטאן אונ׳ ווער אימיק[1]) גיקומן אונ׳ אין וואור הין גירופין דאז איין גרושי מציאה ווער גיוועזין העט איך אודיר מיין גנץ הויז גזינד קיינר דאז לב גיהאט אונ׳ צו אים גנגין אונ׳ אים וואור פון גיזאגט דאז אים באמת פעם אחת וואז פאר זוימט דאז כמה מאות הזיק גיוועזין אביר ער ע״ה אליש ניט גיאכט אונ׳ זיינים גאט זוא טרייא גדינט אונ׳ פלייסיג אן גירופין דער איהם אך אליש האט כפל כפליים ווידר איין גיבראכט שנאמר בטחו בה׳ והי׳ ה׳ מבטחו, וואז דער ליבי מאן [ע״ה] פאר איין עניו וסבלון גיוועזין איזט פינד מאן זיינש גלייכן ניט וואו אים אופט פון פריינד אונ׳ פרעמדי גישעהן אונ׳ אן גישטעלט איזט גיווארין, אונ׳ אליש מיט גידולד אן גינומין דאז איך אופט בעו״ה מיין מענשליכיש שוואכהייט דאריבר גין לאזין אונ׳ אופט און גידולדיג דאריבר גיוועזין האט ער מיך ע״ה אויז גילאכט, אונ׳ גיזאגט דוא ביזט איין נערין, איך פאר טרויא גאט אונ׳ אכט דער מענשין ריד[2]) וויניק, זיין זכות זאל אונש בייא שטין בעה״ז ובעה״ב, וויא מיר נאך המבורג קומין זיין בין איך שטראקז מעוברת גיווארין אונ׳ אמי תי׳ מיט מיר צו גלייך, השי״ האט מיר צו רעכטיר צייט גינעדיגליך מיט איין יונגי טאכטיר גיהאלפין, איך בין איין יונג קינד גיוועזין אויב מיר זולכי און גיוואונטי זאכין שונט זענין שוואר אן קומין, זוא בין איך דאך היכליך דיפרייאיט גיווארין דאז מיר דער היכשטי איין היפשיז גיזונד קינד געבין, מיין גיטרייאי פרומי ליבי מוטיר איזט אך אויף דער צייט גנגין אונ׳ אויז גירעכנים האט איין גרושי שמחה גיהאט דאז איך בין ערשט

---

1) Jemand 2) Rede.

איט המו״מ מן יובלאטציא[1]) ניט זוא שטארק פורט גאנגין אליש איצונדר אונ׳ בערגיר ותהגים אצל אינם נימולים האבין זויניק אודיר גר קיין יובלאטציא גיטראגין אונ׳ איזט דיא מודי גיוועזין דאז זיא גיטראגין האבין אייטיל גאלדיני קעטין אונ׳ ווען זיא האבין וואלין שענקין איזט זאלכיש אן גאלד גיוועזין, איבּ זאלכיש צווארין ניט זוא גרוישן ריווח אליש אן יובלאטציא גיוועזין, זוא איזט דיזוש בעלי זצ״ל זיין ערשטיר מו״מ גיוועזי דאז ער מיט זהב גיהאנדילט אונ׳ הרומיר גילאפין[2]) מבית לבית אונ׳ זהב אויף גיקאפט אונ׳ דאר נאך ווידר אן צורפי׳ געבין אודיר אן סוחרים דיא חתגים זענין גיוועזין ווידר פאר קאפט אונ׳ שינין ריווח אן[3]) גיוועזין, אונ׳ וויא וואול בעלי ז״ל זוינד אונ׳ וויא גיטאן ממש דען גנטצין יום נאך זיין מו״מ גילאפין האט ער דאך ניט פאר פעלט אלי יום זיין שיעור צו לערנין אונ׳ לנגי ליבי צייט אלי קריאת התורה גיפאסט, ביזקין[4]) ער אן גיפאנגין גרושי רייזין צו טון אונ׳ זיך בעו״ה זער אן גיפאנגין אפ צו מארטירין[5]) דאז ער ע״ה בימי נעוריו גאר קרענקליך גיוועזין אונ׳ פיל גידאקדירט[6]), אונ׳ דאר בייא זיך נערגינץ אין גישונט אונ׳ גרושי טריוואליא[7]) גיטאן דאז ער אשתו ובניו האט בכבוד מפרנס גיוועזין אונ׳ איזט זולכיר ליבר גיטרייאר פאטיר פאר אשתו ובניו גיוועזין דיא מאן זויניק גלייכענס פינדיט, אונ׳ אשתו ובניו זוא אויז דער וייז גליבט דאז פיל [ווער] דאר פון צו שרייבן אונ׳ דער מזג טוב האט קיין דמיון גיהאט איזט כל ימיו נאך קיין מנהיגי׳ שבעולם גישטאנדין אדרבה זיך גנץ דאר פון מונע גיוועזין אונ׳ דען גנטצין עולם אויז גילאכט ווען ער גיזעהן האט וועלכי לייט דיא זוא זער נאך זאלכי זאכין זענין גישטאנדין לקצר ער איזט איין רעכטיר אויז בונט[8]) פון איין פרוימן יהודי גיוועזין

---

1) Juwelen 2) umhergelaufen 3) daran 4) bis gen = bis 5) abzumartern 6) gedoktert 7) travail = Mühe 8) Ausbund.

נישטעלט כדי איר ווישן קענט פון וואש פאר לייט איר הער זייט נון לאחר חתנותי בין איך עם בעלי זצ״ל א׳ שנה בהאמיל גיוועזן אונ׳ אונזיר טוניש[1]) לשם גאר וויניק גיוועזין, דען האמיל איזט קיין אורט פון האנדיל שאפט גיוועזין, האבין מיר מו״מ מיט כפרי׳ אונ׳ משכנות גיהאט וואור אין זיך בעלי זצ״ל ניט לאזין וואלין, אונ׳ זייני גידאנקין זענין פון דער ערשטי שעה אליז מיר חתונה גיהאט ניט אנדרשט גיוועזין אליש להמבורג צו וואונין ציאין כשנאמר[2]) בדרך שאדם רוצה לילך מוליכין אותו, דער גרושי גיטיגי גאט העט אונש אך רעכט אונ׳ וואול גפירט, וואן מיר נור עטרת ראשינו העטין ביהאלטין, נון ה׳ נתן וה׳ לקח וואש ניט צו ענדרין איזט מוז מאן זיך גידולדין, אליין נון דאז שנה לאחר חתנותינו איזט אויז גיוועזין האט בעלי זצ״ל ניט לענגיר בהאמיל בלייבן וואלין הגם חמי וחמותי ז״ל אלי ביידי גערין גיזעהין דאז מיר ווערין תוך האמיל גיבליבן אונ׳ אונז איר הויז אונ׳ הויף וויא עש דאר שטיט אן פריזינטירט אביר בעלי זצ״ל ניט גיוואלט אלזו זענין מיר ברצון הטוב מחמי ומחמותי ז״ל לכאן המבורג גיצאגין, מיר זענין בידי נאך יונגי און גיניטי[3]) קינדר גיוועזין דיא וויניק אודיר ניקש פון מו״מ גיוואוסט וואז אין המבורג דינליך גיוועזין אביר דער גרושי בארימהערציגי גאט דער בעלי זצ״ל גיפירט האט מבית אביו ומלדתו איזט אים אלי צייט טרייאליך בייא גישטאנדין אונ׳ גיהאלפין ברוך ה׳ על כל הטובות שעשית עמנו, וויא מיר נון זענין בהמבורג קומין זוא האט אונש אבי זצ״ל ב׳ שני׳ מזונות פאר שריבן אונ׳ מיר זיינין אצלו גיוועזין, נון בעלי זצ״ל אלש איין פרעמדיר מאן דער אין איין אורט קומיט אונ׳ גאר פון ניקש וויים זוא האט ער זיך [דאך] אום גיזעהין וואז פאסירט, ובאותו זמן

---

1) Thuniss = Geschäft 2) Maccoth 10 a 3) unerfahren.

קינד גיוועזין מהור"ר איציק זצ"ל וועלכן איך ניט גיקענט האט בק"ק פרנקפורט גיוואונט וואז דאז פאר איין נשמה טהורה איזט גיוועזין אונ' וואז פאר איין למדין וויל איך דיא לאזין פון יודיצירין[1]) דיא אין גיקענט האבין לא קם כמותו איזט אך ניט אלט גיווארין איבר נ' שני' ניט איזט אין עושר זכבוד גישטארבין ובשם טוב האט ממש יום ולילה גילערנט זמקיים גיוועזין והגית בו יום ולילה, זיין פיניפט קינד איזט גיוועזין בתו אסתר[2]) ע"ה וואז דאז פאר איין אשה חשובה וצנועה גיוועזין איזט ניט לכתוב אונ' וואז זיא זיך ע"ה גניט האט אונ' ניט מתרעם גיוועזין אליש מיט גידולד ארליטין עד שיצאת' נשמתה הטהורה ווער וואול פון דער אשה צנועה פון אירי מעשי' אונ' גידולט פיל צו שרייבן אביר יפה שתיקתי מדיבורי גינוגין דאז עש וועלטקונדיג איזט וואז זיא פאר איין אשה חשובה גיוועזין איזט, זיין זעקשט קינד איזט גיוועזין ר' ליב בון איין אדם חשוב דער זעלבי צוואר קיין גרושיר למדן גיוועזין אביר דאך איין שיניר יודע ספר גיוועזין אין וואקריר מאן איזט לנגי צייט פרנס אין דער קעלישי[3]) מדינה גיוועזין האט צו בון גיוואונט אביר גאר יונג גישטארבין תוך עושר וכבוד, זיין זיבינד קינד איזט בתו חנה[4]) ע"ה גיוועזין איזט וואול בייא[5]) חנה צו פאר גלייכן גיוועזין. נאך איין וואקיר פרום מענש אך בנערותיה בעו"ה גישטארבין אביר קיין עשירות גילאזין, דאז אכטי קינד איזט אייער ליבר גיטרייאר פאטיר זצ"ל גיוועזין וויל מיך היר ניט פיל פון אים אויף האלטין וערט זולביש שוין במקומו פינדין, מיין ליבי קינדר שרייב אייך דאז אויב היינט אודיר מארגין ווערין קומין אייאיר ליבה קינדר אודיר עניקליך אונ' אירי משפחה ניט קענין זוא האב איך זיא אייך דאר אין קארטצין אויף

---

[1]) darüber urtheilen [2]) verheirathet an Löb Hannover [3]) kölnische [4]) verheirathet an Jakob Speier [5]) = zu.

קומי' אויז גריכט, דאז הנוביר איזט איין מעכטיג ישוב גיוועזין דאז זיך דער ר' זלמן גנז זער משמח גיוועזין אונ' אין גרויש עשירות קומין, אביר דיא שמחה האט ניט לנג גיווארט אונ' ער אין זיין בעשטי יונגי יארין גישטארבן איזט איזהו שני' אלמנה גיזעסין אונ' קיין מאן ווידר נעמן וואלין, ווייל זיא איין יונגי וואקרי פרא גיוועזין אונ' גיסי הקצין ר' ליפמאן[1] דיא מערכה גיהאט דאז פאר אים ר' זלמן גנז האט וויכין מוזין אונ' דאז ער גיסתי יענטה גיקראגין האט איז ער דער מאן ניט גיוועזין דער ער איצונדיר איזט, אביר דער גרושי גאט דער מרי' ומשפיל איזט אליש אין זיינר גיוואלט, אונ' חמי זצ"ל דעם דאז [ישוב] הנוביר כמה מאות גיקאשט אונ' גרושי טרחה גיהאט ער זעלבי צו וועגין גיבראכט אונ' גימיינט זולכיש [זולטי] פר זייני קינדר זרע זרעו אויף עולמות זיין אביר פאר וועם האט דער גוטי מאן כל עמל ויגיעה גיטאן פאר פרעמדי שנאמר ועזבו לאחרים חילם נון מה לי לכתוב עש איזט אליש וויא [עש] דען ליבן גאט גיפעליג איזט נון ודי בזו, חמי ז"ל זיין דריט קינד האט גיהייסן מהור"ר שמואל האט אך תוך פולין גילערינט, אך איין אשה גינומין איין גרושי מיוחסת איין גרוישן רב זיין טאכטיר אביו האט גיהייסן מהור"ר שלום איזט תוך לעמבורג אב"ד גיוועזין לקצר איזט אך תיך פולין גיוועזין אונ' ג"כ אין דער מלחמה הרויז גיקמן אונ' אך ניקש מיט גיבראכט, אלזו אין חמי זצ"ל ג"ב זמן מה עם אשתו ובניו אויז גיהאלטין דאר נאך איזט ער פאר איין אב"ד תוך הילדסום אויף גינומין ווארדין וואז זאל איך פיל שרייבן וואז דאז פאר איין חסיד אונ' איש קדוש גיוועזין איזט קאן איך ניט בישרייבן האט ממש הרגע מן מיתתו גוויסט דאר וויס נון גנץ הילדסום פון צו זאגין, דאר נאך איזט זיין פירד

---

1) Leffmann Behrens; vgl. Kaufmann, Samson Wertheimer 86 n. 1.

עשירות וויניק ביקומן אלזו ער תוך קנטור[1]) גנגין אונ׳ גיזעהין ער ביקומן האט קיסטכן מיט שטרות כ״י דען ער האט גימיינט העט רעכט דאר צו אביר מה לי להאריך ווערין מיר כ׳ בינין פאפיר ניט גינוגין וואן איך אליש וואלט שרייבן וואז היראינין פיר גאנגין איזט, ר׳ פייבש האט למחרות זיין קיסטכן מיט כתבי׳ גימיזט, אונ׳ תכף אויף בנו חורגו גיטראכט אלזו האבין אן גיפאנגין צו צנקין אונ׳ חמי זצ״ל אי״ט מיט אין צאנק גיקומן אונ׳ עש האט חמי אונ׳ ר׳ פייבש ג״כ איין אידרין יותר אליש ב׳ אלפי׳ ר״ט גיקאשט דען האבין כמה שני׳ גיצענקט אליש פאר שררות אונ׳ ממש איינר דען אנדריק אויף דאז חיות גנגין פעם האט דער ר׳ פייבש חמי זצ״ל תפוס ביקומן אונ׳ אופט האט חמי זצ״ל דען ר׳ פייבש תפוס ביקומן[2]) דאז האט זוא לנג גיווארט[3]) דאז זיא בידי האבין קיין מעות גיהאט, דאך האט עש חמי זצ״ל קענין בעשיר אויז שטין, לבסוף האבין זיך לייט דרין גליגט אונ׳ האבין רבני׳ אונ׳ דייני׳ מק״ק פרנקפורט לאזין קומין דיא זולין דיא זאך אויז מאכין, נון דיא זענין קומן אונ׳ זמן ארוך דיא צייט צו גיבראכט אונ׳ ·דאך ניקש אויז גריכט אך ורק גרויש מעות דאר פון גיבראכט איזט איינר פון דיא דיינים גיוועזן פון דיא גאלהייזיר[4]) האט זיך פון דען מעות דאז ער מיט גיבראכט האט איין שין חדר לאזין מאכין אונ׳ דארין לאזין איין גנז מאלין אונ׳ בייא דער גנז זענין וואול דרייא אודיר פיר רבנים מיט הארטץ קאפין גישטאנדין אונ׳ איין אידריר האט דער גנז איין פעדיר אויז גירישן, דאר נאך האט חמי זצ״ל חתנו ר׳ זלמן גנז ובתו יענטי פון מינדין היך וועק גינומן אונ׳ זיא ותוך הנובר גיזעצט אונ׳ נאך פאר איין קינד ג״כ

---

1) Kantor = Comptoir 2) Vgl. die ausführliche Darstellung dieser Vorgänge in Anhang 1 3) gewährt 4) Gelnhäuser; vgl. Horovitz, Frankfurter Rabbinen II, 1 n. 2.

האט ער חרטה גיהאבט אביר חמי זצ״ל זוא גאר איין וואקריר
מאן גיוועזן אונ׳ וואז גישעהין איזט ניט צו ענדרין אלזו עש
זיין פאר בלייבין דאר בייא גיהאט, דער חתן אונ׳ כלה זענין
נאך גאר יונג גיוועזין אלזו האט דער ר׳ זוסמאן גנז זיין זון
אין פולין גשיקט צו לערנין, קורטץ דאר נאך איזט דער ר׳
זוסמאן גנז ע״ה גישטארבין אונ׳ קייני פריינד גיהאט דיא גאך
זיין עזבון גיזעהן האבין אלזו זיין עושר צו קול אונ׳ ניבט[1])
גנגין דעם ר׳ זוסמאן ע״ה זיין אלמנה האט איין אנדרין מאן
גינומין האט גיהיישן ר׳ פייבש[2]), נון לאחר איזה שני׳ איזט
דער חתן ווידר אויז פולין גיקומין אן שטאט דאז חמי וחמותי
ע״ה האבין גימיינט דאז איר חתן זאל האבן כמה אלפי׳ האט
ער בדוחק איזה מאות גיהאט, נון האט חמי זצ״ל השידוך
וואלין לאזין אפ גין אביר חמותי תי׳ עז ניט לידין וואלין,
היתום ניט וואלין בחרפה מאכין, אונ׳ חתנה גימאכט אונ׳
תוך מינדין גיוואונט איזהו שני׳ דאר האט ר׳ פייבש זיין
פרא איין זון אויז געבין וועלכין זיא מיט ר׳ פייבש גיהאט
אלזו זענין זיא אויף דען שפין האלטץ[3]) גיוועזין זענין מעכטיגי
כלים על השולחן גישטאנדן[4]) אונ׳ גרויש עשירות זעהן לאזין
דער ר׳ זלמן גנז חתנו של ר׳ חמי זצ״ל האט גיזעהן דאז
גרויש עשירות אונ׳ אפשר פיל כלים גיקענט דיא אביו ר׳
זוסמאן גנז גיוועזין זיין אונ׳ ער האט פון אל זיין פאטיר

1) zu Kohle und Nichte 2) Phöbus b. Senior, nach dem Memorbuche von Minden gestorben 1682, s. Löwenstein in Zeitschrift für die Geschichte der Juden in Deutschland I, 195 3) Ueber Spinnholz, den Freitagabend vor der Hochzeit, s. Zunz, gottesdienstliche Vorträge 2 457 n., Berliner, Aus dem innern Leben der deutschen Juden p. 26 n. 127. Isidor Loeb in Annuaire de la société des études juives I, 89 n. 1 = Güdemann a. a. O. 119 n. 8. 4) über dieses Aufstellen s. Schudt IV, 3, 84.

שטערבין האט זיא בתה אשת של גיסי מהור"ר אברהם
לאזין צו זיך הולין אונ' גיזאגט, מיין ליבה טאכטיר איך ליג
אין גאטיש גיוואלט אונ' ווער שטערבין ווען איך איין זכות
ווער פאר השי"ת האבין זוא ווער איך אויז בעטן דאז דוא
ווערשט קינדר האבין, אלזו איזט זיא גישטארבין איזט גאר
אין חשובי פרומי פרא גיוועזן לאחר מותה איזט גיסתי סולקה
אשת מהור"ר אברהם טראגין ווארין אונ' צור רעכטיר צייט
איין בת גיוואונין אונ' זעלבי נאך איר מוטר שרה לייאן[1])
לאזין ז' שנים דאר נאך האט זיא איין זון גיקראגין, ועלכיר
שמואל גיהייסן עש וועהר פיל פון דען מאן צו שרייבן, חמי
זצ"ל האט אין להנוביר גיזעצט איזט דאר גאר וואול גיזעסין
אביר איזט פון הנוביר הין וועק גינארט[2]) גיווארין להאמיל צו
וואונין דאר זיין אונ' זייני קינדר כליון בעו"ה פון[3]) קומין איזט
מאן האט אים פיל צו גיזאגט אונ' חברותה מיט איין גימאכט
אביר ניקש גיהאלטין ווארין, השי"ת זאל עש דען יעניגי מוחל
זיין, גיסי מהור"ר אברהם איזט ע"ה איין גרושיר למדן גיוועזין
אונ' חכם מחוכם אביר גאר וויניק גירעט אביר ווען ער גירעט
האט איזט דער הבל שיוצא מפיו לויטר חכמה גיוועזין האט
מאן פרייא מעגין צו הערין ווען ער וואז גירעט האט, ווער
אפשר נאך יותר פון אים מזכיר זיין, דאר נאך האט ער איין
טאכטיר גיהאט זעלבי האט גיהייסן יענטה חמי זצ"ל האט
זיא בנעורה פאר קנסת[4]) עם בנו של ר' זוסמאן גנז וועלכיר
גיוואונט האט תוך מינדין אן דער וועזיר, דאז זעלביג מאלט
דער ר' זוסמאן גנז ע"ה איין שם גיהאט דאז ער מאה אלפי'
איזט רייך גיוועזן אונ' חמי זצ"ל אונ' דער זוסמאן גנז איבר
דער צעך גיזעסן אונ' שידוך אין שבורת גימאכט אונ' דען
אנדרין יום דאר דער ר' זוסמאן גנז ווידר ניכטירן גיוועזין

---

1) nennen 2) getäuscht 3) davon 4) verlobt; vgl. Güdemann, Geschichte des Erziehungswesens und der Cultur der Juden in Deutschland 119 n. 2.

פאר וואונט, מאן האט זיא אין מקום היניין גיבראכט תכף דאקטורים אונ׳ באלבירירש הולין לאזין, אלזו דיא רופאים דען חתן אונ׳ דען מהור״ר משה פאר לעבינדיג אן גינומין אונ׳ דען משרת גישאסין יאקב פאר טויט גיפארליך גיהאלטין אביר לאחר ב׳ ימים זענין זיאביידי גישטארבין אונ׳ דער גישאסני יאקב דאר פון גיקומין, וואור פון ער דען שם ביקומין דאז מאן אים דען גישאסנין יאקב האט גיהייסן, וואז נון פאר צער אונ׳ אילינד בייא דען ביטריפטין עלטרין ווערט גיוועזין זיין איזט לייכט צו דענקין, נון אויב מאן שוין פיל אן גישטעלט אן פילין בלאטצין[1]) דאז מאן גימיינד איין נקמה צו טון איזט עש דאך אליש בחנם גיוועזן אונ׳ קיינין נקמה ניט גישעהן הש״י ינקום את דמם, דער אנדרי זון האב איך גיקענט איזט מלא תורה גיוועזין כפלת הרימון, חמי זצ״ל האט איהן בחור ווייז לפולין[2]) גשיקט האט גילערינט אונ׳ איין מעכטיגין שם גיהאט אלז ער לשם איין חתן גיזוארין אונ׳ תוך פוזנה איין חשובן שידוך גיטאן עם ר׳ חיים בועז מפוזנה זיין בת, לאחר חתנותו גאר פלייסיג גילערניט אונ׳ הולך ומתגבר גיוועזין דאז ער איין גרושיר חשוב בק״ק פוזנא איזט גיווארין אביר לאחר איזהו שנים אליש המלחמה עם חאמעל[3]) גיוועזין דאז גנץ פולין אונ׳ אלי קהילות אונ׳ גרושי גזירו׳ גיוועזן איזט ער עם אשתו ובת אחת בעירום ובערי׳ ובחוסר כל הרויז לחמי קומן דיא טאכטיר דיא ער גיהאט האט איזט ממש בנס גיבוהרין דען ער האט י״ז שני׳ עם אשתו חתנה גיהאט אונ׳ קיין קינדר עבה גיהאט אלזו איזט המותו קראנק גיוועזין אונ׳ זולין

---

[1]) Plätzen [2]) Menachem Mann Amelander שארית ישראל c. 32 ed. Amsterdam f. 124 b berichtet: אין דיא צייט ווארן אין פולין זער גרושי לומדים דארום איז דיא גוואונהייט גקומן דש מן דיא קינדר אויש אלי מדינות האט גשיקט נאך פולין צו לערנן [3]) Bogdan Chmielnicky, s. Perles, Geschichte der Juden in Posen p. 58 n. 87.

גרויש נחת רוח מן חמי החסיד זצ״ל גיהאט האבי אונ׳ מן חמותי
ע״ה זענין זוא גאר חשיבי פרומי לייט גיוועזין אונ׳ מיך זער
וואול גיהאלטין מער אליש איך בין ווערט גיוועזין וואז קאן אודיר
זאל איך פיל שרייבן מן החסידות וצדקו׳ של חמי וחמותי ז״ל
אונ׳ וואז פאר איין וואקריר מאן ער ע״ה גיוועזין איזט כמלאך
אלקי׳, עז איזט ידועה לכל בני אדם וואז האמיל קיגן המבורג
איזט אונ׳ בין איין יונג קינד גיוועזין דאש אין אלין וואול
לושט איזט אויף ארצאגין אונ׳ אין מיינר יוגינט פון מיין
עלטרין פריינד אליש ביקאנטין, אויז זוא איין מקו׳ אליש
המבורג איזט אויף איין ישוב דאר נאר שני ב״ב גיוואונט,
אונ׳ האמיל אן זיך זעלבשטין איין לומפין און לושטיג[1]) אורט
איזט, אביר דאז אליש ניט גיאכט, דען נחת רוח וואז איך
גיהאט האבי מחמי זצ״ל ווען ער למחרת אום קלאג ג׳[2]) איזט
אויף גישטאנדין אונ׳ אין זיין שול ראק איזט גיזעסין אונ
גיברומט זולכיש איזט דיבט אן מיין שלאף קאמיר גיוועזין
האבי איך גנץ המבורג פאר געסין וואז דאז פאר איין איש
קדוש ע״ה גיוועזין איזט. זיין זכות זאלין מיר אלי גניסין אונ׳
זאל זיך דאך פאר המקום ב״ה במיאין[3]) דאז ער אונש ווייטיר
קיין צרה זאל צו שיקן אונ׳ דז מיר ניט זולין לידי חרפות
ובזוי ועבירות קומין, עז איזט אך צו זעהן גיוועזין אן זיין
פרומי חשובי קינדר דיא ער ע״ה גיהאט האט, זיין עלשטיר
זון איזט איין בחור חשוב גיוועזין האט ר׳ משה גיהיישן
איזט מיין חתן גיוועזין אלזו איזט ער מיט מהור״ר משה איין
אדם חשוב אונ׳ איין משרת האט גיהיישן דער גישאסני
יאקב נאך זיין חתנה גיצאגין אונ׳ איר נדוני׳ מיט גינומן וויא
זיא זיין גאהנט בייא ברעמיר טפערט[4]) גיקומין זענין גזלנים
איבר זיא גיקומן אונ׳ ביגזלת אונ׳ אל דרייא אויף דאז חיות

---

1) lumpen unlustig = armseliger, freudloser Ort; über lumpen als adj. s. Grimm VI, 1295 2) um 3 Uhr 3) bemühen 4) Bremervörde.

דאז איזט צור זעלבי צייט איין גרושי נדוני׳ גיוועזין אלזו
איזט עש קיגן חתנות גנגין זוא האט אבי זצ״ל איין שליח
גידונגין דען האט מאן דען פיש גיהיישן, דעם זעלבין האט
מיין פאטיר מיין נדוני׳ אויף זיין פוקיל[1]) געבין צו טראגין נאך
שטאט הגין[2]) דאר האט מיין שווערר[3]) נתן שפאניער ע״ה
גיוואונט אונ׳ איך אונ׳ מיין שליח פיש האבין אונש אויף
אונזיר פים גימאכט אונ׳ נאך שטאט האגין גנגין, באותו פעם
איזט ר׳ ליב וועלכין איך אין מיין ערשטין בזוך גידאכט תוך
שטאטהאגין גיוועזין דען ער איזט ג״כ חתנו של חמי זצ״ל
גיוועזין, וויא איך נון ניט ווייט פון שטט האגין בין גיקומין,
אלזו איזט הצעקה גיקומין דאז דער חתן ניט ווייט וועך אלזו
ר׳ ליב ע״ה מיט זיין חברות׳ ארויש גריטן דעם חתן אנטקיגן
אונ׳ דער ר׳ ליב איזט פון הילדסום[4]) גיוועזין פון לייט דיא
זיך אלי צייט גאר פרעכטיג גיהאלטין האבין, וויא ער נון
צום חתן קומט טרעפט ער אין מיט זיין שליח דען פיש בידי[5])
צו פוס אן, אלזו קומט ר׳ ליב ע״ה ווידר היניין צו רייטין
אונ׳ זאגט דער כלה דאז בעטין ברויט[6]) פריידכן זיין חתן קומט
אויף איין פיש צו רייטין, דאר איך לע״ע וואול קען אויף גוטי
פפערט רייטין דארום ביט אייך דאר איבר ניט און גידולדיג
צו זיין דאז אלזו דיזיר רוגז אין אייטיל גילעכטיר אונ׳ פריינט־
שאפט אפ גילאפין אונ׳ החתנה תוך ששון ושמחה איזט נגמור
גיווארין, לאחר חתנותי איזט אבי ואמי ווידר אהיים גיצאגין
איך בין איין קינד נאך ניט י״ד שני׳ אלט גיוועזין אונ׳ מן
אבי ואמי אין פרעמדי לנד בייא פרעמדי לייט זיין מוזין,
אביר איזט מיר אליש ניט שוואר אן קומין דאר איך זוא גאר

---

1) Buckel = Rücken 2) Statthagen 3) Schwiegervater 4) Hildesheim 5) beide 6) das Botenbrod = die Nachricht s. Zunz, Ges. Schriften III, 288 und Grünbaum a. a. O. p. 99 f.

קאן זוא קוטשין האבין אלז וויא אין המבורג אויף וויניגשטין האט זיך אמי ת״י גידאכט דאז חמי שי׳ ווערט איין קוטש שיקן דאז הכלה מיט איר לייט אין[1]) קאן פארין אביר דען דריטין טאג זענין דרייא פיר פויארין ווענין גיקומין דיא האבין פפערט גיהאט דאז ניטיג ווער גיוועזין מאן העט זיא אויף דען וואגין גילינט, נון אויב אמי ת״י איזט לקצת ברוגז גיוועזין האט זיא עש דאך ניט ענדרין קענין אלזו האבין מיר זיך בשם אלהי ישראל אויף דיא פויארין וועגילכיר גיזעצט אונ׳ להאמיל גיקומין, לעת ערב האבין מיר איין גנצי סעודה גיהאט, וויא חמי זצ״ל וחמותי וואקרי לייט גיוועזין זיין אונ׳ וויניק ר׳ יוסף האמיל זצ״ל גלייכניש גיהאט, אלזו האט חמי זצ״ל איין גרויש גלאז מיט וויין אמי ת״י צו גיטרונקין אמי ת״י האט נאך אליש קטן רוגז גיהאט דאז מאן קיין קוטש אנטקיגין גשיקט[2]), חמי זצ״ל האט דען רוגז גיוואושט אונ׳ וויא ער ע״ה איין ליפליכר[3]) וואקריר מאן גיוועזין אונ׳ גרושיר קטוב[4]), אלזו זאגט ער לאמי ת״י הערט צו מיין ליבי מחותנת איך ביט אייך זייט ניט ברוגז האמיל איזט ניט האמבורג מיר האבין היר קיין קוטשין אונ׳ מיר זענין שלעבטי לאנדיש לייט[5]), איך וויל אייך פאר צילין וויא עש מיר גאנגין איזט, דאר איך בין איין התן גיוועזין אונ׳ אויף מיין חתנה גיצאגין, מיין פאטיר האט גיהיישן שמואל שטאקירט[6]) איזט פרנס הוך גנץ העסין גיוועזין אונ׳ איך בין איין חתן גיוועזין מיט מיין פריידכן נתן שפאניערש טאכטיר האב צור נדוני׳ גיקראגין ב׳ אלפי׳ ר״ט אונ׳ אבי זצ״ל האט מיר ט״ו מאות ר״ט פאר שפראכין

---

[1]) darinnen [2]) entgegengeschickt [3]) löblicher [4]) Witzling von קטבות = כתובת Scherzräthsel vgl. Zunz, Literaturgeschichte der synagogalen Poesie p. 497, Kaufmann in Berliners Magazin XVI, 58 f. und Perles, Beiträge zur Geschichte der hebr. Sprache 177 [5]) schlichte Landleute [6]) Stuttgart.

איר משפט פאר דען היכשטין מוזין אויז שטיהן, זוא וויל איך זיא אך ניט נענין עש איזט גינוגין מפורסמי׳ אין אונזיר קהילה ווער זיא גיוועזין זיין, אביר ה׳ הפר עצת רשעים ואלהי׳ נצב בעדת אל, אלזו האלופי׳ פרנסי׳ ומנהיגי׳ אליש׳ בס״ד גידעמפט אונ׳ לקאפין האגין להמלך יר״ה גיצאגין אונ איהם אליש בריכט והמלך יר״ה איזט איין גרושיר חסיד גיוועזין אונ׳ אוהב מן הישר דז אליש ת״ל וואול איזט פאר ריכט גייוארין אונ׳ המקום ב״ה רשעים משפיל גיוועזין אפי׳ ניט פיל מעות גיקאשט דען זיא האבין איר קהל אונ׳ יחידים גישוינד[1]) כבבת עיניהם, דאז זיא ניט אין חיובה זענין גיקומין האבין זיא איזהו מאות ר״ט גיטיק גיהאט האט הפרנס אויז גיטאן[2]) אונ׳ אחת לאחת ווידר ביקומן, כדי עש קהל איזט ניט בישוועהרליך גיפאלין מיין גאט ווען איך מיך רעכט בידענק זוא איזט דאז זעלביגי מאלט זוא איין גליק זעליג לעבין גיוועזין, פאר[3]) דען איציגין צו שטאנד אויב דיא לייטביר שונט באותו פעם ניט דיא העלפט גיהאט האבין וואז :״א לייט גאט גין זיא[4]) לע״ע האבין, המקום זאל עש איהנין מערין אונ׳ ניט מינרין[5]) ביםיהם ובימינו תושיעה יהודה וישראל ויגאלינו, לאחר זה בין איך נאך איין בת ניט י״ב שני׳ אלט גיוועזין האט מיך אבי זצ״ל פאר קנסת אונ׳ לערך ב׳ שני׳ אין קנס גנגין מיין חתנה איזט תוך האמיל גיוועזין אבי ואמי זענין מיט מיר על החתנה גיצאגין, מיר זענין עם ב׳ מנינים גיוועזין באותו פעם איזט נאך ניט גיוועזין דז עש זיא מיט דען פאשטין[6]) גיוועזין איזט אלזו האבין מיר מוזין פון כפרים עגלות הייארין[7]) ביז קין הנוביר, אונ׳ מיר האבין תכף אלז מיר זיינין להנוביר קומין להאמיל גושריבן זולין אונש וועגין שיקן להנוביר אמי ת״י האט פאר מיינט, דאז מן תוך האמיל

---

[1]) geschont [2]) ausgelegt [3]) im Verhältniss zu [4]) Gott gönn' sie = ihnen [5]) mindern [6]) Postwagen [7]) miethen.

ניקש געבין קאן, זוא ווערט גאט זיינר אך צו גוטין גידענקין אונ׳ אין בהיטן פאר אלין ביזין אונ׳ אונז אונזרין שווארין לנגין גלות ארליזין, אונ׳ אונש ברענגין אין ארץ הקדושה הינייך. זוא ווערין אלי טרויאריגי הערטציר ארפרייאיט זיין, זולכיש טוא איך שרייביר ביגעהרין, איך האף הש״י ווערט זיך מרחם זיין אונ׳ איין מאלט אונזיר ביט גיווערין, אונ׳ יוען מיר ווערן פרוים וויא מיר זאלטין, זוא טעט גאט וויא מיר ווָאלטין, אביר דאר וויל אונזיר זינד זיינין נאך צו גרויש אונ׳ אונש נאך ניט רעכט לייט, זוא מוזין מיר וואול ווארטין פון גאט דיא גיזעצטי צייט, דיזוש מעשה האב איך אין איין ספר גישריבן וועלכיש איין אדם חשוב האט גימאכט איין פרעגיר בשמו.. ווידר צו אונזרין צוועק צו קומן אונ׳ וויטיר פון אבי זצ״ל צו שרייבן ווערין מיר ד״[1]) בעגין [ניט] צו פיל ער ע״ה האט שטעטש גיטראכט זייני קינדיר אויז צו נעבין מיט עהרליכי לייט אונ׳ דאריבר מער כפי יכלתו גיטאן אונ׳ אך דיא חשובשתי שידוכי׳ צור זעלביגי צייט גיטאן וויא שוינט אין מיין ערשטין בויך לקצת גידאכט איזט לנגי צייט פרנס תוך הקהילה גיוועזין אונ׳ איזט בייא זיין פרנסות גאר גליקליך צו גאנגין אונ׳ הקהילה בכל דבר במעמוד הטוב גיוועזין דאז זיא ממש גיזעסין זיין איש תחת גפנו ואיש תחת תאנה, קהל איזט ניט פרוטה אחת חייב גיוועזין, הגם דאז מיך גידענקיט מנעורי דאז זיא האבין גרושי אן שטיש[2]) גיהאט וויא בעו״ה גימיינליך בקהילה איזט דאז זיך רשעים אויף שטעהלין[3]), אלזו אך בשעת אבי זצ״ל פרנס גיוועזין בינעבין זייני חברים האבין גרושי רשעים איבר זיך גיהאבט, דיא פיל ביז האבין אויף קהל וואלין אן ריכטין אונ׳ שונט אירי ב׳[4]) זיך האבין כתבי׳ מן המלכות יר״ה אויז נריכט דאז זיא זאלין פרנסי׳ זיין דהיינו המלך זיין פרנסי׳ מאחר זיא אל טוט זיין אונ׳

---

[1]) Nach F.: ק׳ = 100 Bogen [2]) Anstösse [2]) aufstellen [4]) ihrer zwei.

זיך איבר דער בישיידונג אונ׳ זיא לוגיטין[1]) איינר אויף דען
אנדרן אונ׳ זיא ארקענטין דאז דיזיש איר פאטיר איזט אונ׳
זיא הויבן פאר גרושי פרייד אן צו וויינין איין ווײנונג איין
גרושי אונ׳ זיא קונטין ניט רידן פאר גרושי שרעקין אונ׳ איר
פאטיר אונ׳ מוטיר שפרינגין אויף פון אירי שטולין דאר זיא
אויף זאסין אונ׳ זיא האלזטין[2]) אונ׳ קושטין דיא קנאבין אונ׳
זיא וויינטין מיט אנאנדיר איין שטים איין גרושי דאז מאן
עש זוא וויט גיהערט האט אונ׳ מאן הערטי דאז דיא קנאבין
זייני קינדר ווארין אונ׳ לנג דער נאך ארמאנטין זיך דיא
קנאבין אונ׳ זיא פינגטין אן צו רידן מיט אינן אונ׳ זיא ארצילטין
זיך איינר דען אנדרין וויא עז דיא צייט הער ארגאנגין אונ׳
זיא ווארין אל צו - גלייך ארפרייאיט אונ׳ דער קיניג מאכטי
איין גרושי מאלצייט צו אל זייני לייטין אונ׳ זיא פרייאן זיך
מיט אינין איין פריידונג איין גרושי אונ׳ ער וואר נון איין
פירשט אונ׳ זייני קינדיר פירשטין אונ׳ ער גביטיט זייני קינדר
זיא זאלין פרוים זיין אונ׳ גאט פלייסיג דינין זוא ווערט ער
זיא אלי צייט העלפין אונ׳ וועז גאט איינים איבילש טון וויל
זוא ווערין זייני פריינד אלי שווייגין שטיל, זיא ווערין אים
ניט העלפין נאך ראטין, זיא ווערין אפ ווייכין פון אים אונ׳
ווערין זאגין ער איזט איבל גיראטין זוא בלייבט דער זעלביג
מענש אליין, אונטיר טויזינד זאגט קיינר דוא בישט מיין,
זוא אביר גאט דען מענשין וואול וויל, זוא ווערין זייני פיינד
שווייגין שטיל, אונ׳ וועז דיא פיינד ווערין נאך זוא פיל, נון
דיא שיף לייט זאכין אלי דיא דאזיגי זאכין אונ׳ הערימין דיא
ריד דיא דאזיגין אונ׳ עז ווארן זיך פיל פון אינן מגייר אונ׳
עש וואורד דאר איין היפשי קהילה, אלזו איזט דאר אויז צו
נעמין דער מענש מוז גידולד טראגין אונ׳ זאל אליש פאר
גוט אן נעמין און אך דיא ארמין טרישטן וועז ער אין שונט

---

1) lugten = sahen 2) umarmten.

אלטין קויף מאן דאז זיא ניט וואר איזט זיא ענטפירן ליבר הער אונזיר פאטיר וואר איין וואול גילערינטיר מאן אונ' דער האט זיך דיא רעטינים ארדאכט אונ' דיא בישיידונג דרויף גישטעלט אלזו קן עש קייניך רעכט בישיידן אלש מיר אודיר אונזיר פאטיר. זוא שפריכט דער פירשט ווען איך עש נון בישיידין זולט ווער איך דען דארום אייער פאטיר זיא ענט־ ווארטין אים ווען איניר דאש רעכטי בישייד מיט דער ווארהייט זוא מוז ער אונזיר פאטיר זיין דען ער האט דאז רעטיניז זיין טאג קיין מענשין גיזאגט זונדרין צו אונז קנאבין אונ' מיר האבין עש ניט אויז געבין ביז אוצונד זוא שפריכט דער פירשט נון פאר נעמט דאך איין מאלט מיין בישיידונג פילייכט מויכט אויך דיא ווארהייט שפרעכין ויאמר אונ' ער זאגט דער קיניג נאך מיינים פאר שטאנד זוא איזט דיא שיני יונגי פרויא דיא יוגינט פון דיא קנאבין זיא דענקין דען גנטצין טאג ניקש אנדירשט אליש אויף די שיני יונגפרויאן, אלזו זעהן זיא בייא דער נאכט אין טרוים אליש פאר אינין וואר איני שיני יונג פרויא אביר זיא זיכט ניקש אויף איר אויגן דאר ווייל זיא זיך אין דער פינשטרי נכט ערצייגט אין טרוים, זוא העלפי דיא אויגן ניקש דען ווען שונט דיא אויגן אויפן זיין זו זיכט מאן אויך ניקש דארום קאן דיא שיני יונג פרויא אויף איר אויגן ניקש זעהין, זיא גיאיט צו מארגינטש הין וועק ווען דער מענש אויף וואכט צו מורגינש זו גיט דער טרוים הין וועק את' בלייבט אויזן דען גנטצין טאג ביז אויף דער נכט ווייזט זיא זיך ווידר מיט היפשי צירונג דיא ניט בישאפין זיין אודיר פאר האנדין אין דיא וועלט זיין דאז איזט גוט צו פאר שטיהן דאר ווייל ער זאלכיש נור אין טרוים גיזעהן זוא זיין דיא צירונג ניכט בישאפין אודיר פר האנדין, נון האבט איר דיא בישיידונג וואלט איר דיא ווארהייט ביקענין זא וויל איך אייך פאר מייני קינדר אן נעמין, אונ' דיא קנאבין פאר וואונדירטין

זיין אלש מיר אונ׳ זיא פינגין אן דיא קנאבין אונ׳ זאגיטין, מיר האבן גיזעהן גאר איין קעסטליכי שיני יונג פרויא אונ׳ זיא זיכט ניקש אויף איר אויגין, זיא ווייסט[1] איין ·היפשין צארטין לייפ אונ׳ ער איזט אביר ניט פאר האנדין, דיא יונגי פרויא שטיט אויף אלי מורגינז פריא, זיא וויזט זיך ניט דען גנטצין טאג אויף דער נכט קומט דיא יונג פרויא ווידר גצירט מיט גרושי צירונג[2]) ועלכי צירונג דיא ניט איין מאל בישאפין זיין אונ׳ גאר ניט אויף דיא וועלט זיין, מיט צו גיטאני אויגן זיכט מאן זיא מיט אופני אויגן פאר שווינד זיא, נון דאז איזט דאז רעטיניז בישיידיט איר נון איצונדיר דיא בישידונג, אונ׳ זיא פאר וואונדירטין זיך אלי אויף דאז רעטניז אונ׳ זיא זאגיטין עש ווערר זוא שווערר דאז ניט מיגליך איזט צו בישיידין זוא וואר דאז מאלט אונטר אינין איין אלטיר קאף מאן אונ׳ וואלט עש דער זעלבי מיט גיוואלט בישיידין, אונ׳ דיא קנאבין וואלטין דען בישייד ניט אן נעמין דען זיא זאגיטין עש וועהר דיא וואהר הייט ניט אונ׳ זיא צאנקיטין דערינט וועגין ביז עש טאג וואר אונ׳ מאן ווייסט נון ניט וועהם מאן דיא צעהן גולדין געבין זולטי, זוא שפריכט דער שיף מאן הערט מיר צו איר זולט אלי אויף דאז שלאס גיהן צום פירשטין אונ׳ ער זאל ארקענין דאז רעכט צווישן אייך, אונ׳ זיא ווארין צו פרידין אונ׳ גינגין צום פירשטין, זוא שפראך דער פירשט צו אינין וואז וואלט איר גוטיש זוא פריא אונ׳ זיא ארצילטין אליש וואז פאר גאנגין איזט, צווישין אינין אונ׳ איר קינשטליך אויז רעטיניז אונ׳ דיא בישיידונג פון דען אלטין קויף מאן, דאר נון דער פירשט דאז רעטניז הערטי דא ארשראק ער איין גרושי ערשרעקנים אונ׳ ער זיכט דיא קנאבין אן אונ׳ ער ארקעניט זיא דען זיא ווארין ניט זער גרויש גיוואקסן אונ׳ ער זאגט צו זיא וויא ווייסט איר דען דיא בישיידנים פון דען

---

1) weist = zeigt 2) Zierung.

דען ת״ח רעכט אן אונ׳ זיא ערקענט אין דאז ער איר מאן וואר אונ׳ זיא שפראנג אויף אונ׳ זיא פאלט איהם אום זיין האלז אונ׳ זיא וויינט מיט איהם איין ווייגונג איין גרושי, אונ׳ זיא ווארין דאר ארפרייאט אונ׳ מאכטין איין גרושי מאלצייט אונ׳ דער שיף מאן פיל פאר שרעקין אויף זיין קניא אונ׳ ער באט פאר זיין לייב אונ׳ ער זאגט דער ת״ח וויל דוא מיין ווייב ניט בישלאפין האשט זוא שענק איך דיר דיין לעבין אביר דער וויל דוא גינומין האשט וואז ניט דיין איזט זוא נעם איך דיר דאז דייני ווידר אונ׳ ער נאם אים אל זיין רייכטום אונ׳ ליס אין לאפין אונ׳ זיא פאר בלייבטין דאר אין איר פרומקייט אין גרווישן פריידין מיט גרווישן רייכטום נון זיא ארצילטין איינר דען אנדרין וויא עז אינין גאנגין וואר אונ׳ זיא ווארין זיך אביר זער מצער וועגין איר קינדר דען זיא מיינטין זיא ווערין ארטרונקן, נון עז וואר איין מאלט איין גרושי היץ דאז מאן בייא דער נאכט ניט שלאפין קעניט, אונ׳ עז ווארין דאר פיל שיפין אונ׳ זיא גינגין אל דיא קנעכט אויז דיא שיפין אין דיא לופט צו רידן איינר מיט דען אנדרין דאר מיט דאז זיא זיך וואלטין בייא דער נאכט דיא צייט פאר טרייבין אונ׳ דיא צווייא זין ווארין אויך אונטר אינין וויסיטין ניט דז איר פאטיר אונ׳ מוטיר דאר ווארין אונ׳ זיא זאגיטין דיא צווייא קנאבין מיר וואלין נון איין אנדיר וואז אויז צו ראטין געבין דאר מיט דאז מיר דיא נכט דוירך ברענגין, נון זיא ווארין אלי צו פרידן אונ׳ זיא מאכטין צווישן זיך ווער איינר דען אנדרין זיין בישייד טרעפין ווערט אויף זייני רעטיניז דער זאל צעהן גולדין האבין אונ׳ וועו קיין בישיידיר זיין ווערט אויף זיין רעטיניז זוא זאל דער רעטיר צעהן גולדין האבין אונ׳ זיא זאגיטין לאזין[1]) דיא צווייא קנאבין פאר אויז צו ראטין געבין, דאר וויל זיא פאר שטענדיגר

---

[1]) lassen = mögen.

הער עז איזט קיינר אויף דער וועלט דער דיזיש רעטיניז מיט דער ווארהייט בישיידין קאן זונדרין מיין פאריגיר מאן, אונ׳ דער ת״ח ענטפערט, נון בין איך דער בישיידיר דער עש בישיידין קאן, דער פאגיל דער דא פליגט פון הימל ביז אויף דער ערד דאז איזט דיא נשמה פום מענשן אונ׳ זיא זעצט זיך אויף איין בומליין, דאז איזט דער גוף פון דען מענשין דער איזט גיגליכן צו איינים באם דער דא אויף וואקסט גאר היפש גרין אונ׳ צווייגהאפטיג דאז איזט דיא יוגינט דיא איזט גיגליכן צו איינים היפשין לושט גארטין אונ׳ דאז דער פוגיל קערט אונ׳ ווענדיט דען בוים דאז איזט דיא נשמה דיא רגירט קעריט אונ׳ ווענדיט מאכט גענקליך[1]) אלי גלידר אביר קיינר זיכט דען פוגיל, דען דיא נשמה איזט פאר בורגין אין גוף אונ׳ דאז דער בוים אן זיך ציאיט אלי קראפטן אונ׳ פאר דעריט דער נאך דאז איזט דאז זיך דער מענש אן דאז זייניגי ניט בניגין לאזט אונ׳ וויל אליש וואש ער זיכט אן זיך ציאין אונ׳ פאר לירט אופט דאז זייני דאריבר, דאז דאש אום רעכט דאש רעכטי פרעסט אונ׳ אום פאר זונין שטערבט דער מענשט אונ׳ פאר לאזט אליש הינטר זיך זוא פליגיט דער פוגיל אין דיא לופט דאש איזט דיא נשמה אונ׳ זיא קלאגט אויף דען גוף אונ׳ זיא זגט וויל דוא גילעבט האשט וואר אליש ניט גינוגין אונ׳ האשט ניט גירויאט נאך גישלאפין ביז איך דיר האב גיאכט[2]) איין רייכטום, נון איטצונד פאר דערישטו מיר אונ׳ לאזט אליש הינטר דיך נון שטירבשטו וואז הילפט עז מיך אודיר דיך העשטו ליבר פון דיין רייכטום גוטיש גיטאן זוא וועריז מיר וואול אן קומין, אונ׳ נון דאז איזט דיא בישיידונג פון דאז רעטיניז מיט דער ווארהייט וואלט איר דיא ווארהייט ביקענין זוא ווער איך דיך אך ווידר אן נעמין, אונ׳ זיא היבט איר אויגן אויף אונ׳ זיכט

---

[1]) gänglich = gelenkig [2]) ?

אליש וויא אייני דיא פאר איין קיניג גין זאל, נון זיא קאם
איין דאז שלאס אונ׳ מאן זאגט זיא בייא דען קיניג אן, אלזו
שפריכט ער מאן זאל זיא אריין לאזין אלזו וואר זיא אניין
גפירט אונ׳ מאן גאב איר איין שטויל דרויף צו זיטצין אן
טיש נעבין דען שיפיר אונ׳ דער ת״ח אמפנגיט זיא, אונ׳ ער
צווייפילט עטוואז אן איר אן גזיכט אונ׳ ארקענט זיא ניט רעכט,
אונ׳ זיא ארקענט איין גאר ניט דען עש ווערין שונט פיל
יארין דאז זיא פון אזאמין ווארין אונ׳ זענין גנץ פאר ענדירט
גיווארין אן איר אן גזיכט, אונ׳ קליידונג, אונ׳ דער ת״ח שוויג
שטיל אונ׳ זיא אסין אונ׳ טרינקן אונ׳ ווארין לושטיג, אביר
דער ת״ח קאנט ניט לושטיג זיין, אונ׳ ער זאם אליש איינער
דער דא זיצט אין גרושי גידאנקן דא שפריכט דער שיפיר
צו דען ת״ח מיין העך ווארום זייט איר ניט לושטיג אונ׳
זיצט זוא אין שווארי גידאנקן, איזט אייך לייט דאז מיר זוא
לנג עסין אונ׳ טרינקן, זוא וואלין מיר אויף הערין אונ׳ אונז
בידאנקין אונ׳ אונזרין וועג וויטיר נעמין, זוא שפריכט דער
ת״ח ניין איר זייט מיין ליבי געשט אונ׳ איך בין נור ביטראכט
וועגין דאז רעטיניז, איך מויכט עש פאן דער פרויאן זעלבשט
גערין הערין, אונ׳ ער גבוטי דער שיף מאן אן זיינער פרויא
דאז זיא דאז רעטיניז זולט זעלבשטין דען פירשטין פאר צילין,
אונ׳ זיא ארצילט אים דאז רעטיניז וויא אויבין גידאכט, אונ׳
ער זאגט צו איר פון וועם האבט איר דאז רעטיניז, זיא
שפריכט העך איך האבי איין פרומין מאן גיהאט איין גרוישן
יידישן ראביניר אונ׳ ערצילט מיר אלי צייט זולכי אלטי
גשיכטיניז אונ׳ רעטיניז אונ׳ פון דיזין רעטיניז וויס קיין מענש
דאר פון וואז דיא בישיידנים[1] איזט, זוא אנטווארט דער ת״ח
אונ׳ ווען אייך נון איינער דען בישייד זאגין מויכט וואלט
איר דיא ווארהייט ביקענין, זיא אנטווארטיט אים מיין ליבר

---

1) Lösung.

טוט בליאין דיא שענשטין בלוימן, עש ציאט אן זיך אלי קרעפטין דיא עז נור קאן ביקומין, אום פאר זונין[1]) דעריט[2]) דאז בומליין אונ' ווערט גנץ פאר גיפט דער פוגיל פליגט פון אים אין דיא לופט, היבט אן צו זינגין אונ' צו ברומק שרייאיט אייא דוא ביטריפטיש בומליין ווער האט דיר דיין קרעפטין גינומין, דאר דוא זיא גערן גיהאט העשט, קנשטו זיא ניט ביקומן נון האשטו זיא ביקומן דורך מיך, זוא פאר דערישטו[3]) וואש הילפט עש דיך, נון מיין קינג דאז איזט איר רעטיניש וועלכיש מיר ניט מיגליך איזט צו טרעפין, אונד אליש דער ת״ח העריט דאז דעטיניש, אונ' ער אנטזועטץ זיך גאר זער, דען ער וואוסט דאז עש זיין רעטיניז וואר אונ' מערקיט דאז דיזוש זיין ווייב זיין מוזט, אונ' ער זאך דער שיף מאן דאז דער ת״ח זו ארשראק, זוא שפריכט ער צו אים ליבר הער ווארום ערשרעקט איר אלזו אונ' ער ענטפערט אונ' זאגיט איך פאר וואונדיר מיך אויף דען הערליכן פאר נופטיגין רעטיניז, איך מויכטי עש פין דער פרויאן זעלבשט, גערין העריך פיל לייכט האבט איר וואז פאר געסין אודיר מער צו גיזעצט אונ' וועז זיא עש אך אלזו ארצילן ווערט, זוא וויל איך עש אין בידאכט נעמין פילייכט מויכט איך עש אראטין, וישלה אונ' ער זענדיט דער ת״ח איין באטין פון זייני קנעכט נאך איר אונ' דער קנעכט לויפט גאר גישווינד אונ' זאגט צו איר בירייט אייך אן, איר זולט מיט צום פירשטין גין, אונ' זולט מיט אים עסין אונ' טרינקן מיט אייארן מאן אלש דיא גוטי פרא דאז הערטי, קלאפיט איר דאש הערץ דען זיא וואושט ניט ווארום זיא דאר הין גפירט ווערט, אונ' זורגיט דאז זיא ניט אויז און גליק אין איין אנדירש דאז גרעסיר איזט קומין זאלט, וואז זאלט דיא גוטי פרא אביר טון זיא מוזט גין וואור מאן זיא הין פירט, נון זיא ביקליידיט זיך אונ' ציריט זיך

---

1) unversonnen = unverhofft 2) dorrt 3) verdorrest du.

דער מאן זולטי אים פאסירן לאזין, עש וואלט אביר ניקש
העלפין, ער מוזט דארט בלייבין אונ׳ מיט אים שפייזין, אלזו
פראגט ער אים פון וואנין ער איזט, אויב ער אך ווייב אונ׳
קינדר האט אלזו זאגט אים דער שיף מאן פון וואנין ער איזט
אונ׳ ער האט צווייא ווייבר דיא אייני איזט צו הויז מיט דער
זעלביגי העט ער דרייא קינדר דיא האלטי איך פאר איין
הויז ווירטין, דיא אנדרי אביר איזט גאר צארט טויג ניט צו
דער הויז ערביט אביר זיא איזט גאר פאר שטענדיג ווא פיר
איך זיא אלי צייט מיט מיר אכט צו האבין אויף דאז שיף
אונ׳ זיא נעמט פון לייטין מיין געלט איין אונ׳ שרייבט עש
אייף אונ׳ פאר ווארט מיר אל מיין זאכין, אונ׳ איך האב זיא
אל מיין טאג ניט בישלאפין, דא פרעגט דער ת״ח מיין ליבר
שיפיר זאגט מיר דאך ווארום איר זיא ניט בישלאפין העט,
זוא ענפירט אים דער שיפיר דיא פרא האט צו פארין[1] איין
מאן גיהאט וועלכיר גאר זער פאר שטענדיג איזט גיוועזין
אונ׳ זיא האט פון אים גילערנט איין רעטונש זוא ווער דאז
רעטיניש טרעפט דער איזט מיין מאן גלייך אין פאר שטאנט
זוא לאזי איך אין בייא מיר שלאפין וואור אביר ניט, לאז
איך מיך ארשלאגין איאיר דען איך איינים ליס בייא מיר
שלאפין אודיר ברעכט מיך זעלבשט אומש לעבין, דען עש
איזט ניט ביליך דאז דער פויאר פלעגיל אויף דאז קיניגש
פפערט זאל רייטין, זוא שפריכט דער ת״ח ליבר שיפיר איך
ביט אייך ארצילט מיר וואש דאז רעטנוש[2] איזט, זוא זאגט
דער שיפיר דיא פרא גיבט פאר וויא איין פויגיל וואר פליגין
פון הימל ביז אויף דער ערדין אהן פליגיל אונ׳ זעצט זיך
אויף איין קליניש ביימליין גאר היפש אונ׳ גאר פיין, ער
ווענדיט אונ׳ קעריט דאז ביימליין הין אונ׳ הער, מאן זיכט
דען פוגיל נימר מער, ער קרעפטיגיט דאז ביימליין ביז עש

---

1) vorher 2) Räthniss = Räthsel.

ווען איך דיא אינזיל פון דען מלך קענטי קאפין זוא וואלטי איך איין שלאס אונ׳ איין שטאט דאר העד בויאן, זוא העטי איך מיין אין קומניש[1]) אונ׳ דורפט מיך ניט צו פירכטין דז מיר מיין געלט גיגנבט וואורד, אונ׳ עש וואר צו מארגינש פריא זא גינג ער צו דען מלך אונ׳ ער קופט אים אפ דיא אינזיל אין דאז מער וועלכי עטליכי מייל לנג וואר אונ׳ ער בויאט זיך דאר איין שלאס אונ׳ איין שטאט, אונ׳ ווערט ענטליך איין גנץ לנד אויף דער אינזיל גיבויאט, אונ׳ דיא לייט אויף דער אינזיל נעמין אין פאר זיין פערשטין אן אונ׳ עש וואר אליש ער קיניגש, זו גידאכט ער אן זיין ווייב אונ׳ קינדר דאז ער זיא זוא יעמירליך פאר לארין האט, אלזו קאם אים אין זין, וויל זיין ווייב דורך איין שיפיר הין וועג גינומין זוארין איז, אונ׳ וייל נון אלי דיא שיף לייט פאר מיין שלאס דאז איך היר גיבויאט האבי פאר בייא מוזין פארין, זוא וויל איך אין מיינין לנד לאזין אויז רופין, דאז קיין שיף זאל פאר בייא פאהרין, זונדירן זאל זיך ערשט בייא מיר אן מעלדין בייא פאר לושט זיין גנץ שיף אונ׳ גוט אונ׳ ער טעט אלזו אונ׳ עש גישאך אלזו, אונ׳ זיא מעלדיטן זיך אלי שיף לייט בייא אים אן אונ׳ שפייזיטין מיט אים, נון עש וואר איין צייט לנג אונ׳ ער קאנט פון זיין ווייב אונ׳ קינדר ניקש ערפאהרין אונ׳ עש וואר איין מאלט אן פסח אונ׳ דער ת״ח זיצט אונ׳ עסט צו מיטאג אונ׳ וואר גאר לושטיג, דא קאם זיין קנעכט אונ׳ מעלדיט אים אן וואקרין רייכין שיף הערין, אונ׳ ער ליס ביטין מאן זולטי אים ניט לנג אויף האלטין, זוא זאגט דער ת״ח היינט איזט יום טוב איך דערף אים ניט פראגין וואז ער פירט ער מוז ווארטין ביז נאך י״ט ער זאל ארויף קומין אונ׳ זאל מיט מיר שפייזין אונ׳ ער זענדיט נאך אים, אונ׳ דאז ער קאם אמפינג ער אים אונ׳ ליז אים זיטצין, אביר דער שיפיר ביטיט

---

[1]) Einkommniss = Einkommen.

בארטין דאז מער אונ׳ ער היבט אויף זיין אגין דא זאך ער
וויא איין שיף מיט לייט אין דאז ים גיאט, זוא שרייאיט ער
אויף זיא מיט גרוישר שטים זיא זולטן דאך היא הער פארין
אונ׳ אין מיטנײַמן, דען ער ווער אך איין מענש וויא זיא,
אונ׳ זיא העריטין זיין שטים אונ׳ דאז ער רידט וויא דיא לייט
רידן, זוא פארין זיא אויף אים צו אונ׳ ער ערצילט זיא וויא
עש אים גנגין איזט, אונ׳ זיא נעמיטין אין גישווינד אין דאז
שיף מיט זיין קאשטין אליש ער נון אין דאז שיף וואר אונ׳
זיא העריט זיין ווילדיש ווייב זיין גישרייא אונ׳ זיא קענט זיין
קול, זוא קענטי זיא זיין קול אונ׳ האט דאז ווילדי קינד אויף
אירי הענד אונ׳ זיא לופט גאר שנעל צו אים, אונ׳ זיא ארזאך
אים אין דאז שיף אונ׳ זיא רופט אויף אים, ער זולטי זיא
דאך אך מיט נעמין אביר ער שפאטיט אויז איר אונ׳ זאגיט
וואז האבי איך מיט דיא ווילדי טיר צו שיקן איך האבי שוין
איין בעשיר ווייב אלז דוא בישט אונ׳ ער רידיט דיא ווארטין
נאך פיל מער צו איר אליש דיא דאזיגין ווארטין, וויא זיא
זוא העריט זיין ווארטין דאז ער ניט מער צו איר קאמין
וואלט, אונ׳ עז גרימט אין איר דער צארן אונ׳ זיא נאם דאז
ווילדי קנעבליין בייא דיא פים אונ׳ צו רייסט עש אין דיא
העלפט אונ׳ ווערפט אים דיא העלפט אין דאז שיף אניין
אונ׳ דיא אנדרי העלפט פרעסט זיא אניין אין רוגז אונ׳ לויפט
דאר פון אונ׳ דער ת״ח פארט[1]) מיט זיין לייט דאר פון, נון
ער קאם אין איין לנד דאר וואר איין אינזיל אים מער אונ׳
זיא שטיגין ארויש, אונ׳ ער נאם דען קאשטין אונ׳ מאכט אין
אויף אונ׳ זיא וואר פויל מיט גאלד אונ׳ אבני׳ טובות דיא
קיין שאטץ האבין[2]), אונ׳ ער גאב דען שיף מאן זיין לוין[3]) מיט
פריידין אונ׳ ער ליס זיך דען קאשטין טראגין אין דיא הערבירג
אונ׳ ער לאג בייא דער נאכט אויף זיין שטרייא, אונ׳ דענקיט

---

1) fährt 2) die unschätzbar sind 4) Lohn.

אונ׳ זיין גיביין צו ברעכין אונ׳ ער ווערט ניט בייא אנדר גוטי יהודים ביגראבין ווערדין אונ׳ אליש איינעם פרוימן יהודי גבירט אלזו איזט דאך ניקש בעשירש[1]) אליז דאז איך איין צו לאף[2]) נעם פון דען בערגיליין דאר איך אויף שטיא אונ׳ לאף ביז אין דאז ים אונ׳ ארטרענק מיך אלש וויא מיין צווייא ליבי קינדר אך ארטרונקין זיין ווארין, דען ער וואושט ניט דאז זיא דאז יב העט ארויז גיווארפין זוא ווערט ער צו אינין קומין אונ׳ ווערט זיך פרייאין מיט אינין אין עה״ב, אלזו ביקענד ער זייני זינד פאר גאט מיט הייסי ביטרי טרענין אלז ער נון זייני ווידוים אויז האט, זוא פאנגט ער אן צו לאפין אויף דאז ים צו, אין ווילין זיך צו ערטרענקין, אלזא קאם איין שטים צו אים [דאס רופט אין בייא זיין נאמין אונד זאגיט צו אים][3]) דוא פאר צווייפילטיר מענש ווארום ווילשט פר צווייפלין אונ׳ דיין נשמה צו פאר דערבין, זוא גיא מאן[4]) ווידר צורוק אויף דאז בערגיליין דאר דוא בישט אויף גישטאנדין אונ׳ גראב דאר אויף זוא ווערשטו דארין פינדין איין קשטין מיט געלט אונ׳ אבנים טובות איין רייכטום איין גרוישי זער זער אונ׳ צייך[5]) דען קאשטין ביז צו בארטין אן דאז מער אונ׳ בלייב שטין איין וייל, זוא ווערט קומין איין שיף מיט מענשין דיינש גלייכין צו פארין נאך אנטיוכא[6]) זא שרייא אויף אינין דאש זיא דיך זולין מיט נעמין אונ׳ דיך מיט דען קאשטין מציל זיין אין איר שיף זוא ווערשטו ענטליך איין קיניג ווערין, אונ׳ ווערט דיר וואול גין אונ׳ דוא ווערשט נון זעהן דאז ענד פון דיין ליידין, אונ׳ פאנג זיך נון אן דייני פריידין, אליש דער תלמיד חכם זולכיש גיהערט האט איזט ער צורוק אויף דען בערגליין גנגין אונ׳ אן פנגין צו גראבין וויא אים דאז שטים ביפוהלין האט אלזו גיפאנד ער דען קאשטין מיט גאלד אונ׳ אבנים טובות אונ׳ ער שלעפיט[7]) דען קאשטין ביז אן

---

[1]) Besseres [2]) Zulauf [3]) nach F. [4]) einmal [5]) ziehe [6]) Antiochien [7]) schleppt.

בלדי קיין אטום אין אים אונ׳ זיא זאך עש דאז קיניגש טאכטיר אונ׳ זיא וויזט אים דאז ער זיך ניקש פערכטין זולט אונ׳ זיא גינג צו דען קיניג אירן פאטיר אונ׳ באט אין גאר זער דאז ער דען מענשין זולט לעבין לאזין, דען זיא וואלט אין נעמין פאר איין מאן, אלזו פאלגיט ער איר אונ׳ ליס אין לעבין אונ׳ דער ת״ח מויזט זיך בייא דער נאכט בייא איר ליגין אונ׳ ער וואר נון איר מאן אונ׳ זיא וואר זיין ווייב, וויא וואול ער אופט מאליש אין זיך זעלבשט אן זיין היפש פרום ווייב גידאכט דאז זוא אילינדִ גלייך[1]) פון אים קומן איזט זוא וואר אליש דאך ניט צו ענדרין אונ׳ נאם אליש מיט גידולד אן אונ׳ האט דיא האפינונג נאך אליש דאז אים הש״י צו זיינין פרוימן ווייב אונ׳ ליבי קינדר העלפין ווערט, אליש ער נון צייט לנג מיט איר גיהויזט דא וואר זיא פון אים טראגין[2]) און גיוואן[3]) איין קנעבליין איין ווילדיש, נון ער היטיט פון טאג צו טאג דאז פיך אין דער וויסטינייא אונ׳ ער וואר בייא אינן שונט צווייא יאר או׳ ער מוזט מיט זיא עסין דאז פלייש פון דען ווילדין מולאיזלין אונ׳ טירין אונ׳ ער לאג אין דיא ליכר אין דען גיבערגין מיט זיין ווילדיש ווייב ער אונ׳ דאז ווייב וואָרין גנץ מיט האָרין ביוואקסין אונ׳ ער זיכט איין ווילדין מאן גלייך נון שטונד ער איין מאלט אין דער מדבר אויף איין קליינייש בערגליין ניט ווייט פון דאז מער, אונ׳ בידענקט זיך אן אל דאז לייט דאז אים זיין טאג צו הנדין קומין זייא אונ׳ וויא ער פאר לאָרין האט זיין קלוג פרום ווייב אונ׳ קינדר אונ׳ דאז נאך דאז אליר שווערישטי איזט דאז ער זיין איביגע יארן זאל פאר שלייסין[4]) אונטר און פאר שטענדיגי ווילדי טירן אונ׳ דאז זיא דאך ענטליך מיט דער צייט ווען זיא זיינר ווערין מיאד[5]) זיין, זיין פלייש ווערין עסין

---

1) elendgleich = elendiglich 2) schwanger 3) gebar s. (Grünbaum a. a. O. p. 116 4) verbringen 5) müde.

ברויט צו קאפין, אונ׳ ער ערצילט דעם שיפיר אליש וויא עש אים גנגין האט, אונ׳ ער ארבארימט זיך איבר אין דער שיפיר, אונ׳ ער נאם אין מיט זיין צווייא קינדיר אין זיין שיף אונ׳ ער גאב זיא צו עסין אונ׳ צו טרינקין נאך איר בליבין, אונ׳ עש וואר אלז זיא קאמין כיטין אין דאז ים, זוא ליס גאט איין גרוישן שטורים ווינט וויאין אונ׳ ער צו שמעטירט דאז שיף אונ׳ זיא דארזוויפין אלי דיא אין דאז שיף ווארין, זונדרין דער תלמיד חכם אונ׳ זייני צווייא קינדיר אונ׳ דער שיפיר דער זיא גישפייזט האט אין דען שיף דיא ווארין ניט ערטרונקין, דען זיא ביגרייפין איין ברעט פון שיף איין אידריר אונ׳ הילטין זיך דראן אונ׳ דיא צווייא קינדיר הילטין זיך אן מיט אננדיר אן איין ברעט פום שיף, אונ׳ דאז מער ווארפיט זיא אויז אין אנדרי לענדיר, אונ׳ דער תלמיד חכם וואר אויז גיווארפין אין איין גרושי וויסטינייא אין איין אורט וואור זיך דארטין דיא ווילדי לייט אויף האלטין אונ׳ דאז קיניגש טאכטיר פון דיא ווילדין ארזאך[1] אין, דען זיא ווידיט דיא שאף אונ׳ רינדיר אין דער וויסטנייא אונ׳ זיא וואר גאנץ נאקיט מיט האר פאר וואקסין אונ׳ אום גיגערט[2] מיט פייגין בלעטיר צו בידעקין איר שנד, אונ׳ זיא גינג צו איהם אונ׳ בווייזט איהם ליפשאפט אליש זאלט ער זיא נעמין פאר איין ווייב, אונ׳ אויז גרוישר פורכט ווייזיט ער איר אך ליפשאפט אונ׳ איר צו פאר שטיהן גאב דאז ער זיא נעמין װאלט אונ׳ עש ארזאכין עש דיא אנדרי ווילדי לייט אונ׳ זיא טפייפיטין[3] דאר קומין דיא ווילדי לייט יונגי אונ׳ אלטי צו שפרינגין אויז דיא לעכיר וואור זיא אירי וואונונג האבין אין דאז גיבערג, אונ׳ זיא לופטין אלי אויף אים, זיין בלויט צו טרינקן אונ׳ זיין פלייש צו עסין אונ׳ איר קיניג וואר אך דאר בייא אונ׳ דער תלמיד חכם ארשראק איין גרושי ערשרעקניש, אונ׳ עש וואר

---

1) ersah 2) umgürtet 3) pfiffen.

אליש דיא חיות רעות דיא זעלבי זאכין לישין אים שטין אונ׳ לאפיטין דיא בהמות נאך אונ׳ ער אנטליף אונ׳ קאם צו איינים שלאם דאז בייא איין וואשיר וואר דא הירומט פיל שיפין ווארין אונ׳ ער קאם אין דאז שלאם אונ׳ מאן זעצטי אין אויף איין שטויל דער מלוכה אונ׳ ערפרייאט זיך מיט זייני שיף לייט זער זער, אונ׳ נון ער אנטוואכט פון זיין שלאף אונ׳ בידענקיט דען טרוים אונ׳ זאגט צו זיך זעלבירט דער טרוים ווייסט אויז דאז נון ווערט פאר בייא זיין מיין אילינד אונ׳ גאט ווערט מיר ווידר העלפין אונ׳ ער ווערט מיר דורך שיף לייט ווידר ארפרייאין ווייל איך דורך שיף לייט בין ווארדין ביליידיגט נון אין דער זעלביגי צייט וואר דער קיניג אין דיא שטאט גישטארבין, אונ׳ דיא לאנדש לייט זעצישין זיין זון צו איינין קיניג אין דער שטאט אן זיין פאטיר שטעל, אונ׳ דער יונגי קיניג מאכט דיא שטאט פרייא פון מס אויף דרייא יאר דאר מיט דאז ער זיך איין גוטין נאמין ביקעם אונטר זיינין פאלק אונ׳ ער מאכט אך לאז אלי גיפאנגני לייט אין דער שטאט, אונ׳ ער וואר אך לאז גימאכט דער גוטי ת״ח מיט זייני צווייא זין אונ׳ ער גינג אויף דען מארק הין אונ׳ הער אונ׳ וואושט ניט איין טפעניג צו פאר דינין דען קינדרין ברויט צו קאפין אונ׳ ער היבט אויף זיין אגין אונ׳ זאך איין שיף שטיהן, דאז עש וואלט פארין נאך אושטיניא[1], זוא זאגט ער צו זייני צווייא קינדיר קומט נון ווייל אייער מוטיר פון דען שיף לייטין איזט הין וועק גיפירט ווארדין זוא וואלין מיר אך אין שיף גיהן פיל לייכט מויכטין מיר אייער מוטיר ארקענין אונ׳ מויכט אונש גאט ווידר צו אנגדיר העלפין אונ׳ ער גינג צום שיפיר אונ׳ בעטיט אים ער זאל אים מיט זיין צווייא קינדיר אין זיין שיף מיט נעמין דאר ווייל ער זוא ארים איזט דאס ער ניט האט איין ביסי

---

1) Ostindien.

העמיט אונ׳ ער זאך איר צו וועשין אונ׳ זיא טריקניט דאז העמיט אונ׳ ליגט עז גאר היפש צו דער שיפיר קאנטי מיט זיין שיף ניט אן בארטין פאהרין אונ׳ ער הילטי דאז שיף איין איל[1]) וויט פון בארטין אונ׳ ער ווארף איר דיא פיר גראשין אין איין פאפיר איין גוויקילט אניבר אונ׳ זיא נאם זיא אונ׳ ער שפראך לנגיט מיר מיין העמיט היא הער אונ׳ זיא בראכט עז אונ׳ לאנגיט אים דאז העמיד אין דאז שיף אונ׳ ער טאפיט זיא אן איר הנט אונ׳ צאך זיא אין איין צויק אין זיין שיף אניין אונ׳ פארטי שטראקז[2]) פורט אונ׳ זיא שרייא איין גרושי שרייאונג פון אינין דאז שיף אונ׳ דיא צווייא קלייני קינדר פון הויזן[3]), עז וואלטי אביר אליז ניקש העלפין אונ׳ זיא וואר שוינט וויט אין מער אונ׳ מאן קונט זיא ניט מער העריין שרייאין, נון וויא דיא צווייא קינדר ניקש מעהר הוריטין אודיר זאכין[4]) פון אירי מוטיר זוא ליפטין זיא צו אירין פאטיר אין גיפענקנים אונ׳ זיא וויינטין ביטירליך אונ׳ זאגיטין אים אלי גשיכטינים פון אירי מוטיר נון אליש איר פאטיר העריט דיא ריד דיא דאזיגין אונ׳ ער היבט אויף זיין שטים אונ׳ ער וויינט איין וויינונג איין גרושי אונ׳ ער שריא אונ׳ שפראך גאט מיין גאט ווארום פאר לאזטו מיך אין זאלכין אילינד אונ׳ איך האבי יוא איצונדירט קיינין מער אויף ערדין דער מיך ארנערין ווערט אין מיין גיפענקנים אין זאלכין גרוישן וויינין אונ׳ יאמיר איזט ער איין גישלאפין דא טרוימט איהם איין טרוים וויא דאר וואר איין גרויש וויסטנייא אונ׳ דיא וויסטנייא וואור פויל מיט ווילדי טירין אונ׳ זיא שטונדין איבר אים אונ׳ וואלטין איהם צו רייסין אונ׳ זיין פלייש וואלטין זיא עסין אונ׳ ער וואר ציטרין פאר פורכט אונ׳ אנגשט אונ׳ ער זיכט אום הין אונ׳ הער אין זיין אילינט אונ׳ ער זאך וויא דא קומין איין גרושי הירט מיט שאף אונ׳ רינדיר אונ׳

---

1) Elle 2) stracks 3) von aussen 4) sahen.

הײלין װיל[1]) אונז אונ׳ אונזיר קינדיר קײן ברױט ברענגין איך
װיל גיהן אונ׳ זעהן װאז מיר גאט װערט בישערין צו ערביטן
דאז איך װאז פאר דינן אונ׳ דיך מיט דען קינדר קן מחיה
זײן, זוא זאגיט דער חסיד נון גיא הין מײן ליפ װײב גאט
װיל אין אונזיר הילף זײן אלזו איזט זיא הײם גאנגין בײא
איר קינדר שלאפין, צו מארגינש איזט זיא גאר פריא אויף
גישטאנדין װײל[2]) איר קינדיר נאך שליפין אונ׳ זיא גינג אין
דער שטאט אין דיא הײזיר אונ׳ בעטיט מאן זאל איר צו װעשין
געבין אונ׳ דיא שטאט לײט ארבארמיטין זיך איבר איר אונ׳
גאבין איר צו װעשין אונ׳ זיא װאר אײן װעשירין נעביך, דיא
שטאט װאר אן בארטין דאז מעהריש אונ׳ זיא גינג אלי טאג
הרױז מיט איר צװײא קינדיר אן מער אונ׳ זיא װעשט דאר
אונ׳ שפרײטיט דיא װעש אויף דען גראז צו טריקנין[3]), נון
װאר עז אײן מאלט דאז זיא זוא װעשיט זו פאריט אײן שיף
פאר בײא אונ׳ דער שיף מאן פאריט אויף איר צו אם לאנד
אונ׳ ער זאך דיא פרױא אן דאז זיא זוא היפש װאר אונ׳ ער
פאר װאונדירט זיך איבר דיא שונהײט, זוא שפריכט דיא
פרױא מײן הער װאז װאונדירט איר אײך איבר מיר אלזו זער
זוא ענפירט דער שיפיר איר מײן ליבי פרא איך ארבארים
מיך זער איבר אײך, זאגיט מיר װאז גיבט מאן אײך פון
אײן העמיט צו װעשין זוא זאגיט דיא פרױא הער מאן גיבט
מיר פון אײן מאניש העמיט[4]) צװײא גראשין צו װעשין, דאן
איך מוז עש זױבר װעשין זוא זאגט דער שיף מאן מײן ליבי
פרױא איך װאלט אײך גערין פיר גראשין געבין זו איר מיר
מײן העמיט היפש זױבר װעשין װאלט דא שפריכט זיא הער
גאר גערין װיל איך עז װעשין, אונ׳ זיא נאם דאז העמיט
אונ׳ װעשטי עש גאר זױבר אונ׳ שפרײטיט עז אויף דען גראז
צו טריקנין אונ׳ דער שיף מאן װארטיט אלדאר אויף זײן

---

1) wird 2) während 3) trocknen 4) Manneshemd.

אלטיר מאן אונ׳ פֿראגט זיא ווארום זיא זוא וויינטי אונ׳ זיא
זאך דאז עש זוא איין היפּשיר ערבארער אלטיר מאן וואר
דא ארצילטי זיא אים אל אירי נוט דאר זאגט דער אלטיר
מאן הער אויף צו וויינן דען גאט ווערט דיר ווידר העלפֿין
דאר וויל דיין מאן דיא תורה לערניט זוא ווערט גאט דיינר
ניט פֿאר געסין דען גאט לאשט קיין תלמיד חכם פֿאר פֿאלין
העלפֿט ער אים ניט אין דער יוגינט זוא העלפֿט ער איהם
אין דיא עלטיר אונ׳ איך וויז דאז דוא דיך פֿיל גיניטין ווערשט
אונ׳ ווערין דיר אונ׳ דיין מאן אונ׳ דייני קינדר פֿיל ווינט
אונטיר אגין גין אביר גאט ווערט אייך אליש צו גוטין טון
ווען איר גידולד טראגין ווערט אונ׳ ער טרישט זיא נאך
מעהר אונ׳ גאב איר ראט דאז זיא איין וועשרין[1]) זולט
ווערין אונ׳ דיא לייט אים לון אירי העמדיר וועשין זוא
ווערשטו דיך מיט דיין מאן אונ׳ קינדר ארנערין קענין ווען
דוא דיך נור ניט שעמשט איין אידרין אן צו מויטן[2]) דאז מאן
דיר וואז צו וועשין גיבט, נון דיא פֿרא לאזיט זיך טריסטין
פֿון דען אלטין מאן אונ׳ זיא דנקיט אים זער פֿריינטליך אונ׳
זאגט זיא וואלט אים פֿאלגין נון דער אלטי מאן גינג זייניש
וועגש, אונ׳ זיא זאך אים ניט מער, אונ׳ זיא גינג אין איר
הויז אונ׳ מאכיט דען מאן עטוואז עסין אויף דער נכט, אונ׳
זיא טרישטיט אירן מאן ער זאלטי זיך דאך ניט און גידולדיג
ווערין אונ׳ נור בייא זיין לערנין בלייבין זיא וואלטי ערביטין[3])
טאג אונ׳ נכט דאש זיא אין אונ׳ אירי קינדרכיר ארנערט,
דא הויב דער חסיד ערשט אן ביטירליך צו וויינין אונ׳ זיין
פֿרוים ווייב מיט אים דאז עש וואול גאט אין הימיל מוכט
ארבארמן אביר דיא קלוגי פֿרומי פֿרא ארמאנטי[4]) זיך אם
ערשטין ווידר אונ׳ שפּראך מיין ליבר מאן דאז שרייאן אונ׳

1) Wäscherin 2) anmuthen = angehen 3) arbeiten
4) ermannte.

גנטצין הערטצין אויף המקו' ב"ה פאר לאזט דען ווערט דער
העכשטי ניט פאר לאזין בטחו בי"י והי' ה' מבטחו גילובט
זייא ער אימר אונ' איביג, דיזוש איזט גאר איין שין־מעשה
און איין טרושט פאר אלי ביטריפטי ביזורגטי הערטציר דאז
מאן זיך ניאמאליש זאלי מייאש זיין פון דער הילף מן המקום
ב"ה גלייך דיזין חסיד אך גישעהין איזט, אויב שוין ארמוט
ווידר ווילין אונ' פילירלייא צרות אויף אים זענין קומין זוא
האט ער דאך אליש מיט גידולט אן גינומין אונ' פון זיינים
גאט ניט גוויכין ווען איר אים אך זוא גינעדיגליך בייא
גישטאנדין אונ' גיהאלפין וויא איר פולגיניש[1] לייאין ווערט,
עש וואר איין מאלט איין חסיד אונ' דער זעלבי האט צווייא
קלייני זין[2] אונ' איין פרומיש ווייב ער האט אך עטוואז געלט
דאר פון ער צערינט, אביר ער וואוזט קיין מו"ם צו טרייבין
ניקש אנדורשט אליש צו לערנין אונ' דער חסיד וואלט זיך
דאך אליז מיט גיוואלט גערין ארנערין כדי דאז ער זיין ווייב
אונ' קינדיר זונדיר דער לייטין גיפט אונ' גאב ארנערין קינט,
אביר דאז גליק וואלטי אים ניט וואול אונ' ער וואר זיך
נעביך איין שולדיגין[3] דאז ער דיא לייט ניט ביצאלין קונט
אונ' האט אך קיינים דער פאר איהם וואלט ערוב זיין אונ'
דיא לייט דיא ער שולדיג וואר דיא פאר קלאגטין אין פאר
דען ריכטיר, אלזו שפראך דער ריכטיר דען פסק אויז דאר
ווייל ער ניט ביצאלין קונט אונ' קיין ערוב אך ניט זוא זאלטי
מאן איהם תפוס ליגין ווערכיש אך גישאך, נון [זיין][4] פרום ווייב
וויניט איין גרושי ווייננג אונ' זיא וואושט זיך ניט מיט אירי
צווייא קלייני קינדר צו ארנערין ובפרט דאז איר ארימר מאן
אך תפוס זאס דאש דאר זיא נעביך אך מוזט פיר זורגין, אליש
זיא נון אין אירין יאמירין אונ' [וויינין][4] וואר קאם צו איר איין

---

[1]) folgendes [2]) Söhne [3]) hatte sich eingeschuldigt; vgl. noch bei Lessing: ich war vermuthen [4]) nach F.

דיזוש ביליכר גיהערין אלש מיין ליבר איידים, דען עש איזט אליש פון דען זייניגין, אביר ווען מיין ליבר איידים וואלטי דאר אויף מוחל זיין, אונ׳ עש מיין צווייא ארמי עניקליך דען יתומים פון בני ר׳ מרדכי לאזין איך שטעל עש אין זיין בליבן וויא ער וויל אונ׳ דארבייא האט מוזין ר׳ יודה אונ׳ ר׳ אנשיל אונ׳ אל איר קינדר אונ׳ איידימיר זיין אלזו האט איר אבי זצ״ל גיענטפרט, מיין ליבה שוויגר אונ׳ מוטיר איך ביט אייך זייט גירושט[1]) גאט ווערט געבן דאז איר נאך לאנג בייא אונש בלייבין ווערט אונ׳ דאז איר דאז געלט טויכט זעלבירט אויז טיילין אן וועם איר וואלט איך בין עז אייך פון הערטצין מוחל אונ׳ [וועון][2]) השי״ ב״ה ווידר אויף העלפט זוא וויל איך אייך נאך מאה ר״ט דאר צו שענקין כדי איר מער רווחי׳ פון קריגן קענט אונ׳ דען מיט מכין קענט וואש אייך ביליביט, אליש נון מיין גרויש מוטיר דיזוש מאבי ז״ל גיהערט איזט זיא נעביך פול שמחה גיוועזין אונ׳ אין אונ׳ אמי ת״י אונ׳ זיין קינדיר אן גיפאנגין מיט אלי ברכות שבעולם צו בענשין אונ׳ פאר אלי לייט מספר בשבחה גיוועזין אונ׳ דען אנדרין טאג רוהיג אונ׳ זאניפט איין גישלאפין אונ׳ מיט גרושין כבוד צו קבורה קומין אלש וויא זיא אך וואול ווערט איזט גיוועזין איר זכות זולין מיר אונ׳ אונזרי קינדר וזרע זרעינו גיניסן ווידר צו קומין פון אבי זצ״ל דאש ער אחותי הענדלה ע״ה האט חתנה גימאכט האב זולכיש בקצרה גידאכט כי מה לי להאריך ניר גישריבן לקצת וויא אמי ת״י נעביך זוא איין פאר לאזין י(ות)[תו]ם גיוועזין אונ׳ איר הבטחה אויף השי״ ב״ה גיהאט דער איר זו הערליך אונ׳ רייכליך גיהאלפין וויא פולגינדי מעשה אויז ווייזט אויב עש שונט איר קינדר איינין ניט זוא וואול אליש דען אנדרין גיט עש דאך דען מיינשטין ת״ל וואול אונ׳ האבין איר ברויט דארום ווער זיך מיט

[1]) ruhig [2]) nach F.

גילעגין, מיין פרוימי גרוש מוטר ע״ה איזט בייא אל דען קראנקין גיוועזין נגגין אונ׳ גיזעהין דאז קיינר קיין מנגיל גיהאט האט, הגם אבי ואמי עש ניט גערין ליידין וואלין האט זיך דאך ניט וועהרין וואלין לאזין אונ׳ אלי יום ג׳ או ד׳ פעמי׳ אופים באדים גאנגין בייא דיא קראנקין ענטליך איזט זיא אך קראנק גיווארין אונ׳ .י׳ יום גילעגין דער נאך בשם טוב ובשיבה טובה גישטארבין איזט ע״ד שני׳ אלט גיוועזין אביר איזט נאך זוא פריש גיוועזין אלש וואן זיא איין בת מן ארבעי׳ שנה ווער, דאש רידין אונ׳ דיא ווידוים דוא זיא גיזאגט איזט אין להגיד אונ׳ דען שבח דען זיא אן אבי זצ״ל האט געבין אונ׳ דיא דאנק זאגונג דיא זיא קיגן איהם גיטאן האט איזט ניט צו בישרייבן אבי ואמי איר אלי שבוע געבן פעם אחת חצי ר״ט פעם אחת ב׳ שוק[1]) דאז זיא זיך זאל וואש פיר[2]) צו גוט טון אונ׳ דאר פיר קאפין וואש זיא וויל אך איזט אבי זצ״ל אין קיין ירידֿ[3]) גירייזט אודיר ווידר היים קומין האט איר כל פעם וואש מיט גיבראכט דאז זעלביג האט זיא ע״ה אליש צוזאמין גישפארט אונ׳ אויף קטנים משכנות פארליניט[4]), דאר זיא נון האט שטער־בין זאלין האט זיא לאבי ע״ה גיזאגט מיין זון איך גיא איצונדיר דען וועג פון אלי מענשין, איך בין זוא לנג אין אייעיר הויז גיוועזין אונ׳ העט מיך גיהאלטין אלש ווען איך אייאיר לייפליכי מוטיר וועהר גיוועזין, ניט דאז אליינט דאז איר מיר העט דאז בעשטי עסין אונ׳ טרינקן גיגעבין אוני מיך בכבוד גיקלייט איר העט מיר נאך געלט דער צו גיגעבין, וואז האב איך מיט דען געלט גיטאן דאז האב איך מיר צו זאמין גיהיגט[5]) אונ׳ גישפארט דאז איך ניט דאר פון גינומין אונ׳ אליש זוא נאך גיראד אויף קלייני משכנות פאר לענט דאז איך און גיפער איין ר׳ ר״ט ווער בייא אזמין[6]) האבין, נון וועהם זולטי

1) Schock Heller 2) dafür 3) Messe 4) verlehnt = verliehen 5) gehegt = gehalten 6) beisammen.

שטויב צו גין אונ׳ זאגיט אומיש גאטיש ווילין איילט אייך מיט אייער ניאין זעכט איר ניט דאז מת צווישן אייך זיצט אביר דיא ווייבר האבין ניקש גיזעהין, וויא זיא פערטיג זיין גיוועזין, האבין זיא דעם מת זייני תכריכים געבין זוא איזט זיא אך איר לעביש טאג ניט ווידר קומין אונ׳ אין איר רוא גיבליבן, נון וויא איך שונט גידאכט וויא אבי זצ״ל אמי גינומין אונ׳ קצת מה וויא עש אין גנגין האט זוא בלדי אבי זצ״ל עם אמי תי׳ האט חתנה גיהט האט ער תכף מיין גרויש מוטר מטה ע״ה צו זיך גינומין אונ׳ איבר זיין טיש גיזעצט אונ׳ כל ימי חייה זיא בייא זיך גיהאלטין אונ׳ איר כל הכבוד שבעולם אן גיטאן אליש ווען עש זיין אייגני מוטר ווער גיוועזין, דאז בעט העמדיר[1]) דאז מיין גרויז מוטר נעביך אן מיין מוטיר געבין האט דאז זעלביג האט איר מיין מוטיר אליש ווידר געבין אונ׳ אליש מיט ווישן שאפט פון מיין פאטיר ע״ה לקצר זיא איזט זוא וואול גיהאלטין ווארין אליש ווען זיא אין איר אייגין בית ווער גיוועזין הש״י זאל דען זכות אן אונש אונ׳ אונזרי קינדיר גנישין לאזין, איזט יותר אלש ט״ב שנים בייא איהם גיוועזין אין אלין כבוד, לאחר זה איזט ער גיוועזין אלז דיא ווילניר[2]) זענין אויז פולין גילאפין אונ׳ פיל להמבורג קומין אונ׳ איין אן שטעקינדיגי קרענק אן זיך גיהאט אונ׳ צור זעלבי צייט האט מאן קיין הקדש אודיר זונשטין הייזיר גיהאט דאר מאן האט קראנקי לייט קענין איין ליגין אלזו האבין מיר וואול י׳ קרנקי לייט אויף אונזיר באדים[3]) גיהאט ליגן דיא אבי זצ״ל אלי האט לאזין אויז האלטין קצת מהם זענין גיזונד גיווארין קצת מהם זענין גישטארבין, איך ואחותי עלקלי תי׳ זענין אך באותו פעם אין דער קרענק

---

1) Das Bett Hemden = die Anzahl 2) Wilnaer s. Kaufmann, die letzte Vertreibung der Juden aus Wien p. 62 n. 5 3) Bodem = Boden.

אלזו שטינין דיא ראשים בייא איר אונ' בירידין זיך יחדיו ווען
דער יהודי ווערט קומין מיט אונזיר משכון וואלין מיר עז
נעמין זונדר געלט אונ' דאר פון גיהן דאז האבין זיא אויף
פראנצעזיש גירעט אונ' ניט גידאכט דאז עש דיא בתולה
פאר שטיט, אלזו איזט אבי זצ"ל מיט דען משכון גיקומין
אלזו היבט זיא הויך אן צו זינגין בחיית לא המשכון היום
בבאן ומחר ויברח האט נעביך אין דער האשט[1]) ניקש קענין
אנדרשט הרויז ברענגין אלזו זאגט אבי זצ"ל צום ראש מיין
הער וואור איזט דאז געלט, זאגיט דער ראש געביט מיר
דאז פפאנד זאגט אבי זצ"ל איך גיב קיין פפאנד איך מוז דאז
געלט ערשט האבין אלזו היבט דער אייני ראש צו דיא אנדרי
ברידיר מיר זיינין פאר ראטין דיא הור מוז פראנצעזיש קענין
אונ' לאפין מיט טרייא ווערטיר[2]) צום הויז הרויז, דען אנדרין
טאג קומט דער ראש לבד צו גין אונ' גיבט אבי זצ"ל זיין
קרן ורבית פר המשכון אונ' זאגט איר העט[3]) עש פיל צו
גינישין גיהאט, אונ' אייער געלט וואול אן גיליגט דאז איר
אייער טאכטיר העט פראנצעזיש לאזין לערנין אונ' גיט דאר
מיט זיין וועניש, נון אבי זצ"ל האט דיא שטיף טאכטיר אצלו
גיהאט אונ' זיא ניט אנדרשט אליש זיין אייגין קינד פון זיין
לייב גיבורין גיהאלטין זיא אך אויז געבין אונ' גאר איין גוטין
שידוך מיט איר גיטאן האט גיקראגין[4]) מן אוריג[5]) בן ר' קלמן
אוריג אביר זיא איזט אין ערשטין קינד גישטארבין ע"ה אונ'
איזהו ימי' דער נאך האט מאן זיא ביגזלת אונ' אירי תכריכי'
אויז גיצאגין איזט זיא צו חלום גיקומין אונ' עז מגלה גיוועזין
האט מאן זיא אויף קובר גיוועזין אונ' זאלכיש ביפונדין זענין
דיא ווייבר פלוקש גאנגין אונ' האבין איר אנדרי תכריכי'
גינים וויא זיא זיטצין אונ' ניאן קומט דיא פילציל[6]) אין דער

---

1) Hast 2) Drohworten 3) habt 4) gekrogen = gekriegt, bekommen 5) Aurich 6) Pulcelle = die Magd s. Grünbaum, Jüdisch-deutsche Chrestomathie p. 175 n. 1.

אונ׳ דאז זיא זיך אונ׳ אירי מוטיר ענטליך דא פון ערנערט האבין אונ׳ זיך היפש אונ׳ ריינטליך דאר פון אך קליידין קענין, אביר האבין נעביך ניט פיל איבריג גיהאט דאז אמי ת״י זיך אופט האט דען גנטצין יום מיט איין שטיק לחם ביהאלפין אונ׳ אליז פאר ליפ גינומין אונ׳ איר הבטחה אויף הש״י ב״ה גיהאט ווערכיר זיא עד הנה ניט פאר לאזין אונ׳ זיא דיא זעלבי הבטחה אך עד היום הזה ביהאלטן ומי יתן איך ג״כ זולכי נטויאר[1]) אן מיר נעמין קענט נון המקום ב״ה ובי״ש גיבט איינים אידרין מענשין ניט גלייך, נון אבי זצ״ל וויא שונט גידאכט האט צו פארין איאיר[2]) ער אמי ת״י ביקומן איין אשה גיהאט זעלכי רייצא גיהיישן, זאל גאר איין וואקיר מענש אונ׳ גרושי גברתנית גיוועזין זיין אונ׳ גרושי חשובי הויזהאלטונג גפירט ענטליך גישטארבין אונ׳ קיין קינדר עם אבי זצ״ל גילאזין, דיא זעלבי האט צופארין איין איינציגי טאכטיר גיהאט אלש אבי זצ״ל עם אשתו ראשונה איין שטיף טאכטיר ביקומין וועלכי קיין גלייכניז גיהאט הן ביופי׳ ובמעשיה פראנצעזיש אליש איין וואשיר גיקענט וועלכי אבי זצ״ל אך פעם אחת זער צו נוטץ קומין דען אבי זצ״ל האט איין משכון מן ראש גיהאט מן ת״ק ר״ט אלזו קומט הראש לאחר זמן מה מיט נאך ב׳ ראשים אונ׳ וויל המשכין ליזין[3]), אבי זצ״ל איזט ניקש קשה גיוועזין גיאט הינויף אונ׳ לנגיט המשכון, בתו חורגה שטיט בייא דער קלאף צימיר[4]) אונ׳ שפילט דרויף כדי דאש דען ראשים הזמן זאל ניט לנג ווארין

---

1) Natur 2) zuvoren eher = bevor 3) auslösen 4) beim Clavier; Klaffzimmer, offenbar eine deutsche Volksetymologie für clavicymbalum, woraus auch das franz. clavecin entstanden ist; Grimm D. W. V, 899 kennt nur die Form Klaffenzimmer; über den Familiennamen Klaffzimmerer = קלפצימרר s. meine Bemerkung zu S. Hock, die Familien Prags 319 n. 1.

עדות זאגין, חיים פירשט ע״ה האט איין זון גיהאט האט ר׳ זלמן גיהיישן איזט גבאי גיוועזין ג״כ גישטארבין איזט איין אדם חשוב גיוועזין ע״ה איין גרושיר למדן ושארי ב״ב וואש מיר איזט פאר געסין אלזו האט המקום ב״ה דען שטרייט עם פרנסי׳ גיענדירט, נון ווידר צו אמי זקנתי כטה ע״ה צו קומין דאר זיא נון האט דודתי אולק ע״ה אויז געבין לא נשאר לה מאומה אונ׳ האט היתומה אמי תי׳ גיהאט איזט איין בתולה מן י״א שני׳ גיוועזין האט זיך עמה ביגעבין בבית של בתה גלוק[1]) ע״ה וועלכי גיהאט האט יאקב ריא ע״ה, נון דער יאקב ריא ע״ה צווארין קיין גרושיר עושר גיוועזין אביר דאך איין עהרליכר מאן דער זיין קינדיר האט נאך געבן ת׳ עד ת״ק ר״ט אביר אייטיל אויז בינדליכי שידוכים מיט זייני קינדר גיטאן אונ׳ אייטיל פייני בחורים אין גיזעצט אונ׳ זיך לבן טובים מדביק גיוועזין ווען נון אמי זקנתי זמן מה בייא אינין גיוועזין אונ׳ האט עניקליך יתומי׳ ג״כ גיהאט זעלבי לעתים אפשר צו פיל גיקומן אודיר זונשטין וואז ווידריגיש פיר גיפאלין וויא וואול בייא עלטרין אונ׳ קינדר פלעגט צו זיין זוא איזט זיא נעביך צו דודתי אולק מיט איר יתומה גנגין אונ׳ זיא האבין זיך אליש עצמו מפרנס גיוועזין דהיינו אמי תי׳ האט גאר וואול קניפלין[2]) קענין כסף וזהב שפיצין זוא האט המקום ב״ה איר חסד גיטאן דאז סוחרי׳ תוך המבורג איר האבין כסף וזהב צו קניפלין געבין אונ׳ יאקב ריא ע״ה איזט דאז ערשטי מאלט ערוב פאר איר גיוועזין דאר נאך האבין דיא סוחרי׳ גיזעהין דאז זיא עהרליך האלט אונ׳ דען סוחרים דאז איריגי צו רעכטיר צייט ווידיר ליפירט האבין זיא איר לבד גיטרויאט אמי תי׳ האט אך כמה מאטכיר[3]) גיהאט אצלה דיא פאר איר גיקניפילט האבין אונ׳ אמי תי׳ איזט איר לער מיישטרין גיוועזין דאז זיא גילערינט האבין,

---

1) In F. verbessert in אולק 2) klöppeln 3) Mädchen.

האבין זיא אים לשם פאר איין אב״ד אויף גינומין דער חתן האט גיהיישן אלי׳ כהן ע״ה האט איהם ת״ק ר״ט נאך גינעבין דער זעלבי איזט בקרוב ימי׳ צום גדול עשירות גיקומין אונ׳ איין גרוישר איש מוצלח גיוועזין, אביר ער איזט בעו״ה בנערותיו גישטארבין איזט נאך קיין בן ארבעי׳ שנה גיוועזין, באם אים המקום ב״ה העט זיין לעבין גילאזין וועהר איין גרוישר מענש אויז אים גיווארין כי ה׳ מצליח בידו ווען ער ע״ה[1]) אשפה בידו גינומין איזט ממש זהב דרויז גיווארין אביר דיא מערכה[2]) אים גאר צו גישווינד גיקומין ובאותו פעם ג״כ גיצענק גיוועזין, איבר פרנסות אבי זצ״ל איזט פרנס כמה וכמה שני׳ גיוועזין אונ׳ דער אלי׳ כהן ע״ה האט זיך לאזין דונקין[3]) איזט איין יונגיר מאן גיוועזין אונ׳ זיין עשירות הולך ומתגבר בכל יום ויום איין חכם אונ׳ איין בן טובים אביו איזט מהור״ר דוד העני גיוועזין דאז ער זיך כמה וכמה פעמי׳ פאר לויטן לאזין ווארום זאל איך ניט זוא וואול פרנס זיין אליש מיין שוואגיר ליב איזט בין איך ניט זוא קלויג אליש מיין שוואגיר ליב איזט, בין איך ניט זוא רייך אלש ער איזט בין איך ניט מבני טובים אלש ער איזט. אביר המקום ב״ה דער זיין צייט אונ׳ ציל אלזו פאר זעצט אונ׳ אורדנירט האט, אין באותו פעם הין וועק גינומין, בחייו זעניז קהל באותו פעם ג״כ איין מחלוקות גיקומן אונ׳ וויא הסידר עולם איזט דער דיזי דער אנדרי יעני פארטייא גיהאלטין אלזו איזט עש באותו פעם גאר איביל אין אונזיר קהילה בעו״ה גאנגין, בראשון גישטארבין פייבלמן ע״ה פרנס גיוועזין, דאר נאך איזט גישטארבן חיים פירשט ע״ה דער גרעשטי עושר בקהילה גיוועזין, ג״כ פרנס גיוועזין דאר נאך האט זיך אברהם שמש נידר גיליגט אונ׳ גישטארבין וקודם יציאת נשמתו ער גיזאגט מאן האט מיך בירופין בישיבה ובי״ד של מעלה זאל

1) mit Verlaub = עםכבם הםליחה 2) Schicksalswendung
3) dünken.

גיוועזין וועלכיש אביר בעו"ה ניט לנג גיוועהרט איזט ב"מ[1]) דבר אויז גיקומין איזט מיין גרויש פאטיר אונ' עטליכי קינדר גישטארבין מיין גרויש מוטר זעליג האט נאך איבריג גיהאלטין ב' לידיגי בנות איזט מיט אינין בעירום ובחוסר כל ארויז גאנגין אונ' מיר פאר צילט וויא זיא זיך נעביך מוזין גיניטן, קיין בעט ניקש גיהאט אויף האלטץ אונ' שטיין איר נאכט לעגיר האבין מוזין, אויב זיא שונט צווארין איין טאכטיר גיהט אויז געבין, אביר האט איר נעביך ניט קענין צו הילף קומין, האט איין זון ג"כ גיהאט אויז געבין בשמו ר' מרדכי איזט עש גאר וואול גנגין איין גרוישר עושר אביר דער זעלבי איזט ג"כ באותו זמן הוא ואשתו וילד אין דבר ב"מ גישטארבין, אלזו האט זיך מיין ליבי גרוישמוטיר מיט איריביידי יתומי' גרוש צרות גניט אונ' ממש פון איין הויז צום אנדרן מוזין קריכין עד כי יעבור הזעם דאך דער דבר האט לקצת אויף גיהערט האט זיא איר בית וואלין ווידר ביוואונין אונ' לאזין אויז וועטרין איר זאכין, אביר דאר האט זיא וויניק גיפונדין איר בעשטי זאכין זענין הין וועק גיוועזין שכנים האבן בייא זיא גיוואונט אונ' דיא ברעטיר אויז דיא בעדים[2]) אויף גיהויבן אונ' אליש אויף גיבראכין אונ' מיינשט אלי דאז איריגי הין וועק גינומין אונ' גאר וויניק פאר איר אונ' אירי יתומים נעביך איבר גילאזין נון וואז האט זיא נעביך טון זאלין, מיין פרוימי גרוישמויטר ע"ה נאך איין וויניק משכנות גיהאט דאר זיא זיך מיט אירי יתומי' פון ארנערט, דיא בידי יתומי' זעניין גיוועזין דודתי אולק אונ' אמי מורתי מרת בילה תי' ענטליך האט דיא גוטי פרא אמי זקיני ע"ה זוא פיל צוזאמין (גישראפט) [גישפארט] אונ' גיבראכט דאז זיא היתומה אולק האט אויז גיגעבין אונ' זיך משדך גיוועזין צו ר' דוד העני ע"ה איזט איין גדול הדור גיוועזין אונ' דיא מרינה גיהאט אונ' כמדומה לי אב"ד תוך פרישלאנד גיוועזין, דאר נאך איזט ער תיך אלטנה קומין

1) Pest, Gott bewahre uns = בר מנן 2) Böden.

זעלבי צייט איזט דער סידר גיוועזין, אשתי אסת״ר ע״ה איזט גאר איין וואקרי פרוימי עהרליכי פרא גיוועזין אונ׳ זיך גאר וואול אויף מו״מ פאר שטאנדין האט ממש דאז גנטצי בית מחיה גיוועזין אונ׳ אלי מאהלט ליריד קיליר אום שלאק[1]) גירייזט מיט סחורות דהיינו ניט פיל סחורות מיט גינומין דיא לייט האבין זיך באותו פעם בניגין לאזין, זיא האט גאר וואול גירעט המקום ב״ה האט איר חן געבין בעיני כל רואיה, קעהרתות[2]) תוך הוילשטיין[3]) האבין זיא זעהר וואול פאר מויכט[4]), אלזו האבין זיא איר קינדר ג׳ עד ד׳ מאות ר״ט נאך געבין אונ׳ דאך איידימיר[5]) גיהאט דיא גרושי עשירי׳ זיינן גיוועזין אליש ר׳ אלי׳ באלין ע״ה איזט איין גרוישר עושר גיוועזין מן ל׳ אלפי׳ ר״ט ור׳ משה גאלדציהר[6]) איין גרושיר עושר אונ׳ דעהרי מער בנו מהור״ר משה איין גרוישר עושר אונ׳ וואקריר מאן עד יום מותו גיוועזין, בנו ר׳ ליפמאן צווארן זוא קיין גרושיר עושר גיוועזין האט זיך דאך הי״ש ערליך מחיה גיוועזין אונ׳ דערי זייני קינדר יותר, דאז איך זולכיש דארום שרייב דאז עז עבין ניט אן דיא גרושי נדוניות גילעגין איזט אליש וויא אין דיא זעלביגי צייטין צו ארזעהן איזט גיוועזין דאז לייט אירי קינדר האבין וויניק נאך גיגעבין אונ׳ גרושי עשירים גיווארין זיין, נון ווידר צו אונזיר צוועק צו קומין דאר מיין עלטיר פאטיר ר׳ נתן מעלריך ע״ה איין גירוש ביקומין וויא גידאכט האט ער זיך אצל ר׳ ליב חתנו של נתן שפניר בביתו ביגעבין אונ׳ גרויש עשירות מיט גיבראכט דאז מיר אופט דיא אסתר אשת של ר׳ ליב הנ״ל מיר חידושי׳ פון דען עשירות פארציילט האט גנצי קיסטין פול גילדני קעטין ושארי תכשיטות אונ׳ גנצי גרושי בייטלין מיט מרגליות דאז אין דער זעלבי צייט אויף מאה פרסאות זוא קיין עושר

---

1) Kellerumschlag 2) adelige Damen 3) Holstein 4) gemocht 5) Eidame 6) S. Cod. 335 der Stadtbibliothek zu Hamburg in Steinschneiders Catalog p. 162.

זה ער גאר זעהר גיאיילט מיט זייני קינדר אויז צו געבין, ער ע"ה האט אמי תי' גינומין איזט איין אלמון גיוועזן וואול ט"ו שני' ויותר איין אשה גיהאט אונ' קיין קינדר עמה גיהאט וויא זיא ע"ה גישטארבין איזט לאחר מותה האט אבי ע"ה אמי תי' גינומין זיא איזט נעביך איין פארלאזין יותם גיוועזין אונ' מיין ליבי פרומי מוטר מיר אופט פארצילט וואש זיא זיך נעביך אין איר יותם שטאנט גינים[1]) האט מיט אירי פרומי מוטיר הצדיקות מטה ע"ה דיא האב איך נאך גיקענט איזט קיין פרומיר קלוגיר פרא גיוועזין אלש זיא ע"ה, מיין עלטיר פאטיר ע"ה האט גיהיישין ר' נתן מעלרייך האט גיוואונט במקום דעטמול איזט איין גרווישר עושר אונ' וואקריר פאר נעמיר מאן גיוועזין ענטליך האט ער לשם איין גירוש ביקומין דאז ער מיט אשתו ובניו משם הין וועק גימוזט אונ' האבין זיך נאך אלטנה ביגעבין, צור זעלבין צייט האבין קיין עשרה ב"ב לשם גיוואנט אונ' זיך ערשט אן גיפאנגין לשם מיישב צו זיין, אין דער זעלביגי צייט איזט אלטנה איין גראף שאפט גיוועזין דאז דען שר משאמבערג צו גיהעריג גיוועזין אונ' נתן שפאניער ע"ה איזט דער ערשטי גיוועזין דער עש האט אויז גריכט דאז ב"י תוך אלטנה גיוואונט האבין, אונ' צו דער זעלביגי צייט האט אלטנה אונ' דיא גנטצי גראף שאפט פּיניבארג[2]) נאך ניט צום מלכות דעני מארק גיהערט אביר לאחר זה איזט דער זעלביגי גראף זונדיר[3]) זרע גישטארבין אלזו איזט עש דען מלכות דענימארק אהיים גיפאלין, אלזו האבן זיך אליש איינציג וויים דארהין גיזעצט, דער נתן שפאניער האט חתנו מהור"ר ליב ג"כ תוך אלטנה גיזעצט, דער ר' ליב איזט איין הילדסומיר גיוועזין איזט צוואהרין קיין עושר גיוועזין אביר דאך איין עהרליכיר מאן ע"ה גיוועזין דער זיין קינדר האט עהרליך אויז געבין, וויא עש אין דער

---

[1]) in Nöthen gewesen [2]) Pinneberg [3]) ohne.

אונ׳ זיך מתחתן זיין יחדיו פיקין דאך אלי צייט איינער אויף דען אנדרין, בזמן הזה איזט אחותי הענדילכי ע״ה איין כלה גיוועזין עם בנו של מהור״ר גומפיל מקליב אונ׳ איר ח״י מאו׳ ר״ט נאך געבין דאש איזט צו דער זעלביגי צייט גאר פיל גיוועזין אונ׳ איזט קיינער בהמבורג גיוועזין דער ביז צו דער זעלביגי צייט אזו פיל האט נאך געבין, דאר קיגן איזט עש אך דיער פרינציפאלשטי שידוך אין גנץ אשכנז גיוועזין אונ׳ כל עולם זיך איבר דער גרושי נדוני׳ אונ׳ גוטין שידוך פאר הירושת[1]), אביר אבי זצ״ל איזט אין זיין מו״מ גיזעסין אונ׳ איין גרושיר בעל הבטחה גיוועזין דער זיך אויף השי״ ב״ה פאר לאזין האט דאז ער אים ווערט העלפין זיין אנדרי קינדר אך בכבוד אויז צו געבין, דען ער האט זיך ע״ה אין זיין הויז האלטונג אונ׳ מיט געשטונג[2]) מיט אלים בעשיר גפירט אלש לע״ע דיא עשירים דיא ל׳ אלפי׳ ויותר אין איר אייגינש האבין, אונ׳ זאלכיש אך עד יום מותו אויז גפירט נון זאלל איך שרייבין פון דער חתנה דיא ער לאחותי ע״ה גימאכט, האט אונ׳ דיא וואקירי חשובי לייט דיא עם מחותני מהור״ר גומפיל קומין זיין, אונ׳ וואש פאר איין איש קדוש ע״ה ער גיוועזט איזט קאן איך ניט גינונגין בישרייבין, אביר ער האט ניט גיגליכן דיא לע״ע זיינין וויא ערליך ער גליפירט האט אונ׳ וויא מאנפיז[3]) עז אויף דער חתנה איזט צו גאנגין, קען איך ניט ארשרייבין אונ׳ העיקור וויא ער ע״ה עניים ואביונים האט משמח גיוועזין זאלין מיר אלי זיין זכות גניסין, אבי זצ״ל איזט ניט זוא גרושר עושר גיוועזין אביר וויא שוין גידאכט זיין הבטחה על המקום ב״ה גיהאט איזט קיינים ניקש חייב גיוועזין אלזו האט ער זיך ערליך ע״ה מחיה גיוועזין אונ׳ זיך גאר זואר לאזין ווערין דאז ער אשתו ובניו בס״ד האט מחייה גיוועזין, ער ע״ה איזט מדוכא ביסורין גיוועזין אונ׳ איזט שוין איין מאן צו זייני יארן גיוועזין משום

---

1) verwundert 2) Gästen 3) pompös?

דאז שיכטרין שאף האבין מיר מוזין נאך אלטנה שולך גין, דיזיש האט איין צייט לנג גיווארט זענין מיר נעביך ווידר אין אונזירי שילכיר גיקראכן אלזו איזט עש גיוועזין דאז מיר לעתים האבין מנוחה גיהאט ולעתים זיינין ווידר פאר יאגט גווארין עד היום הזה, ודואג אני דאז זאלביש זוא ווארין ווערט זוא לנג מיר בהמבורג זענין אונ' זוא לנג דיא בערגירייא תוך המבורג ריגירין[1], המקום ב״ה ברחמיו וברוב חסדיו ירחם עלינו וישלח משיח צדקינו ולעבדו המקום ב״ה וב״ש בתם לבבינו דאז מיר מויכטין אונזר תפילה טון בבית מקדשינו בירושלים עיר הקודש אכן, אלזו זענן זיא גיזעסין בהמבורג ואבי זצ״ל זיין מו״מ איזט גיוועזין עם אבנים טובות ושארי זאכין וויא איין ב״י דער פון אלים וואש נאשט, המלחמה עם דעני מרק ושוויד הולך ומתגבר והמלך שוויד האט גרושי הצלחה גיהאט דאז ער אליש האט המלך הין וועק גינומין אונ' קומין פאר דאז מלך זיין היפשטאט דאר ער זיין ריזידענטשטאט אין גיהאט אונ' זעלביגי בילעגירט[2]) אונ' ניט פיל גיפעלט דאז ער זיא אין ביקומין העט ווען ניט דער מלך זוא גיטרייאי יועצי' אונ' אונטירטאנין גיהאט העט דיא המלך יר״ה מיט גוט אינ' בלוט זענין בייא גישטאנדין, דאז ער אליש בסי״ד ארהאלטין האט אביר בוודאי אליש מן המקום ב״ה וב״ש דער אין האט ערהאלטין דען ער איזט איין מלך חסיד אונ' גירעכטיר פרומיר מלך יר״ה גיוועזין[3]) אונ' מיר ב״י זענין וואול אונטיר אין גיזעסין, חאטשי[4]) מיר האבין תוך המבורג גיוואונט האט דאך איין אידריר ב״ב מוזין ו' ר״ט מס געבין ווייטיר ניקש, לאחר זה האבין האלענדיר המלך בייא גישטאנדין אונ' מיט אירי ספינות דורכים זונט[5]) קומין אונ' איין לאך אין דער מלחמה גימאכט דאז שלום איזט גיווארין אביר דעניטארק אונ' שווידין זענין זיך נימר גוט חאטשי זיא זיינין פריינט

---

1) Vgl. Schudt I, 376 2) belagert 3) Friedrich III 4) obgleich 5) durch'm Sund.

האט דער שוויד מלחמה גיהאלטין מיט המלך מדעני מרק
יר"ה איך קן ניט פיל חידושי' שרייבן ווייל זאלכיש בילדותי
גישעהין אונ' אליש איין קינד דאז אין חדר האט זיטצין מוזין,
אלזו באותו זמן זענין מיר תוך אלטנה גיזעסין אין אייטיל
דאגות דען עש איזט גאר איין קאלטיר ווינטר גיוועזין דאז
אין נ' שני' זוא קיין ווינטר איזט גיוועזין, מאן האט אין דען
שווידישין ווינטיר גיהיישין אלזו האט דער שוויד אליר וועגין
קענין איבר קומין ווייל עש זוא הארט גיפרארין איזט גיוועזין,
מיט איין מאלט אם שבת קומט דיא צעקה דער שוויד קומט
איזט נאך למחרות גיוועזין זענין נאך אים בעט גילעגין זענין
מיר נעביך אלי אויז דען בעטין גישפרונגין אונ' נאקדיג אונ'
בלויז מיט אונז קינדיר אין מקום גילאפין אונ' לקצת אצל
ספרדיים לקצת אצל בערגיר זיך מוזין ביהעלפין אלזו זענין
מיר זמן מעט זוא גיזעסין אליש ענטליך אבי ז"ל האט משתדיל
גיוועזין, אונ' ער איזט דער ערשטי ב"י גיוועזן דער זיך ווידר
תוך המבורג גיזעצט צו וואונין, דאר נאך אליש נאך גראד
האט מאן ווייטיר משתדיל גיוועזין דאז יותר ב"ב זענין אינש
מקום קומין צו וואונין, אונ' אלזו פאשט אלי ב"ב אינש מקום
גיצאגין צו וואונין, מלבד דיא פאר דען גירוש תוך אלטנה
גיוואונט האבין דיא זענין תוך אלטנה וואונין בליבין, תוך
אותו זמן האט מאן גאר וויניק מסים אן דער שררה גיגעבן
איין אידריר האט פאר זיך עצמו מיט דען זעלבינגן דיא דאר
צו זיין גיזעצט גיווארין אקורדירט, אביר מיר האבין קיין בית
הכנסת גיהאט במקום המבורג אונ' אך גאר קיין קיומי'
גיהאט, אך ורק זענין זוא גיזעסין על פי החסד מן עצה יר"ה,
ב"י זענין דאך צו זאמין גאנגין אונ' מנין גימאכט אין חדרים
זוא גוט זיא נעביך גיקענט האבין, אויב זאלכיש העצה יר"ה
שונט לקצת גיוואושט האבין זיא דאך דורך דיא פינגיר גערין
גיזעהין אביר באם עש גייסטליכי האבין גיוואר גיווארין האבין
זיא עש ניט ליידין וואלין אונ' אונש נעביך פאר יאגט אליש

זיא תפוס גילינט, האט אליש דען גרויש מעות גיקאשט אונ׳ צרות גיהאט דאז מאן זיא ווידר האט פטור קראגן למחרת בהשכמה זוא בלדי זיא נעביך אויז דער שויל זיינין גיקומין זיינין זיא תוך מקום גנגין, אונ׳ קיגין לילה אליש מאן דאז טויר האט וואלין צו מאכין ווידר לאלטנה גנגין אונ׳ ווען זיא נעביך הרויז זיין גנגין דאז חיות אופט ניט זיכר גיוועזין פון רשעות וועגין מן בוז לייט ריקים ופוחזים אונ׳ לוכפין גזינד דאז איין אידר אשה נעביך האט גאט גיראנקט דאז זיא אירן מאן ווידר בשלו׳ בייא זיך גיהאט האט, אונ׳ זענין צור זעלבי צייט קיין מ׳ ב״ב מיט דען זעלבין דיא מהמבורג לאלטנה קומין זיין, זענין אך אין דער זעלביגי צייט קיין גרושי עשירים גיוועזין דאך איין אידריר זיך ערליך ארנערט דיא גרעשטי עשירים אין דער זעלבי צייט איזט גיוועזין חיים פירשט ע״ה איזט איין מאן גיוועזין מן עשרת אלפים ר״ט אבי זצ״ל איזט איין מאן גיוועזין מן ח׳ אלפי׳ ר״ט אנדרי מן ו׳ אלפי ר״ט אך מן ב׳ אלפי׳ אביר זיך זער שין גיפירט אונ׳ גאר באהבה ובחיבה מיט אנאנדיר גילעביט, אביר אינשיענרי[1]) האבין בעשיר גילעבט אליש לע״ע דיא גרעשטי עשירים אונ׳ חאטשי[2]) דער נור האט ת״ק ר״ט זיין אייגינש גיהאט האט זיך לאזין גנץ וואול זיין אונ׳ איין אידריר זיך לאזין משמח בחלקו זיין פיל מער אלש לע״ע אין דיזי דורות דאז דיא עשירים ניט צו ערזעטיגין זיין ועליהם נאמר אין אדם מת וחצי (טוב)[תאו]תו בידו עכ״פ גידענקט מיך נאך דאז מיין פאטיר זוא איין בעל הבטחה איזט גיוועזין אליז ער קיין גילייביניז גיהאט האט ואלמלא ער ע״ה ניט זוא גאר מיט דען ציפירלי[3]) ווער ביהאפט גיוועזין העט ער עש דאך גאר וויט גיבראכט אונ׳ האט זייני קינדר גאר וואול אונ׳ ערליך בישטאט דיזוש איזט גיוועזין אין מיינר קינדהייט לערך עשרה שני׳ אלט גיוועזין דאר

---

1) allgemein (in genere) 2) selbst 3) Zipperlein.

מיך נאך זיינין ווילין אונ׳ וואול גיפאלין בישאפין האט אונ׳ ביט דען גוטין גיטיגן גאט, דער ווייל ער מיך יוא נאך זיין הייליגן ווילין בישאפין האט מיך דאך אין זיין הייליגין שוטץ צו נעמין אונ׳ מיך פאר דען . . . . . . . . . [1].

הונגיריג איזט גיוועזין בביתו גאנגין, איזט זאט ווידר ארויז גאנגין, זייני קינדיר זוא וואול זין אלש טעכטיר לאזין לערנין במילי דשמיא ובמילי דעלמא, איך בין אין המבורג גיבארין אביר כאשר שמעתי פון מייני ליבי עלטירן אך אנדרי איך בין קיין ג׳ שני׳ אלט גיוועזין, אליש אלי בר ישראלים האבין איין גירוש מהמבורג[2]) גיהאט אונ׳ אלי מוזין לאלטנה ציאין וועלביש המלך מדעני מארק יר״ה גיהעריט אונ׳ ב״י גוטי קיומי׳ ממנו האבין דאז אלטנה איזט קויב איין רביעי׳ שעה מהמבורג תוך אלטנה האבין עטליכי ב״ב גיוואונט לערך כ״ה הויז האלטונג אונ׳ לשם האבין מיר אונזיר ב״ה אונ׳ בית החיים גיהאט, אלזו האבין מיר גיוואונט תוך אלטנה איין צייט לאנג אונ׳ ענטליך תוך המבורג משתדל גיוועזין דאז מאן דיא ב״י באלטנה האט פאסין געבין דאז זיא האבין מעגין תוך מקו׳ גיהן אונ׳ מו״מ טרייבין איין אידיר פאס האט גיהאלטין על ד׳ שבועות דען זעלבין האט מאן פון דען ריגירינדין ראש עצה מהמבורג ביקומן אונ׳ האט גיקאשט א׳ הגר[3]), אונ׳ וואן דער פאס איזט אויז גיוועזן האט מאן ווידר איין נייאין מוזין נעמין אביר אויז דען ד׳ שבועו׳ זענין אופט ח׳ שבועות גיווארין דאז לייט קונשאפט מיט דען ראש עצה או שוטרי׳ גיהאט האבין עש איזט דען לייטין נעביך גאר שוועהר גיפאלין דען האבין איר מו״ם אליש מוזין אין מקום זוכין ובפרט דאז נעביך עניים ואביונים זיין גיוועזין מעניכי זיך אופט ארוועגט[4]) אהן פאס אינז מקום צו שלייבין ווען זיא דען זענין מן שוטרים ארטאפט גיווארין האט מאן

---

1) Hier fehlt ein Blatt 2) am 16. August 1648 s. Schudt, Jüdische Merckwürdigkeiten I, 373 3) Dukaten 4) erkühnt.

אך זוא פיל אונ׳ פאשט מעהר ווידרווערטיגקייט אונ׳ זורג שמעקט אלז ער ליבירשט דאז זייני וואלין ביהאלטין, אלזו איזט אך דאז גימייניש שפריכווארט דיא ווערט איזט פול פיין איין אידריר פינדיט דאז זיין, נון וואז זאל מאן טוהן, זוא מיר השי״ ב״ה מיט גנמצין הערטצין אן רופין ווערט ער אונש ניט פאר לאזין אונ׳ אין אונזר הילף אונ׳ אין דיא הילף פון כל ישראל זיין אונ׳ אונש מבשר לאזין זיין בשורות טובות ונחמות, וישלח לנו גואלינו משיח צדקינו במהרה בימינו אמן וכן יהי רצון.

## סליק פון מיין ערשטין בויך.

---

# ספר שני בס״ד.

דאר ווייל איך דיזוש אונ׳ וואז שונט גישריבן אונ׳ וואש איך שרייבין ווער אויז גרוישן ביטריפטין הערטצין גישעהין, נאך אפ שטערבין פון מיין ליבן מאן ע״ה ווערכיר איזט גיוועזין אונזיר גיטרייאיר הערט, נון בוודאי פון אונזיר עבירות ווענין האט אין המקום ב״ה צו זיך גינומין כי מפני הרעה נאסף הצדיק, נון וויל מיך היר ניט לנג אויף האלטין דען איך בין גזינט אי״ה אייך דיזוש צו לאזין אין שבעה קטנים ביכליר אם יגזור ה׳ בחיים, אלזו פאר מיין איך ווערט עז זיך אן בעשטין שיקין דאז איך זאלכיש פון מיין גיבורט אן פאנג, מיין גיבורט מיין איך איזט גיוועזין בשנת ת״ז בק״ק האמבורג דאז מיך מיין כשרי פרומי מוטיר האט צור וועלט גיבראכט מיט הילף אונ׳ בארימהערציקייט דען גרוישן גאט אונ׳ אויב אונזיר חז״ל שונט גיזאגט טוב שלא נברא משנברא ווייל דער מענש אלזו פיל אויף דער זינדיני וועלט מח אויז שטיהן, זוא דאנק אונ׳ לויב איך דאך מיין בישעפיר דאז ער

זה אני בוכיה ועיני יורדה מים ומי יתן דאז קענט בוכה ומתחנן אונ׳ רעכטי תשובה כראוי טון על עוונותי אביר הטילטול ממני וכבניי ודאגותי בעו״ה שנשאר לבד אצל בניי ובנותי היתוכיי אונ׳ דאז וועלטליכי ווזין לאזין מיך ניט צו מיין שטאנט וויא איך גערין וואלט אונ׳ זולט, איך ביט גאט מיין בישעפיר ער וואלי זוא גינעדיג זיין אן מיר העלפין אויז אל מיין צרות ודאגות דיא איך אויף מיר האבי, כי במסתריי תבכה נפשי, ומטתי בדמעתי דען מיר האבין נימיץ[1]) על מי נשען ורק על אבינו שבשמים, דען מיר מענשן וויזין איינער פון דען אנדרין זייני גרושי זארג ניט צו זאגין, אונ׳ איין אידיר מענש מיינט דאז זייני זורג דיא גרעשטי איזט, עש איזט איין פילוסופא אויף דער גאס גנגין איזט אים זיין גוטיר פריינד איינר ביגעגינט אונ׳ אים זער גיקלאגט וויא ער זוא גרושי דאגות אונ׳ בישווערניש העט, זוא זאגט דער פילוסופיי צו זיינין פריינט קום מיט מיר לאזין אויף דער הינט[2]) אויף דען טאך שטייגין, אלזו איזט ער מיט זיינין פריינט אנויף גישטיגין, דאר האבין זיא אלי הייזיר אין דער גנצי שטאט זעהן קענין, אלזו זאגט דער פיליסופיי צו זיינין פריינד נון קום הער מיין פריינד, איך וויל דיר דאר אלי הייזיר אין דער גנטצי שטאט וויזין אונ׳ זיך אין דעם הויז שטעקט דאז לייד אונ׳ און גליק אין יענים הויז איזט ווידר דיא בישוועהרנים אונ׳ זורג אין סומ׳[3]) דער פיליסוף האט זיינין פריינד גיוויזין דאז אין אלי הייזר דער שטאט אין איין אידרין הויז אפ זונדירליך זייני גיווישי זורג אונ׳ בישוועהרנים שטעקט, נון מיין פריינד נעם נון דיין בישוועהרליכקייט איני זורג אונ׳ ווערף עש מאנק[4]) דיא הייזיר אונ׳ ארגרייף דיר איניש פון דיזי הייזיר פאר דיין בישוועהרניש, אביר ער האט אליש וואול אפזארפירט[5]) אונ׳ איברליגט דאז אין דיא יעניגי הייזיר

---

[1]) niemand [2]) Höhe = ? היכט [3]) in summa [4]) mang = unter, zwischen s. Grimm WB. VI, 1539 [5]) observirt.

אליש געבין, פנגין זיא מיט אננדיר אן צו רופין אדוני מלך גיב אונש דאז איביגי לעבין זאגט דער מלך וויא קאן איך אייך דאז געבין הלוואי איך דאז צו פאר געבין העט וואלט איך מיר עש זעלבשטין געבין זוא זאגין דיא חכמי׳ נון אדוני המלך פריף אין דייני אייגיני גידאנקין דאר וויי׳ל דוא יוא ווייסט דאז אליש וואש דער קיניג טוט כל עבל ויגיעה זוא פיל לייט אונ׳ לאנד האט ער מחריב גיוועזין אונ׳ דאז אליש ביהאלשטו נאר אויף איין קלייני וויל אונ׳ ניקש אויף איביג זואור צו האט דעם קיניג דאז אליש גיזאלט, האט דער מלך ניקש גיוואושט צו ענטפרין, דאך צו אינין גיזאגט איך האבי דען עולם אלזו גיפונדין זוא מוז איך אין אך זוא לאזין דער קינינגש הערטציר קאן ניט אהן ביוועגונג דאז קריגשוועזין זיין, דיזי גשיכט שרייב איך ניט פאר איין אמת עש מאג נאך איין היידישער[1]) פאביל זיין איך האבי עש דרום היר אן גישטעלט דיא צייט מיר צו פאר קירטצין אונ׳ זעהן דאז לייט אין דער וועלט גיבית דיא קיין רייכטום אכטין אונ׳ זיך אויף אירן בישעפיר אלי צייט פאר לאזין, נון מיר האבין ת״ל אנדרי ספרי מוסר דאז מיר אליש גיטיש קענין פון לערנין איך שרייב אייך דיזוש אך ניט פאר קיין ספר מוסר גשיכט נור וויא שוין גידאכט, דאז אויבינטש[2]) דיא לנגי נאכט דיא מאלקולישי גידאנקין מיט צו פאר ברענגין, בכו תבכה בלילה אלזו דיזוש פאר דיא האנט גינומין אונ׳ זוא פיל מיר ביוואוסט אונ׳ זוא פיל עש זיך טון לאזט, פון דיא בישרייבונג פון מיינר יוגינט וואז מיר נאך אין גידענק איזט וואז פאסירט איזט, ניט דאז איך מיך זולטי אויזשליסין אודיר מיך ח״ו פאר פרומ בישרייבין אודיר האלטין ניין בעו״ה גדול עוונות מלהנשאה איך בין איין זינדיגרין דיא אלי יום אלי שעה אלי רגע עין ממש פול עבירות אונ׳ בין בעו״ה פון וויניק עבירות אויז גישלאסין על

---

[1]) heidnischer [2]) des Abends.

מאן פאר גרושי חכמי׳ האט גיהאלטין וועלכי פון דער גנטצי וועלט ניקש גיהאלטין אונ׳ ניקש אנדרשט גיגעסין אליש וואז דיא נאטויר האט וואקסין לאזין, דעסין גלייכין ניקש אנדרשט אליש וואשיר גיטרונקין אונ׳ קיין צאנק קיין שנאה צווישין אינין גינועזין אונ׳ קיין קליידיר אן גיהאט אלכסנדוס מוקדון וויא וויסינטליך האט דען גנצין עולם כובש גיוועזין האט גאר פיל פון דיא לייט איר לעבין אונ׳ חכמה גיהערט, אלזו האט ער זייני משולחים צו זיא גשיקט זיא זולין צו איהם קומין אונ׳ פאר איר הערן אונ׳ מלך חן נעמין ווערין זיא דאז ניט טון וויל ער זיא אלי פאר טילגין האבין זיא איהם צור תשובה געבין מיר קומין נירגינץ הין אונ׳ גיאין נירגינץ הין אונ׳ גיאין ניט אויז אונזיר לנד דאן מיר גלושטן ניקש קיין זילביר קיין גאלד מיר בניגין אונש מיט דעם וואז אינש [גאטט] גיביט אונ׳ דיא נאטויר ארפאר ברינגט נון דאז אייער מלך ווען מיר ניט קומין צו אונש קומין וויל אונ׳ אונז אלי טיטין וויל מאג ער וואול טון דאר צו הויף ער קיין גרוישי רישטונג, דאן מיר ווערדין אים קיין ווידרשטאנט טון אונ׳ מיר פראגין אך ניקש נאך אונזיר לעבין דען .ווען מיר טויט זיין זוא לעבין מיר ערשט וויל אביר אייער מלך אין פרידן צו אונז קומין אונ׳ אונזיר זיטין אונ׳ חכמה אן הערין זאל עש אונז ליפ זיין אלזו זענין דאז קיניגש אלכסנדרוס זיין אפ גיזאנטין ווידר צום מלך גיקומין אונ׳ אים אליש גיזאגט האט זיך דער קיניג אלכסנדרוס תכף מיט זייני פירנעמישטי לייט אויף גימאכט אונ׳ צו איהנן גיצאגין בייא זיא עטליכי טאג גיבליבן אונ׳ גרושי חכמות פון איהנן גיהערט אונ׳ גילערנט פון אינין דאז ער גר וואול פרידליך מיט אינין גיוועזין אונ׳ אינין וואלין גרושי מתנות שענקין אביר זיא האבין ניקש האבין וואלין אונ׳ גיזאגט מיר ברויכן קיין געלט קיין זילבר קיין גאלד דיא נטויאר גיבט אונש גינוגין אלזו זאגט דער קיניג אלכסנדר זוא ביט דאך פון מיר וואז איר האבין וואלט וויל אייך עש

שמועה זאלי דען המקום ב״ה אויף איהם ווארטין זאלנג ער מיט יענים פערטיג איזט, נון דאר האבין אונזר חז״ל גינוגין פין גישריבן וויא שונט גידאכט דאר קענט איר אין לייאנין, דאר נאך היפש איין שיעור תורה לערנין זוא גוט ער ווייש אונ׳ קן, אונ׳ אליש דען פלייסיג אויף זיין מחי׳ זיין דאז מאן זיין וויב אונ׳ קינדר ערליך מחיה איזט וועלכיש אך איין גרושי מצוה איזט, ובפרט דאז מאן זיין מ״ו ערליך טרייבט הן עם ב״י או אינם ב״י דאז ח״ו קיין חילול השם קומיט, האט מאן מעות או סחורות פון אנדרי לייט אין הענדין מוז מאן מער זארג פיר האבין אלז פאר דאז זייניני זעלבשטין דאז מאן ח״ו קיינים קיין עולה או און רעכט טוט דען דיזוש איזט דיא ערשטי שאלה בעה״ב דיא מאן פראגט אויב מאן אך האט נושא ונותן באמונה גיוועזין, אויב מאן זיך בעה״ז שונט פיל במיאיט אונ׳ פיל געלט ח״ו מיט גזילה וגניבה גיזאמילט אונ׳ זייני קינדיר גרושי נדוניות פון נאך גיביט אונ׳ אינין גרושי ירושה נאך זיין טויט לאזיט וויא אונ׳ ווינד[1]) דען רשעים דיא פון אירי קינדר רייכטום וועגין עה״ב פאר לירין אונ׳ דאר זיא דאך ניט ווישין אויב זולך גיגנבת אונ׳ גיגזלת מעות בייא אירין קינדר בישטאנד האט, ואלמלא עש שונט בישטאנד העט, זוא גיווארט[2]) עש דאך איין צייט אונ׳ ניט איביג אונ׳ ווארום זאל דען דער מענש דאז צייטליכי פאר דאז איביגי פאר קאפין, וועז איין גרוישר בערג מיט זאנט זאל אויז גיגראבין ווערין אונ׳ מאן נעמט אלי יום נור איין וויניק דאר פון איזט דאך דיא האפינונג דאש מאן אין קאן ענטליך הין וועק מאכין, אביר דיא איבינקייט ח״ו צו פאר לירין דאז איזט עה״ב דאז איזט צו בישראכטין אונ׳ צו ביאמרין, דאז מיר ניט זאלין ביאפאכטין[3]) ווער וואלט דאז מיר קאנטין זוא לעבין אליז וויא מאן פינט אין דער בישרייבונג פון אלכסנדר מוקדון דאז דאר לייט אין איין לאנד גיוואונט האבין דיא

[1]) Weh und Wind [2]) währt [3]) beobachten.

איזט אך איין רעכטיר דרך בשעת עש זייני קינדר אונ׳ נענשטי פריינד נאך וואונש וואול גיאט אביר גיאט עש ח״ו קונטרארי וועלכיר מענש דער איין פאר ניפטיג הערטץ אין זיך האט קאן לאזין ניט דען לאשט פון זייני קינדר אונ׳ נעכשטי פריינט צו טראגין רחל מבכה על בניה, אני הגבר ראה את עניי בוודאי איזט עש איין גרעשיר צער אן זיין קינדר אילנד צו זעהן אליש אן זיך זעלבשטין ובוודאי לפי שכלי המעט ווער עש אבינו זקינ[נ]ו אברהם ניט זוא שוועהר אן קומין ווען עש וועהר אום גיוועגט[1] גיוועזין דאז מאן איהם העט זולין שחטן אליש דאז ער בנו יחידו יצחק האט זאלין שחטן כי מי יוכל לראות באבדן מולדתו דאך האט דער ליבי אברהם אליש גיטאן מאהבת של המקום ב״ה אונ׳ אין אויף׳ אלים ניקש קשה גיוועזין, ווען מיר ח״ו בעולם ניקש אנדרשט העטין אליש דאז עקסעמפיל ווער עש גינוגין וויא מיר זולטין המקום ב״ה באהבה דינין אונ׳ ניקש וועלטליכש אודיר פר גענקליכש צו אכטין דען דער גרושי גאט האט אליש גיגעבין אונ׳ ווען עז אים ביליביט מאג ער ווידר נעמין מיר קענין אויף זייני מעשים ניקש רידן, גיאט פיל רשעים בעוה״ז וואול, דעסין גלייכין גיאיט עז אך פיל צדיקי׳ וואול וכן להיפך גיט עש אך פיל צדיקי׳ בעה״ז איביל אונ׳ פיל רשעים ג״כ, אלזו ניקש בעשירש מיין ליבי קינדר דינט גאט מיט אל אייער הערטצין אוהן אלי פאלשקייט אונ׳ הייכליי, דאז איר אייך וואלט פאר לייטין זוא שטעהלין[2] אונ׳ ח״ו אנדרשט אין אייער הערטציר האבין, אייאיר תפילה בכוונה באימ׳ וביראׄ׳ טון אונ׳ ניט בשעת התפילה שטין אונ׳ אנדרי שמועו׳ זאגין, האלט זאלכיש פאר איין הויפט עבירה דאז מאן זיין תפילה צו דען גרוישן בישעפיר טוט מיטין דרין אין דער בעסטי תפילה זאל מאן מיט איין בשר ודם רידן גנץ איין אנדרי

---

1) gewähnt = zugemuthet 2) stellen.

דען און פאר נינפטינן פוגיל אין גינעבין דאש זיא אירי יונגין
ארציאין אונ׳ זיכט מאן אך וויא איין אונטר שיד איזט וויא
עלטירן זיך אום אירי קינדר במיאין אונ׳ זיא מיט גרושי זורג־
פעלט ערציאין, אביר ווען דיא קינדר אלזו פיל צרות אונ׳
זורג פון אירי עלטירן זולטין האבין וויא בלד זולטין זיא עש
מיד ווערין, נון ווידר צו אונזרין ציוועק צו קומין דאז מיר
מענשין איינר דעו אנדרין גיהערט צו ליבן כמו שנאמר
ואהבת לרעך כמוך וועלכיש צוואון איין הויפט פונקט איזט
אביר מיר פינדין עש בדורות הללו זער וויניק אונ׳ נאר
זעלטין דאז איין מענש דען אנדרין פון הערטצין ליביט אדרבה
ווען איינר דען אנדרין קאן אין גירונד פאר דערבין גשיכט עש
גערין, דאז עלטירן איר קינדר ליבן דאז איזט קיין וואונדיר
דאש זעהין מיר אונ׳ בפינדין מיר פון דען אונפערניפטיגין
טירין דיא אירי יונגין האבין אונ׳ זעהן זיא צו ארנעהרין
ביזקין[1]) זוא לנג זיא זיך זעלבירט קענין ארנעהרין, אונ׳ דאר
נאך ווערין זיא פון אירן עלטירן פאר לאזין מיר מענשין זעני
נון אין דען שטיק בעשיר אונ׳ פארשטענדיגיר ניט אליינד
דאז מיר זוכין אונזיר קינדיר צו ארציאין צו ארנעהרין זואלנג
זיא גרויש זענין אונ׳ אונזיר מיסין[2]) קענין אך ורק מיר מענשין
מיר זורגין אונ׳ טראכטין אויף אונזיר קינדר וואולגנג זוא
לנג מיר לעבין אוב מאן שוינט מיינט מעניכי צו פינדין דער
זאלט זאגין אייא וואז זאל מיר דאז איך איבינ זאל טראכטין
אונ׳ זארגין פאר מייני קינדר, איזט עש ניט גינוגין דאז איך זיא
ארציא אונ׳ פאר זיא זארג אונ׳ טראכט דאז איך זיא אויז
גיב אונ׳ אינין ערליכי נדוני׳ נאך גיב אונ׳ צו עהרליכי לייט
ברענג ווייטר מיגין זיא פאר זיך זעלבשטין זורגין דאז זיא אן
איר ברויט קומין, בוודאי איזט דאז דער רעכטי דרך אונ׳
ווער אך גנץ רעכט אונ׳ גוט אונ׳ ביליך דען ווערט דען דער
מענש איביג איין שלאף[3]) זיין יוא דאז קאן וואול אן גין אונ׳

---

[1]) bis gen = bis gegen [2]) missen [3]) Sklave.

וואול בייא מיר טון אונ׳ אין מיין עלטיר ארנעהריק, זאגט דאז יונגי פעגילכן מיין הערטץ ליבר פאטיר ברענג מיך נאר איבר דאז וואשיר איך וויל אין דייני עלטיר אליש בייא דיר טהון וואז דוא פון מיר פארלנגשט, דער אלטי פוגיל ווערפט זיין זון אויף דיזי רידן אינש ים דאז עש פר זויפט אונ׳ זאגט אלזו זאל מאן עש איין שקרון אלז דוא ביזט מאכין אלזו פליגט דער אלטי פאגיל ווידר הניבר אונ׳ הולט דאז אנדרי פיגילכן וויא זיא מיטן אין ים קומין רעט דער אלטי פאגיל ווידר צו דען פיגילכן וויא ער מיט דען ערשטין גירעט האט דאז פיגילכן זאגט אים אך אליש גוטיש אין דער וועלט צו טוהן גלייך דאז ערשטי גירעט האט אביר דער אלטי פאגיל נעמט עש אך אונ׳ ווערפט עש אין ים הינייין אונ׳ זאגט דוא ביזט אויך איין שקרן אונ׳ פליגיט ווידר אן בארטין דאש ים אונ׳ הוליט דאז דריטי פעגילכן וויא ער אך מיט דעם דריטין פעגילכן מיטין אין ים קומיט זאגט ער אך צו איהם מיין קינד זיך[1]) וואש איך פאר צער אונ׳ וויא איך מיין חיות פון דייניט וועגין וואג וואן איך נון אין מיין עלטיר קום אונ׳ מיך ניט מעהר רירין קאן ווילטו אך גוטיש בייא מיר טוהן אונ׳ מיך אין מיין עלטיר ארנעהרין וויא איך דיך אין דיינר יוגינט טוא, אלזו ענטפירט דאז יונגי פעגילכן זיינין פאטיר מיין ליבר פאטיר עש איזט וואר אליש וואז דוא זאגשט דאז דוא גרושי צרות אונ׳ זורג פאר מיר האשט איך בין זולביש אך שולדיג אן דיר ווידר אפ צו געבין וועו עש מיגליך ווערט זיין אביר גוויש קאן איך דיר עש ניט צו זאגין אביר דאז וויל איך דיר צו זאגין וועו איך אך איין מאלט ווערט יונגי קריגן זוא וויל איך בייא מייני יונגי קינדר טון וויא דוא בייא מיר טושט זוא זאגט דער פאטיר דוא ווידישט רעכט אונ׳ בישט אך קלוג דיך וויל איך לעבין לאזין אונ׳ איבר דען וואשיר העלפין דאר זיכט מאן יוא וואול דאז גא[illegible] האט

1) sieh.

אונ׳ זייני מצות צו האלטין אונ׳ זיך פאשט אן תורתינו הקדושה צו האלטין כי היא חייך ואורך ימיך צווארין[1]) איזט עש אך קיין עבירה דאז זיך דער מענש מיאוט[2]), דאז ער ק׳ אשתו ובניו בכבוד מפרנס זיין עושה צדקה בכל עת איזט גימיינט דער זייני קינדרכיר ובני ביתו קאן מפרנס זיין, בישערט אים המקום ב״ה דאר בייא דאז ער קאן צדקה אן עניים געבין אשרי לו זולכי עמל ויגיעה איזט אך איין מצוה, דען דער גרווישי הימילשי פאטיר אונ׳ איינציגר גאט אליש זיא בחכמה גישטעלט איין פאטיר ליביט זיין קינד דעסין גלייכין דיא נעגשטי אן פארוואנטין איינר דען אנדרין זונשטין קענט דער עולם יוא קיין קיום האבן, וואור צו זולטי זיך לאזין איין מענש זויאר אום זייני קינדר ווערין, איין אידיר מענש זולטי זיך לאזין וואול זיין אונ׳ פאר זייני קינדר אונד נעגשטי פריינט ניט זורגין, אביר דער גרווישי גיטיגי גאט האט דאז אליש נאך זייני בארימהערציקייט גיטאן דאז דיא עלטירן ליבין אירי קינדר אונ׳ זיא צו רעכט העלפין אונ׳ דען דיא קינדר זולכיש פון אירי עלטירן זעהן אונ׳ זולכיש ווידר אן אירי קינדר טון, למשל עש איזט איין מאהלט איין פאגיל גיוועזין האט דרייא יונגי פיגליך גיהאט אונ׳ זיך אן בארטין דאז ים מיט איהנן אויף גיהאלטין, מיט איין מאלט זיכט דער אלטי פאגיל דאז איין גרווישר ווינד קומט אונ׳ דאז ים ווערט גרעשיר אונ׳ אן דען בארטין קומין זוא זאגט ער צו זייני קינדר ווען מיר ניט באלדי אויף יעניש זייט דאש ים ליגין זוא זיינין מיר פאר לאהרין, אביר דיא יונגי פיגליך האבין נאך ניט פליגין קענין אלזו נעמט דער פויגיל דאז אייני פיגליכי צווישן זייני פיס אונ׳ פליגט מיט אים איבר דאז ים וויא זיא מיט אן ים זיין זאגטי דער אלטי פאגיל צו זיינין זון מיין קינד וואז צרות איך מיך מיט דיר גניט[3]) אונ׳ וויא איך מיין חיות אום דיינט האלבין וואג ווען איך נון ווער אלט זיין ווילשטו אך

---

1) zwaren = jedoch 2) mühet 3) genöthet.

דיזיר זינדיגין וועלט כדי מיר אונזיר אגין אלי צייט קינן הימיל האבין אונ׳ אונזרין גינעדיגין פאטיר אלי צייט מיט גנטצין הערטצין אונ׳ אונזרי היישין טרערין אן רופין זוא בין איך מובטח דאז זיך דער גיטרייאי גיטיגי גאט אונזריר ווערט מרחם זיין אונ׳ אויז דען לנגין ביטריפטין גלות ארליזין, זייני בארימהערציקייט איזט גרויש זייני גינאד איזט פיל וואז ער אונש פארשפראכן ווערט בוודאי קומן לאזין מיר נור מיט גידולט ערווארטן מיין ליבי קינדר זייט פרום אונ׳ גוט דינט גאט דען הערן מיט גנטצין הערטצין זוא וואול ווען עש אייך וואול גיט אליש ווען עש אייך ח״ו איבל גיט כשם שמברכין על הטובה כך מברכין על הרעה, שיקט אייך המקום ב״ה וואש צו זייט אייך ניט צו זעהר מצער גידענקט עש קומט אליש פון דען הערין שיקט אייך המקום ב״ה איין שטראף דאז אייך ח״ו קינדר נאהנטי[1]) פריינד אפ שטערבין זייט אייך ניט יותר כדאי מצער דען איר העט זיא יוא ניט בישאפין דער גרושי גאט דער זיא בישאפין האט ווען עש איהם גיפאלט נעמט ער זיא ווידר צי זיך, וואז זאל אודיר קאן דער לאמינדיגי[2]) מענש דער צו טון דער דאך זעלבשטין דען וועג גין מוז, אלזו אך שיקט אייך גאט איין שטראף דאז איר געלט פאר לירט דער העכישטי דער גיבט אונ׳ נעמיט מיר זיין נאקיט גיבארין אונ׳ מוזין נאקיט ווידר דאפון גין, אלי דאז געלט העלפט אונש ניקש, אלזו מיין ליבי קינדיר אליש וואז דער מענש פאר לירט אודיר אום קומט זאל ער גידולט האבין דען עש איזט אליש זיין ניט[3]), עש איזט נור גילינט[4]), וואור איבר זאל זיך דער מענש דען מצער זיין, ווען איין יום פארבייא גיט אונ׳ ער קיין מצות גיטאן האט, מכ״ש זאל ער זיך מצער זיין ווען ער ח״ו עבירות גיטאן האט, דען מיר מענשין זענין צו ניקש אנדרשט בישאפין אליש גאט צו דינין

---

1) nahe 2) unmündige = hülflose 3) nicht 4) gelehnt = geliehen.

דאז איך ווינטשי ווען עש מורגינז וועהר ווער וואלטי עש
מויכט נאכט זיין אונ׳ ווען עש נכט איזט וו״ער וואלטי עש
מויכט טאג זיין אלזו נעם איך דיא יסורים פרליפ, דאז
זיבינדי קרייטיך איזט תשועת ה׳ כהרף עין דאז איזט טייטש
גאטיש הילף קאן קומין אין איין אויגן בליק, דען גאט איזט
ארבארמיג אונ׳ לייטזעליג אונ׳ טוט זיך בידענקין אויף דען
ביזין, וואז ער איין מענשין צו שיקט אונ׳ השי״ת ב״ה קאן דען
מענשין אויז זיין צרות ארויז ציאין אונ׳ קאן אים היילין פון
זיין וויטאג אונ׳ יסורים אלזו מיין פריינד האב איך דיא זיבן
קרייטיך גיפונדין אונ׳ גיברויכט דאז זעלבי האט מיך בייא
מיין פנים אונ׳ בייא מיין כח ארהאלטן דארום איין אידיר
מענש דער גאטיש פארכיט אין זיך האט זאל דיא שטראף
מן המקום ב״ה וויליג ובשמחה אן נעמין דען דיא יסורים
זיינין איין ארליזונג צו זיינין גוף אונ׳ זיין זכיות בעה״ב דיא
איביג איזט אונ׳ איזט מובטח אן זיין בישעפיר דאז ער אים
ווערט אליש גוטיש געבין דען ער פארלאזט זיך אויף זיין
בישעפיר ע״כ זו מעשה לראות, ליבי קינדר איך מאגי מיך
נים ווייטר איין לאזין דען איך קעם זונשטין אל צו טיף הנין
אונ׳ ווערין מיר י׳ ביכר ניט גינוגין, לייאיט[1] אים טייטשין
בראנד שפיגיל אים לב טוב, אודיר דער לערנין קאן אין
ספרי מוסר פינדיט מאן אליש אין, דיזוש ביטי איך מייני
ליבי קינדיר וויט גידולדיג, שיקט אייך המקום ב״ה איין
שטראף נעמט אליש מיט גידולד אן אונ׳ הערט ניט אויף צו
ביטין אולי ירחם ומי יודעה וואז אונז זינדיגי מענשין גוט
איזט, אויב עש אונז גוט איזט דאז מיר בעה״ז אין גרויש
עשירות לעבין אונ׳ פיל וואול טעג האבין אונ׳ אין אלי וואול
לושט אונזיר צייט אין דיזיר פאר גענקליכין וועלט צו ברענגין
אודיר אויב עש אונזר בעשיר איזט דאז אונז דער הימילשי
פאטיר אלי צייט אין זיינר גינאדין (רויט) [הוט[2]] האלט אויף

---

1) leset 2) Gnadenhut.

האבין גיטאן, דאז פירדי קרייטיריך איזט דיזוש ווען איך יוא און גידולדיג ווער אונ׳ וואלטי עז ניט ערליידין אונ׳ מתרעם אין מיין יסורי׳ אונ׳ צרות זיין וואז זולטי אודיר קענטי איך טון, קענטי איך עש דאר מיט אנדרשט מאכין עש שטיט אך נאך פיל ערגיר דרויף דען וואן דער מלך זולטי גביטין דאז מאן מיך זולטי טיטין מוזטי איך יוא שטערבין איאיר מיין צייט קומיט אונ׳ אליש דען ווער יוא אליש פאר לארין אליש וויא שלמה המלך ע״ה האט גיזאגט טוב כלב חי מארי׳ מת דאז איזט טייטש עש איזט בעשיר איין לעבינדיגר הונט אליש איין טויטר ליב, דאז פיניפטי קרייטיך איזט דיזוש דאז איך וויים דאז מיך הש״י ב״ה צו מיינין גוטין שטראפט ביסורי׳ קשים דאר ווארטין דאז איך פון מייני עבירות פטור ווער אויף דיזין עולם אונ׳ ווער זוכה זיין לחיי עולם הבא אליש וויא דער פסוק גיט וואול דען מענשין דען גאט שטראפט מיט יסורים, אלזו בין איך מיך מיט דען יסורי׳ משמח אונ׳ מיט דער שמחה דאז איך מיך משמח בין ברענג איך איין גרושי טובה אין דער וועלט שנאמר אל דער זיך פרייאיט מיט זייני יסורי׳ ברענגט דיא גאולה אין עולם, דאז זעקסטי קרייטיך איזט איך בין מיך משמח בחלקי אונ׳ לויב אונ׳ דאנק הש״י ב״ה דארפיר דען איך קענטי נאך מעהר מיט אייזירני בענדיר יסורים האבין אונ׳ מאן קענטי מיך שלאגין אונ׳ קעשטיגין מיט שטעקין אונ׳ רוטין אודיר נאך מיט אנדרי יסורי׳ דיא ביטריר אליש דער טוט ווערין, איך עש איצונדיר גערשטין ברויט, ווען דער מלך וואלט געב מאן מיר גאר ניקש צו עסין ניט גערשטין אודיר וואטצין ברויט, איצונדיר לאט מיר דער מלך געבין וואשיר מיט איין מעסכין וואן דער מלך וואלט געב מאן מיר גאר ניקש צו טרינקין, איצונדיר זיין מייני קליידיר פון גראבי שטאכילדיגי וואול וואן דער [מלך] וואלט מוזט איך גאר נאקידיג גין זומיר אונ׳ ווינטיר אונ׳ עש קענטי גיזיין דאז מאן מיר זאלכי יסורי׳ אן טעט

דאז הילפיט מיר דאז מיר מיין פנים איזט ניט פאר ענדירט
אונ׳ דאז מיין פלייש ניט אויף מיר גימינדירט אונ׳ דאז איך
בייא מיין-כח בין, אונ׳ קן דיא יסורי׳ אויז שטיהן, אונ׳ בין
גנץ וואול צופרידין, אלזו זאגין דען רופא זיין קרובים צו דען
רופא אונזיר הער אונ׳ פריינד מיר ביטין דיך גאר זעהר זאג
אונש וואז דאז פאר קרייטיר זיינין דיא דער הער אין זיין
טראנק גיטאן האט פילייכט מויכט עש זיך טרעפין דאז איינר
פון אונז אך זולכי גרושי יסורים אונ׳ צרות העט אליש וויא
דער הער האט אונ׳ דאז מיר מויכטין אונז אך זוא איין
טראנק מאכין אונ׳ דאר פון טרינקן דאר וואַרטין[1]) דאז מיר
אין אונזירי יסורי׳ אונ׳ צרות אך ניט שטערבין, אלזו זאגט
דער רופא מיין ליבי פריינד איך וויל עש אייך זאגין דאז
ערשטי קרייטיך איזט דאז, איך מיין פאר זיכרונג אויף הקב״ה
ב״ש האבי דער מיך פון אל מיין יסורים אונ׳ צרות ווען זיא
אך נאך זוא ביז ווערין בישערמין קאן אונ׳ אך פון דעו מלך
זייני האנט דען דאז לב פון דען מלך איזט אין גאטיש האנט
וואש הש״י האבן וויל מוז ער טון, דאז אנדיר קרייטיך איזט
דיא האפינונג אונ׳ גוטי עצות דיא איך מיר זעלבשטין גיב
דאז איך אליש פאר גוט אן נעם אונ׳ אל מיין יסורי׳ באהבה
מקבל בין אונ׳ דאז איזט מיר איין גוטי עצה דאז איך אין
מיין צרות ניט פארלארין ווער, דאז דריטי קרייטיך איזט דאז
איך וואול וייז דאז איך גזינדיגט האב אונ׳ וועגין מייני
עבירות בין איך אין דער תפיסה גיקומין אונ׳ אין דיא גרושי
יסורי׳ וצרות, נון וייל דאז אליש וועגין מייני עבירות גישעהן
אלזו האבי איך יוא זעלבשטין שולד דראן ווארום זולטי איך
דען אונגידולדיג אודיר מתרעם זיין אליז וויא דער פסוק זאגיט
אייעיר זינד האבין אפגישיידין צווישן אייך אונ׳ אייער גאט
אונ׳ דאר אויף האבין אונזרי חכמי׳ ז״ל אך גיזאגט עש קומין
קיין יסורי׳ אויף דען מענשין דען דער מענש מוז עבירות

[1]) erwartend.

איניך ביפולין זיא זאלין צו אירן קרוב דען רופא אין דער תפיסה גיהן אונ׳ זאלין אים ביזוכין אונ׳ מיט איהם רידן, פֿילייכט ווערדן אירי ריד אים אן גינעם זיין אונ׳ אין זיין אורין גין. דיא קרובים זענין צו דען רופא אין דער תפיסה גנגין אונ׳ האבין אלזו מיט איהם אן גיפאנגין צו רידן אונזיר הער אונ׳ פריינד עש איזט אונש זער לייט דאז מיר זעהין דאז זיין לייב אין גרווישן צרות אין דער תפיסה איזט דען מאן קעשטיגיט אונ׳ פייניגט דען הערין מיט אייזין אום זיין האלז אונ׳ פיס אונ׳ אן שטאט דאז אונזר הער פלעגיט צו עסין אליר האנט גוטי שפייז זוא איזט איצונדיר[1]) זיין עסין איין שטיקכן גערשטין ברויט אונ׳ אן שטאט דאז ער פֿלעגיט צו טרינקין דען אליר בעשטין וויין קריגט ער ניקש מעהר אליש איין מעסכין וואשיר, אונזיר הער אונ׳ פריינד איזט זיין קליידונג גיוועזין אין סאמיט אונ׳ זייד איצונדירט זעהן מיר וואול דאז ער ניקש אנדרש אן האט אליש גראבי וואולני שטאכילדיגי קליידיר אונ׳ דאז פאר וואונדרין מיר אונז גאר זעהר בייא דען אלין איזט דען הערין זיין פנים ניט פאר ענדירט זיין פלייש פון זיין לייב איזט אים ניט גימינדירט אונ׳ זיין קראפט איזט נאך פולקומליך וויא אונזיר הער אונ׳ פריינד מיט אלין איזט אין זייני גוטי צייטונג[2]) גיוועזין אלזו פינדין מיר אים איצונדירט אך מיר ביטין אונזיר הערין ער וואלי אונש דאך זאגין וויא ער בייא אלי דען דאזיגין[3]) אונ׳ זייני גרושי יסורים אליש קן אויז שטיהן אונ׳ דאך איהם ניקש שאט אודיר אן צו זעהן איזט, אלזו האט דער רופא צו זייני קרובים ווידר גיענפירט[4]) אונ׳ גיזאגט, מיין ליבי פריינד דאר איך אין דער תפיסה בין גיקומין האב איך זיבן ארלייא קרייטריך גינומין אונ׳ האבי זיא אונטיר אנאנדיר גימישט אונ׳ וואול צו שטויסן אונ׳ מיר איין טראנק פון גימאכט אונ׳ פון דען זעלבין טראנק טרינק איך אלי טאג איין ווינִיג אונ׳

---

[1]) itzunder=jetzt [2]) Zeiten [3]) dermaligen [4]) geantwortet.

זיין גלייך איר ווערט לייאין פון דען מעשה מיט דען רופא, מצאתי מעשה בספר של הגאון מהור"ר אברהם בן מהור"ר שבתאי לוי שכתב בספרו מוסר באם המקום איינים ח"ו צרות ויסורים צו שיקט איזט דיזיר טראנק גנץ גוט. עש איזט גיוועזין איין מלך וועלכיר האט בייא זיך גיהאט איין רופא דער איזט גאר איין גרווישר חכם גיוועזין אונ' איזט גאר הויך אן גיזעהן גיוועזין בייא דען מלך, איין מאלט האט דער רופא וואש ווידר דען מלך גיטאן זוא האט דער מלך גאר זער איבר איהן גיצערניט אונ' האט ביפאהלין מאן זאל[1]) איהם קעשטיגין[2]) אונ' פייניגין מיט אייזין אום זיין האלז אונ' אום זיין פים אונ' מאן זאל איהם זיין גוטי קליידיר אויז.טון אונ מאן זאל איהם גראבי שטאכילדיגי קליידיר אן טון, מאן זאל דען רופא ניקש אנדרשט צו עסין געבין אליש איין שטיקכן גערשטין ברויט אונ' איין מעסכין וואשיר צו טרינקן, דער מלך האט זייני קנעכט דיא איבר דער תפיסה גיזעצט זיין ביפולין דאז זיא זאלין וואול אכטונג געבין, וואז דער רופא ווערט רידן אונ' זאלין אין עטליכי טאג ווידר צום מלך קומין אונ' עש אים זאגין וואז זיא פון דען רופא גיהערט האבין, אלזו זיינן דיא שומרים צו דען מלך גיקומן אונ' גיזאגט מיר האבין ניקש פון דען רופא קענין הערין, דען ער האט גאר ניקש גירעט, אלי צייט האבן מיר וואול גישפירט דאז ער איין גרווישר חכם איזט נאך לנגי צייט אליש דער רופא זוא תפוס גיזעסין האט דער מלך גישיקט נאך דאז רופא זייני קרובי' זיא זאלטין צום מלך קומין אלזו זענין דען רופא זייני קרובים מיט גרווישי זורג אונ' ציטירניז פאר דען מלך קומין דען זיא זענין זעהר ביזורגט גיוועזין פאר איר קרוב דען רופא זיין לעבין דאז איניץ דער מלך דען רופא זיין טויט מויכט אן קינדיגין, וויא זיא פאר דען מלך קומין זיין האט דער מלך

---

1) F: דען רופא אין איין נאר ביזי תפיסה ליגן אונט האט

2) ניבאטין züchtigen (castiger).

שונט אויף דיזיר וועלט ניט וואול גיט זוא זייאי ער דאך פאר זיכירט דאש אים זיין גירעכטיגקייט אויף עולם הבא ווערט גינוגין רווחים טראגין אונ׳ אליש דען ווערט ער זיין עושר זיין תענונים אליש וואז ער נעביך אין דיזיר וועלט ניט גיהאט האט אונ׳ מוזין צו זעהין דאז פיל רשעים אין דיזיר וועלט זענין דיא גרויש גוטיש גרושי תענוגי׳ בעולם הזה האבין אונ׳ דער פרוימי מענש אופט זו פיל ניט האט דאז ער זיך קאן דאז ליבי ברויט זאט עסין, נעמט ער עש אלזו פאר ליפ, אונ׳ זיין בישעפיר פאר אלין לויבט אונ׳ דאנקיט אונ׳ ער אלזו מיט זיינר גידולד אונ׳ פרומיקייט ענטליך אויז זיין טריפזאל פאר דען היכשטין ריכטיר קומט אלזו ווערט ער פינדין ווארום עש אויף דיזיר וועלט דעם גירעכטין אונ׳ פרוימין איביל גיאיט, אונ׳ פיל אויף גיבלאזיני גוותני׳ רשעים וואול גיט, זוא ווערט ער זעהן וויא זיין פרומיקייט אונ׳ זייני אמונה זוא גירעכט גיוועזין אונ׳ דען העכשטין לויבין אונ׳ דאנקין, ווען נון הש״י וואז אויף דען מענשין שיקט, טוט ער אליש צו רעכטין, דען מיר זינדיגי מענשין זענין ביזי קינדר דיא דער גרושי גינעדיגי גאט וואלט גערין ציאין דאז מיר גוטי קינדר אונ׳ קנעכט אונזירן גינעדיגין הערין אונ׳ פאטיר ווערין, דארום שטראפט ער אונש כדי מיר זולין פון דער שטראף קלוג ווערין אונ׳ לערנין דאז מיר אין גאטיש וועג זולין גען, דען אלי דאש גוטיש וואש אונש גאט דער אל-מעכטיגי גיביט דאז האבין מיר ניט אום אין פאר דינט דען מיר קענין אים ניט גינוגין דינין פאר דען אלים וואש ער אונש טוט, זולכיש ווער מיר אך צו פיל צו שרייבן אביר מיר מוזין ווישין אליש וואז מיר האבין דאז איזט אליש פון זייניר גרושי גינאד אונ׳ בארימהערציקייט אונ׳ מתנת חנם, אביר דאז מיר אופט גישטראפט ווערדין דאז גשיכט אויף אונזיר מעשים צו ביצאלין אונ׳ וואול דעם, דען גאט אויף דיזיר וועלט שטראפט וועלכיש מאן אליש זאל מקבל באהבה

וושין זאלט דאש עש זיך זאלט פאר רעקין, אביר מיר ארמי קינדיר מיר זינדיגין קיגן אונזיר הימילשין פאטיר אלי צייט אלי שעה אלי רגע, אביר דער גרוישי גיטיגי הימילשי פאטיר לאט אונש דאך דורך זייני גרוישי בארימהערטציקייט ווישין ווען מיר שוין ד׳ערמיט עבירות ביזולפירט[1]) זענין, אונ׳ דאז מיר אים מיט גאנטצין הערטצן אן רופין אונ׳ תשובה אויף אונזיר עבירות טונין נעמט ער אונש פיל איאיר[2]) ווידר אן אליש איין מענשליכר פאטיר זיין ביז קינד, דארום מיין הערץ ליבי קינדיר זייט אייך ניט מייאש ח״ו פון תשובה תפילה וצדקה צו טון דען דעם גרוישן גאט זיין בארימהער־ציקייט איזט גאר גרויש יי״ אל רחום וחנון ארך אפים אלזו וואול צו דען רשעים אליש צו דען צדיקים באם[3]) זיא איר ביזי מעשים לאזין אונ׳ בייא צייטין תשובה טונין, בוודאי זאל זיך איין זינדיגר מענש וואול פיר זעהן דאז ער ניט זינדיגט זוא פיל אלש איהם מיגליך איזט כי ידועה לכל בני אדם וואש פאר איין עבירה עש איזט דער ווידר זיין פאטיר זינדיגט, אונ׳ וואש פאר איין מצוה עש איזט דער פאטיר אונ׳ מוטיר מכבד איזט מכ״ש[4]) דאז מאן זאל אין אכט נעמין דאז מיר אונזירן הימילשן פאטיר דער אונש אונ׳ אונזרי עלטירן בישאפין האט ניט זולין ערצירנין דען דער גרוישי גיטיגי גאט האט אונש זינדיגי מענשין בישאפין נאקיט אונ׳ בלויז ער גיבט אונש דאז לעבין עסין אונ׳ טרינקן קליידיר אונ׳ אל אונזיר בידערפיניש האבין מיר פון זייניר הייליגי מילדי האנד אויב עש שונט איינער בעשיר אליש דער אנדרי אויף דער וועלט האט קענין מיר ניקש פון יודיצירין איזט אופט מעניכים זיין זכיות אויף דיזין עולם מעניכין זיין זכיות ביהאלטין בעה״ב אונ׳ זייט פאר זיכירט דאש בייא דען גרויש גיטיגין גאט ניקש פאר לארין איזט אויב עש דען גירעכטין

[1]) besülwert = beschmutzt [2]) eher [3]) wenn = בְּאִם
[4]) geschweige = מכל שכן.

זיין בוך מיט אייטיל הובות וועלכיש דיא עבירות זיין גפינדין אונ׳ קיגן איבר אויף דען בלאט דאר דער פרעון בילי[1]) זולט שטין דאז איזט תשובה ומעשים טובים איזט עש לידיג אלזו בלייבשטו זינדיגר מענש אליש חייב אונ׳ וואור מיט ווילשטו דיינין בישעפיר ביצאלין דער דיך זוא טרייאליך האט לאזין ווארנין, נון וואז זאל איך אלי צרות אונ׳ ענוים שרייבן דיא דער זינדיגי מענש מוז אויז שטיהן, אונ׳ מיט וואש אנגשט אונ׳ ביטרי נויט אונ׳ קוואל אונ׳ וויא לנג ער איבר זיין חובות בעה״ב צו ביצאהלין האט, דאר דאך השי״ת ב״ה זוא דארבארמיג איזט אונ׳ נעמיט פון אים זייני הובות אפ אויף דיזיר וועלט ווען דער מענש אים איינציג ביצאהלט דהיינו דאז ער תשובה תפילה צדקה אונ׳ מעשים טובי׳ היפש איינציג ווייז[2]) טוט זוא קאן ער זיין חובות בעה״ז ביצאהלן דען גאט ביגערט ניט מאן זאל זיך מיט דער תשובה אומש חיות ברענגין, ניין אליש היפש וויא אונזרי חכמי׳ גישריבן אונ׳ אין אונזיר תורה שטיט אונ׳ וואן דער מענש דען זולכיש טוט זוא מאכט ער זיין פנקס קלאר אויף דיזין עולם זוא האט ער בעה״ב קיין פאר ווארני[3]) השבון אונ׳ קאן אליש דען מיט פריידין צו זיין בישעפיר קומין, דען דער גרושי גאט איזט בארימהערטציג, וואז איזט השי״ת זונשטין אן גילעגין אויב דער מענש גוט אודיר ח״ו ביז איזט אך ורק מרב צדקותי׳ו ומדותיו הרחמים האט ער אונש דאש גיטאן כרחם אב על בנים, מיר זענין זייני קינדר, המקום ב״ה האט רחמנות איבר אונש, ווען מיר נור זעלבירט וואלין מיר ביטין כרחם אב על בנים, ח״ו ווען זיך המקום ב״ה ניט זולט יותר מרחם איבר אונש זיין אלש עלטירן איבר קינדר, דען איין מענש ווער איין ביז קינד האט טוט בייא איהם אונ׳ העלפט איהם ב׳ ג׳ פעמים ענטליך ווערט איין מענש אליש מיד אונ׳ פאר שטוסט זיין ביז קינד פון זיך אונ׳ לאט[4]) עש גיהן ווען ער אך

1) billig 2) einzelweise 3) verworrenen 4) lässt.

מיר מיגין טון וואז מיר וואלין ביז[1]) ח״ו אודיר גוטיש, אביר דער גרוישי גינעדיגי גיטיגיר גאט מיט זייני גרושי בארימ־הערציגקייט האט אונז שטריק אויז גיוואָרפין וואוראן מיר זיך פאשט האלטין זאלין דאז איזט תורתינו הקדושה דיא אונש אויף אלין מזהיר איזט דאז מיר ניט פאר זויפין אונ׳ גיזאגט וויא וואול מיר מאכט האבין וואז מיר וואלין אביר אין אונזיר ליבי תורה אליש גישטעלט דאז מיר זולין פרום זיין אונ׳ טון אליש גוטיש אליש דיא מלאכים אונ׳ אין דער תורה אן גישריבן דען שכר אונ׳ עונש פון מצות אונ׳ עבירות זבחרת בחיים, ח״ו דאז מיר אונזיר בישעפיר ניט זולטין דינין אונ׳ זולטין נאך אונזיר ביזין הערטצין לושטין לעבין אליש וויא דאז און פארניפטיגי פיך, דאז קיין שכר אודר עונש ניט בעה״ז אודיר בעה״ב האט, ווען מיר ח״ו זוא טעטין זוא יוערין מיר פיל ערגיר אליש דיא בהמות, דען דיא בהמה פאלט נידיר אונ׳ שטערבט הויף קיין חשבון צו געבין אביר דער ארמי מענש זוא בלדי ער שטירבט מוז ער חשבון געבין פאר זיין בישעפיר, וואול נון צו אונז מענשין דא מיר אונזיר חשבון היפש פערטיג מאכין דארווייל מיר נאך לעבין, דהיינו מיר ווישין וואול דאז מיר זינדיג זיינין אונ׳ דער יצר הרע אן אונש שולט איזט כי אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא אלזו זאל זיך דער מענש נוהג זיין, זוא בלדי ער איין קלייני אודיר גרושי עבירה גיטאן דאר קיגין מתחרט צו זיין אונ׳ תשובה צו טיהן וויא אונזרי חכמי מוסר גישריבן האבין כדי דאז דיא עבירה אויז זיין פנקס גימעקט[2]) ווערט אונ׳ אליש דען אפי׳ מצות דארפיר אן גישריבן ווערין אביר זוען דער זינדיגי מענש זוא הין לעבט אליש דיא בהמה אונ׳ קיין גוטיש אונ׳ אפילו אליש ביז טוט אונ׳ אין זייני זינדין אלזו הין שטערביט אוי וויא ווערט ער אויף יעניר וועלט

1) bös = Böses 2) gelöscht (מחק).

שלאף לאז צו גיבראכט אונ׳ איך ביזורגט דאז איך ח״ו אין מאליקולי גידנקין זולטי קומין, אלזו איך אופט בלילה אויף גישטאנדין אונ׳ דיא שלאף לוזין שעות דאר מיט צו גיבראכט, מיין ליבי קינדר איך בין אך ניט אויזן[1]) אייך איין ספר מוסר צו מאכין אונ׳ צו שרייבין, איך בין ניט קפאביל דאר צו דעם זענין אונזרי חז״ל דיא כמה וכמה ספרים פון גימאכט האבן, אונ׳ מיר האבין תורתינו הקדושה דאר מיר אליש אויז זעהן אונ׳ בינרייפין קענין וואז אונז ניצליך איזט, אונ׳ פון עה״ז לחיי עה״ב ברענגיט אונ׳ אן אונזיר ליבי תורה קענין מיר זיך פאשט האלטין למשל עש איזט איין שיף מיט לייט אים ים גיפאהרין האט איינר אויף דען בארטין[2]) פון שיף גאנגין אונ׳ זיך זער אין ים אניין גיבוקט איזט ער אין ים היניין גיפאלין אונ׳ ווער פאר זאפין, דער שיפיר האט דאז גיזעהין אונ׳ כמה שטריק צו גיווארפין אונ׳ מזהיר גיוועזין זאל זיך פאשט אן דיא שטריק אן האלטין זוא ווערט ער ניט פאר זויפין, אלזו מיר זינדיגי מענשין זענין אין דיזר וועלט גלייך אליש וועז מיר אין ים שווימיטין, מיר ווישין אונש יוא קיין רגע עין[3]) זיכיר דאז מיר ארזויפין, אביר גאט דער אלמעכטיגי דער אונז מיט הכד ורחמים בישאפין גנץ אהן זינד מיר זולטין זיין, אביר מפני חטא של אדם הראשון האט דער יצר הרע בעו״ה אן אונש שולט גיוועזין, נון האט המקום ב״ה בישאפין כמה חיילות מלאכים אלי טון רצונו של המקום ב״ה אונ׳ האבין קיין יצר הרע במילא[4]) טונין זיא אליש גוטיש הייסט זיא ניקש, נאך האט המקו׳ ב״ה בישאפין בהמות וחיות ועופות ושארי בישעפניש, דיא האבין אייטיל יצר הרע אונ׳ ווישין פון קיין גוטיש צו טוהן, נון האט המקום ב״ה אונש מענשין בצלמו בישאפין אונ׳ האבין שכל אליש[5]) דיא מלאכים, אביר אונז מענשין דיא ברירה גיגעבין דאז

---

1) darauf aus 2) Bord 3) Augenblick 4) folglich 5) wie.

איזט נעביך אלי יום גישטארבין, אלזו האט ער אלי צייט זיין הבטחה להמקום ב״ה גיהאבט דאז ער איהם ווערט בעה״ב בעשיר גין, אונ׳ האט אין זיין הוה אמינא דאז ער אצל המקום ב״ה איין גרוישן חוב האט, דאן אל זיין תענוגים אונ אל זיין תנחומה בעה״ז איזט אליש אויף עולם הבא מתי אבוא ואראה פני אלהים אלזו האלט איך לפי קט שכלי דאז עש איט ניט זוא שוואר אונ׳ אין אונ גידולט אן קומט משא״כ אביר דער רייכי רשע דער אל זיין וואול לושט מיט גוט אונ׳ געלט גינומין האט אונ׳ זיכט ניקש אנדרשט פאר זיך אלז אליש גוטץ, עש גיט איהם אונ׳ זיין קינדיר גנץ וואול עש הינדרט איהם ניקש, אביר ווען דען זיין צייט אך קומין טוט דאז ער זאלי פון דיזיר וועלט הין וועק גיהן, דאס ער זויים וואז פאר לושט אונ׳ פרייד אונ׳ גוטיש ער אין דיזיר וועלט גיהאבט ובפרט וואן ער זיך ווערט בפינדין אונ׳ אין זיין לעטשטין ביטראכטין וואז פאר גוטיש אליש איהם הש״י אין דיזיר וועלט האט גיגעבין, אונ׳ ער דען העכשטין ניט רעכט מיט גדינט אונ׳ זיין גבאות ניט רעכט פאר זעהן בוודאי ווען ער גידענקט פון אל זיין רייכטום הין וועק צו גיהן אונ׳ צו שיידין פון דיזר וועלט אונ׳ צו גין אין דער אנדרי איביגע וועלט דאז ער מוז זיין גבאות נידר ליגין אונ׳ חשבון געבין וויא ער זיך בעה״ז פאר האלטין האט, אלזו איהם דיא רייז פיל שווארער אונ׳ זויארער אן קומט אליש דען אביונים נעביך, מה לי להאריך מיין ליבי קינדיר איך האבי דיזוש אן גיפאנגין בס״ד צו שרייבין נאך דען טוט פון אייער פרומין פאטיר דאז עש מיר איזט גיזועזין לקצת לנחת רוח, ווען מיר דיא מאלקולישי[1]) גידאנקין זיינען גיקומין אונ׳ פון שווארי דאגות שהיינו כצאן בלא רועה אונ׳ מיר אונזרין גיטרייאין הירטן האבין פר לאהרין, אלזו איך מעניכי לילה

---

[1]) melancholisch.

גידאנקין מאכין וויא קאן דאז זיין גאט דער אלמעכטיגי איזט יוא איין גירעכטיר ריכטיר, איך האב מיר אביר גידאכט גם זה הבל דען דיא מעשים פון הש״י ב״ה זענין און מיגליך אויז צו טראכטין אודיר אויז צו גרינדין, משה רבינו ע״ה האט עש גערין וואלין אונ׳ גיזאגט הודיעני נא את דרכיך, אביר דאך ניט דאר צוקומין, דארום זאלין מיר דאז ניט טראכטין דיזיש איזט עכ״פ גוויש דאז דיזיר עולם איזט פון ניקש אנדרשט וועגין ווארין בישאפין אליש פון עולם הבא וועגין, אונ׳ דארום האט אונש המקום ב״ה אך ברוב חסדיו אין דיזין עולם בישאפין דער ניקש און פאר גענקליך איזט, זוא מיר נון וואול טון אונ׳ אונזרין גרוישן הערין ואול דינין ברענגט ער אונש און ערגענקליך[1]) איניז איביגי אויז דער בישוועהר־ליכי מיא זעליגי[2]) וועלט אין אייטיל רויאינג[3]) אונ׳ זעניפטקייט אונ׳ בישטיט אל אונזירא איבל אונ׳ וואוללעבן אין דיזיר וועלט גור אויף איין קלייני צייט דאז מענשין לעבין איזט גיזעצט שבעים שנה וויא בלד זיין דיא הין, וויא פיל הונדירט טויזינד מענשין זענין דיא לנג דאר צו ניט גרייכין, אביר עולם הבא דאז איביג אונ׳ אימיר גיוועהרט, ומה רב טובך אשר צפנת ליראך, וואול דעם דער המקום ב״ה שכר גיבט בעה״ב דער איביג אונ׳ ניט פאר גענקליך איזט, דען אלי צער זורג אונ׳ פורענות דיא דער מענש אויף דיזיר וועלט האט איזט נאר איין צייט לנג, וועז דער מענש נאך אל זיין צרות אונ׳ אלי לייט אונ׳ אליש ווידר ווערטיגי אויז גישטאנדין האט אונ׳ זיין שעה איזט אויז גילאפין דאז ער שטערבין זאל, אלזו שטערבט ער מיט דענין אלי צו גלייך וועלכי כל ימיהם אין גרוישן וואול לושט גילעבט האבין, אדרבה יענער אביון דער נעביך זיין טאג אין צרות אונ׳ לייט האט צו גיבראכט בוודאי שטערבט ער גירושט[4]), דען על אותו יום קויתי ער

1) unergänglich = unbedingt 2) mühselige 3) Ruhung = Ruhe 4) gerüst = ruhig.

שנת תנ"א אתחיל לכתוב זה מרוב דאגות וצרות ומכאובי לב וויא ווייטר פולגין ווערט, וה' ישמחנו כימות ענותינו וישלח משיחינו וגואלינו במהרה אמן.

כל מה שברא הקב"ה לא ברא אלא לכבודו, והעולם בחסד יבנה מיר ווישין דאז המקום ב"ה וב"ש אליש בישאפין אונ' גיטאן מיט אייטיל חסד ורחמים כי המקום ב"ה האט ניט ניטיג איינישׂ פון זיין בישעפנים, אביר דאש השי"ז זוא פיל ארלייא האט בישאפין איזט אליש צו זייניר גרושי ער[1]) אונ' האט אליש מיט חסד ורחמים בישאפין דאז עש אונש זינדיגע מענשין אליש צו נוטץ קומט, דאן אליש וואז בישאפין איזט קומט אונש מענשין אליש צו נוטצין, דאז מיר מענשין שונט ניט ביגרייפין אודיר ביטראכטין קענין, אליש וויא דוד המלך ע"ה גיפראגט האט וואור צו איין נאר אונ' איין וועשפא אונ' איין שפין איזט בישאפין ווארדין, דען איהם האט גידאכט וואז קומין דיא דרייארלייא צו נוטץ אין דער וועלט, אביר ער איזט ענטליך גיוואר ווארדין דאז איהם זעלבירט אלי דרייארלי זענין צו נוטץ קומין אונ' איהם זיין חיות גאט צו פאר ערהאלטין אלש וויא אין ספר מלכים בישריבן איזט, ווער ווישין וויל קאן אין עשרים וארבע[2]) לייאין, נון איזט אויך ווישיקליך[3]) וויא פיל טריפזאל אילינד ווידרווילין דאז מיר זינדיגי מענשין אין דיזיר פרגענקליכי וועלט האבין צו דעם פינדין מיר וויא פיל פרוימי לייט זיינין אין דער וועלט דיא עש גאר איבל גיט אונ' בעולם הזה גאר אילינדליך לעבן, קיגן דעסין פינדיט מאן ווידרום כמה רשעים דיא אין גרויש וואול טענין אונ' עשירות לעבן אונ' עש גיט אינין איר קינדר גאר וואול, דאר עש נעביך דען גירעכטין גאטישפערכטיג גאר איביל אים אונ' זייני קינדיר גיאט נון וואלטין מיר אונז

---

1) Ehre 2) h. Schrift 3) wissiglich = bekannt.

זה

# השער לה׳ צדיקים יבואו בו

הספר הלז איזט אית באית מניף הכתב של הצדיקי׳ אמי זקנתי גליקל. ע״ה תהא נשמתה צרורה בצרור החיים טראנצלאדיהרט ווארדן, ע״י אדוני אבי האלוף התורני הרבני מופלא ומופלג מוהר״ר **משה האמיל** סג״ל נרו יאיר לנצח, אב״ד דק״ק **פייארשדורף** והמדינה וכאשר זכיני לסדר אותו כן נזכה לעשותה, ולמען ידעו דורותיכ׳ עשיתי זאת לכבוד בית אבא

וזאת היא מאתי

הקטן **חיים האמיל** בן הרב הג״ל
מק״ק **פייארשדורף**

## לפרט למען תספר באזני בנך ל׳פ׳ק׳

זאת לזכרון אתי מאת דודי מוה״ר **חיים האמיל** סג״ל הג״ל מפ״ד הלך לעולמו ושבק לנו ולכל ישראל חי זקן ושבע ימים ביום ש״ק ד״ז א״ש תקמ״ח לפ״ק ושני חייו היו ששה ושבעים, וזאת כתבתי לזכרון הקטן **חיים האמיל** בן כ״ה יוסף סג״ל זצ״ל **מפייארשדורף** פה קעניגסבערג.



# זכרונות מרת גליקל האמיל

משנת ת"ז עד תע"ט.

הו"ל

דוד ב"ר יהודה קויפמאנן.



דרוק פאן אדאלף אלקאלאי, פרעסבורג.

